דוד פינסקי

# דאס הויז פון נח עדאן

ראמאן

ארויסגעגעבן דורך
„דוד פינסקי ביכער, אינקארפארירט"

ערשטער קאַפּיטל

# דער אנהויב

.1

אלה תולדות נח — דאָס איז די געשיכטע פון דעם הויז פון נח. פון מר. נח עדאַן, וועלכער איז אָנגעקומען אין די אכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט קיין ניו־יאָרק, דער גרעסטער שטאָט פון אמעריקע, פון ברישיץ, דעם קלענסטן שטעטל פון ליטע, וואָס אין רוסלאַנד. און נח איז געווען אַ פרומער ייד, גוט צו גאָט און גוט צו לייטן, און האָט געפירט אַן אָנשטענדיק לעבן, פול מיט פייגער מענטשלעכקייט. אָבער די ערד, אויף וועלכער ער האָט געלעבט, איז געווען פאַרדאָרבן און פול שלעכטיקייט, און כאָטש ער האָט קיינמאָל קיינעמס נישט פאַרנומען און געהאַנדלט גלייך ערלעך מיט ייד און קריסט, און געהאַלטן זיין האַנט גלייך אָפן פאַר ייד און קריסט, האָט עס נישט פאַרהיט, אַז אַ גרויסער טייל פון זיין האָב און גאָב זאָל נישט פאַרניכטעט ווערן אין טאָג פון אַ שענדלעכן פּאָגראָם. נח איז דעמאָלט אַלט געווען דרייסיק יאָר, האָט ער גענומען זיין אייגענע יוגנט און די יוגנט פון זיין ווייב מערע און די קינדהייט פון זיינע דריי זין און אריבערגעפּעקלט זיי קיין אמעריקע, דאָס הייסט, קיין ניו־יאָרק.

און דאָס זיינען די נעמען פון די דריי זין נחס: משה, אשר און חיים נחמיה, — נאָך צוויי זיידעס און נאָך זיין טאַטן, און די נעמען זיינען אים געווען טייער. אָבער זיינע פריינד, וועלכע האָבן אים באַגעגנט, ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, זיינען שוין געווען עטלעכע יאָר אין לאַנד און האָבן אים געוואָלט באַווייזן, אַז זיי זיינען שוין אויסגעגרינטע, האָבן זיי אים אָנגעטאָן אַ קאַפּעליוש, וואָס זאָל פּאַסן פאַר ניו־יאָרק, און געלערנט אים צו עסן באַנאַ־

נעס, אַנקוקנדיק אים בשעת־מעשה מיט טריאומף־אויגן, פונקט ווי די באַנאַנעס וואָלטן געווען זייער דערפינדונג, און געענדערט די נעמען פון זיינע זין. משה, זיינען זיי באַשטאַנען, מוז הייסן מאָרי, אָשר — אָסקאַר, און חיים נחמיה — טשאַרלז.

ער האָט פּראָטעסטירט. דאָס הייסט דאָך נישט בלויז ענדערן די נעמען פון די קינדער, נאָר אויך די נעמען פון די ביידע זיידעס און פון זיין פאָטער. ווי וועלן זיך די פאַרשטאָרבענע דערקענען אין די אומגעביטענע, אָפּגעשמדטע נעמען? און פאַרוואָס זאָל ער בכלל ביטן אַזעלכע שיינע בכבודיקע ביבלישע נעמען?

האָבן די פריינד פון אים געלאַכט. זיי קאָנען אים פאַרזיכערן, אַז די פאַרשטאָרבענע וועלן זיך בכלל נישט דערקענען אין זייערע אייניקלעך. און איז ער דען געקומען אהער אלס גאַסט אויף א ווייל? ער איז געקומען צו בלייבן, צו ווערן אַן אַמעריקאַנער. איז דאָס דער ערשטער שריט. און ווייל זיי האָבן אָפּגעפירט זיינע קינדער אין דער שולע, האָבן זיי זיי אויך אַזוי פאַרשריבן: מאָרי, אָסקאַר און טשאַרלז.

זיינע זין האָבן שנעל אָנגעהויבן זיך אָפּצורופן אויף די נייע נעמען, זיין ווייב מערע האָט זיך געקווענקלט און זייער לאַנגזאַם זיך צוגעוואוינט צו זיי, אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן און נישט אויפגעהערט זיי צו רופן מיט די נעמען פון די ביידע זיידעס און זיין פאָטער, מיט די בכבודיקע ביבלישע נעמען.

די דירה, וועלכע ער האָט זיך געדונגען, איז געווען אין א צוויי־פאַמיליען־הויז אויף איינער פון די לייטישסטע גאַסן אין דעם יידן־פערטל פון דער „אונטערשטאָט”. א דירה פול מיט וואונדער, איינס גרעסער פאַרן אַנדערן. גאַז־באַלייכטונג, א „מענטלפּיס” מיט א גרויסן שפּיגל איבער אים און א פייער־פּלאַץ אונטער אים, לויפנדיק וואַסער, איינגעבויטע שרענק פאַר קליידער און געשיר, אַן אייזקאַסטן און — וואונדער איבער וואונדער! — אַ וואַנע מיט א בית־הכסא אין הויז ביי דער קיך...

מערע האָט געוואָלט בענקען נאָך דער שיינער בליץ־לאָמפּ אין איר הויז אין ברישיץ, נאָך דעם גרויסן ברייטן אויוון. אין וועלכן עס איז געווען אַזוי פיל רחבות פאַר טעפּ און טעפּלעך, נאָך דער גרויסן הויף, אין וועלכן זייער הויז איז געשטאַנען, א הויף מיט

הינער און גענז, און אַן אייגענער בהמה, און אַ קלייט, און אַ שטאָל, און להבדיל, אַ סוכּה. אָבער דאָס וואונדער פון דער וואָנע מיטן בית־הכּסא אין הויז, ביי דער קיך, איז געווען צו גרויס, אַז דאָס זאָל דערלאָזן וועלכע עס איז בענקעניש.

און דאָך האָבן זיי זיך אַלע געפילט אַזוי מאָדנע אין דער ניו־יאָרקער דירה, נח און מערע און זייערע דריי זין. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען פון צימער צו צימער, און עפּעס איז זיי געווען פרעמד, און עפּעס האָט געפעלט, און עפּעס איז געווען נישט דאָס...

מערע האָט געפונען דאָס וואָרט.

„ווי אַנדערש!" האָט זי אַרויסגעזיפצט.

און נח האָט אונטערגעכאַפּט:

„יאָ, גאַנץ אַנדערש!"

דאָס וואָרט איז געווען אַ וואָרענונג. איצט האָבן זיי געוואוסט, אַז דאָ איז אַלץ אַנדערש ווי אין ברישיץ. אַנדערש די דירות, אַנדערש די גאַסן, אַנדערש די מענטשן. מוזן זיי אַליין נישט ווערן אַנדערש?

„אַז מען בייט אַ לאַנד, בייט מען נישט דעם מענטש", האָט נח דערקלערט.

ער איז געווען אַ דענקער, נח עדאָן. אַ וואויללערנער, אַ באַלעזענער און מיט אַ שיטה אין לעבן. האָט ער זיך פאַרגענומען נישט אַנדערש צו ווערן. און האָט אויסגעפירט.

ער איז געבליבן, וואָס ער איז געווען. אין האַנדל—אַ וואָרטס־מענטש און ערלעך, אין דער היים אַ לערנער, אַ ספר־מענטש, אַ פרומער ייד, גוט צו גאָט און צו לייטן, פול פיינער מענטשלעכקייט. זיין ווייב מערע האָט מיט אים מיטגעהאַלטן. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פרומען פאַרוק, וועלכן זי האָט געטראָגן אין ברישיץ, אָפּגעלאָזן נאָך עטלעכע דינים, וועלכע זי האָט דאָרטן פרום אָפּגעהיט. אָבער דעם מענטש אין זיך האָט זי נישט געביטן. שטיל און קנאַפּוואָרטיק, געטריי און ליבפול, נשמהדיק גוט און רחמנות־פול — געווען און געבליבן.

דאָך די זין זיינען נישט אַוועק אין די וועגן, אין וועלכע ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן גיין.

.2

ווי איז עס גאָר געקומען צו משה־מאַרין? אין בּרישיץ איז דער גייניעריקער געווען אַגוטער חדר־יינגל, אַ שאַרף קעפּל און אַ מתמיד. די לאַנגע חדר־שעהן האָבּן אים נישט אויסגעמאַטערט, און ער האָט נאָך געפונען חשק אין דער היים צו לערנען. נח האָט גערעכנט, אַז ער וועט בּלייבּן אַ לערנער.

דאָך דער לימוד אין דער אַמעריקאַנער שולע האָט אים נישט פאַראינטערעסירט. ער איז געגאַנגען אין דער שולע, ווייל ער האָט געמוזט. מען האָט אים געזאָגט: אין אַמעריקע בּאַשטראָפט מען פאַר נישט גיין אין דער שולע. נישט טאַטע־מאַמע בּאַשטראָפן, נאָר די רעגירונג, די פּאָליציי. אָבּער אים האָט אינטערעסירט די גאַס. די ניו־יאָרקער גאַס האָט אויף אים געמאַכט אַ גאַנץ מערקווירדיקן איינדרוק. נישט די שפּיל־גאַס, נישט די קינדער מיט זייערע שפּילן, נאָר די בּאַשעפטיקטע גאַס, דאָס פּאַרטאָן זיין, דער שטענדיקער יריד. אַלטע מענטשן, יונגע מענטשן, יונגע קינדער — דאָס איז געווען דאָס מערקווירדיקסטע: אויך יונגע קינדער, יינגלעך פון זיין עלטער און אַפילו יינגערע האָבּן זיך בּאַשעפטיקט ארומגעטראָגן אין דעם שטראָם פון האַנדל־וואַנדל.

אַ ווינט האָט געטראָגן אַ זוימען און אַראָפּגעלאָזן אים אויף פרוכטבּאַרער שווארצערד. דער זוימען האָט זיך אָנגענומען. משה־מאַרי האָט זיך פאַרקוקט אויף די יינגלעך, וועלכע האָבּן פאַרקויפט צייטונגען, געפּוצט שטיוול, געטראָגן פּעקלעך, און בּאַשלאָסן, אַז ער וועט אויך עפּעס טאָן.

אין שטוב בּיי זיי איז נישט געווען קיין נויט. נח עדאָן איז גע־קומען מיט געלט, האָט נישט געדאַרפט אוועקגיין אין אַ „סוועט־שאַפּ", אָדער פּעדלען אויף אַ שטופּ־וועגעלע און קעמפן מיט נויט און אָרעמקייט. ער האָט געעפנט אַ געשיר־קראָם אויף דיוויזשאָן־סטריט, און עס איז אים אווקגעגאַנגען גוט. מאַרי האָט נישט גע־דאַרפט אַרבּעטן און אַרויסהעלפן די עלטערן. אָבּער ער האָט גע־וואָלט אַרבּעטן, און שטיוול־פּוצן איז אים געפעלן געוואָרן בּעסער ווי צייטונגס־פאַרקויף און פּעקל־אָפּטראָג. ער האָט זיך געמאַכט גע־

דאַנקען, ווי ער וואָלט שטיוול געפּוצט. זיין גלאַנץ וואָלט געווען דער בעסטער גלאַנץ.

ער האָט אָנגעהויבן אָפּצולייגן די ניקלס און פּענים, וועלכע ער האָט געקראָגן פון זיינע עלטערן. ער איז אפילו געוואָרן דער בעסטער תּלמיד אין זיין קלאַס, ווייל דער טאַטע האָט אים פאַר־שפּראָכן אַ גוטע מטבע, ווען ער וועט ברענגען פון דער שולע גוטע באַצייכענונגען. און ווען ער האָט אָנגעקליבן גענוג געלט, האָט ער געקויפט אַ שוך־פוץ־קעסטל מיט פאַרשיידענע בערשטלעך און פאַר־שיידענע פּוץ־מאַטעריאַלן, שוואַרצע און געדיכטע, אַוועקגעשטעלט זיך אויף אַן עק גאַס, וועלכן ער האָט שוין לאַנג אויסגעקוקט, און איז געוואָרן אַ שטיוול־פּוצער.

די עלטערן זיינען געווען אין געשעפט און האָבן נישט גע־וואוסט, וואָס זייער עלטערער זון טוט, ווען ער קומט פון דער שו־לע. זיי וואָלטן עס אויך נישט געוואוסט, ווען זיי וואָלטן געווען אין דער היים. זיין קעסטל האָט ער געהאַלטן אין דער אַפּטייק אויף זיין עק גאַס — דערפאַר האָט ער געפּוצט די שיך דעם אַפּטייקער און זיין געהילף אומזיסט. און איז געווען פּינקטלעך צו אָוונטברויט — פלעגט אַריינקומען ווי פון שפּיל.

אָבער ווען ער האָט אָנגעקליבן די ערשטע פופציק דאָלאַר, האָט ער זיי געבראַכט צו די עלטערן. זיינע טיפע בלויע אויגן האָבן גע־קוקט מיט טריאומף. אויף זיינע ליפּן האָט קוים געשוועבט אַ שמייכל. די עלטערן האָבן זיך דערשראָקן. צוערשט — ווי אַזוי קומט צו אים דאָס געלט? דערנאָך — זייער בחור אַ שטיוול־פּו־צער גאָר?

דאָך דאָס קינד האָט רואיק געזאָגט:

,,וואָס אַרט אייך, אַז איך פאַרדין געלט אין מיין שפּיל־צייט? און וואָס אַרט אייך, ווי איך פאַרדין?''

עס האָט נישט געהאָלפן קיין אָפּרעדעניש. דער יינגל האָט אויף אַלץ געהאַט אַ תּירוץ.

,,דו ביסט דאָך געווען אַזאַ מתמיד,'' האָט נח אין אים אַריינגערעדט. ,,האָסט דאָך האָלט געהאַט צו זיצן און לערנען, ווען דו פלעגסט קומען פון חדר. פאַרוואָס זאָלסטו עס איצטער נישט טאָן?''

,,איך טו עס דאָך נאָך וועטשערע,'' האָט דער ייִנגל געענט־פערט. ,,איך בין נישט פויל.''

,,אָבער שטיוול־פּוצעריי!'' האָט זיך מערע געעקלט. ,,אַזוי שמוציק, אַזוי אומריין!''

,,האָסט דאָך עס אויף מיינע הענט נישט דערקענט,'' האָט מאָרי געלאַכט.

,,און ווי, אַז איך וועל דיר אָנזאָגן, דו זאָלסט עס מער נישט טאָן?'' האָט נח געזאָגט.

דער ייִנגל האָט נאָרנישט געענטפערט. נאָר זיינע טיפע אויגן זיינען נאָך טיפער געוואָרן, און זיין געזיכט איז געוואָרן האַרט. ער האָט שטענדיק געפאָלגט טאַטע־מאַמע, וועלכע ער האָט שטאַרק גע־ליבט און געערט, אָבער איצט וועט ער נישט פאָלגן.

נח האָט עס באַמערקט און דעם אָנזאָג נישט געמאַכט. נישט ער און נישט מערע. זיי האָבן נאָר אָפּגעזיפצט:

,,אַמעריקע!''

אַפּריער האָט נח, דערנאָך האָט מערע זיך צוגעגנבעט צום עק־גאַס, וואו מאָרי האָט שיך געפּוצט און אומבאַמערקט צוגע־קוקט, ווי זייער בכור אַרבעט אַזוי פלייסיק איבער פרעמדע שיך. זיי האָבן זיך געוואונדערט איבער זיין ערנסט און פלייסיקייט, גע־שעמט זיך, אַז זייער קינד זאָל טאָן אַזאַ אַרבעט, און זיינען טרויע־ריק געוועזן.

,,דאָס איז דאָס אַ נ ד ע ר ש,'' — האָט נח געזאָגט צו מערען.

אויך די טרויעריקייט פון זיינע עלטערן האָט מאָרין נישט אָפּ־געשטעלט. ער וואָלט נישט געקאָנט דערקלערן, וואָס מיט אים איז. עפּעס אַזאַ ציִעניש, קאָפּ און האַרץ צו איין פונקט: טאָן, מערן געלט, וואַקסן, ערגעץ דערגרייכן ווייט־ווייט... אויף זיין צוועלפטן יאָר האָט ער שוין געהאַט עטלעכע קעסטלעך מיט אָנגע־שטעלטע ייִנגלעך.

ווען ער האָט געענדיקט די פאָלקס־שול, האָט נח געמאַכט אַ יום־טוב. נישט ווייל זיין בכור האָט ג ע ע נ ד י ק ט אַ שולע, נאָר ווייל ער וועט אַריינטרעטן אין אַ העכערער שולע, אין אַ גרעסערן קרייז פון ליכטיקייט. ער איז געוועזן אַ גרויסער ליבהאָבער פון בילדונג, דער פרומער ייִד נח עדאַן, און ער וואָלט געוואָלט, אַז זיין

זון זאָל שטודירן, ווען ער וואָלט אפילו געווען אַ ביטערער אָרעמאַן. אָבער צו יענער צייט האָט ער פאַרגרעסערט זיין געשעפט און אַריי־בערגעטראָגן עס אויף דער וויכטיקערער געשעפטס־גאַס גרענד־סטריט, האָט ער געיומטובט זיין זונס אַריינטריט אין דער הויכשול מיט די פּריוילעגכסטע זעאוונגען פאַר זיך: הויכשול, קאָלעדזש, אוניווערזיטעט, אַ דאָקטאָר־מעדיצין, אַ דאָקטאָר־פילאָזאָף, אַן אינזשיניער...

מאָרי האָט געהאַט אַנדערע כוונות און השגות. ער איז געווען געוויקסיק. האָט אויסגעזען עלטער ווי זיינע פערצן יאָר און גע־פּלאַנעוועט אַ גרויסן שוכפוץ - זאָל מיט אַ ציידונגס - פאַרקויף צוזאַמען. אָבער ער האָט נאָכגעגעבן די עלטערן און איז אַריין אין דער הויכשול. צוויי יאָר געשטודירט און מער נישט געקאָנט. געקומען צו די עלטערן און געזאָגט:

„איך וועל נישט מער שטודירן.‟

נח האָט זיך אָפּגעהיט פון כעס. כעס, האָט ער געזאָגט, איז אַ מידה, פון וועלכער מענטשן דאַרפן זיך אויסהיטן, ווי פון שיכרות. איז ער נישט אין כעס געוואָרן אויף מאָרין, אָבער ער איז טרויעריק געוואָרן.

„ווי הייסט?‟ האָט ער געפרעגט מיט אַ וויטיקדיקן האַרץ.

„דו שטודירסט דאָך גוט. ווייטער וועט דיר אַלץ בעסער גיין. וועסט מער ליב באַקומען דיינע ביכער.‟

מאָרי האָט רואיק אויסגעהערט זיין פאָטער, און דערנאָך פעסט איבערגעחזרט:

„איך וועל נישט מער שטודירן, טאַטע.‟

„פאַרוואָס, משהלע?‟

„איך בין נישט פאַר ביכער, מיין קאָפּ איז ערגעץ־וואו אַנדערש. איך וויל אין געשעפט.‟

דאָס זיינען געווען מאָרים קורצע פּסוקים פאַר דער גרויסער ציעניש אין אים, וועלכע איז מיט די יאָרן נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן און אים גערופן און געטריבן: טאָן, אויפטאָן, וואַקסן, ערגעץ וויט דערגרייכן...

נח האָט אויפגעזיפצט: ווי מערקווירדיק דאָס לעבן! ער האָט געוואָלט שטודירן, האָט אים זיין טאַטע נישט דערלאָזט.

מורא געהאַט, ער וועט ווערן אן אפיקורס. און אז ער וויל, זיין זון זאָל שטודירן, וויל זיין זון נישט. ווי קומט עס?

מערע איז געזעסן א דערשראָקענע, האָט עפּעס נישט פארשטאַנען. ווי הייסט, ער וועט נישט מער שטודירן? ער מוז עס, און עס מעג זיך קערן די וועלט!

מאַרי האָט רואיק דערקלערט:

,,די וועלט וועט זיך נישט קערן, נאָר איך וועל אוועק פון דער היים. אמעריקע איז א גרויסע מדינה. אזוי פיל ווייס איך פון די ביכער שוין פון לאַנג."

האָט נח ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף מערעס האַנט, און באַרואיקנדיק געפּעטשלט:

,,ער וויל סוחרעווען, זאָל ער סוחרעווען."

,,דו גיסט זיך גלייך אונטער," האָט זי אים פאַרגעוואָרפן.

,,און ווי, אז ער וואָלט געוואָלט..."

,,ער וויל גאָרנישט קיין שלעכטס."

,,א סוחר וויל ער ווערן! א זעכצניעריקער יינגל!"

,,מיט צוואַנציק האָב איך שוין חתונה געהאַט."

,,איז ביי דיר רעכט..."

,,ער זאָל נאָר זיין אן ערלעכער סוחר."

,,איך וועל אייך דאָס פּנים נישט פארשווארצן," האָט זיך מאַרי אריינגעמישט אין דעם געשפּרעך פון די עלטערן. זיכערקייט איז געלעגן אין זיין טאָן, שטאַרקער ווילן און פעסטקייט. נח האָט אים אָנגעקוקט מיט ליבע, אויך מערע האָט זיך אונטערגעגעבן מיט אן אויפבליק צום הימל. יאָ־אָ, מסתמא מוז אזוי זיין.

איצט איז געוואָרן א רייד וועגן דעם געשעפט אליין. וואָס גייט ער טאָן, דער סוחר? ווידער שטיוול־פוצן?

,,ניין, נישט מער שטיוול־פוצן."

וואָס דען?

מאַרי האָט נישט ליב געהאַט א סך צו רעדן, נאָך ווייניקער אויפצודעקן זיינע פּלענער. ער האָט מורא געהאַט פאַר עצות.

,,איך וועל שוין עפּעס טאָן," האָט ער געענטפערט. ,,איך האָב מיין ביסל געלט און האָב מיינע פּלענער. איך וויל פון דיר גאָרנישט, טאַטע."

„אפילו קיין עצה נישט?"

„ווען איך וועל זי נויטיק דאַרפן, וועל איך צו דיר קומען."

„גיי און זיי מצליח. גאָט זאָל דיך בענטשן."

מיט מילדן טרויער אין זיינע גוטע, בלויע אויגן האָט נח באַגלייט זיין זון, זיין האַנט פירנדיק דורך זיין בלאָנדער פאַרגרויטער באָרד. ער האָט אַזוי געוואָלט, אַז אין זיין ערשט־געבאָרענעם זאָל דערפילט ווערן זיינע אייגענע בענקעניש נאָך וויסן, וועלכע ער האָט געהאַט אַזוי שטאַרק אין זיין יוגנט און נישט געקאָנט שטילן. אָבער מען קאָן גאָרנישט מאַכן מיט אַ זון, וועלכער ווייס שוין, אַז „אַמעריקע איז אַ גרויסע מדינה" און מען קאָן פאַרלאָזן טאַטע־מאַמעס נעסט און פאַרלאָרן ווערן אין דער ווייטקייט. אַ האַרצווייטיק, אָבער מען קאָן נישט העלפן. זאָל ער נאָר זיין אַן ערלעכער סוחר, און זאָל כאָטש דער צווייטער...

### 3.

אשר־אָסקאַר איז געווען מיט צוויי יאָר יינגער פאַר מאָרין. און ווען מאָרי האָט איבערגעריסן דאָס שטודירן און איז אַוועק אַ סוחר צו ווערן, האָט אשר־אָסקאַר געזאָגט:

„שפעטער, ווען דו וועסט האָבן גרויסע געשעפטן, זאָלסטו מיך נעמען פאַר אַ לאָיער."

דאָס איז שוין ביי אים געווען אַן אָפגעמאַכטע זאַך: ער וועט שטודירן אויף אַדוואָקאַט.

פון אַלע דריי זין נחס איז ער געווען דער וואָרט־פליסיקסטער. זיין מויל איז שטענדיק געווען אָפן, זיין צונג שטענדיק גרייט. אַז מען האָט עפעס געפרעגט ביי מאָרין אָדער טשאַרלזן, האָט ער געענטפערט. אָפט נישט דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט ענטפערן, האָט ער דערנאָך אַ סך גערעדט, צו איבערצייגן זיי, אַז זיי האָבן געדאַרפט זאָגן, וואָס ער האָט געזאָגט, און אַז ער האָט אייגנטלעך געטראָפן זייער ענטפער, נאָר זיי פאַרשטייען נישט, אַז מען דאַרף עס זאָגן, ווי ער זאָגט.

ער איז נישט געווען קיין ליגנער און קאָפ־פאַרדרייער — קיין עראָן־קינד איז עס נישט געווען. נאָר נאָך קליינערהייט האָט ער

ליב געהאט צוצוהערן זיך, ווי זיין צונג גייט אזוי גלאטיק, און די ווערטער פליסן, ווי דאס וואסער פון אן אויפגעדרייטן קראן. אבער נישט סתם ווערטער, זינלאז, נאריש, גלאט געפלוידערט. נאר אלץ מיט א זין, מיט לאגיק, מיט שכל. ער האט באוואונדערט זיין איי־גענע מארך ־ מאשין, וועלכע האט געטריבן זיינע ווערטער מיט אזא שנעלקייט און דערביי מיט אזא לאגישן צוזאמענהאנג.

ער האט זיך געלערנט גוט, אבער נישט באזונדערס גוט. ער האט ביי זיך אפגעמאכט, אז כמעט אלע זאכן, וועלכע מען לערנט אין דער שולע, זיינען נישט וויכטיק פאר אן אדוואקאט. צו וואס דארף ער מאטעמאטיק? צו וואס פיזיק און כעמיע? אויך געאגראפיע איז גאנץ איבעריק. דערפאר האט ער די דאזיקע זאכן געלערנט נאר אויף דורכצוגיין. אבער אין ענגליש איז ער געווען דער ערשטער. אויך אין געשיכטע און לאטיין.

זיין לייענען איז געווען דעטעקטיוו־געשיכטעס און די ביא־גראפיעס פון בארימטע רעדנער, אדוואקאטן און פאליטיקער. אין די דעטעקטיוו־געשיכטעס איז ער געווען אויספארשער, פראקוראר, פארטיידיקער און ריכטער. ער האט ווייטער געשפונען די פארפלאנ־טערטע מעשה אויף זיין שטייגער. ער האט אויסגעקליגט פראגן צו די אנגעקלאגטע אדער די עדות, געהאלטן רעדעס צו די געשוואו־רענע.

ער איז געווען אן ערשטער אין זיין דעבאטיר־קלוב און איז ארויסגעשטעלט געווארן אלס א מוסטער, ווי ווייט אן אימיגראנטן־קינד קאן דערגרייכן אין זיין ענגליש. אבער ער האט קיינמאל נישט געטראכט פון זיך, ווי פון אן אימיגראנטן־קינד. די אלטע היים, וועלכע ער האט געבראכט מיט זיך, אלס זיבן־יעריק יונגל, איז שנעל פארווישט געווארן פון זיין זכרון. די שפראך, וועלכע ער האט גע־רעדט, ווען ער איז אנגעקומען קיין אמעריקע, איז אים גאר באלד פרעמד געווארן, כאטש אינדערהיים האט מען זי נישט אויפגע־הערט צו רעדן. דאס יינגעלע האט זיך אפגעטובלט אין דער לופט פון ניו־יארק, ווי אין די פארגעס־וואסערן פון דער לעטהע, פאר־געסן די ערשטע זיבן יאר פון זיין לעבן און איז ארויסגעקומען ווי ניי־געבארן.

אן אמעריקאנער אין דער אויסשפראך און שטרעבן. דאס לאנד

איז געוואָרן זיינס מיט איר פארגאַנגענהייט און איר צוקונפט. ער האָט געערדט פון דער פאַרגאַנגענהייט פון אמעריקע, ווי זיינע אור־עלטערן וואָלטן פאַר איר געקעמפט און געשטאָרבן. דאָס איז נישט געווען ביי אים קיין נאַרישע העזה. ער איז געווען איינס מיטן לאַנד און האָט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען צו דערמאָנען, אַז ער איז אַן אימיגראַנטן־קינד.

ווען ער איז געווען זעכצן יאָר, איז ער שוין געווען אַ וואַל־רעדנער. אַרומגעפאָרן אויף אַ שווערן משא־וואָגן איבער די גאַסן פון דער „אונטערשטאָט", און מיט אַ העלער שטים, אַ נאָך נישט צייטיק־געוואָרענעם טענאָר, אַרויסגעשריען די מעלות פון די רעפּו־בליקאַנישע קאַנדידאַטן און די חסרונות פון די דעמאָקראַטישע. ער האָט שטענדיק געהאַט אַרום זיין וואָגן זייער גרויסע מאַסן, ווייל דער זייער יונגער רעדנער איז געווען אַ טשעקאַווע זאַך און איז גע־וואָרן אַ זעענסווירדיקייט.

פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, איז פאַר אים אַליין געווען אַ רעטעניש. ווייל אייגנטלעך האָט ער אַליין געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געערדט פאַר די דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטן, וואָלט ער אַ סך בעסער געערדט. אפשר איז עס געשען דערפאַר, וואָס אין דעם הויז פון דעם אימיגראַנט, וועלכער איז אַנטלאָפן פון דעם צאַריסטישן רוסלאַנד, איז דאָס וואָרט רעפּובליק געווען פאַרשטענדלעכער און פּאָפּולערער ווי דאָס וואָרט ד ע מ אָ־ק ר אַ ט י ע. שפּעטער מיט יאָרן האָט אָסקאַר דערקלערט זיין רע־פּובליקאַניזם מיט זיין ליבע צו לינקאָלן. אָבער כאָטש ער האָט אין אָנהויב נישט געוואוסט, פאַרוואָס ער איז רעפּובליקאַנער, האָט ער פון דעם משא־וואָגן אַראָפּגעשריען זיין וואַל־אַגיטאַציע מיט דער היץ פון פולסטער איבערצייגונג. און ווייל אייגנטלעך ער האָט גע־האַט גאָר אַ סך בעסערע אַרגומענטן פאַר די דעמאָקראַטישע קאַנ־דידאַטן, האָט עס אים שטאַרקער באַפעסטיקט אין דעם, אַז ער וועט זיין אַ גוטער אַדוואָקאַט.

נח האָט נישט ליב געהאַט אַדוואָקאַטן. אַן אַדוואָקאַט דאַרף האָבן אַ גלאַט צינגל, און אַ גלאַט צינגל פאַרפירט. און בכלל, די גאַנצע אַדוואָקאַטור עקזיסטירט, ווייל עס איז פאַראַן אומערלעכקייט אויף דער וועלט: שווינדלער, גנבים, מערדער. ער וויל אָבער, אַז

קיין אומערלעכקייט זאָל נישט זיין, איז אויף וואָס דאַרף ער האָבן אַדוואָקאַטור? ער וואָלט בעסער געוואָלט, אַז זיין זון זאָל זיין אַ דאָקטאָר. קראַנקע היילן — דאָס איז אַ גרויסע זאַך. אַ דאָקטאָר איז גאָטס אַ מענטש. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט נישט אָפּרעדן זיין צוויטן זון צו ווערן אַ „לאַיער", ווי ער האָט נישט געקאָנט אָפּרעדן זיין עלטסטן זון פון צו ווערן אַ סוחר. איז ווידער די זעלבע מעשה: זאָל ער נאָר זיין אַן ערלעכער אַדוואָקאַט, און זאָל כאָטש דער דריטער...

.4

חיים־נחמיה אָדער טשאַרלי איז געווען דער ליבלינג פון טאַטע־מאַמע. ער איז געווען שענער פאַר זיינע ביידע עלטערע ברידער, צוגעלאָזענער צו די עלטערן און אַ זייער גוטער שול־יינגל. שטיל און זיס אין זיין באַנעמונג, טריי און ליבנדיק. דער איינציקער פון די דריי, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט די אַמעריקאַנער שולע אין דער היים. יעדן טאָג פלעגט ער דערציילן זיינע וויסנס־באַגעריקע עלטערן, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער שולע און וואָס ער האָט דאָרטן געלערנט. זיינע היים־אַרבעטן פלעגט ער מאַכן פאַר טאַטע־מאַמע אין די אויגן, הויך אויפן קול. אַליין געלערנט און זיי באַלערנט. ער האָט געפילט, אַז זיינע „גרינע" עלטערן נויטיקן זיך אין דעם וויסן, וואָס די שולע גיט אים. דאָס איז געווען אַ פיינפילעקייט פון דעם קליינעם יינגל, פאַר וועלכער די עלטערן זיינען אים דאַנקבאַר געווען.

אָבער זיין מיטטיילשאַפט האָט געהאַט נאָך אַן אורזאַך. ער האָט אויפגענומען דעם לימוד אין דער שולע ווי אַ גרויסן חידוש און געמוזט אַרויסרעדן פון זיך די התפעלות, מיטטיילן די חידושים, וועלכע ער האָט אַנטפּלעקט טאָג־טעגלעך. ער האָט ליב געהאַט דאָס שטודירן, פאַרגעטערט די ביכער. צווישן די טאָוולען איז געלעגן אַ סוד, און ער האָט זיי אויפגעעפנט, דעם סוד אַרויסצוגעפינען. יעדע נייע לעקציע האָט אים אויפגעדעקט אַלץ מער פון סוד. זיינע אויגן זיינען זעענדיקער געוואָרן. זיין האַרץ האָט זיך געפרייט, איז איבערגעפולט געוואָרן, זיך איבערגעגאָסן איבער די ברעגן.

זיין מיטטיילשאפט איז געווען מיט דער אריבערגאַס. יעדע נייע לעק־ציע, וועלכע ער האָט געמאַכט, יעדער נייער קעגנשטאַנד, וועלכן ער האָט אויפגענומען אין דער שולע, יעדעס בוך, וואָס ער האָט גע־לייענט, האָט אים אָנגעפילט, איבערגעפילט, און ער האָט געמוזט רעדן וועגן זיי, דערציילן זיי די עלטערן, וועלכע האָבן זיי נישט גע־וואוסט, פאַר וועלכע זיי האָבן אויך געמוזט זיין אַ חידוש.

ער האָט זיך זייער גוט געלערנט, געהאַט די בעסטע באַצייכע־נונגען און איז אריבערגעשפרונגען קלאַסן. אָבער דער יינגל איז אומרואיק געווען. אפשר איז אין די ביכער פון די אריבערגע־שפרונגענע קלאַסן פאַראַן אַזוינס, וואָס ער ווייס דאָך נישט. די נייגעריקייט האָט אים באַאומרואיקט: אפשר איז דאָרטן עפּעס פון דעם סוד, וואָס וועט בלייבן פאַר אים נישט־אויפגעדעקט? איז ער זיי אַליין דורכגעגאַנגען פאַר זיך, איבערגעצייגט זיך, אַז עס איז נישטאָ דאָרטן פאַר אים קיין סוד, און געפרייט זיך, ווען ער האָט מיט עפּעס פאַרשטאַרקט זיין וויסן.

צוליב אים איז אויך אריינגעקומען אַ פּיאַנאָ אין שטוב. אין ברישיץ, אין דעם קליינעם שטעטל אין ליטע, וואָס אין רוסלאַנד, איז געווען נאָר איין פּיאַנאָ. די טאָכטער פון דעם גרעסטן שטעטלשן גביר האָט אויף איר געשפּילט. נח און מערע, ווי אַלע איבעריקע איינוואוינער פון דעם שטעטל, זיינען געווען איבערצייגט, אַז פּיאַ־נאָ איז אַ מיידלשער אינסטרומענט. אין ניו־יאָרק האָבן זיי געפונען דעם אינסטרומענט אין אַ סך הייזער, און געשפּילט אויף אים האָבן נישט דווקא מיידלעך. און איינמאָל איז צו זיי צוגעשטאַנען זייער מוזיניק: ער וויל אויך שפּילן פּיאַנאָ. דאָס איז געווען אַן איבעררא־שונג פאַר די עלטערן, ווי אויך פאַר די ברידער. דער געשעפטס־מאַן מאָרי האָט געמאַכט די באַמערקונג, אַז אַ פּיאַנאָ קאָסט אַ סך געלט; פאַר דעם געלט, וואָס זי קאָסט, קאָן מען מאַכן געשעפט. דער אדוואָקאַט אָסקאַר האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און גענומען לאָ־גיש באַווייזן, אַז די פּיאַנאָ איז אַ גאַנץ איבעריקע זאַך.

„מילאָ,״ האָט ער געזאָגט, „אין דעם רוסישן שטעטל, וואו עס איז גאָר קיין מוזיק נישט געווען, האָט מען זיך געמעגט לערנען שפּילן פּיאַנאָ. אָבער אין ניו־יאָרק, וואו מען קאָן הערן אין יעדן טעאַ־טער אַ גאַנצן אָרקעסטער, צו וואָס לערנען זיך צו שפּילן אַן איינ־

ציקן אינסטרומענט, אויב מען וויל עס נישט מאכן פאר א פּראָפע־סיע?"

אָבער נח און מערע האָבן זיך געפריוט, וואָס זייער מוזיניק האָט אזעלכע פארלאנגען. און ווייל דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען נח האָט שוין געהאלטן ביים פארגרעסערן זיין געשעפט, האָט ער געקויפט די פּיאנאָ און געדונגען א לערערין.

טשארלז איז נישט געווען קיין באזונדער מוזיקאליש, אָבער ער איז צוגעגאנגען צו דער פּיאנאָ, ווי צו זיינע ביכער. דער פּיאנאָ־לימוד איז פאר אים געווען פול מיט חידושים, און זיין נשמה האָט זיך אויפגעעפנט פאר נייע אנטפּלעקונגען פון סודות.

און אזוי איז ער געוואקסן שטיל און ליבלעך מיט זיינע ביכער און זיין מוזיק און מיט דעם נחת־רוח פון זיינע עלטערן.

וואָס וועט ער זיין? נח און מערע האָבן זיך נישט געמאכט קיין געדאנקען. חיים נחמיהלע וועט שוין עפּעס זיין. ער וועט שטודירן און וועט שוין עפּעס אויסשטודירן. זיכער נישט קיין אדוואָקאט. אָבער דאכט זיך, אויך נישט קיין דאָקטאָר. עפּעס איז ער צו־ווייך, צו צארט. ווי וועט אזא איינער קאָנען מאכן אן אָפּעראציע?

ווען ער איז געוואָרן זיבעצן יאָר, האָט ער געוואוסט, וואָס ער וועט זיין. ער האָט ארומגעטראָגן בענקענישן אין זיך, און טרוימע־רייען, און געשטאלטן. מעשיות האָבן זיך געשפּונען, זאצונגען האָבן ווערטער געזוכט. אינמיטן שטודירן האָט ער זיך געקאָנט פארטראכטן און אוועקגעטראָגן ווערן אין א וועלט פון אייגענע באשעפענישן, צווישן געשטאלטן, וועלכע האָבן ביי אים לעבן געזוכט, אין גע־שעענישן, וועלכע זיינען פארגעקומען אין זיין פאנטאזיע. דעמאָלט האָט ער געוואוסט, אז ער וועט זיין א שרייבער.

און נח האָט אנגעקוואָלן. אין זיין יינגסטן וועט ער שטילן זיין יוגנט — בענקעניש. זיין יינגסטער וועט שטודירן, לערנען, אפשר אליין ביכער מאכן, וועט זיין, וואָס ער, דער טאטע, האָט זיך גע־וואונטשן: א גייסט — מענטש, א נשמה־יתירה־מענטש. און ער האָט זיך געפריוט מיט זיין מוזיניק. אָבער ער האָט זיך נישט גע־שעמט מיט די ערשטע צוויי.

און איינמאָל אין אן ערב יום־כיפור, ווען די גאנצע פאמיליע איז געווען פארזאמלט, נח און מערע און אלע דריי זין, וואקסנדיקע

יעדער אויף זיין אופן, יעדער אין זיין וועג, האָט נח זיי געבענטשט און געזאָגט:

„איך וואָלט אייך געוואונטשן, איר זאָלט זיין פרומע יידן. אָבער דאָס וועט זיין אַן אומזיסטע ברכה. ווייל אידי אייך ווינטשן, איר זאָלט זיין ערלעכע מענטשן. וואָס איר וועט זיין, וועט איר זיין, און אַ סך הענגט אָפּ פון מזל. נאָר ערלעכע מענטשן זאָלט איר זיין. דאָס הענגט אָפּ אינגאַנצן פון אייך.‟

צווייטער קאַפּיטל.

# מאַרי

.1

צו צוויי און צוואַנציק יאָר איז מאַרי שוין געווען אַ רייכער סוחר. ער האָט נישט אויפגעעפנט קיין קאָמבינאַציע־געשעפט פון שטיוול־פוץ און ציימונגס־פאַרקויף, ווען ער האָט פאַרלאָזן די הויכשול, נאָר אַ מאַנופאַקטור־געשעפט.

ווי ער איז געקומען אויף דעם געדאַנק פון אַזאַ געשעפט? פּליצלונג דורך אַ וואָרט, אַרויסגעלייענט אין די שול־ביכער, דורך אַ מאַטעמאַטישער אויפגאַבע, אין וועלכער ער האָט געדאַרפט אויסרעכענען אַ געוויסע לענג פון ציץ אָדער וואָל אויף אַ געוויסער צאָל קונים. אָבער ווען ער האָט דערפילט אין זיך דאָס דאָזיקע געשעפט, האָט ער שוין נישט געקאָנט מער איינזיצן אין דער שולע איבער די ביכער.

פונוואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזויפיל מבינות אין די אַלערליי ציצן און וואָלן און געוועבדער? ער איז געגאַנגען איבער די אַנגראָ־געשעפטן, אויפגענומען מוסטערן פון אַלערליי סחורות. געשטודירט זייערע נעמען, זייערע באַזונדערקייטן. געלערנט זיך צו דערקענען זיי מיטן אויג פונדערווייטנס, מיט די פינגער פון דער נאָענט. דערמיט האָט ער געוואונען זיין קענטעניש, אָבער אויך דעם דרך־ארץ און דעם צוטרוי פון די גרויסהענדלער, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט.

„דער יינגל וועט זיין אַ לייט," האָבן זיי נביאות געזאָגט. אינטואיטיוו, מיט אַ מין רוח־הקודש, איז ער געפירט געוואָרן

צו דער גאַס און דער געגנט, וואו ער האָט געדונגען זיין ערשטע קראָם. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער געלונגענעם פּלאַץ. און די שפע איז געווען גרויס. נאָר האָט מען דאָ געדאַרפט נישט קוקן אויפן זייגער און פאַרגעסן, אַז אויף אַלץ איז פאַראַן אַ צייט. אין קראָם האָט שטענדיק געברענט פייער — פלאַקערנדיקע, ציטערנדיקע גאַז־פלאַמען, וועלכע האָבן אָן אַן אויפהער געשימערט און געצאַפּלט איבער דער סחורה, וואָס ער פלעגט באַווייזן זיינע קויפער און קויפערינס. אַז דרויסן איז טאָג, פלעגט ער ווייסן, ווען ער פלעגט צוטראָגן די סחורה צו דער טיר. דער קויפער אָדער די קויפערין זאָל קאָנען בעסער זען די פאַרב פון דער סחורה און אירע גוטע מעלות. דעמאָלט האָט ער אויך אַריינגעכאַפּט אַן אָטעם צו טאָן מיט אַביסל גאַס־לופט, נישט זייער קיין פרישע, ווייל די ענגע גאַס איז געווען שטאַרק פאַרעיפּושט, אָבער דאָך איז דאָס ביסל לופט געווען אַ דערפרישונג פאַר דעם בעל־הבית פון דער לופטלאָזער קראָם.

מאַרי, וועלכער האָט נישט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן, האָט אויך נישט געגלויבט אין איינרעדן און געהאַלטן פאַר אומערלעך צו פאַררעדן די ציינער. די ווערטער, וועלכע ער האָט געברויכט ביים פאַרלייגן זיין סחורה, זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן קורץ און שאַרף. זיי האָבן געטראָגן איבערצייגונג און רעעלקייט. ער איז געווען פריינטלעך און העפלעך, אָבער נישט חניפותדיק. און די קונדן האָבן געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צום יונגן קרעמערל. זיי וואָלטן געהאַט דעם צוטרוי, אַפילו ווען מאַרי וואָלט גאָרנישט גערעדט, ווייל זיינע אויגן האָבן געהאַט אַ זייער ערלעכן קוק. נאָך אַ קוק אין זיינע אויגן האָט מען אָנגענומען דעם פּרייז, וועלכן ער האָט אָנגערופן. אויב מען האָט זיך מיט אים געדונגען, האָט מען עס געטאָן אויס געוואוינהייט. מען האָט געוואוסט, אַז מיט דעם קרעמערל דינגט מען זיך נישט און מען וועט ביי אים גאָרנישט אַראָפּדינגען. זיינע אויגן פאַרטונקלט, ווי טרויעריק אָדער באַליידיקט, זיין שטערן אָנגעקנייטשט, פלעגט ער נאָר שאָקלען מיטן קאָפּ אויף ניין, איבערחזרן זיין פּרייז און אָנהויבן צונויפצולייגן די סחורה.

און אַזוי איז ער באַרימט און רייך געוואָרן. צו ניינצן יאָר האָט ער שוין געהאַט אַ פּיל גרעסערע קראָם מיט צוויי אַרויסהעלפער. און

צו צוויי און צוואַנציק איז ער שוין געווען אַ רייכער סוחר און האָט געטראַכט וועגן נייע געשעפטן.

אין יענער צייט האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט דער מיידל, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט.

.2

זי איז געווען די טאָכטער פון אַ גרויסהענדלער, מיט וועלכן מאָרי האָט געהאַנדלט. דאָס איז געווען איינער, וואָס האָט דריי מאָל געפּרואווט אָפּצונאַרן דעם יונגן קרעמער, און עס איז אים נישט געלונגען. האָט ער דערפאַר געקראָגן גרויס דרך־ארץ פאַר דעם אויפקומענדיקן הענדלער. ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז דאָס קרעמערל וועט ווייט אַוועק, און איינמאָל ווען מאָרי איז געקומען נאָך נייעם איינקויף, צו וועלכן דער גרויסהענדלער האָט אים גאַנץ ספּעציעל איינגעלאַדן, ווי צו אַ זעלטענער מציאה, האָט ער געפונען אין אָפּיס אַ מיידל פון זיינע יאָרן מיט טונקל־בלאָנדע האָר, וועלכע זיינען געווען פאַרקעמט מיט אַ שרינט לינקס, הויך אויפגעשלאָגן רעכטס און הינטן פאַרדרייט מיט אַ שווערן צאָפּ, און מיט גרויע אויגן, וועלכע האָבן געקאָנט קוקן אויף איר „וויזאַווי" תמעוואַטע, אויסגעלאָשן און באַשיידן, אָבער אויך אויפפליצן מיט פייער און שטיפעריי און איבערלעגענער קלוגשאַפט. דער גרויסהענדלער האָט זי אים פאָרגעשטעלט:

„מיין טאָכטער סילוויאַ."

מאָרי האָט אויף איר אַ געשווינדן קוק געטאָן, עפּעס אַ מורמל געטאָן מיט די ליפּן און געוואַרט, דער גרויסהענדלער זאָל אים באַווייזן די זעלטענע מציאה, צוליב וועלכער ער האָט אים אַרויסגערופן. דאָס איז געווען די ערשטע מיידל, וועלכע איז אים פאָרגעשטעלט געוואָרן אָט אַזוי פּלוצלונג, ווען ער איז געקומען אין געשעפט־זאַכן, און ער האָט נישט געטראַכט, אַז ער דאַרף זיין אַ קאַוואַליער און העפלעך. ער איז געקומען איינהאַנדלען אַ מציאה, און וואָס גייט אים די מיידל אָן!

אָבער די מיידל, וועלכע האָט אים באַגעגנט און אָנגעקוקט מיט אַן אויסגעלאָשענעם גלייכגילטיקן בליק, האָט גלייך אַריינגע־

גאָסן פייער אין אירע אויגן. אירע איינגעצויגענע דיקלעכע ליפּן, וועלכע האָבן באַהאַלטן הינטער זיך שיינע קרעפּטיקע ציינער, האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן אָדער ווי אויפצודעקן אירע ציינער און צו באַווייזן, אַז זי קאָן אויך בייסן. די נאָזלעכער פון איר שמאָלער, לענגלעכער נאָז האָבן זיך אויפגע־בלאָזן און אָפּגעלאָזן ווי פון כעס און אויפרעגונג. זי האָט אין זיך נישט־מיידליש אָפּגעזידלט מיט אַ קללה־וואָרט דעם יונגן סוחר, וועלכער האָט זיך צורעדט מיט איר טאַטן וועגן דער מציאה, אָבער איז דאָך פאַראינטערעסירט געוואָרן אין אים. ער איז געווען הויך געוואַקסן און שיין פון אויסזען מיט זיינע בלאָנדע האָר און בלויע אויגן, וועלכע זיינען אים געזעסן טיף און האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער וועלט שאַרף און פאַרטראַכט. זיי האָבן געקאָנט זיין די אויגן פון אַ פילאָזאָף און וויסנשאַפטלער, וועלכער טראַכט טיפע געדאַנקען און טראָגט אין זיינע אויגן די זוכעניש פון דער לייזונג פון שווערע וועלט־רעטענישן, אָבער זיי זיינען געווען די אויגן פון אַ יונגן הענדלער, וועלכער האָט געטראַכט שווערע האַנדלס־געדאַנ־קען, און האָבן אים געמאַכט באַזונדערס שיין און אינטערעסאַנט.

ווען זי איז אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אים, האָט זי באַ־שלאָסן אויפמערקזאַם צו מאַכן אים אויף זיך. באַלד זיינען אירע הענט געווען אין אירע האָר, אַראָפּגערוקט זיי אַביסל איבער די אויגן, באַשאָטנט איר בלייכלעך געזיכט, און אין די גרויע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צוויי בליץ־לאָמפּן אונטער אַ וואַסערדיקן שלייער. זי האָט גאָר ווייניק געוואוסט אין דעם טאַטנס געשעפט, אָבער זי האָט איינגעצויגן אויף זיך די בלוזע מיט דעם הויכן קראַגן — אַ פאַרבעסערונג, וועלכע האָט געדאַרפט שאַרפער אַרויסברענ־גען די שלאַנקייטן פון איר אויבערקערפּער, אַרומגעשאַרט מיט די הענט איבערן קליידל, וואָס האָט ענג אַרומגענומען די שלאַנקייטן פון איר אונטערקערפּער, און איז צוגעגאַנגען צום טאַטן מיט דעם יונגן סוחר און האָט זיך אַריינגעמישט אין זייער געשפּרעך. באַ־טאַפּט די מציאה, געזאָגט מבינות, באַוואונדערט דעם נידעריקן פּרייז, וועלכן דער טאַטע האָט געבעטן. דער טאַטע איז פּלוצלונג אָפּגעטראָטן, געלאָזן זיי אליין — ער וועט באַלד צוקומען, אַ קונה וואַרט אין אַן אַנדער זייט פון דעם גרויסן געשעפט.

סילוויא האָט זיך איבערגעבויגן אויף איר זייט פון דעם פאַר־קויף ־ טיש. איר קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער רעכטער פויסט און מיט דעם פייער פון אירע גרויע וואַסער־אויגן מאַגנעטיש אַריינ־געקוקט אין זיינע אויגן.

„וואו איז אייער געשעפט?" האָט זי געפרעגט, און איר שטים איז געוועזן פריינטלעך.

ער האָט אָנגעריפן די גאַס, קוים אַ בליק געטאָן אויף איר, גע־קוקט מיט אומגעדולד אהין, וואוהין דער גרויסהענדלער איז אוועק.

„איר דינט ביי עמיצן?" האָט זי ווידער געפרעגט, אַביסל געערגערט.

זי האָט געוואוסט דעם ענטפער. דער טאַטע האָט איר דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט געוואוסט וועגן דעם יונגן קרעמער, וועלכן ער האָט דריי מאָל געפרואווט אָפּצונאַרן און נישט געקאָנט — און דאָס איז די העכסטע רעקאָמענדאַציע. אָבער זי האָט געוואָלט אַ שטאָך טאָן דעם יונגן סוחר, וועלכער וויל נישט קוקן אין איר זייט און זוכט נישט קיין געשפּרעך.

„ניין," האָט מאָרי קורץ געענטפערט.

„אייער אייגן געשעפט?"

„יאָ."

זי האָט אויפגעלאַכט.

„אַזאַ יונגער קרעמער!"

ער האָט אַ ווענד געטאָן צו איר זיין קאָפּ:

„און איר אַזאַ יונגע קרעמערין!"

אירע אויגן זיינען צוציענדיקער געוואָרן, חן־שפּיזעלעך זיינען אַרויס פון זיי, ער זאָל מער דעם קאָפּ נישט אָפּווענדן.

„איך בין נישט קיין קרעמערין," האָט זי קוים געזאָגט. „איך האָב נישט לאַנג געענדיקט הייסקול. זייט איר נישט געוועזן אין הייסקול?"

„געוועזן, אָבער נישט געענדיקט."

„פאַרוואָס?"

„מען שטודירט אום געלט צו מאַכן. ווען מען קאָן עס מאַכן נישט־געשטודירטערהייט, געווינט מען צייט."

„אָבּי איך האָבּ געמיינט, אַז מען שטודירט צוליבּ בּילדונג,״ האָט זי געלאַכט.

דערויף איז ער נישט מחויב געווען צו ענטפערן, האָט ער נישט געענטפערט. ער איז געווען אומגעדולדיק, וואָס דער גרויסהענדלער באַוויזט זיך נישט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער — ער האָט זייער ווייניק צייט.

זי האָט זיך געפילט גערייצט און באַליידיקט.

„איר האָט דען נישט קיין פּאַרקויפער אין אייער קראָם?״ האָט זי טרוקן געפרעגט.

„אפילו צוויי,״ האָט ער געענטפערט קורץ, גלייכגילטיק, אָן דער קלענסטער בּאַריכערײ.

„איז וואָס האָט איר קיין צייט נישט? אויף אייך וואַרט דען עמיצער? אפשר אייער ווייבּ אָדער אייער כּלה?״

ער איז רויט געוואָרן. ווייבּ אָדער כּלה, וועגן וועלכע ער האָט נאָך גאָרנישט געטראַכט, האָבּן עפּעס אָנגערירט אין אים. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ נייגיריקן בּליק אויף דער מיידל, וואָס האָט דאָס געפרעגט און איז געשטאַנען פאַר אים אָנגעבּויגן איבּערן פּאַרקויף־טיש, און איז דאַכט זיך אַ שיינע מיידל.

זי האָט באַמערקט דעם צוגעוואָרפענעם בּליק. ענדלעך!... זי האָט פאַרווייטערט אירע אויגן, אַריינגעלויכטן אין זיי לוסטיקייט.

„וואָס איז זי — בּלאָנד אָדער שוואַרץ?״

„איך ווייס נאָך נישט.״

„אָ, איר האָט נאָך נישט קיין כּלה!״

„ניין.״

„איז פאַרוואָס זייט איר פריער רויט געוואָרן?״

„ווייל איך האָבּ נאָך נישט קיין כלה,״ האָט ער זיך געוויצלט, און אַ שאָטן פון אַ שמייכל האָט דורכגעשוועבּט איבּער זיינע ליפּן.

זי האָט זיך איצט נאָך מער צוגעבּויגן צו אים, געענגבּערט אין אים מיט אירע אויגן, און אים איז געווען עפּעס מאָדנע, וואָס אַ מיידל — און דאַכט זיך אַ זייער שיינע מיידל — זיצט אַזוי איינ־געבּויגן צו אים און רעדט נישט וועגן געשעפט, וועגן קויפן־פאַר־קויפן, נאָר וועגן ווייבּ און כּלה. איז דאָס נישט מערקווירדיק?

א פרעמדע מיידל — און גאנץ באשטימט, א זייער שיינע מיידל — אזוי נאָנט צו אים, כאַטש נעם און גלעט אירע באַקן.

„און איר האָט שוין א חתן?״ האָט ער א פרעג געטאָן, טרוקן, קרעמעריש, ווי ער וואָלט געפרעגט דעם פרייז פון א שטיקל סחורה.

זי האָט אָפּגעזיפצט.

„אָ, איך וועל אויך רויט ווערן!״

זי האָט זיך צולאַכט, און ער האָט אויך אויפגעלאַכט.

דער גרויסהענדלער איז צוגעקומען, האָט געפונען זיי ביידע גוט אויפגעלייגט און איז געווען צופרידן. די טאָכטער איז, דאַכט זיך, פאַראינטערעסירט אין דעם יונגן מענטש, צו וועלכן ער האָט צוגעווענדט זיין הארץ, און דער יונגער מענטש וועט געוויס וועלן זיין טאָכטער. וואָס דען? א נאַר וועט ער זיין?

.3

מאָרי איז טאַקע נישט געווען קיין נאַר. ער האָט נישט געטראַכט פון חתונה האָבן און איז קיינמאָל נישט געווען פאַרליבט, אָבער ווען ער איז אוועק פון דעם גרויסהענדלער, איינהאַנדלענדיק די מציאה, האָט ער געטראַכט, אז עס וואָלט נישט געווען קיין שלעכטע זאַך צו ווערן דעם גרויסהענדלערס איידעם. ווען ער ווערט עס, וועט ער זיכער ווערן א שותּף אין דעם געשעפט, און דאָס איז א גרויס געשעפט, וואָס קאָן נאָך א סך גרעסער ווערן. ווען ער איז דאָרטן א דעה־זאָגער, וועט דאָס געשעפט ווערן איינס פון די גרעסטע אין ניו־יאָרק און אין אמעריקע. אין קאָפּ זיינען אים דורכגעגאַנגען עטלעכע זאַכן, וועלכע דער גרויסהענדלער האָט פאַרנאַכלעסיקט און דערמיט אָפּגעהאַלטן דעם ווייטערן וואוקס פון זיין געשעפט...

ער איז געשטאַנען ביי זיך אין געשעפט, האָט גערעדט מיט קונדן, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען געווען ביים גרויסהענדלער מאַז גילין און זיין טאָכטער סילוויא. פאַרוואָס זאָל מאַז גילין אים גאָר וועלן פאַר א חתן? דער גרויסהענדלער קאָן קריגן א רייכערן איידעם. און זי, די שיינע הייסקול־מיידל, קוקט מסתּמא אויס אויף עפּעס א דאָקטאָר אָדער א לאָיער... הם!... עס וואָלט געווען א גוטע

זאַך, ווען ער, דער צווייאונצוואַנציק ־ יעריקער קרעמער, וואָלט געוואָרן אַ שותף אין גילינס געשעפט... אים איז פּלוצלונג ענג געוואָרן אין זיין געשעפט. ער האָט דערזען פאַר זיך אָפן די טירן פון דעם גרויסן געשעפט — ער קאָן אין זיי אריינגיין, ווען ער וועט ווערן זייער איידעם...

ער האָט ביי זיך אמאָל אָפּגעמאַכט, צו ווערן וואָס ער וועט ווערן דורך אייגענע כּוחות. ער האָט זיך דאַן דערפאַר אָפּגעזאָגט פון דעם טאַטנס עצות. נאָר אַליין גיין, אַליין דורכקעמפן זיך, אַליין ארויפשלאָגן זיך... וועט אַן ארויפשטייג דורך אַ שידוך נישט זיין קיין פאַרראַט צו זיך אַליין? און ער האָט זיך געענטפערט, אַז דער שידוך אַליין וועט דאָך זיין אַ דערגרייכונג דורך זיינע אייגענע כּחות, דורך זיין אייגענעם ווערט. פאַרוואָס דען וועט אים דער גרויסהענדלער וועלן פאַר אַן איידעם? פאַרוואָס דען וועט די מיידל אויסבייטן אויף אים אַ דאָקטאָר?

וועט אָבער דער גרויסהענדלער וועלן? וועט עס זיין טאָכטער וועלן?...

עס האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ און אויפגעטריבן זיינע בלוטן. די באַגעגעניש מיט דער מיידל איז נישט געווען קיין צופעליקע. דער גרויסהענדלער האָט אים אָנגעזאָגט די מציאה, געהייסן קומען אין אַ באַשטימטער שעה, און געמאַכט, אַז די טאָכטער זאָל דעמאָלט אויך זיין. און ער האָט אים אַליין באַדינט מיט דער מציאה! וואו זיינען דען געווען די צענטליקער פאַרקויפער און משרתים?... האַ־האַ!...

מאָרי האָט זיך דערזען אויפן וועג צו אַ גרויסער דערגרייכונג. ער וועט נאָר אינגיכן ווערן אַ שותף אין אַ זייער גרויסן געשעפט. אַ ווייטער חלום וועט ווערן באַלדיקע ווירקלעכקייט.

ער האָט אָפּגעוואַרט אַ פּאָר טעג און אָנגעזאָגט דעם גרויסהענדלער, אַז ער דאַרף אַ געווויסן שטאָף און וועט צו אים אַריינקומען איבערמאָרגן. באַשטימט אויף די שעה. אין דעם איבערמאָרגן האָט ער אָנגעטאָן זיין בעסטן אַנצוג און באַזוכט דעם פריזירער, איידער ער איז אַוועק צום גרויסהענדלער. ער האָט קיין טעות נישט געמאַכט: סילוויאַ איז אויך געווען אין געשעפט.

מאָרי האָט זי באַגעגנט ווי אַן אַלטער באַקאַנטער. מיט דער

זיכערקייט פון דעם פּעאיקן סוחר, וועלכער ווייס, אַז די מציאה, אויף וועלכער ער האָט געוואָרפן זיין אויג, וועט זיך שוין נישט אַרויס־דרייען פון זיינע הענט.

„איך זע, איר ווילט ווערן אַ קרעמערין,״ האָט ער איר געזאָגט.

„איר זעט גאָרנישט,״ האָט זי אים פאַמיליאַר־גראָב אָפּגע־ענטפערט. „דאַרף איך נישט קומען באַזוכן מיין פּאַפּאַ?״

„און איך האָב שוין געוואָלט דענקען, אַז אייער האַרץ האָט אייך געזאָגט, אַז איך וועל דאָ היינט זיין.״

ער האָט זיך אַליין געוואונדערט, ווי ער האָט דאָס געזאָגט, אָבער ער האָט געוואונען דורכדעם זיכערקייט און זעלבסבאַוואוסט־זיין. אין אַ גויט קען ער אַפילו ווערן געשפּרעכיק.

„אָ, איר האַלט פון זיך גאָרנישט!״ האָט זי געענטפערט.

„פאַרוואָס זאָל איך נישט?״ האָט ער שטאָלץ געפרעגט.

„נישקשה, ער מעג פון זיך האַלטן,״ האָט זיך דער גרויס־הענדלער אַריינגעמישט.

אין מאָרין האָט אויפגעברויזט עפּעס, פון וואָס ער האָט קיינ־מאָל נישט געטראַכט. זיין פעסטער ווילן צו מאַכן דעם גרויסן שפּרייז אין דער געשעפטס־וועלט האָט אַרויסגערופן דעם זכר, וואָס וויל און קאָן דעראָבערן די נקבה. צום ערשטן און צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן. ער האָט איינגעקלאַמערט זיך אין איר מיט דעם שאַרפן בליק פון זיינע טיפע אויגן, געזאָגט איר מיט זיי, אַז ער וויל זי, אויסגעגליכט זיך, איז גרעסער געוואָרן, שענער געוואָרן, געוואָרן מאַן.

סילוויאַ האָט זיך פאַרלאָרן, איז שוואַך געוואָרן, געוואָרן זיינע. די נאָך נישט צוואַנציק יאָר אַלטע האָט דורכגעלעבט עפּעס אין איר קערפּער, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל אַזוי שטאַרק נישט דורכגעלעבט. עפּעס האָט אונטערגעבויגן אירע קני, און זי וואָלט זיך מיט פאַרגעניגן צוגעשפּאַרט צום שיינעם בחור, וועלכער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פאַר איר. דאָס איז נישט געווען ליבע, וועלכע האָט זי פּלוצלונג באַגליקט — דאָס האָט זי גוט געוואוסט, נאָר עפּעס אַ גאַנץ מערקווירדיקע באַגערלעכקייט, ווי זי וואָלט דאָ איצט שטאַרק הונגעריק געוואָרן.

,,דו מאַכסט אים קאַליע, פּאַפּאַ,׳׳ האָט זי שוואַך אַרויסגערעדט, הענגענדיק מיט די אויגן אויף מאָרין, און געוואוסט, אַז עס איז געשען: זי וועט ווערן די פרוי פון דעם דאָזיקן בחור, וועלכן זי קען נישט, וועלכער איז איר פרעמד און וועט איר, דאַכט זיך, בלייבן פרעמד, ווייל זיינע אויגן זיינען אַזוי טיף, און פון הינטער זיי לויערט עפּעס, וואָס וועט איר שטענדיק פרעמד בלייבן.

## .4

אינגיכן איז געוועזן די חתונה. מאָרי האָט זי דורכגעפירט מיט דער ענערגיע און קאָנצענטרירטקייט, ווי ער וואָלט דורכגעפירט אַ גרויס, גלענצנד געשעפט.

אַזוי אויך האָט עס פאַרשטאַנען נח און איז טרויעריק געווען.

,,מאָרי האָט גאָר באַדאַרפט בלייבן אַן אַלטער בחור,׳׳ האָט ער געזאָגט צו מערען, פאָרנדיק פון דער חתונה, ,,און ער וועט עס בלייבן.׳׳

מערע האָט געלאַכט:

,,דו פאָרסט דאַכט זיך פון זיין חתונה.׳׳

,,ער האָט חתונה געהאַט מיטן שווער, די מיידל איז אַזוי זיך,׳׳ האָט נח טרויעריק גערעדט. ,,אַ רחמנות אויף דער מיידל.׳׳

,,אַז עס וועט זיין אַ רחמנות אויף דער מיידל, וועט שוין זיין אַ רחמנות אויף אים,׳׳ האָט דער מוטערס חכמה פאַרויסגעזאָגט.

,,אויף אים?׳׳ האָט נח צוריקגעענטפערט. ,,האַ! ער וויל דאָך נאָר דאָס געשעפט...׳׳

און שפּעטער אַמאָל, ווען נח און מערע האָבן זיך אומגעקערט פון אַ באַזוך ביים פאַרהייראַטן זון, האָט נח געזאָגט:

,,איך קום ווי אין אַ פרעמדן הויז, זיץ ווי אין אַ פרעמדן הויז און גיי אַוועק פון אַ פרעמדן הויז. סילוויאַ קאָן נישט ווערן אונזער אייגן קינד, ווייל מאָרי איז פאַר איר נישט קיין מאַן.׳׳

און ביי מאָרין און סילוויאַן איז געבאָרן געוואָרן אַ זון צו ניין חדשים נאָך זייער חתונה, און זיי האָבן אים אַ נאָמען געגעבן אויף יידיש נחום, און אויף ענגליש נאָרמאַן.

דריטער קאַפּיטל.

# אסקאר

.1

סילוויאַ איז געווען פאַר מאַרין אַ גוט געשעפט, אָבער פאַר אָסקאַרן און טשאַרלזן איז זי געווען אַן אַנטפּלעקונג און אַ התפּעלות, אַ נשמה־אויפעפענערין און אַ האַרץ־דערוואַרעמערין. פאַר טשאַרלזן אויך זיין שיקזאַל.

צום ערשטן מאָל האָבן זיך דער צוואַנציק־יעריקער אָסקאַר און דער ניינצן־יעריקער טשאַרלז אָנגעטראָפן מיט ד ע ר פרוי. די מיידלעך, וועלכע זיי האָבן ביז איצט געקענט, זיינען געווען ווייטע און פרעמדע, כמעט פיינטלעכע. אויך די מיידלעך אין די שולן. אויף די שול־בענק זיינען זיי געווען חברטעס, קאָלעגינען, דרויסן זיינען זיי געווען פרעמדע און פיינטלעכע באַשעפעניש. איין נאָענטע פרוי איז געווען — די מאַמע. די איבעריקע פרויען, דער עיקר די יונגע, און דער עיקר די מיידלעך, זיינען געווען אַ באַזונדער וועלט, אַ פרעמדע וועלט, אַ רעטעניש. מען האָט געדאַרפט וויסן, ווי צוצוגיין צו זיי, ווי צו רעדן. אָסקאַר, דער סטודענט־יוריסט, האָט געהאַט פאַראַכטונג צו זיי, אַ פון־אויבן־אַראָפּ־בליק, אַ וואָלוול־קייט. וואָס זיינען מיידלעך? זיי האָבן נישט קיין שטים־רעכט, זיי קאָנען נישט זיין קיין ריכטער, זיי פאַרנעמען נאָר אַן אומזיסטן פּלאַץ אויף דער ערד. טשאַרלז דער דיכטער האָט געהאַט אין זיך אַ מורא פאַר זיי, אַ ציטער אין האַרצן, אַ פאַרשעמטקייט. אַ רעטעניש, וועלכע ער דאַרף אויפדעקן, און זי איז נאָך שווער פאַר אים, און ער ווייס נאָך נישט דעם צוגאַנג צו איר, און עס ציטערן אים הענט און פיס.

און פּלוצלונג — אַ יונגע פרוי, וועלכע איז אַזוי נאָענט. זיי

זיינען איר ברודער אָסקאַר און ברודער טשאַרלז, און זי איז זיי שוועסטער סילוויאַ, אָדער פשוט סילוויאַ, אַזוי מערקווירדיק פשוט, אַזוי אינטים. אַן אייגנס, אַ נאָנטס.

זי האָט זייביידן מקרב געווען, אַריין אין זייער לעבן ווי אַ גע־ניטע שוועסטער, געלערנט זיי מאַנירן, אַנטדעקט פאַר זיי די ווייבערשע אַמעריקע.

דער יוריסט אָסקאַר איז ווייכער געוואָרן, האָט אָפּגעטרייסלט די פאַראַכטונג, אויפגעהערט צו קוקן פון אויבן - אַראָפּ. ער האָט איצט געוואוסט, אַז האָבן אַ סילוויאַ אַרום זיך איז אַ גוטע זאַך, און ער וועט זי שוין האָבן. ער וועט זיך שוין געפינען זיין מיידל. צו־ערשט וועט ער אויסשטודירן, ווערן אַ לאָיער, און אַ באַרימטער לאָיער, און דערנאָך וועט ער זיך שוין באַזאָרגן מיט אַ סילוויאַ. ער האָט זי שוין געפילט לעבן זיך, געזען זי אַרום זיך. ערגעץ־וואו איז זי דאָ, נאָר ער האָט נאָך צייט אַרומצוקוקן זיך נאָך איר, אָבער ער האָט זי שוין געליבט און געפילט זיך וואַרעם. גאַנץ זיכער, אַז ער וועט זיין דערפאָלגרייך מיט זיין מיידל, ווי מיט זיין שטודירן און זיין קאַריערע.

.2

דאָרא איז געווען דער נאָמען פון דער מיידל, וואָס אָסקאַר האָט זיך גענומען פאַר אַ ווייב. אָדער ריכטיקער: וואָס האָט זיך גענומען אָסקאַרן פאַר אַ מאַן.

אָסקאַר איז מיד געוואָרן אָפּצולייגן אויף דער צייט, ווען ער וועט ענדיקן. ער האָט באַשלאָסן, אַז עס שאַדט נישט אַרומצוקוקן און אויסצוקוקן זיך איינע נאָך אין די סטודענטן - יאָרן. ער וועט נישט חתונה האָבן, וועט זיך אַפילו נישט פאַרקנסן, נאָר טאַקע נישט מער, ווי אויסקוקן זיך אַ סילוויאַ. און אַזוי זיינען זיינע נאָנטסטע פריינט געוואָרן דוקא יענע קאָלעגן סטודע׳טן, וועלכע האָבן געהאַט שוועס־טער, און שיינע שוועסטער. נישט ־יין שיינע מיידלעך האָבן אים נישט אינטערעסירט. זיינע באַקאַנטע מיידלעך האָבן געמוזט זיין נישט מיאוסער פאַר סילוויאַן, אויב נישט שענער—סילוויאַ איז פאַר אים געווען די מאָס. און ביי יעדער מיידל, מיט וועלכער ער איז באַ־קאַנט געוואָרן, האָט ער זיך גלייך געפרעגט, צי דאָס איז זי. זיין בליק

איז געווען די אויספארשונג פון א מבין, זיין געשפרעך איז געווען עקזאמען. ער איז ארומגעגאנגען צווישן מיידלעך, ווי ער וואלט גע־גאנגען קויפן זיך א קראוואט. און דערביי האט ער געהאט א מוס־טער: סילוויא.

זייער פארזיכטיק, ווייל אלס קומענדיקער לאיער האט ער געוואוסט די באדייטונג פון „בריטש אוו פראמיס", פון „ברעכן דעם פארשפרעך", וואס מען מאכט דעם צווייטן געשלעכט, ווען מען דערנענטערט זיך צו אים. קיין איינער האט ער נישט ארויס־געוויזן קיין באזונדערע נאנטקייט און פריינטשאפט, איז געווען אפ־געהיט מיט זיינע ווערטער, איבערגעוואויגן און איבערגעמאכטן יע־דעם ווארט, איידער ער האט געמאכט א קאמפלימענט, און געזיפט, און געקליבן, און געמוסטערט...

ביז ענדלעך איז ער געבליבן שטיין ביי צוויי מיידלעך: דארא בארנעט און ליוסי סמיט. ביידע שאטענקעס, ברוין־אויגיקע, גלייכ־נאזיקע, שיינמויליקע מיט ציינער ווי פון שיר־השירים. נאר מים דארא בארנעט איז געווען רונדער, לייביקער, ווערליג ליוסי סמיט איז געווען א סך דארער, כאטש דאס פנים איז ביי ביידע געווען גאנץ קיילעכדיק און אויסגעפילט. אויך איז דארא געווען אביסל העכער ווי ליוסי, וועלכע מען האט באלד געקענט אנרופן א קליינע. דארא איז כמעט אזוי הויך געווען ווי סילוויא. אדער טאקע אזוי הויך. נאר איר נאז איז געווען אביסל ברייטער און פליישיקער פאר ליוסיס.

ווער פון די ביידע איז געווען די שענערע? וועגן דעם זיינען געווען חלוקי־דעות. ביידע האבן געהאט פארערער, ארומטאנצער, קאמפלימענטן־מאכער, חתן־קאנדידאטן, און דאכט זיך גלייך אויף גלייך, איינע נישט מער פאר דער אנדערער. ווען זיי וואלטן ארויס־געגאנגען איינע קעגן דער אנדערער אויף א מלחמה, וואלטן די אר־מייען פון זייערע פארערער געווען גלייכצאליק. אבער ס'זיינען אויך געווען א סך נייטראלע, וועלכע האבן נישט געקאנט אפמאכן ביי זיך, ווער פון די דאזיקע צוויי מיידלעך איז די שענערע, און זיי זיינען ארומגעלאפן פון לאגער צו לאגער. צווישן די דאזיקע ארומלויפער איז אויך געווען אסקאר עדאן. ער האט זיי גענומען אויף זיין מאס, פארגליכן זיי מיט סילוויאן, און צוערשט ארויסגעפונען, אז ביידע

זיינען נישט מיאוסער פאַר איר, און שפּעטער אַ ווײַלע האָט ער באַ־
שלאָסן, אַז ביידע זיינען זיי אַפילו שענער פאַר איר. אָבער װער
פון זיי איז די שענסטע, דאָס האָט ער ביי זיך נישט געקאָנט באַ־
שליסן.

ווי אויך, װער פון זיי ביידן איז די קליגערע און געראָטענערע.
זיי זיינען ביידע געווען קאָלעדזש־מיידלעך אין איין קלאַס און ביידע
האָבן זיך גלייך גוט געלערנט. מען האָט געזאָגט, אַז מים סמיט איז
די פּעאיקערע, אַז מים באַרנעט מוז זיין פלייסיקער און מער אַרבעטן,
און איר עלטערער ברודער העלפּט איר גאַנץ אָפט אונטער. אָבער
דאָס האָט ליוסי אַליין פאַרשפּרייט, װעדליג דאָרא האָט פאַרזיכערט,
אַז ליוסי העלפט זיך גאַנץ אָפט אונטער מיט אַריינקוקן אין איר
חברטעס פּאַפּירן. ליוסי האָט שנעלער געלאַכט ביי אַ וויץ, ווי דאָרא,
װעלכע פלעגט אַן אַנדערש מאָל גאָר איינגאַנצן נישט באַמערקן קיין
וויץ. אָבער דערפאַר האָט דאָרא געהאַט מער איינפאַכן שכל, און
ליוסי אַליין פלעגט זיך צו איר ווענדן נאָך אַן עצה. אָסקאַר, דער
צוקינפטיקער לאָיער, האָט פיל מאָל געמוזט באַוואונדערן דאָראַס
לאָגיק, אַזוי אַז ער האָט איר איינמאָל געזאָגט, אַז זי האָט געדאַרפט
זיין אַ לאָיער. און דאָך האָט ער נישט געקאָנט אויסמאַכן ביי זיך,
װער איז די קליגערע.

איז דאָס טאַקע געווען אַ שווערע דילעמע פאַר אָסקאַר עדאָן. ער
האָט געזען, אַז ער איז צוגעקומען צו אַ פּונקט פון דערגרייכונג.
דאָרא באַרנעט אָדער ליוסי סמיט — יעדע איינע פון זיי איז אַ מיידל,
װעלכע עס איז גוט צו האָבן לעבן זיך ווי סילוויאַן. יעדע איינע פּאַסט
זיך צו זיין די ווייב פון אָסקאַר עדאָן דעם צוקינפטיקן לאָיער,
װעלכער קלייבט זיך צו שפּילן אויך אַ פּאָליטישע און געזעלשאַפט־
לעכע ראָלע. יעדע איינע פון זיי איז שיין און געבילדעט און קלוג.
מען קאָן זיך מיט יעדער איינער פון זיי באַווייזן אין געזעלשאַפט,
אין ניו־יאָרק ווי אין וואַשינגטאָן. אָבער וועמען פון די ביידע זאָל
ער אויסקלייבן?

.3

אים איז איינגעפאַלן: ער וועט זיך פאַרלאָזן אויף סילוויאַן,
פרעגן ביי איר מבינות. האָט ער זי צוערשט באַקענט געמאַכט מיט

דאָרא באַרנעט. צופעליק אַזוי — ער איז געגאַנגען מיט דאָראַן שפּאַ־צירן, איינגעלאַדן זי אויף אַן אייז־קרעם אין אַ באַרימטער קאָנדיטעריי, און פּלוצלונג איז אַריינגעקומען סילוויאַ. אַ גרויסע איבעררעשונג פון זיין זייט, צוגערופן סילוויאַן צו זיין טישל און באַקאַנט געמאַכט ביידע פרויען.

,,וואָס פאַר אַן איבעררעשונג!" האָט ער געחזרט און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון סילוויאַן, געוואָלט זען דעם איינדרוק, וועלכן דאָרא האָט געמאַכט אויף איר.

באַלד דערנאָך האָט ער זי באַקאַנט געמאַכט מיט ליוסי סמיט. אויך צופעליק אַזוי — געגאַנגען מיט ליוסין שפּאַצירן, איינגעלאַדן זי אויף אַן אייז־קרעם אין דער באַרימטער קאָנדיטעריי, און פּלוצלונג איז אַריינגעקומען סילוויאַ. אַ גרויסע איבעררעשונג פון זיין זייט, צוגערופן סילוויאַן צו זיין טישל און פאָרגעשטעלט איר ליוסין.

,,וואָס פאַר אַן איבעררעשונג!" האָט ער געחזרט און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון סילוויאַן, געוואָלט זען דעם איינדרוק, וועלכן ליוסי האָט אויף איר געמאַכט.

דעם זעלביקן אָוונט איז ער געקומען צו סילוויאַן.

,,איצט קענסטו זיי ביידן — וואָס זאָגסטו?"

סילוויאַ האָט געפונען ביידע מיידלעך פאַר נישט־שיין, נישט־קלוג און נישט־אינטערעסאַנט. אָבער דאָס האָט זי נישט געוואָלט זאָגן. זי האָט געענטפערט:

,,איך מוז זיי זען גלייכצייטיק, ביידע גלייכצייטיק, דעמאָלט וועל איך זיי קאָנען פאַרגלייכן."

אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך, ווייל ביידע מיידלעך זיינען דעמאָלט געווען ברוגז איינע מיט דער אַנדערער, און ער האָט זיי נישט געקאָנט צונויפּברענגען צוזאַמען. ווען נישט דאָס, וואָלט ער דאָך לכתחילה געהאַט זיי ביידן אין דער קאָנדיטעריי, ווען סילוויאַ וואָלט אַריינגעקומען פּלוצלונג.

,,איך קאָן זיי נישט צוזאַמענברענגען, ווייסט דאָך."

,,קאָן איך גאָרנישט זאָגן."

,,אָבער דאָך!"

,,ווי קאָן איך דיר עפּעס זאָגן, אַז זיי מישן זיך ביי מיר אין

זכּרון, און איך ווייס נישט, ווער איז ווער. דאָרא—ליוסי, ליוסי—דאָרא, זיי זיינען בײַ מיר איצט איינס.״

איז סילוויא געוועזן גערעכט, און ער איז געוועזן פאַרצווייפלט. ער האָט זיך אַזוי גערעכט, אַז סילוויא וועט אים ארויסהעלפן מיט איר מבינות! איצט — כאָטש נעם און וואַרף גורל.

האָט זיך געמאַכט, אַז ביידע מיידלעך זיינען ווידער גוט־פריינט געוואָרן. און בײַ זייער ערשטן צוזאַמענקום נאָך זייער ברוגז האָבן זיי זיך איינע דער אַנדערער דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען בײַ זיי פאַר דער צייט פון זייער ברוגז.

,,איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט אָסקאַר עדאָנס שוועגערין,״ האָט ליוסי באַריכטעט.

,,איך אויך,״ איז דאָרא אָפּגעקומען מיט אייניקע ווערטער.

,,אַ שיינע פרוי!״

,,יאָ.״

און ווייל ליוסי האָט גערעדט צוערשט, האָט זי דערציילט, ווי אָסקאַר האָט זי איינגעלאַדן אויף אַן אייזקרעם אין דער באַקאַנטער קאָנדיטעריי, און פּלוצלונג איז אָנגעקומען זיין שוועגערין...

דאָרא האָט אַזש גאָר ווייט פונאַנדערגעעפנט איר מויל. עס איז איר אויפגעפאַלן די צופעליקייט, און זי האָט גלייך באַגריפן, אַז אָסקאַר עדאָן האָט זיי ביידן ארויסגעשטעלט פאַר זיין שוועגערין אויף מבינות. זי האָט דאָס באַהאַלטן אין זיך, נישט דערציילט איר באַגעגעניש מיט סילוויאַן, און איר פונאַנדערגעעפנט מויל האָט זי צוגעמאַכט מיט די ווערטער:

,,ווי מערקווירדיק! וואָס פאַר אַ צופאַל! גראָד דאַרף זי אריינ־קומען אין דעמזעלבן אייזקרעם־פּאַרלאָר!״

און האָט זיך צולאַכט.

ליוסין איז פאָרגעקומען פאַרדעכטיק דאָראַס פונאַנדערגעעפנט מויל און אויפלאַך.

,,ווי ביזטו מיט איר באַקאַנט געוואָרן?״ האָט זי געפרעגט.

,,מיין ברודער האָט מיך פאָרגעשטעלט. ער איז מיט איר באַ־קאַנט,״ האָט זי געליגנערט.

איצטער האָט דאָרא עפּעס געוואוסט, וואָס ליוסי האָט נישט געוואוסט. אָסקאַר עדאָן האָט אַן אויג אויף זיי ביידן און קאָן

אליין נישט אויסקלייבן — מען דאַרף אים אַביסל אונטערהעלפן.

זי האָט געהאַט אַ סך פאַרערער, אַרומטאַנצער, קאָמפּלימענטן־מאַכער און גלאַט מיטלויפער, צווישן זיי איז געווים דער איינער, וועלכער וועט ווערן איר חתן, איר מאַן און אין וועלכן זי דאַרף זיין גרייט צו פאַרליבן זיך. זי האָט נישט געקאָנט אָפּמאַכן ביי זיך, ווער דער איינער זאָל זיין, כאָטש זי האָט יעדן איינעם אַנאַליזירט, אָפּ־געוואויגן און אָפּגעמאָסטן. עס איז איר געוואָרן קלאָר, אַז דער, וואָס וועט מאַכן דער ערשטער דעם ערנסטן שריט, וועט זיין דער איינער. סיידן דאָס וועט זיין איינער, וועמען זי וועט אַבסאָלוט נישט וועלן. אָסקאַר איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שידוך: אַ שיי־נער, אַ לאָיער, אַ מענטש מיט אַ צוקונפט. און ער האָט ערנסטע אַבזיכטן, צווייפלט בלויז, צי זאָל ער איר אָנבאָטן האַנט און האַרץ, אָדער ליוסין. איז טאַקע גוט, וואָס זי וויים עס!

אָסקאַר איז געווען איבערגליקלעך, וואָס די ביידע מיידלעך זיינען ווידער גוט־פריינט געוואָרן. איצטער וועט ער קאָנען צוזאַ־מענברענגען זיי מיט סילוויאַן.

„מיידלעך,‟ האָט ער זיך צו זיי געווענדעט, „ווי איז אייך עפּעס געפעלן געוואָרן מיין שוועגערין?‟

ער האָט עס שוין געפרעגט ביי זיי איינציקווייז, נאָר האָט ער עס אין דעם מאָמענט פאַרגעסן און גלייך געכאַפּט זיך, אַז ער האָט דאָס נישט געטאָרט פרעגן, ווייל עס קאָן נאָך אַרויסקומען די „צופעלי־קייט‟ פון דער באַגעגעניש. דאָך דער לאָיער איז נישט רויט גע־וואָרן און האָט גלייך אָנגעגרייט זיך מיט פאַרשיידענע אַרויסדרייע־נישן, אויב די מיידלעך וועלן אָנהויבן צו פרעגן קשיות.

אָבער די מיידלעך האָבן קיין קשיות נישט געפרעגט, נאָר איינע האָט זיך באַמיט אַריבערצושטייגן די אַנדערע אין אויסלויבן סילוויאַן.

ליוסי האָט געענטפערט:

„איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז זי איז אַ שיינע פרוי.‟

„שיין און פּיקאַנט, האָב איך געזאָגט,‟ האָט צוגעגעבן דאָראַ.

„און קלוג,‟ האָט געזאָגט ליוסי.

„קלוג, און אפילו ראַפינירט,‟ האָט צוגעלייגט דאָראַ.

„קליידט זיך מיט געשמאַק,‟ האָט פאָרטגעזעצט ליוסי.

,,שיק!'' האָט אויסגערופן דאַראַ.

און ביידע האָבן איינגעשטימט, אַז סילוויאַ איז אַ פרוי, וועלכע דו ווילסט אָנטרעפן און קענען און ציילן צווישן דיינע פריינט.

אָסקאַר האָט זיך געשמאָלצן פאַר נחת. ער האָט טאַקע אמח הנאה געהאַט, וואָס מען לויבט אַזוי זיין שווענערין, און דער עיקר, וואָס די דאָזיקע צוויי מיידלעך לויבן זי אַזוי. דאָס האָט אים גראָד געפאַסט.

,,וואָלט איך געוואָלט מאַכן איר אַ באַזוך?'' האָט ער גע־פרעגט. ,,איר דאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ געשמאַק זי האָט איינ־געריכט איר הויז! און אַ זון האָט זי, מיין פּלימעניק, איז ער אַליין ווערט, מען זאָל אים קומען אָנקוקן. אַזוי שיין איז ער!''

די מיידלעך האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג, טאָג און שעה, אַלץ, ווי ער האָט צוערשט אָפּגעמאַכט מיט סילוויאַן, וועלכע מען האָט נישט געקאָנט איבערראַשן מיט אַ באַזוך, ווייל זי איז אָפט נישט געווען אינדערהיים, און וועלכע איז שטאַרק אויסגערעכנט געווען מיט איר צייט, ווייל זי איז שטענדיק געווען מיט עפּעס אָדער מיט עמעצן פאַרנומען. אָסקאַר האָט געריבן די הענט פאַר נחת. איצטער וועט אַנטשידן ווערן, ווער פון די ביידע וועט ווערן זיין אייגנס, און ער האָט זיי אָנגעקוקט מיט פּרואַווונדיקע אויגן. וועל־מען פון זיי וועט ער אינגיכן צודריקן צו זיין האַרץ און וועמען וועט ער דערוויטערן? ער האָט זיי ביידן אָנגעקוקט מיט באַגייס־טערונג, און ביידן — מיט טרויער פון צושיידונג.

ליוסי האָט גאָרנישט חושד געווען, אָבער עס האָט איר גלאַט פאַרדראָסן, וואָס זי דאַרף טיילן דעם באַזוך ביי סילוויאַ עדאָן מיט עמעצן אַנדערש. ביי אַ געלעגנהייט האָט זי אַ פרעג געטאָן ביי אָסקאַרן:

,,ווען איז דאַראַ באַקאַנט געוואָרן מיט אייער שווענערין?''

,,אָ, נאָך מיט אַ לאַנגער צייט צוריק,'' האָט ער אַ זאָג געטאָן און געטראַכט, וואָס פאַר אַ ווי און ווען ער זאָל אָנגעבן, אויב ליוסי וועט ווייטער פרעגן.

אָבער אַנשטאָט צו פרעגן און שווער צו מאַכן אים אַן ענטפער, האָט ליוסי אים אַרויסגעהאָלפן:

„זי זאָגט, אַז איר ברודער האָט זי איר פאַרגעשטעלט.“

און אָסקאַר האָט זיך אָנגעכאַפּט:

„איר ברודער איז געשעפטלעך פאַרבונדן מיט מאַרין, מיט מיין ברודער.“

„איר ברודער פאַרקערט מיט זיי?“

„דאַכט זיך.“

„פאַרוואָס האָט אייער שווּעגערין קיינמאָל נישט איינגעלאַדן דאָראַן צו זיך? דאָרא איז איר דאָך געווים געפעלן געוואָרן.“

אָסקאַר האָט געענטפערט, אַז מסתמא זיינען די באַציאונגען צווישן הויז מאַרי עדאָן און הויז אייזיק באַרנעט זייער אויבנ־אויפיקע, ריין געשעפטלעכע, און ליוסין האָט פאַרדראָסן, וואָס זי האָט נישט ארויסבאַקומען פון די אַלע פראַגן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט. און געוואָלט האָט זי אַן אַראָפּזעצונג דאָראַס. ער זאָל פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט געדאַרפט איינלאַדן דאָראַן גלייך מיט איר. עס האָט איר באַלד פאַרדראָסן, פאַרוואָס זי האָט אָנגענומען די איינלאַדונג.

דאָרא אָבער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער באַזוך ביי דער שווּעגערין איז אויך נישט קיין צופעליקער. ווי עס זיינען נישט געווען קיין צופעליקע די באַגעגענישן אין דער באַקאַנטער קאָנדי־טאָריי. איר איז געווען קלאָר, אַז די שווּעגערין האָט נישט געוואָלט ארויסגעבן קיין מיינונג, ביז זי וועט נישט זען ביידע מיידלעך גלייכצייטיק. דער באַזוך וועט זיין אַ וויטערער עקזאַמען און עס הענגט פון אים אַ סך אָפּ. זי וועט מוזן זען, אַז די מיינונג פון דער שווּעגערין איבער איר זאָל אויספאַלן אַ זייער גינסטיקע. אָבער זי וועט זיך מוזן באַוואָרענען, אַז אָסקאַר זאָל בלייבן אירער, וואָס די מיינונג פון דער שווּעגערין זאָל נישט זיין, און מעג איר וואָרט ביי אים, טאָפּלט אַזוי וויכטיק און וואָגיק זיין.

.4

זי האָט אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן איר נעץ. ביז צום באַזוך זיינען געווען צוויי וואָכן, ווייל ביז דעמאָלט זיינען ביי סיל־וויאַן געווען באַזעצט יעדע שעה אין טאָג, האָט דאָרא אויפן דריטן

טאָג נאָך דער פֿאַראַפֿרעדונג אָנגעקלונגען אָסקאַרן, אַז זי מוז אים נויטיק זען: ער זאָל גלייך אַריבערקומען צו איר אַהיים. אָסקאַר האָט זיך געפֿילט געחנפֿעט, וואָס עמיצער וויל אים נויטיק זען, און ער האָט אַפֿילו נישט איבערגעפֿרעגט, אין וואָס באַשטייט די נויטי־קייט. ער איז גלייך אַוועקגעגאַנגען צו איר, כאָטש ער האָט געדאַרפֿט זיצן איבער זיינע געזעצביכער, ווייל עס זיינען אונטערגעקומען די לעצטע עקזאַמענס, און ער האָט זיך געפֿרייט, וואָס אים איז געגעבן געוואָרן אַן איבעריקע געלעגנהייט צו טרעפֿן זיך מיט דער איינער, וועלכע וועט אפשר ווערן די קעניגין פֿון זיין הארץ — אַזוי האָט ער מאַקע געטראַכט: „די קעניגין פֿון מיין הארץ!" און געשמייכלט צו זיך און איז געווען גוט אויפֿגעלייגט.

ווען ער האָט אָנגעקלונגען, האָט זי אים אויפֿגעעפֿנט די טיר, אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם, געדריקט דעם אָרעם צו זיך.

„אָ, עס איז אַזוי שיין פֿון אייך, וואָס איר זייט געקומען!"

זי האָט אים אַריינגעפֿירט אין זייער בעסט צימער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיינע גרויסע פֿענסטער צו איינער פֿון די רייַ־כערע און נישט־שיינע גאַסן צווישן וועסט ענד עוועניו און ריווער סייד דרייוו און איז געווען אָנגעפּאַקט מיט אַ סך מעבל, צווישן וועלכע דער ראָיאַל האָט פֿאַרנומען דעם אויבן־אָן ביי איינעם פֿון די פֿענסטער, אַריינגעזעצט אים אין איינעם פֿון די גרויסע ברייטע פֿאָ־טערשטולן, וועלכע האָבן געריסן די אויגן מיט די שרייענדיקע פֿאַרבן פֿון זייערע פּלוש־באַצוגן, איז צוגעגאַנגען צו אַ טיר, וואָס איז געווען באַגלאָזט מיט מאַטע אומדורכזיכטיקע שויבן, האָט זי אויפֿגעעפֿנט און אויפֿגעלעבט אַריינגערופֿן אין צווייטן צימער:

„מאַמאַ, אָסקאַר איז דאָ! ווילסטו אַריינקומען און זאָגן אים: האַו דו יו דו?"

פֿון דעם צימער הינטער דער גלאָז־טיר איז אַריינגעקומען אַ דיקע פֿרוי מיט אַ צווייענדיקער גאָמבע, אין וועלכער עס איז לייכט געווען צו דערקענען דאָראַן, ווען מען נעמט נאָר פֿון איר אַראָפּ דאָס איבעריקע פֿעטס. אין דער טיר שוין, איידער זי האָט נאָך באַמערקט, וואו אָסקאַר זיצט, האָט זי מיט אַ זייער זיסן שמייכל געשאָקלט מיטן קאָפּ איר באַגריסונג, און ווען אָסקאַר איז דזשענטלמעניש אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין זיץ, האָט זי אים אונטער־

געטראָגן אַ דיקע האַנט מיט קורצע „געשוואָלענע" פינגער, אויף וועלכע עס האָבן געפינקלט דימענטן פון אַ פינגערלעך - אויס־שטעלונג.

„האַו דו יו דו?" האָט זי געזאָגט מיט אַ שטים, וואָס איז געווען מערקווירדיק דין פאַר דער דיקער פרוי, און געצויגן די ווער־טער, ווי זי וואָלט זיי קוים דורכגעשטופּט דורך אַ שמאָל טרייבל. „זייער שיין פון אייך, וואָס איר זייט געקומען. ווילט איר עפּעס טרינקען? איך וועל הייסן מאַכן קאַווע. מיר טרינקען שטענדיק אין דער צייט קאַווע." און איז אַרויסגעגאַנגען. איידער זי האָט נאָך געהערט פון אים אַפילו אַן ענטפער אויף איר באַגריסונג און איי־דער ער האָט איר געקאָנט זאָגן, אַז פאַר אים זאָל זי קיין קאַווע נישט מאַכן, ווייל ער טרינקט נישט קיין קאַווע אין דער צייט.

אָסקאַר האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט, און דאָראַ איז גע־שטאַנען פאַר אים אַ ליכטיקע, אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע. ער האָט אויך געמאַכט אַ זייער צופרידן געזיכט און געזאָגט:

„איצט דערקלערט מיר, וואָס איז געשען."

און זי האָט געענטפערט, אָנקוקנדיק אים מיט שיינענדיקע אויגן און לאַכנדיקע ציינער:

„עס איז גאָרנישט געשען. אָדער ניין — עס איז יאָ געשען."

„וואָס?"

„איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אייך."

זי האָט אויפגעלאַכט, אַראָפּגעלאָזן זיך אויף אַן אָרעם פון אָסקאַרס שטול, אַרומגעכאַפּט אָסקאַרס אָרעם און צוגעדריקט צו זיך, און איז גלייך אויפגעשפּרונגען:

„ניין, איך וועל בעסער שטיין און קוקן."

אָסקאַר האָט ווירקלעך נישט פאַרשטאַנען, געוואַרט אַלץ, אַז דאָראַ וועט עפּעס מער זאָגן, געקוקט מיט פרעגנדיקע פאַרשנדיקע יוריסטן - אויגן אויף דער לאַכעדיקער מיידל, וואָס האָט אים אָנגע־קוקט מיט אַ מין עקסטאַז, און ענדלעך האָט ער אַרויסגערעדט:

„עס איז מיר אַ רעטעניש."

זי האָט אויפגעלאַכט:

„אַ רעטעניש! פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ רעטעניש? טאָר מען זיך נישט פאַרבענקען נאָך אייך?"

,,איר האָט טעלעפאָנירט, אַז איר דאַרפט מיך נויטיק זען.''

,,האָב איך געזאָגט אַ ליגן? וואָס קאָן זיין נויטיקער, ווי שטילן אַ נאָגנדיקע בענקעניש?''

זי האָט אָנגענומען אַ פּאָר קישעלעך פון דער מיט קישעלעך פאַרוואָרפענער לאַנגער סאָפע, אַוועקגעלייגט זיי אויף דעם טעפּיך פאַר דעם שטול און אַרויפגעזעצט זיך אויף זיי, ווייך אַראָפּלאָזנדיק זיך און הויך אויפשטעלנדיק די קני. זי האָט אַרומגענומען אירע קני, אַרויפגעשטעלט אויף זיי איר גאָמבע, געקוקט אויף אָסקאַרן מיט גרויסע בענקנדיקע אויגן און גערעדט:

,,איך האָב זיך פּשוט פאַרבענקט נאָך אייך, געחלשט אייך זען. פּלוצלונג אויף מיר אָנגעפאַלן... צוערשט האָט איך געוואָלט אָנטאָן מאַנטל און היטעלע און אַוועקגיין צו אייך. איר וואָלט דאָך מיך נישט אַרויסגעטריבן?''

,,איר וואָלט ביי מיר געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט.''

זי האָט נחתדיק אַ לאַך געטאָן און ווייטער קאָקעטיש גע־רעדט:

,,איך האָב אָבער באַשלאָסן, אַז דאָס טוט מען דאָך נישט. אַ מיידל גייט דאָך נישט מיט אַ באַזוך צו אַ בחור.''

,,זי טוט עס אין פּאַריז, אָבער נישט ביי אונז אין ניו־יאָרק,'' האָט ער געוויצלט זיך.

,,איר וואוינט אפילו מיט אייערע עלטערן, וואָלט שוין קיין אחריות נישט געווען, ווען אַ מיידל באַזוכט אייך,'' האָט זי פאַרט־געזעצט. ,,אָבער איך קען דאָך נישט אייערע עלטערן. איר ווייסט, אַז איר האָט מיך נאָך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט פאַר אייערע עלטערן?''

,,עס האָט זיך קיינמאָל נישט געמאַכט,'' האָט ער זיך פאַרטיי־דיקט.

,,מען זאָגט, אַז איר האָט זייער אַ שיינעם און פיינעם טאַטן.''

,,און זייער אַ שיינע און פיינע מאַמע.''

,,איר האָט זיי ליב?''

,,יאָ.''

„איך וועל זיי אויך ליבן... איך מיין, איך וואָלט זיי געווים אויך געליבט, ווען איך וואָלט זיי געקענט.“

„איך בין זיכער.“

„ווען וועט איר מיך באַקאַנט מאַכן?“

„ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט.“

„מיט אייער שוועגערין האָט איר אַליין געמאַכט די געלעגנ־הייט. איר מיינט, איך ווייס נישט, אַז איר האָט עס אַראַנזשירט די באַגעגעניש אין דעם אייז־קרעם־פּאַרלאָר? פריער מיט מיר, דערנאָך מיט ליוסין. ליוסי האָט מיר דערציילט פון דער „צופעליקייט“ פון דער באַגעגעניש, האָב איך זיך געשעמט איר צו זאָגן, אַז מיין באַגעגעניש איז אויך געווען פּונקט אַזוי צופעליק, און האָב איר געזאָגט, אַז מיך האָט מיין ברודער באַקענט געמאַכט. האָב איך גוט געטאָן?“

ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם, ווען זי האָט אים אויפגע־דעקט זיינע קאָרטן, און געזאָגט מיט אַ פאַרלעגנהייטס־שמייכל:

„איך זאָג אייך שוין לאַנג, אַז איר האָט געדאַרפט ווערן אַ לאָיער.“

זי האָט אים נאָך אומבאַקוועמער געמאַכט און געפרעגט:

„פאַרוואָס האָט איר עס געטאָן?“

זי איז אים איצט גאַנץ באַזונדערס געפעלן געווען, ווי זי איז דאָ אַזוי געזעסן פאַר אים אויף דער ערד, די גאָמבע אויף איר אויפגעהויבענע קני, די ברוינע אויגן אָנגעשטעלט מיט אַ פאָרשנ־דיקן, לויכטנדיקן בליק. זאָל ער נישט איצט מאַכן אַ סוף צו זיינע צווייפל און זיין אומאַנטשלאָסנקייט און זיין קלייבעניש? זי איז דאָך אַנטציקנד... און ווי קלוג זי איז!... אָננעמען זי פאַר אַ האַנט, אויפהויבן זי, אַרומנעמען זי... דאָך ערגעץ־וואו אַרום אים האָט זיך ליוסי אַרומגעדרייט, און ער האָט געפילט, אַז ער איז נישט גאַנץ מיט זיך. אָבער זיין שטים איז געווען זייער צאַרט, ווען ער האָט איר שפּילעריש אָפּגעענטפערט:

„איר ווילט צופיל וויסן. אַז מען ווייס צופיל, ווערט מען אַלט.“

„איך בעט אום אַנטשולדיקונג!“ האָט זי לאַכנדיק געזאָגט.

„איך האָב עס נישט געפרעגט. איך וויל נישט וויסן און וויל נישט פאַר דער צייט אַלט ווערן.“

זי האָט שוין לאַנג געהאַט דעם תּירוץ אויף איר פראַגע. איצט האָט זי געוואונען די זיכערקייט, אַז זי האָט קיין טעות נישט גע־האַט. און נאָך האָט זי איצט געוואוסט, אַז זי איז אים נענטער געוואָרן, און זי איז אַריין טיפער אין זיין האַרץ...

אַ ווײַלע זיינען זיי געזעסן שטיל, געקוקט איינס אויפן אַנדערן. זי בײַ אים צופוסנס, נישט ענדערנדיק איר פּאָזע. אויפן געזיכט און אין די אויגן אַ מילדער שמייכל־שלייער פון פאַרבענקטקייט, הינטער וועלכן זי האָט באַהאַלטן אַ בליק פון וואָג און מאָס, ווייל זי האָט אים איצט אָפּגעמאָסטן נאָז און מויל און אויערן און אָפּ־געוואויגן זיין „אינערן“ ווערט. פאַרגעוויסערט זיך, אַז זי מאַכט קיין טעות נישט און מעג זיך אין אים פאַרליבן. און ער, אין דער ברייטקייט און רויטקייט פון דעם פאָטערשטול, דערוואַרעמט פון איר אויסזען, פילנדיק זיך צוגעצויגן צו איר, אַזוי, אַז ער האָט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען נישט צו מאַכן דעם לעצטן שריט, און דערבײַ דערוואַרטנדיק עפּעס, אַלץ נאָך נישט פאַרשטייענדיק, צו וואָס זי האָט אים אַרויסגערופן.

„איז וואָס־זשע פאַרט געווען די נויטיקייט?“ האָט ער ענדלעך געפרעגט.

„אייך ווילט זיך נישט גלויבן?“

„איר מיינט דאָך נישט ערנסט.“

„איך מיין עס זייער ערנסט.“

„מיר האָבן זיך געזען מיט דריי טעג צוריק.“

„איז וואָס? מיר זיינען זיי אויסגעקומען ווי דרייסיק. האָב איך אייך נישט געדאַרפט אָפּרופן און איינלאַדן? אפשר האָב איך טאַקע נישט געדאַרפט. אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַביסעלע וועט איר זיך אויך פרייען מיך צו זען... פרייט איר זיך נישט אַביסעלע?“

„אפילו אַ סך.“

„האָב איך דאָך גוט געטאָן.“

און דאָך האָט ער נאָך נישט פאַרשטאַנען, אָדער נישט גע־וואָלט פאַרשטיין, און אַלץ געוואַרט. זי וועט אים מער זאָגן. עפּעס

איז געשען און זי וועט עס אים זאָגן. ווען זי וואָלט זיך ווירקלעך פאַרבענקט נאָך אים, וואָלט זי דאָך נישט געטאָן, וואָס זי האָט געטאָן. ער וואָלט עס נישט געטאָן, ווען ער וואָלט זיך פאַרבענקט נאָך איר. ווער טוט עס דען אַזוינס?... זי מוז מאַכן שפּאַס... און ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער איז איצט נישט געשיקט גענוג אַרויסצוגעפינען, וואָס זי באַהאַלט הינטער איר שפּאַס... וואָס קאָן זי ווירקלעך וועלן פון אים... פאַרוואָס קאָן ער זיך נישט כאַפּן?

אָבער זי האָט אַלץ געזען און אַלץ פאַרשטאַנען — געזען זיין אומגלויביקייט, פאַרשטאַנען זיין זוכנדיקן און וואַרטנדיקן בליק. דאָך וואָס זאָל זי אים מער זאָגן — דעם נאַרישן בחור, וועלכער פאַרשטייט נישט, כאָטש נעם און לייג אים אַריין אַ פינגער אין מויל? זאָל זי גיין ווייטער? זאָל זי זאָגן נאָך מער, מאַכן אַ ליבעס־דערקלערונג? פאַרוואָס פאַרשטייט ער נישט אירע אויגן? אָדער זאָגן זיי גאָרנישט? מיט פאַרגעניגן וואָלט זי געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל און זען, וואָס אירע אויגן דריקן איצט אויס. זי האָט אָװעקגעלייגט דעם קאָפּ אויף די קני מיט דער לינקער באַק אַראָפּ און אַרויפגעקוקט צו אים מיט אויגן פול לאַסקע און ליבע און באַרוואָרנה, פאַרוואָס ער פאַרשטייט נישט.

איצט האָט ער פאַרשטאַנען און איז אומרואיק געוואָרן. די מיידל דאָ פאַר אים ליבט אים. ליבט אים אַזוי, אַז זי האָט זיך דערוועגט צו טאָן אַ זאַך, וואָס ער וואָלט נישט געטאָן, דערוועגט זיך נישט צו זאָגן עס אים, און וואַרט, ער זאָל איר זאָגן, אַז ער ליבט זי. אָבער ער קאָן עס איר נישט זאָגן, ווייל ער ווייס נאָך אַליין נישט. איז דאָך ליוסי די גאַנצע צייט דאָ אַרום אים. אויב ער קאָן דאָ נאָך טראַכטן פון ליוסין, מוז ער אָפּוואַרטן. דאָך טיף אין אים האָט עס אים הנאה געטאָן און געקיצלט, וואָס דאָרטאַ ליבט אים. די ערשטע מיידל, פון וועלכער ער ווייס, אַז זי ליבט אים... די ערשטע מיידל!... ליבט אים ליוסי?

און דאָראַ, ווי זי וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, האָט איצט אויך געטראַכט פון ליוסין אין פאַרבינדונג מיט אָסקאַרן, געוואָלט אויסגעפינען, צי האָט איר ליוסי נישט פאַרכאַפּט דעם וועג. זי האָט אים זיס אָנגעקוקט און שמאַכטנדיק אַרויסגערעדט:

„וויפל מיידלעך האָבן אייך שוין געזאָגט, אַז זיי בענקען נאָך אייך, אָסקאַר?"

אַ פראַגע, וועלכע מוז אַריינברענגען דעם געפרעגטן אין אַ פּאַ־לעגנהייט. מיינען מיינט די פראַגע, אַז די פרעגערין איז זיכער און גלויבט, אַז אַנדערש קאָן גאָרנישט זיין, אַז אומצייליקע מיידלעך האָבן עס אים שוין געזאָגט. ענטפערן, אַז קיין איינע האָט עס נאָך נישט געטאָן, הייסט פאַרקלענערן זיך, אַראָפּנעמען זיך פון אַ פּיע־דעסטאַל. ענטפערן, אַז ער האָט זייער צאָל נישט געציילט, הייסט פאַרגרעסערן און פאַרשענערן זיך, און דאָס דאַרף נישט טאָן אַן ערלעכער מענטש מיט געוויסן. איינער, וואָס וויל זיין אַן ער־לעכער לאָיער, אַ פאַרטיידיקער פון געזעץ און אָרדענונג. אָסקאַר האָט באַשלאָסן צו האַנדלען ווי אַן ערלעכער מענטש, ער זאָל זיך קיינמאָל נישט קאָנען עפּעס פאָרוואַרפן, און געענטפערט אין אַ וויץ:

„גאָט זיי דאַנק, איך האָב נאָך נישט פאַרשפּרייט קיין בענ־קעניש און מרה־שחורה אַרום זיך."

„בין איך אייער ערשטער און איינציקער קרבן?"

„פאַרדריסט עס אייך?"

איצט האָט זי זיך געוואָלט שטעלן אויף די קני, צורוקן איר געזיכט צו זיינעם און זאָגן אים, אַז עס פאַרדריסט איר נישט, אַז זי איז גליקלעך. אָבער אַ האַנט האָט אָנגעקלאַפּט אין דער גלאָז־טיר און אויפגעעפנט זי. אַ שוואַרץ געזיכט מיט גרויסע ווייסע אויגן האָט זיך באַוויזן און צוויי דיקע ליפּן האָבן זיך אויפגעעפנט און אָנגעזאָגט, אַז די קאַווע וואַרט אויפן טיש. אָפּגעזאָגט, אַ שמייכל געטאָן, איז פאַרשוואונדן און געלאָזן די טיר אָפן. דאָרט איז אויפ־געשפּרונגען, האָט אָנגעכאַפּט אָסקאַרן אונטערן אָרעם, געטוליעט זיך צו אים, געפירט אים אין עס־צימער צו דער קאַווע און גליקלעך אַרויסגערעדט:

„ניין, מיך פאַרדריסט נישט!"

מרס. באַרנעט איז געזעסן ביי אַ גרויסן קיילעכדיקן טיש און אויסגעטיילט די קאַווע. זי האָט אָנגעוויזן אָסקאַרן זיין פּלאַץ, דאָרא האָט שפּילעוודיק אָפּגערוקט זיין שטול פון טיש און געבעטן אים זעצן זיך, און אַליין אַוועקגעזעצט זיך אויף דער אַנדער

זייט טיש אנטקעגן און אָנגעשטעלט אויף אים שיינענדיקע, לאַכנדי־קע, פאַרליבטע, גליקלעכע אויגן.

אָסקאַר האָט נישט געוואָלט קיין קאַווע, געפילט זיך פאַרלעגן און געשטאַמלט:

„אָבער, ווירקלעך... אַ דאַנק... איך וויל קיין קאַווע נישט...״

מרס. באַרנעט האָט זיך צוגערוקט אַ סענדוויטש, אָנגעהויבן צו עסן און טרינקען, און גערעדט נישט קוקנדיק אויף אָסקאַרן נאָר צום אַנדער עק טיש, בויגנדיק דעם קאָפּ רעכטס און לינקס, ווי דאָרטן וואָלט עפּעס געווען אין אומאַ־דענ־נג און זי דאַרף עס אויסגעפינען.

„נישקשה, אַ טאַסע קאַווע וועט נישט שאַטן. וואָס איז? ביי אייך טרינקט מען נישט קיין קאַווע אין דער צייט? וואָס טוט אייער מאַמע? זי איז נישטאָ אין דער היים אין דער צייט? איר האָט שוועסטער? איר האָט דאָך נאָך נישט קיין שוועסטער — איר האָט ברידער?... מאָרי עדאָן איז דאָך אייער ברודער... איך קען אים נישט, אָבער איך האָב געהערט פון אים... איר האָט נאָך אַ ברודער?... מאָרי עדאָן איז דאָך אַ פאַרהייראַטער. איז אייער צווייטער ברודער אויך אַ פאַרהייראַטער? עלטער פאַר אייך, אָדער יינגער פאַר אייך? און וואָס פאַר אַ געשעפט איז אייער פאָטער? ער האָט אַ געשיר־קראָם?...״

דאָרט האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

„אָבער מאַמאַ, האָסט אָנגעפרעגט אַזויפיל פראַגן, ווי ווילסטו אָסקאַר זאָל זיי געדענקען און קאָנען ענטפערן!״

מרס. באַרנעט האָט עס פאַרבייגעלאָזן און ווייטער גערעדט:

„אָסקאַר... אָסקאַר הייסט איר... אָסקאַר איז אַ שיינער נאָ־מען. אָסקאַר עדאָן. מר. אָסקאַר עדאָן... איר שטודירט לאָ?... איר ענדיקט שוין באַלד... אַ גוטער לאָיער קאָן טאַקע פאַרדינען אַ סך געלט... אייער טאַטע האָט אַ סך באַקאַנטע?... אייער ברודער, מאָרי עדאָן, מוז האָבן זייער אַ סך באַקאַנטע. עס איז זייער וויכטיק פאַר אַ יונגן לאָיער, ווען ער האָט אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך. מיין מאַן, מר. באַרנעט, האָט טאַקע געוואָלט, אַז אונזער אייזיק זאָל שטודירן לאָיער, וואָרום מיט זיינע פאַרבינ־דונגען... איז ווען ענדיקט איר?... עפּעס שווערע עקזאַמענס?״

דאָרא האָט געבּרענט אין זיך פאַר כעס, האָט אָבער עטלעכע מאָל אויסגעלאַכט, ווי די מאַמע אירע וואָלט געזאָגט אַ וויץ, און אַלץ איינגעהאַלטן איר גליקלעך פאַרליבּט צושמייכלען צו אָסקאַרן, בּיז זי האָט שוין נישט מער געקאָנט אַריבּערטראָגן און צוערשט אַרויסגעשריען מיט כעס, דערנאָך געכאַפּט זיך און אַראָפּגעני־דערט דעם טאָן צו טאָכטערישער גוטסקייט:

„אָבער, מאַמאַ, דו רעדסט אַלץ און זעסט אַפילו נישט, אַז אָסקאַר טרינקט נישט זיין קאַווע... אָ, מאַמאַ!"

און גלייך האָט זי זיך געווענדט צו אָסקאַרן:

„איר טרינקט טאַקע נישט? איז קומט אין אַן אַנדער צימער."

אָבער מרס. בּאַרנעט האָט אים דערמאָנט זיינע עקזאַמענס, האָט ער זיך ענערגיש אַ הויב געטאָן און געזאָגט:

„עס טוט מיר לייד, דאָרא, אָבער מיינע עקזאַמענס... איך האָב נאָך היינט אַ סך צו שטודירן. גוד בּאַי, מרס. בּאַרנעט! איר וועט אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב בּאַליידיקט אייער קאַווע... אָבער ווירקלעך... גוד בּאַי, דאָרא!"

זי האָט געמאַכט אַן אַנטוישטע, שפּילעוודיק־בּרוגזע מינע.

„איך האָב געוואָלט איר זאָלט נאָך זיצן. איר זייט נאָך נישט געווען בּיי מיר אין צימער. איך וועל ווידער בּענקען. אַז איך וועל אייך רופן, וועט איר ווידער קומען? מעג איך צו אייך קומען? ווען זיינען אייערע עלטערן אין דער היים?... האַהאַהאַ, איך מאַך עס בּאַלד ווי מיין מאַמע... איר ענטפערט נאָר די איין פראַגע: ווען זיינען אייערע עלטערן אין דער היים?"

„יעדן אָוונט."

„אָוונט!"

זי איז געווען אַנטוישט. אָוונט איז נישט קיין צייט פאַר איר בּאַזוך. ער האָט צוגעגעבּן:

„און שבּת דעם גאַנצן טאָג."

זי האָט אויפגעלעבּט.

„לאַדט מיך איין אויף שבּת בּייטאָג."

ער האָט דערזען אַ מניעה.

„מיין שוועגערין קומט דעמאָלט צו בּאַזוך...."

זי איז אונטערגעשפּרונגען פאַר התפּעלות.

„אָ, אויסגעצייכנט! וואונדערפול!... לאָדט מיך איין! לאָדט מיך איין!"

ער האָט זי איינגעלאָדן — ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, אָבער געפילט, אַז ער טוט נישט ריכטיק. ער דאַרף איינלאָדן אין הויז פון זיינע עלטערן נאָר די מיידל, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן צו ווערן זיין ווייב, און דאָרא איז נאָך נישט זיין אויסגעקליבענע, ווייל ער האָט נאָך נישט באַשלאָסן צווישן איר און ליוסין.

זי האָט אים אונטערגעטראָגן מאַנטל און הוט, אויפגעעפנט פאַר אים די אַרויסגאַנגס - טיר, אַרויסבאַגלייט אים צו די טרעפּ, לאַנג געהאַלטן זיין האַנט ביים צושיידן זיך און איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל: „שבת!" — אַלץ מיט דעם צערטלעכסטן בליק פון אונטער דעם שמייכל־שלייער פון פאַרבענקטקייט.

.5

יאָ, דאָרא איז פאַרליבט אין אים — די ערשטע און די איינציקע מיידל, פון וועלכער ער ווייס, אַז זי איז פאַרליבט אין אים. ווען ער זאָל אויסקלייבן ליוסין, וועלכע איז אפשר נישט פאַרליבט אין אים, וועט זיין אַ רחמנות אויף דאָראן... ווי האַרציק זיס זי האָט אויסגעזעגן ביים צושיידן זיך!... ער דאַרף אויפהערן צו טראַכטן וועגן ליוסין און אָפּמאַכן ביי זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל: דאָרא. אָבער וואָס מער ער האָט זיך דערווייטערט פון דאָראס הויז, אַלץ שטאַרקער זענען געוואָרן די ספקות און זיין אומאַנטשלאָסנקייט. שליסלעך איז עס דאָך נישט זיין שולד, וואָס דאָרא האָט זיך אין אים פאַרליבט און וועט ליידן, אויב ער וועט אויסקלייבן ליוסין. עס קאָנען זיך אין אים פאַרליבן נאָך מיידלעך... ער האָט זיך געהאַלטן קאָרעקט, גאָרנישט פאַרשפּראָכן איר, מיט קיין איין וואָרט נישט אונטערגעשטיצט אירע געפילן צו אים... און אפשר איז זי גאָרנישט פאַרליבט אין אים!

ער האָט געדאַרפט האָבן מוט און זאָגן איר, אַז ער קאָן זי נישט איינלאָדן צו זיינע עלטערן אין הויז. דאָס האָט ער ווירקלעך געדאַרפט. די איינלאָדונג קאָן פאַלש אויסגעטייטשט ווערן, ווייל קיי־

נער וועט דאָך נישט וויסן, אַז זי אַליין האָט זיך איינגעבעטן. אָבער עס וועט זיין אומאַנשטענדיק זיך אַרויסצודרייען איצט פון דער איינלאַדונג. דאָס וועט זי באַליידיקן און קרענקען. ווען ער זאָל זיך דערקלערן קראַנק, וועט עס זי נישט אָפּהאַלטן פון צו קומען. זי וועט אַפילו קומען צו לויפן. איז שלעכט. די איינלאַדונג מוז בלייבן. ער, דער קלוגער לאַיער, איז אַריינגעפאַלן...

ער האָט אָנגעזאָגט די עלטערן, אַז שבת וועט צו אים קומען אַ פריינדין, וועלכע וויל זיך באַקענען מיט זיי, אָבער זיי דאַרפן זיך נישט מאַכן קיין געדאַנקען. זי איז נאָך נישט זיין אויסגעקליבענע. זי וועט עס אפשר ווערן. ער וויל טאַקע הערן זייער מיינונג. און דאָ איז אים טאַקע איינגעפאַלן צו דערציילן וועגן ליוסין, וועגן זיינע צווייפל און אומאַנטשלאָסנקייט. עס האָט אויפגעיובלט אין אים: ער וועט אויך ליוסין איינלאַדן אויף שבת בייטאָג! דאָרא וועט דעמאָלט נישט קאָנען האָבן קיין פּרעטענזיעס, און סילוויאַ וועט זיין, און זאָלן טאַקע די עלטערן אויך זאָגן אים...

נח האָט אויסגעהערט דעם זון, דורכגעפירט זיך די האַנט דורך דער באָרד, געזשמורעט אַביסל די אויגן, קענטיק אומצופרידן מיט דער געשיכטע, וועלכע זיין צווייטער זון האָט אים דערציילט, און ענדלעך געזאָגט מיט זיין פריינטלעכן שמייכל, ווי ער וואָלט זיך גע־היט נישט וויי צו טאָן דעם זון:

„דו האָסט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דאָרא באַרנעט — אַזוי האָסטו האָך אָנגערופן די ערשטע, פון וועלכער דו האָסט גערעדט. האָסט דערוואַרט נאָר זי, און פּלוצלונג איז דיר איינגעפאַלן אויך די צווייטע, די ליוסי סמיט — איך האָב, דאַכט זיך, נישט צודרייט די נעמען. איז לאָמיר קלאָר ווערן. האָסט אָנגעהויבן מיט דאָראַן — איז דיר דאָרא נישט נענטער?"

„ניין, אַבסאָלוט ניין!"

און ער האָט דערציילט פון דאָראַס טעלעפאָן און זיין באַזוך ביי איר.

מערע האָט געדריקט מיט די אַקסלען:

„היינטיקע מיידלעך!"

נח איז ווידער דורכגעפאָרן זיך דורך זיין באָרד, שטאַרק פאַראינטערעסירט, און געפרעגט מיט טיפן ערנסט:

,,ווען נישט ליוסי, וואָלט דאָרא גאָר קיין קאָנקורענטקעס נישט געהאַט, און דו וואָלסט זי גענומען?"

,,איך גלויב אַזוי," האָט אָסקאַר געענטפערט.

,,איז פאַרגעס ליוסין, ווייל דאָרא איז פאַרליבט אין דיר, און פאַרוואָס זאָלסטו זי אומגליקלעך מאַכן?"

,,איך האָב אויך אַזוי געטראַכט," האָט אָסקאַר געזאָגט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ,,אָבער," האָט ער פאַרגעזעצט און אויפגעהויבן זיינע אויגן צום פאָטער, ,,אָבער ווי, ווען נאָך מיידלעך וואָלטן געוועזן אין מיר פאַרליבט? איך בין דאָך נישט פאַראַנטוואָרטלעך..."

,,דאָס איז אַ לאָיערשער דריידל!" האָט אים נח איבערגעריסן. ,,דו רעדסט פון אַ דאָרא און אַ ליוסי, די דאָרא איז אין דיר פאַרליבט. די ליוסי נישט. די דאָרא געפעלט דיר — איז וואָס האָסטו צו טראַכטן?"

אָבער מערקווירדיק, ווען נח האָט אַזוי גערעדט, האָט אָסקאַר דערפילט אַ בענקעניש נאָך ליוסין, און עס איז אים געוואָרן שווער אויפן האַרצן, ווי ביי אַ צושיידונג.

,,די זאַך איז די," האָט ער געזאָגט, ,,ליוסי איז מיר זייער טייער..."

מערע האָט געשאָקלט דעם קאָפּ מיט רחמנות אויף איר זון, וועלכער ווערט נעבעך צוריסן צווישן צוויי מיידלעך און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן. צו וואָס איז די זאַך געגליכן? צו איינעם, וועלכער וויל זיך קויפן אַ רינג, און דער פאַרקויפער לייגט פאַר אים אויס צוויי רינגען, ביידע גלייך אין שיינקייט און ווערט, און ער קאָן נישט אויסקלייבן. נעמט ער זיי צו זיינע פריינט און פרעגט מבינות...

,,זאָל ער זיי איינלאַדן ביידן, וואָס אַרט דיך?" האָט זי געזאָגט צו נחן. ,,אדרבא, אַז ער וויל אונזער מבינות און עצה..."

,,אַז דו ועסט אים זאָגן דאָרא," האָט נח דערקלערט, ,,וועט אים זיין טייער ליוסי, און אַז דו וועסט אים זאָגן ליוסי, וועט אים זיין טייער דאָרא. ער דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר ווערן ביי זיך אַליין..."

אָסקאַר האָט געפילט דעם אמת פון דעם טאַטנס ווערטער און דאָך נישט געקאָנט קלאָר ווערן ביי זיך אַליין. צולעצט האָט ער איינגערעדט זיך און זיי, אַז דעם שבת וועט זיין די לעצטע צו־זאַמענשטעלונג פון ביידע מיידלעך, דערנאָך וועט ער אָפּמאַכן ביי זיך. ער וויל נאָר פריער הערן, וואָס זיי און סילוויאַ וועלן זאָגן.

„האָסט געדאַרפט לעבן אין די אַמאָליקע יאָרן, ווען די עלטערן פלעגן אויסקלייבן אַ כלה פאַר זייער זון,״ האָט נח גע־לאַכט.

.6

אָבער דעם שבת איז נישט געווען קיין צוזאַמענשטעלונג, און דער לעצטער עקזאַמען פון דאָראַ בארנעט און ליוסי סמיט אין זייער קאַנדידאַטור אויף צו ווערן די ווייב פון דעם צוקינפטיקן לאַיער אָסקאַר עדאָן איז נישט פאָרגעקומען. און נישט ווייל איינע פון זיי, דאָראַ בארנעט, האָט אים נאָך פריער אויסגעהאַלטן, נאָר ווייל זי האָט פשוט אָװעקגעגעבעט דעם בעל־דבר.

זי האָט זיך אויף מאָרגן נאָך איר ערשטער אַטאַקע אויף אָסקאַרן דערוואוסט, אַז אויך ליוסי איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף דעם קומענדיקן שבת בייטאָג צו זיינע עלטערן. דאָס האָט זי שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט נישט געוואָלט גיין צום עקזאַמען מיט ליוסין, האָט אויך מורא געהאַט פאַר דעם עקזאַמען, נישט געוואָלט איינ־שטעלן. די צייט איז געווען קורץ — דער טאָג איז געווען מיטוואָך— מען האָט געדאַרפט האַנדלען שנעל. האָט זי נישט געמאַכט קיין לאַנ־גע מחזקות און, ווייסנדיק, אַז פינף אַזייגער פאַרנאַכט איז אָסקאַר געווײנלעך אין דער היים, האָט זי זיך געמאַכט שיין און אינטע־רעסאַנט, אָנגעטאָן דעם קאָסטיום, וואָס האָט איר אַמבעסטן גע־פּאַסט, און אַ היטעלע, אונטער וועלכן זי האָט אויסגעזען זייער פּי־קאַנט, און נישט אָנזאָגנדיק אים און נישט אָנפרעגנדיק, איז זי אַוועק צו אים, פאַרפלאַמט און פאַרשעמערט פון דעם באַשלוס, וועלכן זי האָט געפאַסט.

ווען די דינסט האָט אים אָנגעזאָגט אין זיין צימער, אַז מיס בארנעט וויל אים זען, האָט ער זיינע אויערן נישט געגלויבט, און ווען ער איז אַרויסגעקומען און האָט דערזען דאָראַן, האָט ער

זיינע אויגן נישט געגלויבט. ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ער האָט נישט געוואוסט, אין וועלכן צימער ער זאָל זי אויפנעמען.

„היינט איז נישט שבת,“ האָט ער געזאָגט אין אַ וויץ.

„איך ווייס,“ האָט זי געענטפערט. „איך האָב נישט געמאַכט קיין טעות אין דעם טאָג. ווילט איר מיך אויפנעמען דאָ פאַר דער טיר? זיינען אייערע עלטערן אין דער היים נישטאָ?“

קיינער איז נישט געווען אין דער היים אויסער אים און דער דינסט. די מאַמע וועט מסתמא באַלד קומען — זי איז דאָ ערשט געווען. האָט ער זי אריינגעפירט אין גרויסן צימער, אָנגעוויזן איר אַ פּלאַץ אויף דער סאָפע און אוועקגעזעצט זיך לעבן איר.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן ברעג פון דער סאָפע, ווי גרייט אויפצושפּרינגען, אין היטעלע און מאַנטל, האַלטנדיק אין איין האַנט אירע הענטשקעס, מיט דער אַנדערער נערוועז צופּנדיק די פינגער פון די הענטשקעס, און מיט אַ שטילן טאָן, אין וועלכן עס זיינען געלעגן אויפרעגונג און טרערן, האָט זי אים דערקלערט איר קומען:

„איר זייט איבערראשט. איך האָב געוואוסט, אַז איר וועט זיין איבערראשט, אָבער איך האָב זיך נישט געקאָנט העלפן, איך האָב עס געמוזט טאָן. איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, נישט געקאָנט קיין אויג צומאַכן. האָב איך באַשלאָסן: צו וואָס די אַגאָניע? אַ צו שווערע לאַסט — איך וויל זי אַראָפּשרייען פון זיך.“

ווען ער האָט דערוואַרט דעם אַראָפּשריי, איז זי גראָד שטיל געוואָרן, האָט אויפגעהערט צו רעדן, נאָר אויפגעהויבן אויף אים אירע אויגן מיט אַ ליידנדיקן און בעטלענדיקן בליק, אויטאָמאַטיש אוועקגעלייגט די הענטשקעס אויף איר שויס און האַלב אַרויסגעשלעפּט אַ טאַשנטיכל פון איר לינקן אַרבל. דאָס איז געווען אַ קליינע פּויזע, ווייל זי האָט גלייך ווידער אָנגעהויבן צו רעדן און אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס דער בליק האָט אים געדאַרפט דערציילן:

„איך ליב דיך, אָסקאַר!“

געזאָגט עס און באַגראָבן שנעל איר געזיכט אין אירע הענט, און צוגאָסן זיך אין שטילע טרערן.

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, באַפאַלן פון אַ זעלטענער ווייכקייט, וועלכע האָט אויפגערירט אויך זיינע טרערן. „איך ליב דיך, אָסקאַר!״—האָט זיך צאַרט און ווייך געקלאַפּט אין זיינע אויערן און וואַרעם צונאָסן זיך איבער זיין גאַנץ וועזן. די וואונדער־באַרע ווערטער, וועלכע זיינען די גרויסע דערוואַרטונג און דער שטאַרקסטער האַרץ - אויפשלאָגער. „איך ליב דיך, אָסקאַר!״ — די ווערטער האָבן שוין לאַנג עקזיסטירט, זיינען געוועזן אַרום אים, געוואַקסן מיט אים די אַלע יאָרן פון זיין בחורשאַפט. ער האָט געוואוסט, אַז ווען עס איז וועט ער זיי הערן, עמיצער וועט זיי אַרויס־זאָגן. שיינע ליפּן אין אַ שיינעם געזיכט וועלן זיי האַרציק, רירנדיק, ליבנדיק אַרויסזאָגן. און אַט זיינען זיי אַרויסגעזאָגט געוואָרן, פּונקט ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט: שיינע ליפּן און אַ שיינעם געזיכט, אָבער נאָך האַרציקער, רירנדיקער, ווי ער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן.

ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר, מיט די אויגן צוגעמאַכט, און מיט אַ ציטערנדיקער שטים געבעטן:

„זאָג עס מיר נאָכאַמאָל!״

זי האָט זיך צוערשט נישט געכאַפּט, וואָס זי זאָל זאָגן נאָכ־אַמאָל. אירע טרערן און איר באַהאַלטן געזיכט האָבן איר געגעבן צייט איבערצוקלערן. און ווען זי האָט זיך געכאַפּט, וואָס זי דאַרף זאָגן נאָכאַמאָל, האָט זי אויך דעם טאָן געענדערט, אַריינגעלייגט אין אים מער פאַרשמאַכטקייט, מער באַגער און מער ווייטיק:

„איך ליב דיך, אָסקאַר!״

אָסקאַרס האַרץ האָט זיך געוואָרפן, און מיט אַלץ נאָך צו־געמאַכטע אויגן האָט ער זי אַרומגענומען. ווען זי האָט דערפילט זיין אָרעם אַרום זיך, האָט זי אַראָפּגעכאַפּט די הענט פון איר גע־זיכט און ליידנשאַפטלעך, מיט אַ שטילן אויפיובל, אַרויפגעוואָרפן זיי אַרום אים, און זייערע ליפּן האָבן זיך באַגעגנט. אַ לאַנגער קוש, און זיינע אויערן זיינען אַלץ געגלעט געוואָרן פון די ווערטער:

„איך ליב דיך, אָסקאַר!״

„האָסטו מיך אויך ליב? האָט זי געשעפּטשעט. „האָסטו מיך ווירקלעך ליב? ליבסטו מיך, ווי איך ליב דיך? ליבסטו מיך שוין לאַנג?״

די דאָזיקע ווערטער האָבן אַביסל פאַרדעקט און צוגעשטיקט די וואונדערבאַרע ווערטער: „איך ליב דיך, אָסקאַר!“, אַריינגע־בראַכט פאַרלעגנהייט אין אים, דעם ערלעכן מאַן, און אויפגעוועקט אין אים דעם לאַיער. מיט דער באַגייסטערונג און גערירטקייט, וועל־כע זיינען נאָך געלעגן אויף זיין געזיכט, האָט ער אַראָפּגענומען פון איר דאָס היטעלע, אָפּגעקנעפּט איר מאַנטל און אַראָפּגענומען אים פון איר, און שטום צוגעשמייכלט צו אירע פראַגן.

„אָ, זאָג מיר, זאָג מיר!“ האָט זי זיך געבעטן. „האָסטו מיך ווירקלעך ליב?‎? האָסטו?“

אָבער איצט האָט ער זי דאָך ווירקלעך געליבט, און ער האָט זי ווידער אַרומגענומען, און מיט זיינע ליפּן אָפּגעשטעלט אירע ליפּן פון ווייטער פרעגן. ווען זייערע ליפּן האָבן זיך צום צווייטן מאָל צונויפגענאָסן אין אַ לאַנגן קוש, איז אַריינ־געקומען די מאַמע.

זיי זיינען אויפגעשפּרונגען, פאַרלעגן און פאַרשעמט, און ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

„מאַמע, דאָס איז דאָראַ... מיס באַרנעט!“

דאָראַ האָט אויפגעלאַכט, אַ גליקלעכע, אַ זיגערין:

„ניין, טאַקע ד אָ ר אַ!“

און געטראָגן איר האַנט אַנטקעגן מרס. עדאַן מיט אַ סך חן און פאַרשעמטקייט, צאַרטקייט, ליבנסווירדיקייט, מיט דער אַנדערער האַנט האַלטנדיק אָסקאַרס האַנט און ציענדיק אים נאָך זיך.

מערע האָט געטריי אָנגענומען איר האַנט, גערירט אַרויסגע־רעדט:

„יאָ, טאַקע ד אָ ר אַ, צו שפּעט שוין פאַר מ י ס ב אַ ר־נ ע ט!“

און צוקושט זיך מיט איר, און דערנאָך צוקושט זיך מיט איר זון. מערע האָט זיך נישט געוואונדערט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר ליוסי האָט זי באַאומרואיקט. וואָס וועט זיין מיט ליוסין, וועל־כע איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף שבת? צו וואָס איצט פאַר־גלייכן און מבינות זאָגן? דאָס טאָר מען גאָר איצט נישט מער. און אַפילו ווען שוין נישט פאַרגלייכן, איז עס אַ זינד פאַר דער אַנדערער

מיידל אליין, פאַר ליוסין, אויב זי מאַכט זיך דאָרטן געדאַנקען וועגן
אָסקארן און קוקט ארויס אויף דעם שבת...

מערע האָט שיר נישט אַ פרעג געטאָן: און וואָס וועט זיין מיט דער אַנדערער, ווי הייסט זי דאָרטן, מיט ליוסין? אָבער זי האָט באַצייטנס פאַרכאַפּט זיך און איז געבליבן שטאַרק אומרואיק, ווייל זי האָט נישט געוואוסט, וואָס וועט זיין מיט ליוסין, וועלכע דאַרף קומען שבת.

„האָב איך דיר ריכטיק דערציילט, אַז איך האָב אַ שיינע מאַמע?'' האָט אָסקאַר געזאָגט, און זיין געזיכט האָט געשיינט פאַר גליקזעליקייט.

„יאָ, אַ שיינע מאַמע,'' האָט דאָרא דערווידערט מיט חנעוודי־קער ליבנסווירדיקייט.

„און באַלד קומט מיין טאַטע, וועסטו זען, וואָס פאַרא אַ שיי־נעם טאַטן איך האָב.''

„און האָסטו זיי דערציילט, וואָס פאַר אַ העסלעכע דאָרא דו האָסט זיך אויסגעקליבן?'' האָט זי קאָקעטיש געפרעגט, ציענדיק און באַטאָנענדיק גאַנץ באַזונדערס דאָס וואָרט „אויסגעקליבן''.

„יאָ, יאָ, געוויס, איך האָב זיי דיך גענוי אַרומגעשריבן,'' האָט ער געלאַכט.

„אַזאַ העסלעכקייט אויף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט גע־וואָרן,'' האָט מערע געזאָגט. אָבער איצט האָט זי אַ טראַכט געטאָן: ווי אַזוי איז דאָס געשען? נעכטן ביינאַכט האָט ער נאָך נישט גע־קאָנט אָפּמאַכן ביי זיך און נישט געקאָנט אויסקלייבן, און אָט...זי האָט זיך געוואונדערט, אַז דווקא איר לאָיער זאָל האַנדלען אַזוי מערקווירדיק.

דאָרא איז נאַטירלעך געבליבן, ביז נח איז געקומען, און דער־נאָך אויך אויף אָוונטברויט. זי האָט טעלעפאָנירט אַהיים מיט אַ טאָן פון שטאָלץ, אַז זי איז איצט ביי אָסקארן, און מאַמע עדאָן האָט זי פאַרהאַלטן, ביז פּאַפּאַ עדאָן וועט קומען, און זי וועט דאָ בלייבן אויף אָוונטברויט. מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז זי איז איצט געוואָרן אָסקאַרס כּלה, נישט געבעטן איר מוטער, וועלכע איז געווען ביים טעלעפאָן, אַז זי זאָל איר אָפּגעבן מזל־טוב, נאָר גאַנץ באַזונדערס היימישלעך באַטאָנט דעם נאָמען אָסקאַר און די

ווערטער מאַמאַ עדאַן און פּאַפּאַ עדאַן, וועלכע האָבן געדאַרפט דער־ציילן די גאַנצע מעשה.

אָבער מאַמאַ עדאַן האָט זיך פאַרוואונדערט.

,,איר האָט דאָך גערעדט מיט אייער מוטער?'' האָט זי גע־פרעגט.

,,יאָ,'' האָט דאָראַ געענטפערט. ,,און זי לאָזט אייך האַרציק גריסן אומבאַקאַנטערהייט,'' האָט זי צוגעגעבן, און דאָס איז גע־ווען נישט אמת. איר מאַמאַ איז צוגעקומען צום טעלעפאָן, עסנדיק אַ שטיקל מאַלאַסעס שאָקאָלאַד, און די מאַלאַסעס האָט זיך איינ־געקלעפּט אין די ציינער, און זי איז געווען צו־באַשעפטיקט מיט באַפרייען אירע ציין, זי זאָל זיך קאָנען גוט איינהערן, וואָס איר טאָכטער האָט איר דאַרטן דערציילט.

,,פאַרוואָס האָט איר איר גאָרנישט דערציילט?'' האָט מערע זיך געחידושט. ,,אָדער זי ווייס עס נאָך פריער פאַר מיר?''

,,ניין, זי ווייסט נאָך גאָרנישט,'' האָט געענטפערט דאָראַ, וועלכע האָט געדאַרפט זיין אַ לאָיער. ,,איך האָב איר איצטער גאָר־נישט געזאָגט, ווייל איך וויל נאָך פריער געפעלן ווערן פּאַפּאַ עדאַן אויך. דעמאָלט וועל איך פאָדערן פון מיין עולם מיין פולן מזל־טוב.''

מערע איז גאַנץ גערירט געווען פון דעם ענטפער. זי האָט כמעט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איר אָסקאַר האָט זיך דאָך באַשלאָסן אויסצוקלייבן זי.

,,איר וועט אים שוין געפעלן ווערן,'' האָט זי געזאָגט.

,,נאָך ווי!'' האָט אָסקאַר צוגעגעבן.

מערע האָט געבעטן אום אַנטשולדיקונג און איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך.

,,אפשר וואָלסטו טעלעפאָנירט דיין שוועגערין,'' האָט דאָראַ אַ זאָג געטאָן גאַנץ שטיל — אַזוי זיך אַ קונציקן שטאָך געטאָן דעם בחור, וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן און געדאַרפט פרעגן מבינות. זי האָט שיר נישט אַ זאָג געטאָן: ,,און ליוסין אויך'' — אָבער דאָס וואָלט כמעט געהייסן אויפדעקן די קאָרטן.

ער האָט דעם שטאָך נישט פאַרשטאַנען, אָנגענומען, אַז דאָראַ איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין סילוויאַן, און אַ טראַכט

געטאָן, אַז סילוויאַן צו טעלעפאָנירן איז איצט געפערלעך, ווייל יענע קאָן נאָך אָנהויבן צו פרעגן קשיות וועגן ליוסין. ער האָט דער־פאַר געענטפערט, אַז ער וועט סילוויאַן נישט טעלעפאָנירן, נאָר נעמען זי צו איר, איבערראַשן זי.

,,נאָך פאַר יענעם באַשטימטן דאַטום אין צען טעג אַרום?‘‘ האָט דאָרא געוואונדערט זיך.

,,נאָך פאַר יענעם דאַטום.‘‘

,,ביי איר אין דער היים און נאָך פאַר דעם קומענדיקן שבת?‘‘

,,ביי איר אין דער היים און נאָך פאַר דעם קומענדיקן שבת— פאַר מיין כלה וועט סילוויאַ מוזן געפינען צייט.‘‘

עס האָט אויפגעלאַכט אין איר ביים וואָרט ,,כלה‘‘. אָבער זי האָט ווייטער געפרעגט:

,,מאָרגן אָדער איבערמאָרגן?‘‘

,,מאָרגן אָדער איבערמאָרגן.‘‘

,,און וואָס וועט זיין מיט יענעם באַשטימטן דאַטום — ליוסי איז דאָך אויך איינגעלאַדן?‘‘

אַ קליינער אויפריר אין אים, אַ באַקלעמונג, די ליוסי ־ גע־שטאַלט איז אַרויפגעשטיגן, אָבער ער האָט ווי מעגלעך רואיק געזאָגט:

,,איך וועל טעלעפאָנירן ליוסין, אַז דער באַזוך ביי סילוויאַן וועט נישט פאָרקומען.‘‘

דאָרא האָט זיך געשפּילט מיט דעם פינגער, אויף וועלכן עס דאַרף זיצן דער תנאים־רינג און געזאָגט מיט לאַכנדיקע אויגן:

,,אַז ליוסי וועט זיך דערוויסן, אַז איך בין געוואָרן דיין כלה, וועט זי סיי־ווי־סיי נישט קומען.‘‘

.7

אין צימער איז אַריינגעקומען טשאַרלז. ער איז איבערראַשט געוואָרן צו טרעפן דאָ אָסקאַרן מיט אַ יונגער מיידל, וואָס האָט געקוקט אויף אים אַזוי פאַרליבט.

,,אַנטשולדיקט,‘‘ האָט ער געשטאַמלט. ,,איך האָב נישט גע־וואוסט...‘‘

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אויף צוריקצוציען זיך.

אָסקאַר האָט פאַרגעשטעלט:

„מיין יינגערער ברודער טשאַרלז, מיס דאָראַ באַרנעט — מיין דאָראַ! איך בעט זי צו ליבן און צו ערן.“

טשאַרלזס געזיכט איז אינגאַנצן באַגאָסן געוואָרן מיט רויט־קייט, זיין האַנט האָט זיך קוים אויפגעהויבן, זיינע ליפּן האָבן קוים אַרויסגעשטאַמלט דעם מזל־טוב. זיינע אויגן זיינען אַריינגעקראָכן טיפער אין זייערע לעכער און האָבן אַרויסגעקוקט פון דאָרט קאַלט און פרעמד, ווי זיי וואָלטן אויסגעמיטן צו קוקן אויף דעם אָרום. און אַזוי איז ער געבליבן דעם גאַנצן אָוונט: אַ פרעמדער, אַ קאַל־טער, קוים אַרויסרעדנדיק אַ וואָרט, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, דער עיקר אויסמיידנדיק מיט זיינע בליקן דאָראַן. ער איז דאָ גע־זעסן ווי באַלאָדן מיט אַ שווערן סוד.

„וואָס איז עס מיט דיין ברודער?“ האָט דאָראַ שטיל אַ פרעג געטאָן ביי אָסקאַרן.

„גאָרנישט,“ האָט ער געענטפערט. „אַ נאַטור אַזאַ. אַ שווייגער. מיין עלטערער ברודער מאַרי, סילוויאַס מאַן, איז אויך אַזוי, אַ שוויי־גער.ביידע דער עיקר אין דער אָנוועזנהייט פון פרויען. איך בין דער איינציקער רעדעוודיקער אין דער פאַמיליע...“

„גאָט זיי דאַנק!“ האָט זי אויסגערופן.

„און דער איינציקער, וועלכער האָט נישט מורא פאַר מיידלעך,“ האָט ער געלאַכט.

זי האָט זיך צוגעדריקט צו אים מיט אַ זיסן אויפלאַך און אַרומגעקוקט זיך אויף די טירן, ווי זי וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון טשאַרלזס אומאָנגענעמען שווייגן.

„וואו איז דיין צימער?“ האָט זי געפרעגט.

אָבער גראָד איז פּאַפּאַ עדאָן אָנגעקומען. מערע האָט אים אָנגע־זאָגט נאָך אין פאָדער־צימער, אַז דאָראַ איז דאָ און אָסקאַרן קומט אַ מזל־טוב. נח האָט אויסגעשטעלט אויף איר פאַרוואונדערטע אויגן, און זי האָט ווייטער דערציילט, אַז דאָראַ איז אַ שיינע מיידל און אַ וואויל קינד: זי האָט אַפילו נישט געוואָלט אָנזאָגן אירע עלטערן, אַז זי איז געוואָרן אַ כלה, כל־זמן פּאַפּאַ עדאָן וועט זי נישט זען...

נח האָט זיך נישט געאײַלט אַרײַנצוגיין אין גרויסן צימער צו די קינדער, געוואָלט אין עפּעס קלאָר ווערן.

„ווען איז דאָס געשען?“

„איך בין אַרויס פון שטוב, האָב איך אים געלאָזן בײַ זיך אין צימער; אַז איך בין געקומען צוריק, האָב איך זײַ געפונען בײַדע אין פּאַרלאָר.“

„ער האָט זי אַרויסגערופן, אָדער זי איז אַליין געקומען?“ האָט נח ווײַטער געפרעגט.

„איך ווייס בנאמנות נישט,“ האָט זי געענטפערט. „און וואָס מאַכט עס אויס?“

„נעכטן בײַ דער נאַכט...“

„דאָס האָב איך זיך שוין אויך געוואונדערט.“

ער האָט פון זײַן ווײַב גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן, אָבער ווען דאָרא האָט אים באַגעגנט מיט איבערטריבענער זיסקייט און זײַין זון — מיט פאַרלאָרנקייט אין זײַן גאַנצער האַלטונג און מיט בליקן, פון וועלכע זײַן אײַנגענע איבעררעשונג איז נאָך נישט אַרויס, האָט נח געוואוסט, וואָס זײַן זון אַליין האָט נישט געוואוסט.

ער האָט זיך געפירט מיט דער האַנט דורך דער באָרד, גע־זאָגט עטלעכע מאָל מיט אַן אויפּאָטעמען, וואָס איז געווען ווי אַ זיפץ: „אַזוי! אַזוי!“ און אָנגעקוקט דאָראַן מיט אַזאַ בליק, פון וועלכן איר איז דאָס עסן נישט אײַנגעגאַנגען. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז פּאַפּאַ עדאַן האָט דערזען די נעץ, וואָס זי האָט פאַר־וואָרפן. זי האָט געשמייכלט אַזוי פאַרלעגן און ליב און זיס. אַרײַנ־געטאָן אין אירע אויגן איר גאַנצע ווייכקייט און צערטלעכקייט און פאַרליבטקייט, אָבער אין דער אײַגענער צײַט האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז פּאַפּאַ עדאָן זעט, ווי זי טוט עס אַרײַן אין די אויגן, זעט, ווי זי כוואַליעט עס אויף אין זיך מיט געשיקטסקייט און תּוֹנ־ציקייט. זי האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר איבּ. אָט וועט ער אַ קלאַפּ טאָן אין טיש און וועט אויפדעקן אירע קאָרטן, דערקלערנדיק דעם זון דעם אַדוואָקאַט, אַז די דאָרא דאָ האָט געשפּילט אַ שפּיל. זי האָט אָנגעגרייט טרערן אין זיך, געווען גרייט אויף אַ סצענע. אָ, זי ליבט דאָך אַזוי אָסקאַרן!

אָבער פּאַפּאַ עדאָן האָט נישט געקלאַפּט אין טיש און נישט

געמאַכט קיין סצענע. ער האָט געזען, אַז זיין זון איז איצט אויף אַן אמת פאַרליבט, און זאָל זיין מיט מזל. וואָס מאַכט עס אויס, ווער וועמען האָט גענומען? זיכער איז דאָך, אַז זי האָט אים געוואָלט. אויסכאַפּעניש איז נישט שיין, אָבער אַזאַ וועלט האָבן מיר שוין, און לאָמיר האָפן, אַז זי וועט אים זיין אַ גוטע ווייב, ווייל זי האָט אים דאָך אַזוי געוואָלט, אַז זי האָט זיך אפילו דערנידעריקט צו אויסכאַפּעניש.

ער איז נישט געווען פריילעך, ווי ער וואָלט געוואָלט זיין, און גערעדט פון ליבע און פאַמיליען־לעבן.

„זאָלן מיר עס באַדויערן, מיין ווייב," האָט ער געזאָגט, „וואָס איך און דו האָבן נישט געוואוסט פון ליבע און פאַרליבן זיך? אונז האָט אַ שדכן צונויפגעפירט, אַן אַלטער ייד, ביי וועלכן עס האָט שטענדיק געדרונען פון נאָז מיט שמעק־טאַבאַק, און אַ שי־כּור דערצו, אָבער ער איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אויף צו־זאַמענפּאָרן. ער האָט אונז צונויפגעבראַכט פון צוויי פאַרשיידענע שטעטלעך, וויטע איינס פון אַנדערן. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט, נישט געוואוסט איינס פון אַנדערן. איך האָב נישט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ מיידל, וואָס הייסט מערע באַרקין..."

„אָ, באַרקין איז געווען אייער מיידל־נאָמען!" האָט דאָראַ אויסגערופן צו מאַמאַ עדאַן און גלייך חנעוודיק צוגעשמייכלט צו פּאַפּאַ עדאַן, וועלכן זי האָט איבערגעריסן: „אָ, אַנטשולדיקט!"

„און מיס מערע באַרקין," האָט נח גוטמוטיק פאָרטגעזעצט, אַרויסרופנדיק געלעכטער מיט דעם טיטל מיס, „האָט נישט גע־וואוסט, אַז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ בחור, וואָס הייסט נח עדאַן. מיר וואָלטן געוואָרן מסתמא חתן־כּלה אומגעזעענערהייט, ווייל די עלטערן וואָלטן געטאָן פאַר אונז די זעעניש און די אויס־קלייבעניש..."

„נישט היינט געדאַכט," האָט מערע זיך געוויצלט.

זי האָט נישט געמיינט אַ שטאָך צו טאָן אָסקאַרן, אָבער אָס־קאַר האָט זיך פאַררויטלט. נח האָט אויפגעלאַכט און פאָרטגעזעצט:

„אָבער די דאָ, וועלכע האָט ערשט אַ זאָג געטאָן „נישט היינט געדאַכט", איז געווען אַ יתומה און געדאַרפט אַליין אַ קוק טאָן

אויף דעם, ווען דער שדכן האָט איר רעקאָמענדירט אַלס איר באַשערטן, און אויף אַזאַ אופֿן האָב איך שוין אויך געמעגט קוקן. מען האָט אונדז צונויפֿגעבראַכט אין אַ שטעטל האַלבוועגס צווישן אונדזערע ביידע שטעטלעך. אויפֿן וועג — דאָס איז געווען אום ווינטער — האָב איך זיך פֿאַרקילט און בין הייזעריק געוואָרן ווי די וואַנט, און זי האָט זיך פֿאַרקילט און געקראָגן אַ קאַטער, מיט אַ רויטער נאָז און טרערנדיקע אויגן. אָבער מיר האָבן זיך אָנגעקוקט און זיינען געפֿעלן געוואָרן איינס דעם אַנדערן. איך האָב געכריפּעט, זי האָט געניאָסן, אָבער מיר זיינען זיך געפֿעלן געוואָרן, דערפֿילט די באַשערטקייט, די צוגעהעריקייט, און זיינען געוואָרן איינס, געקומען די ליבע, די פֿאַרליבטקייט...״

ער האָט אָנגעקוקט זיין ווייב מיט ליבע־אויגן, זי האָט זיך פֿאַרשעמט, איז רויט געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן. דאָראַ איז אויפֿגעשפּרונגען, צוגעגאַנגען צו איר, האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן. געטאָן האָט זי עס אַזוי האַרציק, אַזוי פּשוט און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך... און דערביי איז עס געווען, ווי אַ שלום־האַנט צו פּאַפּאַ עדאָן, ער זאָל קריגן אַ גוטע מיינונג וועגן איר.

„וואָס קאָן מען דרינגען פֿון מיין דערציילונג?״ האָט נח עדאָן גערעדט, ווי ער וואָלט נישט באַמערקט דאָראַס האַרציקן זשעסט. „מיר, אַלט־מאָדישע מענטשן, האָבן געגלויבט אין באַשערטקייט. שידוכים ווערן געמאַכט אין הימל און גאָט אַליין איז מזווג זיווגים. זינט ער האָט באַשאַפֿן די וועלט, איז דאָס איינע פֿון זיינע הויפּט־מלאכות: מזווג זיין זיווגים, כדי דאָס לעבן אויף דער ערד זאָל אָנגעהאַלטן ווערן. דער בחור קאָן זיין רואיק, די מיידל קאָן זיין רואיק. זיינען זיי אַ באַשערטע פּאָר, וועלן זיי זיך געפֿינען און צוזאַמענטרעפֿן, מעג אַ גאַנצער ערד־טייל זיין צווישן זיי, אָדער מעגן מענטשן שטיין צווישן זיי.״

דאָראַ האָט זיך ביי די דאָזיקע ווערטער געפֿילט באַאומרויִקט, אָבער ער האָט גראָד נישט אַ קוק געטאָן אויף איר און גערעדט ווייטער:

„אָבער ווי איך זע איצט די זאַך, ליגט דער עיקר נישט אין דער באַשערטקייט און אין דעם געפֿינען זיך, נאָר אין דעם — ווי

זאָל איך עס זאָגן? — אין דעם איינס־ווערן. מיר ווייסן, אַז פּאָר־לעך, וועלכע זיינען צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן דורך שדכנים, האָבן געלעבט ווי קאַץ און מויז, אָדער אַזעלכע, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ליבע, האָבן נאָך דער חתונה נישט אויפגעהערט אַרומצורייסן זיך. דער אידעאַל דאַרף זיין נישט אין אַריינכאַפּן אַ מאַן אָדער אַריינ־כאַפּן אַ ווייב, נאָר אין ווערן איינס מיטן מאַן, ווערן איינס מיט דער ווייב. די ביבל באַלערט אונז אין דעם, ווייזט אָן דעם וועג, אַז אַ מאַן און ווייב דאַרפן ווערן איין פלייש, אָבער דאָס איז נישט אַלץ און נישט די הויפּט־זאַך. מאַן און ווייב, וועלכע ווערן איין פלייש, מוזן באַהערשט ווערן פון איין גייסט. זיי מוזן אַזוי באַ־האַפטן און פאַראייניקט ווערן, אַז זיי זאָלן זיך שטענדיק פילן ווי אַ גאַנצעס. אָט דאָס איינס־ווערן איז די גרעסטע דערגרייכונג און דאָס גרעסטע גליק. דאָס גאַנצע גערייד פון באַשערטקייט אָדער לי־בע איז גאָרנישט ווערט, כל זמן עס איז נישטאָ דאָס באַוואוסטזיין פון דעם פלייש־לעכן און גייסטיקן איינס־ווערן. אָט דאָס, מיינע קינדער, געדענקט: עס מאַכט נישט אויס, ווי איר האָט זיך געפונען און געקראָגן. דער עיקר קומט ערשט: דאָס ליבפולע שטרעבן צום איינס־ווערן. בין איך זייער אַלטמאָדיש, ווען איך זאָג עס?״

„דו ביסט גרויס, טאַטע,״ האָט אָסקאַר געזאָגט, „עס איז אַ טייערע לעקציע.״

„אָ, איר זייט אַזאַ טייערער!״ האָט דאָראַ אַרויסבאַגייסטערט פון זיך.

נח האָט אויפגעזיפצט. ער האָט נישט געגלויבט, אַז דאָראַ האָט אים פאַרשטאַנען. אָבער דאָראַ איז געווען צופרידן. פּאַפּאַ עדאָן האָט אַ סך בעסער און פריינטלעכער גערעדט, ווי די בליקן פון זיינע אויגן האָבן פאַרשפּראָכן. אַנשטאָט צו שעלטן און צו שאָדן, האָט ער געבענטשט און געהאָלפן. ער האָט איר אָנגעוויזן דעם וועג צום פולן זיג און זיכערקייט, דעם וועג צום איינס־ווערן. וואָס דאָס איז אייגנטלעך, האָט זי גענוי נישט פאַרשטאַנען. אָבער פּאַפּאַ עדאָן וועט שוין אַרויסהעלפן. ער וועט שוין דערקלערן. פאָרלויפיק האָט זי געוואוסט, אַז צום איינס־ווערן געהערט די פול־שטענדיקע באַזייטיקונג פון ליוסי סמיט, און אויך די גוטע מיי־נונג פון דער פאַרגעטערטער שוועגערין סילוויאַ עדאָן.

.8

די באַזייטיקונג פון ליוסי סמיט האָט דאָרא שנעל דערגרייכט, אָבער די שלעכטע מיינונג פון דער פאַרגעטערטער סילוויא האָט איר שוין נישט געקאָנט שאַדן.

נאָך אין יענעם אָוונט האָט אָסקאַר טעלעפאָניש געלאָזט וויסן ליוסין, אַז זי דאַרף שבת נישט קומען צו זיינע עלטערן. אָן א פאַרוואָס און אָן א פאַרווען. ליוסי האָט געפילט, אַז די זאַך איז עפּעס נישט גלאַט, און שאַרף אַרויסגערעדט:

„איך האָב זיך נישט איינגעלאַדן.“

אָסקאַרן האָבן די ווערטער און דער טאָן, מיט וועלכן זי האָט זיי אַרויסגערעדט, זייער ווי געטאָן, אָבער ער האָט זיך אָנגעטאָן א כח און צוגעגעבן:

„אויך דער באַזוך ביי מיין שוועגערין סילוויא איז אָפּגעלייגט.“

ער האָט נישט געפונען קיין מוט צו זאָגן, אַז דער באַזוך וועט שוין אינגאַנצן נישט פאָרקומען. דאָרא, וועלכע איז געשטאַנען לעבן אים ביים טעלעפאָן, האָט אים טאַקע צוגעפּליסטערט:

„פאַרוואָס זאָגסטו בלויז „אָפּגעלייגט“?“

און ליוסי האָט שאַרף אָפּגעשניטן:

„מיך אַרט נישט, אַז ער וועט אינגאַנצן נישט פאָרקומען.“

„מעגלעך טאַקע, אַז ער וועט אינגאַנצן נישט פאָרקומען,“ האָט אָסקאַר פאַרלאָרן געשמייכלט אין טעלעפאָן אַריין.

„פאַרוואָס זאָגסטו נאָר מ ע ג ל ע ך?“ האָט דאָרא געפּליסטערט.

און ליוסי האָט געזאָגט שאַרף און שניידנדיק:

„איך הער, אַז עמעצער פּליסטערט אייך עפּעס צו. אויב דאָס איז אייער שוועגערין, קאָנט איר איר זאָגן אין מיין נאָמען, אַז איך האָב איר באַקאַנטשאַפט נישט געזוכט און מיך אַרט נישט, אַז איך וועל זי ווייטער נישט קענען.“

זי האָט אויפגעהאָנגען דעם הערער מיט א קלאַפּ. אָסקאַר האָט נאָך א ווײַלע געהאַלטן דעם הערער ביים אויער, געוואָלט עפּעס זאָגן, פאַרלעגן אָפּגעשמייכלט פאַר דער טויבער וואַנט און לאַנגזאַם אויפגעהאַנגען דעם פאַרשטומטן אַפּאַראַט.

איים ליוסי. אַרוים פון זיין לעבן אַן אַ „גוד ביי" אַפילו, אַ באַליידיקטע.

דאָרא האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, מיט אַן איינגע־האַלטענעם יובל טיף אין האַרצן און אינטריגיש געזאָגט:

„דו האָסט אויפגעהאַנגען דעם הערער אָן אַ „גוד באַי" — האָט זי אים אויפגעהאַנגען, אין כעס און באַליידיקט, נעבעך?"

דאָס עדאַנישע יושר־געפיל האָט אויפגערעדט אין אים:

„פאַרוואָס רעדסטו אַזוי, דאָרא? וואָלסטו נישט געוואָרן אין כעס און באַליידיקט?"

אינגיכן זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן שיינע ליטאָגראַפישע קאַרטלעך: „דאָרא באַרנעט, אָסקאַר עדאַן — פאַרלאָבט." ליוסין איז אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַזאַ קאַרטל, אָבער טאַקע נאָר צו ערגערן זי.

וואָרום אַזוי שנעל ווי ליוסי האָט איבערגעריסן אָסקאַרס געשפּרעך, האָט זי אָנטעלעפאָנירט דאָראַן. זי האָט געוואָלט אויס־געפינען, צי האָט מען איר אויך געלאָזט וויסן, אַז די באַזוכן וועלן נישט פאָרקומען.

צום טעלעפאָן איז צוגעקומען דאָראַס מוטער:

„העלאָו! העלאָו! ווער? ליוסי? ליוסי סמיט? האַו דו יו דו, ליוסי?... דאָרא? דאָראַן דאַרפסט איר? דאָרא איז נישטאָ אין דער היים. זי איז איצט ביי אָסקאַרן... איר ווייסט דאָך... אָסקאַר עדאַן... איר קאָנט געבן מזל־טוב... זי האָט אונז ערשט טעלעפאָ־נירט, אַז..."

זי האָט נישט באַמערקט, אַז דער הערער אויף דער אַנדער זייט איז אויפגעהאַנגען געוואָרן, און פאָרטגעזעצט איר באַריכט.

ליוסי האָט געמוזט שטילן איר געמיט, וואָס האָט איר אַ גאַנ־צע נאַכט קיין רו נישט געגעבן. אין דער פרי האָט זי אָנגערופן דאָראַן. ווען דאָרא האָט אַריינגעזאָגט איר „העלאָו!" אין טעלע־פאָן, האָט זי איר געזאָגט:

„ביזט אַ העסלעכע נידערטרעכטיקע געמיינע קאַץ און קאָנסט זאָגן דיין עקלהאַפטן אָסקאַר..."

אָבער זי האָט נישט געזאָגט, וואָס דאָרא קאָן זאָגן איר

עקלהאפטן אָסקאר. זי האָט בעסער כעסדיק אויפגעהאָנגען דעם הערער.

דאָרא האָט אויפגעקאָכט. געוואָלט עפּעס טאָן צום טעלעפאָן. אָבער באַלד אויפגעלאַכט גליקלעך און צופרידן. געדאַרפט אפילו ענטפערן אויף די באַליידיקונגען, אָבער, אַ וואָרט פאַרגייט, די טאַט באַשטייט. און די טאַט איז אירע. זי האָט אויסגעפירט און דערגרייכט.

זי האָט גאָר נאָך גענומען איר נקמה דורך שיקן ליוסין אַ פאַרלאָבונגס־קאַרטל. ווען זי האָט אַריינגעלייגט דאָס קאַרטל אין קאָנווערט מיט ליוסים אדרעס, האָט זי נקמהדיק געזאָגט:

„נאַ דיר, און ווער צופּלאַצט!‟

און אַזוי איז ליוסי פולשטענדיק באַזייטיקט געוואָרן, כאָטש זי איז נאָך אויפגעקומען אין אָסקארס געשפּרעך מיט סילוויאַן. ווען ער האָט איר אָנגעזאָגט זיין פאַרלאָבונג מיט דאָראַן, האָט זיך סילוויאַ צולאַכט:

„גראָד ווען איך האָב דיר געוואָלט זאָגן, אַז דו זאָלסט נע־מען ליוסין.‟

אָסקאר איז געבליבן גאַנץ געפּלעפט.

„דו געדענקסט דאָך גאָרנישט, ווער איז ווער!‟

„איך האָב זיך דערמאָנט. דאָרא איז דאָך די דיקערע און ליוסי די דינערע.‟

„יאָ.‟

„זעסטו, אַז איך האָב זיך דערמאָנט. איז מיר ליוסי טאַקע אַ סך מער געפעלן.‟

„דו מיינסט עס נישט ערנסט.‟

„אָבער ווירקלעך. ערשטנס איז דאָרא דיקער, און איך האָב פיינט דיקע. איך האָס מיין אייגענע מאַמע. זי וועט דיר אָפּהאָבן אַ קינד, וועט זי נאָך דיקער ווערן. אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט זי פאַרגאָסן ווערן מיט שמאַלץ. עס וועט זיך באַווייזן אַ צווייטע גאָמ־בע, דאָס פּנים וועט ווערן ווי אַן איבערגעקערטע שיסל, פּעטס וועט אַראָפּהענגען דאָ און דאָ‟ — זי האָט אָנגעוויזן אויף פאַרשיידענע טיילן פון קערפּער מיט צינישער פרייהייט — „און פּיס וועט עס דעמאָלט שטעלן — קאַטשקע ריר זיך! ווי וועסטו אויסזען לעבן

איר? אַ שלאַנקער, אַ הויכער — סיידן זאָלסט זיך אויך פאַרלאָזן אַ בויך."

אָסקאַר האָט זיך דערמאָנט אויף דאָראַס מוטער און איז אַראָפּגעפאַלן ביי זיך.

„דו קענסט מרס. באַרנעט?"

„דאָראַס מוטער? ניין. וואָס איז? זי איז אַ דיקע?"

„דו באַשרייבסט דאָראַן, ווי דו וואָלסט געקענט איר מוטער."

„דאָ האָסטו דיר דעם בעסטן באַוויז, אַז איך בין גערעכט. און אויסער דעם איז ליוסי טאַקע די קלוגערע."

„אָ, ניין!" האָט אָסקאַר פּראָטעסטירט.

„איך זאָג דיר. קאָנסט זיך שוין פאַרלאָזן אויף מיר. אָבער ווי איז דאָס געשען? פאַרוואָס האָסטו נישט אָפּגעוואַרט, ביז איך וואָלט זיי געזען נאָכאַמאָל? דו האָסט עס דאָך אַליין געוואָלט."

אָסקאַר האָט איר נישט געוואָלט דערציילן פון דאָראַס בענקעניש און ליבעס־דערקלערונג. דאָס איז דאָראַס פּערזענלעכסטעס און דאָס דערציילט מען נישט. אַנשטאָט דעם האָט ער געזאָגט:

„איך וויים נישט. מיטאַמאָל איז מיר דאָרא בעסער געפעלן געוואָרן."

„האָסט מסתמא געצויגן קניפּלעך און אַרויסגעשלעפּט דעם נישט־ריכטיקן עק, דו אומגליקלעכער, דו!"

„זאָג עס נישט, סילוויאַ! איך בין גליקלעך, איך ליב דאָראַן."

„איז מזל־טוב דיר, און ווערט פאַרגאָסן אין פעטס!"

דער אָרימער האָט נישט געוואוסט, אַז ווען ער וואָלט אָנגעזאָגט סילוויאַן, אַז ער האָט אויסגעקליבן ליוסין, וואָלט זי אים פּונקט אַזוי פאַרמיאוסט די דינג. זי האָט געוואָלט האָבן אַביסל שפּאַס און געטריבן מיט אים קאַטאָוועס. ער איז אַוועק פון איר אַ טיף אַנטוישטער, אַ גאַנץ פאַרזאָרגטער. געקליבן און געקליבן און אַרייַנגעפאַלן — אויסגעקליבן די נישט־ריכטיקע! אויסגעקליבן? ער איז געוואָרן אין כעס אויף זיך אַליין. אויסגעקליבן! ער איז פּשוט שוואַך און האָט פאַרלאָרן דעם קאָפּ. ער, וואָס וויל לעבן שטענדיק נאָך אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן, האָט איינפאַך זיין פּלאַנמעסיקייט פאַרגעסן און געהאַנדלט לויט דעם אימפּולס פון אַ משוּ־

גענער מינוט. ווי אזוי האָט ער טאַקע געקאָנט מאַכן אזא טעות? דער עיקר נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט דאָראַס מאַמען, וועלכע האָט אויף אים געמאַכט אַ גאַנץ אָפּשווילעכן איינדרוק, אַז אָפּשווי־לעך איז נאָך אַ מילדער אויסדרוק... דאָרא און ליוסי!... ווי אזוי?...

אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן צוזאַמענצושטעלן אין זיך ביידע מיידלעך, איז ליוסי אים פאַרגעקומען זייער ווייט און אייז־קאַלט, און פון דאָראַן איז אים געוואָרן וואַרעם, פון דאָראַן מיט די האַרציק־בעטנדיקע ווערטער: „איך ליב דיך, אָסקאַר!" און מיט די וואַרעמע ווייכע ליפּן, וועלכע האָבן זיך אזוי וואונדערלעך און נשמהדיק אָפּגעדריקט אויף זיינע ליפּן.

דער קאָרעקטער מענטש האָט דערפילט, אַז ער באַליידיקט דאָראַן. ער האָט זיך שטאַרק פאַרגעוואָרפן: ער האָט נישט גע־דאַרפט דערלויבן סילוויאַן צו רעדן אזוי וועגן דאָראַן. נישט גע־דאַרפט זי גאָר אויסהערן.

יאָ, דאָרא איז זיין אויסדערוויילטע! — — —

ווען ער איז זיך שפּעטער אין טאָג צוזאַמענגעקומען מיט איר, האָט ער געזען, אַז זי איז שיין, און געהערט, אַז זי איז קלוג, און געליבט זי איבער אַלע מאָסן.

און אָסקאַר האָט חתונה געהאַט מיט דאָראַן, און אַ טאָכטער איז זיי געבאָרן געוואָרן, און זיי האָבן איר אַ נאָמען געגעבן זעלדאַ.

פערטער קאַפּיטל,

# טשאַרלז

.1

טשאַרלזן איז סילוויאַ געווען זיין גרעסטע דערלעבעניש. דאָס רעטעניש פרוי איז אים נישט קלאָרער געוואָרן, אָבער אינטים און האַרציק. ער האָט באַגריפן, אַז ער וועט דאָס רעטעניש קיינמאָל נישט דערגיין, ווייל וויפל ער וועט פון איר נישט דערגיין, וועט אַלץ זיין ווייניק. דאָס גאַנצע רעטעניש וועט אים קיינמאָל נישט קלאָר ווערן, ווייל זי איז עפּעס אַ גאַנץ מאָדנע, אָט דאָס דאָזיקע רעטעניש פרוי. דו ווילסט טוליען זיך צו איר, אויפלייזן זיך, אויפגיין אין איר, נישט ווערן, און עס דאַכט זיך דיר, אַז ערשט ווען דו וועסט גאַנץ אויפגיין אין איר און נישט ווערן, וועסטו זי דעמאָלט טרעפן, וועסטו זי דעמאָלט גאַנץ דערגיין, אָבער דו וועסט דעמאָלט נישט זיין מער דו.

ער האָט נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מורא פאַר אַנדערע מיידלעך, נישט באַפרייט זיך פון דעם ציטער אין האַרצן, וועלכן ער האָט דערשפּירט, ווען ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ יונגער מיידל. אָבער סילוויאַ איז אים געוואָרן דער ערשטער צוגאַנג צו דעם רעטעניש, דערהויבונג און דערוואַכונג, זיין ערשטע אויפלייזונג. זי איז געוואָרן זיין נאָענטסטער מענטש, נענטער אפילו פאַר זיינע עלטערן, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט. פאַר איר האָט ער זיך גאַנץ אויפגעדעקט: פאַר איר האָט ער געשפּילט זיין פּיאַנאָ מיט אַזויפיל וואַרעמקייט און נשמה, ווי פאַר קיינעם אַנדערש נישט; פאַר איר האָט ער פאַרגעלייענט זיינע לידער, וועלכע די עלטערן האָבן אפילו נישט געוואוסט, אַז ער האָט זיי אָנגעשריבן; ער איז געוואָרן איר דינער און סעקרעטאַר, און איז געווען גליקלעך מיט זיין שטעלע. איר נאָענטקייט, איר קול אין טעלעפאָן, איר שריפט

אויף א צעטעלע זיינען געווען פאַר אים אויפשטראַלונגען פון א וועלט, וועלכע ער האָט געאָנט אָבער נישט געקענט און וועלכע ער האָט געמוזט דערקענען, אויב ער וויל זיין א גרויסער דיכטער. ער איז געווען זיכער, אז זינט סילוויא האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן בעסערע לידער, רייפערע, שטאַרקערע, און סילוויא אַליין האָט אים געזאָגט, אז ער איז אַן אמתער דיכטער. ווי האָט עס אים גליקלעך געמאַכט!

.2

אויף א צייט איז אריינגעטראָטן א דערווייטערונג. סילוויאַס בויך איז אויסגעוואַקסן אזוי מאָדנע, איר נאָז האָט זיך אויסגעצויגן און איז רויטלעך געוואָרן. טשאַרלז האָט זיך ווי גע־שעמט, פאַרוואָס סילוויא זאָל אזוי אויסזען, און דערביי געקראָגן פאַר איר גרוים רעספעקט. עפּעס ווי סילוויא וואָלט מיטאַמאָל על־טער געוואָרן פאַר אים מיט זייער א סך יאָרן, וואָלט אוועקגערוקט געוואָרן אין א העכערער קאַטעגאָריע, און ער טאָר זי מער נישט רופן סילוויא, נאָר ווענדן זיך צו איר מיט עפּעס אַן ערנטיטל. פאַרבויגן זיך און קורץ רעדן: „יאָ, מאַדאַם" און „ניין, מאַדאַם," און ער האָט זיך געשעמט פאָרצולייענען איר זיינע נייעסטע לידער.

„דו האָסט מיך מער נישט ליב, ברודער טשאַרלז," האָט סילוויא איינמאָל טשאַרלזן פאָרגעוואָרפן. דאָס איז געווען אין א פריהאַרבסטיקן נאָכמיטאָג, ווען זיי זיינען געווען אַליין אין סילוויאַס פאַרנאַכטיק־באַשאָטנטן זאַל, און ער האָט אוים רעס־פּעקט צו דער נייער סילוויא נישט געהאַט עפּעס וואָס צו רעדן מיט איר.

אָבער איר פאָרוואורף איז געווען אַן אומגערעכטער, און ער האָט פּראָטעסטירט:

„פאַרוואָס עפּעס? ווי קומסטו דאָס צו זאָגן?"
„איך זע עס אין דיינע אויגן."
„דו זעסט גאָרנישט."
„איך בין דיר נישט מער געפעלן."
„פאַרוואָס דענקסטו אזוי?"
„דו האָסט נישט מיט מיר וואָס צו רעדן."

„איז דאָס אַ סימן פון נישט געפעלן?"
„און דו לייענסט מיר מער קיין לידער נישט פאָר."
„אפשר האָב איך מער נישט געשריבן," האָט ער ארויסגע־שטאַמלט.
„דו זאָגסט ליגן און ביזט רויט געוואָרן."
און — מיט אַ גאַנץ 'מערקווירדיקן ברענענדיקן טאָן:
„קום, גיב מיר אַ גוטן קוש."

זי האָט אַראָפּגעלאָזן די ניי־אַרבעט, מיט וועלכער זי האָט זיך באַשעפטיקט, אויף אירע קני און אויסגעשטעלט צו אים אירע ליפּן.

טשאַרלז האָט זי שוין אַ סך מאָל געקושט אין דער האַנט, אין שטערן, אין דער באַק — פריינטלעכע, ברידערלעכע קושן — גע־לעגנהייטס־קושן אויף אַ געבורטסטאָג, אין פריילעכקייט פון אַ יום־טוב, אין טאָג פון אַריבערגיין אין אַ העכערן קלאַס, ווען ער איז געוואָרן אַ סיניאָר. אַלץ תמימותדיקע, אומשולדיקע קושן פון אַ ריינעם האַרץ און ברודער־געפילן. אָבער די איצטיקע איינלאַדונג צום קוש איז געווען עפּעס אַזאַ מאָדנע. עס האָט אים אַ קלאַפּ גע־טאָן אין האַרצן. אַזאַ באַגערלעכקייט איז געלעגן אין איר, אַזאַ הונגער־רוף! עס איז אים וואַרעם געוואָרן, כאָטש ער האָט נישט קלאָר געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט דערפילט אויף זיך אַ שוויים.

„קום!" האָט זי איבערגעחזרט און ווידער אָנגעשטעלט די ליפּן. ווען ער איז צוגעקומען, האָט זי אים אַראָפּגעדריקט אויף די קני, אַרומגענומען מיטביידע הענט, צוגעדריקט צו זיך און איינ־געקושט זיך אין זיינע ליפּן מיט אַ תאוהדיקן קוש.

ער איז געקושט געוואָרן, אָבער ער האָט נישט געקושט. ער איז געווען איבערראַשט. עפּעס איז איצט פאָרגעקומען, און ער האָט נישט באַגריפן, וואָס. זי האָט אים געהאַלטן צוגעדריקט צו זיך, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי האַלט אים צוגעדריקט ווי אַ קליין קינד — ווי דאָס קינד, וואָס וועט געבאָרן ווערן און אויס־וואַקסן צו דער הויך, וואָס ער האָט איצטער, ווען ער שטייט אויף די קני. אָבער דאָך איז איר קוש געווען אַ גאַנץ מאָדנער קוש. נישט אַ מאַמעס. עס איז געווען בייס אין אים, און ווייטיק, און עפּעס

גאַנץ פּרעמדס, אומבאַקאַנטס, וואָס האָט אויפגעטריבן דאָס בלוט.

און זי האָט געשעפּטשעט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם:

,,גוט, האַ? דו ווייסט נאָך נישט. איך וועל דיך אויסלערנען.''

און ווידער האָט זי אויסגעשטעלט צו אים די ליפּן און געוואַרט, ער זאָל צוטראָגן זיינע פּונקט ווי זי אירע, און צודריקן ליפּן צו ליפּן, לאַנגזאַם אַזוי, לאַנגזאַם, און צופּרעסן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער...

עס איז אים שווינדליק געוואָרן. ער האָט באַגראָבן זיין קאָפּ אין איר שויס, באַהאַלטן פון איר דאָס פייער פון זיינע באַקן, זיין פאַרלאָרנקייט, זיין איבעררראַשונג און זיין נישט־באַגרייפן.

און זי האָט געפּליסטערט איבער אים:

,,איך האָב דיך ליב, טשאַרלז! איך ליב דיך, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געליבט. איך ליב דיך שוין לאַנג און בין געוועזן גליקלעך מיט דיין נאָנטקייט און צוגעלאָזנקייט... אָבער איצט ביזטו מיטאַמאָל אַזוי פרעמד געוואָרן... אָנגעהויבן צו דערהווייטערן זיך...''

די ווערטער זיינען געפאַלן אויף אים ווי שווערע שטיינער, אָבער ער האָט נאָכנישט באַגריפן זייער פולע באַדייטונג.

,,דו ליבסט דאָך מאָרין, דו ביזט דאָך זיין ווייב,'' האָט ער געזאָגט, דעם קאָפּ אַלץ פאַרגראָבן אין איר שויס, און געשעמט זיך צו דערמאָנען איר דאָס קינד, וואָס זי טראָגט פון זיין ברודער.

,,אַך וואָס!'' האָט זי געענטפערט און געגלעט זיינע האָר.

,,איך בין זיין ווייב, אָבער איך ליב אים נישט. קאָן מען אים דען ליבן?''

,,פאַרוואָס נישט?'' האָט ער געזאָגט און צוגעהערט זיך צו אירע גלעטן מיט אַזאַ חיותדיקייט. ,,ער איז אַ שיינער, אַ קלוגער, אַ גוטער...''

,,און זיין נשמה איז דאָס געשעפט. דאָס איז אַלץ, וואָס ער ליבט!'' האָט זי האַרט אַרויסגערעדט.

,,דו טאָרסט אַזוי נישט רעדן וועגן מאָרין.''

,,פאַרוואָס טאָר איך נישט?''

,,דו האָסט דאָך אים געליבט.''

,,איך האָב אים קיינמאָל נישט געליבט.''

„פאַרוואָס האָסטו מיט אים חתונה געהאַט?״
„איך וואָלט עס אַליין געוואָלט וויסן״.
„קיינער האָט דיך דאָך נישט געצווּנגען.״
„איך האָב געוואוסט, אַז איך דאַרף חתונה האָבן, איך האָב אָבער נישט געוואוסט, וואָס הייסט ליבע און פאַרליבן זיך. איצטער ווייס איך.״
זי האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ. ער האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן.
„דו מוזט ליבן מאָרין,״ האָט ער זיך געבעטן.
ער האָט דערפילט אירע ליפּן אויף זיינע און איז אויפגעשפּרונגען.
„ניין, סילוויאַ, ניין!״
ער איז אַנטלאָפן פון צימער און פון הויז. באַרוישט, איבערראַשט, מיט אַ ברענענדיקן מח.

.3

דעם וועג אַהיים האָט ער דורכגעמאַכט ווי אַ נאַכטוואַנדלער. ער האָט זיינע פיס נישט געפילט, זיינע הענט נישט געשפּירט. געצאָלט ניקלס, געזעסן, געשטאַנען, געגאַנגען, אָבער ער האָט עס נישט געוואוסט. ער איז געווען אויסגעפילט פון אַ שרעק, וועלכע האָט אים אַרומגענומען, ווי אַ ברענענדיק העמד. ער האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט גלויבן אין דעם געשעענעם. דאָס איז דאָך אוממעגלעך! זיין ברודערס ווייב האָט זיך פאַרליבט אין אים, און ער אין איר! דאָס איז דאָך אוממעגלעך! ער וועט גאָר נישט טראַכטן דערפון, ווייל דאָס איז נישט געשען, האָט נישט געקאָנט געשען!... פוי, ניין, דאָס איז נישט געשען!... ער וויל עס נישט, האָט עס קיינמאָל נישט געוואָלט — דאָס איז נישט געשען!.. און געפילט אין אַלע אברים דאָס פייער פון דעם געשעענעם.
ער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין זיין צימער, קיינער זאָל אים נישט באַמערקן. ווען ער וואָלט זיך איצט אָנגעטראָפן מיט זיין מוטער, וועלכע איז געווען אין דער היים, וואָלט זיך אים אָנגעצונדן אין קאָפּ. ווען ער האָט שנעל צוגעמאַכט זיין צימער־טיר הינטער זיך,

האָט אים אָנגעהויבן צו וואַרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן. ציטערנדיק אין אַלע אברים, האָט ער אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן צימער אַהין און צוריק, און די געדאַנקען אין אים אויך — אַהין און צוריק.

ווי איז עס מעגלעך? דאָס קאָן דאָך נישט זיין! זיין ברודערס ווייב! און ער האָט זי אויך ליב! יאָ, ער האָט זי אויך ליב! ער האָט עס נישט געוואוסט ביז איצט, אָבער איצט ווייס ער עס באַשטימט. ער ליבט סילוויאַן, זיין ברודערס ווייב. ער איז אַנטלאָפן פון איר און איז פול פון איר, און עס ציט אים צו איר. ווי וואָלט ער געוועזן גליקלעך, ווי וואָלט עס געזונגען אין אים, ווען ער וואָלט איצט ווי־דער געוועזן מיט איר, געשטאַנען פאַר איר אויף די קני, געפילט די וואַרעמקייט פון אירע קני, די וואונדערבאַרע לאַסקע פון אירע גלעטנדיקע הענט! אָבער וואָס טראַכט ער! דאָס טאָר ער נישט! דאָס קאָן נישט זיין! זיין אייגענעם ברודערס ווייב! ער מוז עס גלייך אַרויסרייסן פון האַרץ און זכרון, פאַרגעסן, נישט טראַכטן דערפון. קיינמאָל נישט געוועזן, קיינמאָל נישט געשען. אַ העסלעכער נאַרי־שער חלום, וועלכן ער מוז פאַרטרייבן פון זיך. נישט טראַכטן פון דעם!... אָבער ניין, נישט טראַכטן!... טראַכטן וועגן אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען... ער וועט זיך נעמען צו זיינע לעקציעס, צו זיינע שול־אַרבעטן... ער וועט עפּעס פאַרזאָגן זיך אין דער הויך, אויפן קול, ווייל ער מוז פאַרשרייען, פאַרשרייען...

פאַרוואָס פילט ער אָבער אירע ליפּן? פאַרוואָס פאַרגעסט ער נישט אירע ליפּן? ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף זיין מויל, געדריקט זיך די ליפּן, געקראַצט זיי מיט די נעגל ביז וווּטיק, גע־וואָלט עפּעס אַראָפּקראַצן פון זיי.

יאָ, אָבער פאַרוואָס בענקט ער נאָך איר קוש? פאַרוואָס פאַר־לאַנגט ער נאָך אים? פאַרוואָס דריקט זיך צונויף זיין האַרץ אין הונגעריקן באַגער? אַך, ער פאַרגעסט נישט! ער קאָן נישט פאַר־געסן!

ער האָט גענומען פאַרזאָגן זייער הויך, שרייען, אַריבער־שרייען...

און דאָך געדענקט. די לייענענדיקע ליפּן האָבן געברענט פון די קושן, געלעכצט נאָך מער. זי וועט אים אויסלערנען... וואָס וועט

זי אים אויסלערנען?... עס האָט אים געצויגן צו איר, אָבער ער האָט פּראָטעסטירט. עס האָט אויפגעשריען אין אים: פאַרוואָס חזרט ער איבער, וואָס זי האָט געזאָגט?! פאַרגעסן דאַרף ער! פאַרגעסן, ווי פאַרגעסט מען אָבער? ווי שלאָגט מען עס זיך אַרויס פון קאָפּ און האַרץ?

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין בעט מיט אַ פאַר־צווייפלונגס־געוויין. פאַרוואָס איז עס געשעען? פאַרוואָס איז עס א י ם געשעען?

ער האָט געוויינט גוט און האַרציק, און ווען ער האָט גע־וויינט, האָט ער פאַרגעסן... זיין האַרץ האָט אים מער נישט גע־צויגן צו סילוויאַן, פון זיינע ליפּן איז פאַרשוואונדן דער דרוק פון איר קוש, פון זיינע אויערן האָט זיך אויסגעוועפּט איר שטים. נאָר טרויעריק איז אים געווען, זייער טרויעריק. עפּעס אַזאַ שווערע אורזאַכלאָזע טרויעריקייט.

פּלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען. עס איז געווען ענער־גיע אין זיין אויפשפּרונג, און ווי אַ כוואַליע האָט זיך ענערגיע איבער אים צוגאָסן. ענערגיע און ווילן און פעסטער באַשלוס. ער איז נישט מער קיין יינגל, ער איז מאַן. ער וועט האַנדלען ווי אַ מאַן, ווי אַ שטאַרקער, ווילן־שטאַרקער מאַן. ער וועט פאַרגעסן, ווייל ער וויל פאַרגעסן. און אַז ער וועט קומען צו איר — ער וועט דאָך קומען צו איר, ער מוז דאָך קומען צו איר, ער קאָן דאָך נישט פּלוצלונג אויפהערן צו קומען צו זיין ברודער און זיין ברודערס ווייב — איז, אַז ער וועט קומען צו איר, וועט זי גלייך אָן אים דערקענען, אַז ער האָט אַלץ פאַרגעסן, ווייל ער וויל פאַרגעסן, און זי מוז עס אויך טאָן.

און דאָס נאָך אויך: ער וועט אויפהערן צו גיין צו איר יעדן טאָג און יעדן טאָג — ער מעג דאָך זיין שטאַרק באַשעפטיקט מיט קאָלעדזש־אַרבעטן. און ער וועט קומען צו איר, ווען מאָרי איז אין דער היים — ער מעג דאָך וועלן זען זיין ברודער אויך.

## .4

ער האָט דורכגעלאָזן גאַנצע דריי טעג, און דאָס איז געווען אַן אָנשטרענגונג, ווייל ער האָט געדאַרפט ברעכן די געוואוינהייט

צו באזוכן זי כמעט יעדן טאָג. אויפן פערטן טאָג — דאָס איז געווען א פרייטיק — איז ער אוועק צו איר שפּעט אין אָוונט, נאָך דער שבת־וועטשערע. צו איר, כאָטש ער האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז ער גייט צו זיין ברודער. און כאָטש ער האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז עס וועט אים פרייען, ווען ער וועט זיי געפינען שלאָפנדיק, איז ער געטריבן געוואָרן פון בייסנדיקער אומגעדולד, דער וועג איז אים געווען צו לאַנג, און די באַוועגונג צו לאַנגזאַם.

ווען ער איז אָנגעקומען, האָט סילוויאַ ארויסבאַגלייט געסט, און מאַרי האָט זיך גענומען צו דערלייענען זיין צייטונג. ער איז אריין אויפגעלעבט און פריילעך, אביסל שוין צו איבערטריבן אויפגעלעבט און פריילעך, און באַגריסט מאַרין מיט א געפיל פון באַפרייענדיקער זיכערקייט.

„פאַרוואָס אַזוי שפּעט?" האָט מאַרי געפרעגט.

„וואָס מאַכט עס אויס? דו שלאָפסט דאָך נאָך נישט," האָט שאַרלז געענטפערט.

„און וואו איז מען געווען ביז היינט?" האָט סילוויאַ געפרעגט. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט פראַוואָנדיקע אויגן, געוואָלט דורכקוקן, וואָס אין אים קומט פאָר.

ער האָט פריילעך אָפּגעענטפערט:

„ווען בין איך דאָ געווען צולעצט?"

„האָסט ווירקלעך פאַרגעסן?"

זי האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין אים, מיט אַן איראָנישן שמייכל אויף די ליפּן און א גנבישן פייערל אין די אויגן.

ער האָט זיך געמאַכט נישט באַמערקנדיק איר בליק און שמייכל און גערעדט ווייטער מיט זיין פריילעכקייט:

„ דאָס איז געווען מאָנטיק און היינט איז פרייטיק. האָב איך דורגעלאָזן דינסטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק — דריי טעג, אין וועלכע איך האָב געלערנט א סך צו געדענקען און א סך צו פאַרגעסן."

„וואָס צו געדענקען?"

„מיינע לעקציעס."

„און וואָס צו פאַרגעסן?"

„וואָס עס האָט נישט צו טאָן מיט די לעקציעס."

מאַרי האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער דער צייטונג, וואו ער האָט איבערגעקוקט די רשימה פון באַנקראָטן.

„וואָס האָסטו צו פאַרגעסן אָדער צו וועלן פאַרגעסן?" האָט ער געפרעגט.

„חלומות, שווערע בייזע חלומות," האָט טשאַרלז געזאָגט, און אַליין זיך דערשראָקן פאַר זיינע ווערטער.

סילוויאַ האָט אויפגעלאַכט, און מאַרי האָט ווידער פאַררוקט זיך הינטער זיין צייטונג.

„דיינע ביכער וועלן דיך נאָך משוגע מאַכן," האָט ער אַרויס־געמורמלט.

„ווי דיך דיינע געשעפטן," האָט טשאַרלז געזאָגט מיט אַ נער־ווען אויפלאַך.

מאַרי האָט אַראָפּגעלאָזן די צייטונג און אָנגעקוקט דעם ברודער מיט זיינע טיפע אויגן.

„מיינע געשעפטן האָבן מיר נאָך נישט פאַראורזאַכט קיין ביי־זע חלומות, וועלכע איך זאָל וועלן פאַרגעסן," האָט ער רואיק גע־זאָגט און ווידער צוגעווענדט זיך צו דער צייטונג.

טשאַרלז האָט אַ רגע זיך געקווענקלט, אָבער גלייך אָנגענו־מען זיך מיט מוט און שאַרף אַרויסגערעדט:

„זיי שאַפן דיר אַ שווערע וואָר!"

„וואָס זאָל עס באַדייטן? איך פאַרשטיי דיך נישט," האָט מאַרי געזאָגט און אַרויסגעקוקט פון הינטער דער צייטונג.

אַן אויגנבליק איבערלייגונג, און טשאַרלז האָט אים דער־קלערט:

„דיינע געשעפטן נעמען אַוועק דיין גאַנץ לעבן און וועלן דיר צושטערן דאָס לעבן."

סילוויאַ האָט אָנגעהויבן צו ווערן נערוועז. עס האָט אויס־געזען, ווי טשאַרלז איז געקומען מיטן באַשלוס, אויפצוקלערן מאַרין וועגן זיין פאַמיליען־לעבן. אַנטשלאָסנקייט איז געלעגן אין זיין טאָן, אַנטשלאָסנקייט אין זיינע אויגן. דאָס קאָן ווערן געפער־לעך. און זי האָט זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך.

„זאָרג זיך נישט," האָט זי געזאָגט מיט אַ נערוועזן אויפ־

לאַך. „די געשעפטן וועלן נישט צושטערן מאַרים לעבן. זיי זיינען זיין לעבן.“

„זיי זיינען א י ך,“ האָט מאַרי זי לאַקאָניש באַשטאַרקט. זי האָט אויפגעלאַכט.

„זעסטו!“ האָט זי געזאָגט צו טשאַרלין, „האָסטו נאָך מער וואָס צו רעדן?“

אָבער טשאַרלי האָט נאָך געוואָלט ריידן.

„וואָס מיינסטו מיט דעם?“ האָט ער כמעט אויסגעשריען צו מאַרין.

מאַרי האָט רואיק און פויל געענטפערט:

„איך בין געשעפט. פאַרשלים מיך אויף לאַנגע יאָרן אין א געפענגעניש, פאַרוואַרף מיך ווי ראָבינזאָן קרוזאָ אויף אַן איינזאַמער אינזל, וועל איך טראַכטן געשעפט, מאַכן פּלענער וועגן פאַרשיידענע טראַנזאַקציעס, בויען אינדוסטריען... דאָס קאָן אויסזען ווי משוגע, אָבער אין דער אמתן וועט עס מיך ראַטעווען פון משוגע ווערן, ווייל ווען איך וועל דאָס טאָן, וועל איך בלייבן איך.“

„אויף אַן איינזאַמער אינזל וואָלט דיך דיין געשעפט געראַטעוועט פון משוגעת, אָבער איצטער וועט עס דיר צושטערן דאָס לעבן,“ האָט טשאַרלי עקשנותדיק געזאָגט, נישט וויסנדיק, וואָס אַנדערש צו זאָגן, ווי זיך געניַיער אויסצודריקן.

„דו פאַרשטייסט נישט, וואָס דו רעדסט, און דו פאַרשטייסט נישט, וואָס מ'רעדט צו דיר,“ האָט מאַרי געענטפערט, אַוועקגעוואָרפן די צייטונג און איז אויפגעשטאַנען. „איך גיי שלאָפן און גיי דו אויך און שלאָף זיך אויס. מיינע געשעפטן האָבן מיר נאָך אפילו מיין שלאָף נישט צושטערט. איך שלאָף איין, ווי איך מאַך נאָר צו די אויגן, און גאָרנישט חלומט זיך מיר נישט.“

ער האָט זיך א וועגד געטאָן צו סילוויאַן, קוקנדיק צו איר איבער זיין אַקסל:

„דו קומסט דאָך באַלד שלאָפן.“

„דיר איז דאָך אַלץ איינס,“ האָט זי געלאַסן געענטפערט. „דו וועסט סיי ווי סיי באַלד איינשלאָפן, ווי דו וועסט נאָר צומאַכן די אויגן.“

ער האָט אויפגעלאַכט:

„איך וועל ליגן מיט אָפענע אויגן און וואַרטן.‟

„דאָס וואָלט איך געוואָלט זען: דיינע אויגן זאָלן זיך נישט צומאַכן, ווי דו לייגסט זיך אַוועק.‟

מאַרי האָט ווייטער געלאַכט:

„זעסטו די ווירקונג פון מיין „געשעפטעריי‟?‟ האָט ער געזאָגט צו טשאַרלזן. „הלואי אויף דיר מיט דיינע ביכער געזאָגט געוואָרן. אַ גוטע נאַכט דיר, מיין ליבער יונגג!‟

ווען זיי זיינען געבליבן אַליין, האָט סילוויאַ אויפגעהויבן אירע גרויע אויגן אויף טשאַרלזן, געקוקט אויף אים מיט פייער אין זיי, דורכגעדרונגען אים.

„קום צו און רעד, גיב אָפּ אַ חשבון,‟ האָט זי געזאָגט.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, מיט אַנטשלוס און פעסטקייט, אַרויסגערעדט שטאַרק, באַפעלעריש:

„דו מוזט ליבן מאַרין! אַ גוטע נאַכט!‟

און איז אַוועק. מיט פעסטע שריט, אין באַוואוסטזיין פון אויסוואוקס, פון אַרויסשיילן זיך פון יינגלשאַפט און ווערן מאַן, האַר און הערשער אין יעדער סיטואַציע.

סילוויאַ האָט נאָכגעקוקט דעם אַוועקגעגאַנגענעם, ביז טרערן האָבן איר אָנגעפילט און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט אים געליבט, איר האַרץ איז אויסגעגאַנגען נאָך אים.

.5

פאַרן שלאָף האָט זי זיך באַטראַכט אין שפּיגל, געזען איר רויטלעכע, שטענדיק פאַרקאַטערטע נאָז, אירע איינגעצויגענע אַשיק געוואָרענע באַקן, איר פאַרמיאוסטע פיגור. זי האָט פאַרקרימט פאַר דער געשטאַלט אין שפּיגל איר נאָז, איר מויל, אַרויסגעשטעלט איר די צונג. מיט אַזאַ פיגור און געזיכט דערקלערט מען זיך נישט אין ליבע! זי האָט אַ מיאוסן טעות געמאַכט: מען דערקלערט זיך נישט אין ליבע, ווען נאָז און בויך באַגעגענען זיך. האָט זיך איצטער אַליין פיינט געהאַט און פיינט געהאַט דעם מאַן, וועלכער האָט קאַליע געמאַכט איר פיגור און געזיכט און איז איצטער רואיק געשלאָפן, האָט דאָך די אויגן נישט איינגעהאַלטן פון צומאַכן זיך, און פיינט געהאַט

דאָס אומגעבאָרענע וועזן, וואָס האָט ווי אַ העסלעכע קרענק אויפ־געבלאָזן איר בויך, איינגעצויגן אירע באַקן און פאַרקאַטערט די נאָז. פאַרוואָס וועט עס געבאָרן? צו וואָס דאַרף ז· עס? פאַרוואָס האָט זי עס נישט אָפּגעטריבן, ווי איר האָט זיך געוואָלט? נישט גע־דאַרפט פאָלגן מאַרין, וועלכער האָט געוואָלט דאָס קינד... עפּעס אַ נײדר געשעפּטסמאַן וועט געבאָרן ווערן! נויטיק אין לעבן!

אָבער זי וועט זיך דאָך אַמאָל באַפרייען פון ד ע ם — וואָס פאַר אַ באַפרייאונג דאָס וועט זיין! דו ליבע הערלעכקייט! — און דעמאָלט, דעמאָלט וועט זי צוריק ווערן זי. נישקשה, דעמאָלט וועט דער זיסער יונג פאַרלירן זיין פעסטקייט... ביז דעמאָלט — נאָר שוועסטערלעכע באַציאונגען. נאָנטע, ליבע, הייסע שוועסטערלעכע באַציאונגען. ווי נשוועזן.

עס האָט גענומען צייט, ביז עס איז איר געלונגען צו ברענגען צוריק צו דעם, ווי עס איז געווען. טשאַרלז האָט זי אויסגעמיטן, געקומען מיט גרויסע הפסקות, און שטענדיק ווען מאַרי איז געווען אין דער היים.

איינמאָל, ווען זיי זיינען געווען אַ ווײלע אַליין, האָט זי אים געזאָגט:

„דו ביזט געווען גערעכט, טשאַרלז. איך האָב נישט גע־דאַרפט טאָן, וואָס איך האָב געטאָן. פאַרגעס מיך. איך דאַרף נאָר ליבן מאַרין."

טשאַרלזן איז געווען פון אירע ווערטער, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרלאָרן. אויף אַ קליינער סעקונדע האָט זיך זיין געזיכט פאַרפינס־טערט, אָבער ער האָט זיך באַצוואונגען און פריילעך אויסגערופן:

„גוט! איצט וועלן מיר ווערן צוריק די אַלטע!"

„וואָס מיינסטו מיט דעם?" האָט זי נאַאיוו געפרעגט.

„איצטער האָסטו ווידער אויפגעעפנט פאַר מיר דיין הויז..."

„אָ, ביזטו מיט אַ ביוון נישט געקומען אַזוי אָפט ווי אַמאָל, און אַלע דיינע תירוצים זיינען געווען אויסגעטראַכטע?"

„איך האָב עס געמוזט טאָן," האָט ער זיך פאַרענטפערט גאַנץ פאַרפלאָמט.

„אָ, דו שלעכטער!" האָט זי געזאָגט מיט ברוגזדיקע ליפּן. זי האָט דערגרייכט אירס. טשאַרלז האָט געגלויבט אין

איר חרטה און איז געוואָרן צוריק דער אַלטער טשאַרלז. ער האָט ווידער פאַרגעלייענט פאַר איר זיינע לידער, ווידער געשפּילט פאַר איר אויף דער פּיאַנאָ, ווידער געווען איר סעקרעטאַר און דינער. ער האָט זיך געהאַלטן, ווי ער האָט ווירקלעך פאַרגעסן. ער איז געווען פריי און איינפאַך אין זיין האַלטונג, ווי פאַר דער ליבע־דערקלערונג.

דאָס איז בײַ אים געווען אויסגערעכנטקייט. אַנדערש האַנדלען, האָט ער זיך געזאָגט, וועט הייסן — געדענקען און דערמאָנען. אַזוי אָבער האָט עס געהייסן, נישט בלויז פאַרגעסן, נאָר קיינמאָל נישט געווען, קיינמאָל נישט פאָרגעקומען.

אָבער ער האָט גאָרנישט פאַרגעסן. ער האָט געדענקט די קושן, די אומאַרמונג, דעם בליק פון אירע אויגן, די וואַרעמקייט פון איר קערפּער. די דערינערונג האָט אים פאַרפאָלגט, געשטערט, שיר קראַנק געמאַכט. זי האָט זיך דורכגעשטופּט אין זיין זכרון אינמיטן פון אַ לעקציע, אין פאַרטיפונג איבער אַ בוך, אין געשפּרעך מיט מענטשן, אין שטוב און אין גאַס.. דער אָנבליק פון אַ יונגער פרוי איז געווען דער שטענדיקער, אייביקער, אומאויפהערלעכער דערמאָנער. עס איז נישט געווען קיין באַהעלטעניש, עס איז נישט געווען קיין אַנטלויפן. בייטאָג און ביינאַכט — זיין שלאָף איז אומרואיק געווען, און זיינע חלומות זיינען געווען די געפערלעכסטע צונויפ־ברענגער. דעמאָלט האָט ער געוואוסט, אַז דאָס, וואָס איז געשען, וועט ער נישט קאָנען אויסמעקן פון זיין זכרון, און ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער האָט געהאַט אין זיך דעם כוח אָפּצושטעלן און צו פאַרהאַלטן די געפאַר ביי איר ערשטן אויפטריט. ער איז געווען פריי, ווייל ער האָט קיין מורא נישט געהאַט, ווייל ער איז געווען זי־כער, אַז מער וועט שוין גאָרנישט געשען. נישט פון איר זייט, ווייל זי האָט אמתדיק חרטה געקראָגן, און נישט פון זיין זייט, מעג ער אפילו אויסגיין פאַר ליבע און בענקשאַפט.

.6

ווען סילוויאַ האָט אָפּגעהאַט און איז „באַפרייט" געוואָרן, איז זי דערהויבן געוואָרן. פריער איז זי געווען שיין, איצט איז זי גע־וואָרן אַ שיינהייט. אירע פאָרמען זיינען אָפּגערונדט געוואָרן, און

דאָס האָט זי קענטיק געדארפט האָבן, אום צו ווערן א שיינהייט. דערצו זיינען אירע אויגן עפּעס גרעסער און ליכטיקער געוואָרן, און אירע ליפּן האָבן באַקומען א זינלעכן רייץ. ווען זי האָט באמערקט די פארוואנדלונג, ווייל דער גרויסער שפּיגל האָט עס איר געזאָגט, און ווייל אַלע האָבן זי אָנגעקוקט אזוי פארחידושט און אנטציקט, האָט זי שלום געמאכט מיט דעם זון, וועלכער איז איר געבאָרן געוואָרן. זי האָט אים צוגעדריקט צו זיך, אָנגעקוקט מיט ווארעמקייט, ארויסגע־רעדט, לאַסקנדיק: „נאָמי"! — קורץ פון נאָרמאַן, וואָס איז פאַר־וואנדלט געוואָרן פון דעם העברעאישן נחום, ווי איר זיידע האָט גע־הייסן — „בייבי הארציקס!" און צום ערשטן מאָל מאמיש, ליב־פול א קוש געטאָן.

טשארלז האָט זי געזען א פּאָר טעג נאָך דער אנטבינדונג אין דעם האָספּיטאָל, אין וועלכן זי איז געלעגן געוואָרן, הארציק, ליב־פול גראטולירט איר, געפרייט זיך מיט דעם ניי־געבאָרענעם פּלי־מעניקל, אָבער נישט באמערקט אויף איר קיין שום ענדערונג. ווייל ער האָט גאָר די פרוי אין איר נישט געזען. מער ווי אַלעמאָל איז זי איצט געוועזן די ווייב פון זיין ברודער, איז געוואָרן אויך די מאמע פון זיין ברודערס זון, די מחיצה איז גרעסער געוואָרן, האָט זיך פארווייטערט. און אזוי ביי יעדן ווייטערן באזוך אין דעם האָספּי־טאָל. ער האָט געזען די קימפּעטאָרין, די מאמע. איר ליבעס־דער־קלערונג מיט די קושן און אומארמונגען האָבן זיך פאררוקט ווייט אונטער דעם שלייער פון פארגאנגענהייט, זיין ליבע און בענקעניש האָבן זיך נישט דערוועגט א ריר צו טאָן אין אים. זי איז געוועזן הייליק — קימפּעטאָרין און מאמע.

ווען זי איז געקומען צוריק פון האָספּיטאָל, איז ער ווידער גע־וואָרן איר טעקרעטאר און דינער, פאַרלייענער און פאַרשפּילער. אָ, איצט וועט ער דינען א הייליקער, דער מוטער פון א קליינעם מלאכל! דאָס איז געוועזן זייער אומפאַרזיכטיק פון זיין זייט.

איר אָנשטייגנדיקע שיינקייט, די אַלץ רונדער ווערנדיקע פאָרמען, די פארזוניקטע אויגן, דער נייער רייץ פון אירע ליפּן, האָבן נישט געוואָלט וויסן פון „ברודערס ווייב" און „מלאכלס מאמע". זיי האָבן געפאָדערט ליבע און באגער.

ער איז אַלץ מער און מער פארליבט געוואָרן אין זיין ברודערס

ווייב. וואָס עס האָט פריער גערעדט אין אים מיט אַ שטילן קול, קוים צו הערן, האָט זיך צושריען אין אים מיט ווייטיקדיקע קולות. אַ שטילער טרויער איז געוואָרן געוויין. ער האָט עס זיך אַליין נישט געוואָלט גלויבן, געהאַלטן עס פאַר אוממעגלעך, געלייקנט עס אין זיך. ניין, ער איז נישט פאַרליבט אין זיין ברודערס ווייב. וואָס ער פילט, איז נישט ליבע. ניין, ניין, נישט ליבע!

עס וואָלט געווען גוט, ווען ער וואָלט זי אָנגעהויבן צו זען וואָס זעלטענער. אָבער דאָס האָט ער נישט געטאָן, ווייל דערמיט וואָלט ער פאַרראַטן זיין מורא און אומרו און פיליכט אויפגעוועקט אין איר דאָס איינגעשלאָפענע געפיל צו אים. ער האָט פאַרביסן די ציין, געהאַלטן זיך פריי און פריילעך — טוט דאָך דאָס אפילו איי־נער, וואָס איז באַהאָפטן מיט אַ טויטלעכער קרענק! — געווען איר סעקרעטאַר, פאַרלייענער און פאַרשפילער. אָבער אָפט האָט ער זיך געמוזט זאָגן: צי גייט ער נישט צו איר, ווייל ער וויל גיין, ווייל עס ציט אים צו זיין מיט איר, ווייל ער גייט אויס נאָך איר אָנ־בליק, נאָך איר נאָנטקייט, נאָך די כלומרשטע שוועסטער־ און ברודער־קושן, וועלכע האָבן שוין לאַנג באַקומען ביי אים אַן אַנדער באַדייטונג. ווייל ווען זי איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן נאָך אַטלאַנטיק סיטי, האָט ער זיך קיין פּלאַץ נישט געקאָנט געפינען אינם אויסגעליידיקטן ניו־יאָרק. זיינע בריוו צו איר זיינען געווען לידער פון אַ פאַרבענקטן, און די טעג ביז זי וועט קומען האָבן זיך אַזוי געשלעפּט, פּונקט ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן, אַז די צייט פליט.

דער טאָג פון איר קומען איז פאַר אים געווען אַ טאָג פון אומ־געדולד. ווען ער האָט זי דערזען אַ יונגע און פרישע, ווי אַ בלום אונטער טוי, אַ שיינענדיקע אין איר נייער שיינקייט, האָט ער ווייט פונאַנדערגעעפנט די אויגן און שיר נישט אויסגעשריען פאַר התפּעלות. עס האָט אים אַ טראָג געטאָן צו איר מיט גרויסער ליידנ־שאַפט, אָבער אין צימער זיינען נאָך געווען סילוויאַס מוטער און איר יינגערע שוועסטער, האָט ער באַצוואונגען דעם רעש אין זיך, און לאַנגזאַם צוגעטראָגן איר אַ ציטערדיקע האַנט און אַרויסגערעדט מיט אַ באַוועגונג אין זיין שטים, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט באַ־זיגן:

„ווי שיין דו זעסט איצט אויס, סילוויאַ!"

אַ רויטקייט האָט זיך צוגאָסן איבער איר געזיכט, אַ גליקס־געפיל פון זיין אויפרעגונג. ווייל עס זיינען נאָך געווען מענטשן אין שטוב, האָט זי פאַרגנבעט צוגעדריקט זיין האַנט צו איר שטאַרק קלאַפּנדיקער ברוסט און וואַרעם און צערטלעך געזאָגט, ווי זי וואָלט געענטפערט אויף אַ קאָמפּלימענט:

„אַ דאַנק דיר, טייערער!"

„איך האָב דיר נישט געמאַכט קיין קאָמפּלימענט," האָט ער געזאָגט, אַלץ נאָך מיט דער אויפרעגונג אין זיין שטים. „איך מיין עס ווירקלעך. דו ביזט נאָך קיינמאָל אַזוי שיין נישט געווען."

„און איך האָב מורא, אַז איך וועל צו דיק," האָט זי איבער־געחזרט די פראַזע, וועלכע זי האָט איצט געזאָגט אַלעמען אויף זייערע באַמערקונגען וועגן איר שענער ווערן.

„דו ביסט אַנטציקנד!" האָט ער אויסגערופן.

און ער איז אויך געווען אַנטציקנד. און זי וואָלט אים איצט אַרומגענומען און וואָלט אים געזאָגט, ווי ליב זי האָט אים. די מאַ־מע און די שוועסטער זיינען אויך איצט איבעריק געווען. און ווען די מאַמע, אַ דיקע קורצע פרוי, אַ גאַנץ פאַרגאָסענע מיט שמאַלץ, מיט גרויסע בריסט, וואָס זיינען געלעגן אויף דעם קיילעכדיקן, ווייט־אָפּשטייענדיקן בויך, ווי אויף אַן אונטערהאַלטנדיקן שטענדער, האָט זיך צורעדט, אַז דיק זיין איז גאָר קיין חסרון נישט און אַז זי פילט זיך גוט אין איר דיקקייט, הלוואי ווייטער נישט ערגער, האָט סילוויאַ געפילט, אַז זי ליבט נישט איר מוטער, און אַז די מוטער איז עפּעס אַזוי פעט, אַז זי פאַרגיסט דאָס גאַנצע צימער מיט איר שמאַלץ און מאַכט עס איר ענג און מיאוס. און ווען איר יינגערע שוועסטער, דין און דאַר, ווי אַ ברעט, און לאַנג און מיאוס, מיט אַ קרומער נאָז און קרומלעכע אויגן, האָט זיך צורעדט, אַז זי האַסט דיקקייט, און אַז זי וועט בעסער פאַסטן גאַנצע טעג איידער דיק ווערן, האָט סילוויאַ געפילט, אַז יעדעס וואָרט איז איבעריק און שטעכט איר ווי אַ לאַנג שפּיזל, און אַז אויב זי איז שוין אַזוי דאַר און דין, וואָלט זי געמעגט איצט אינגאַנצן פאַרשווינדן.

„ווילסטו אַ קוק טאָן אויף דיין פּלימעניק?" האָט זי אַ פרעג געטאָן טשאַרלזן.

„שוין איינמאָל אַ פּלימעניק!" האָט די דיקע מאַמע געזאָגט

און גוט איינגעזעצט זיך אין ברייטן שאָקל־שטול, אין וועלכן זי האָט זיך נישט אויפגעהערט צו שאָקלען.

„דיק באַלד ווי זיין באָבע,“ האָט צוגעגעבן די דאַרע שוועס־טער און פויל אויסגעצויגן זיך אויף דער סאָפע מיט אַ בוך אין די הענט.

טשאַרלז האָט נישט געדאַרפט ענטפערן, ווייל סילוויאַ האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אַרויסגעפירט אים פון צימער. דאָס האָט אים אַזוי געקאָנט אָנכאַפּן פאַר דער האַנט די פרייד און גליקלעכקייט מיט דעם זון, אָבער ער האָט דערפילט, אַז די האַנט, וועלכע האָט אים אָנגעכאַפּט, האָט געוואָלט נאָר אים, איר באַרירונג איז געוועזן אַ ליבעס ־ דערקלערונג און לײדנשאַפט. פון איר דרוק אויף זיין האַנט האָט זיך צוגאָסן איבער אים אַ גאַנץ מערקווירדיק געפיל, וואָס האָט אים געמאַכט זייער שוואַך און דערביי העכסט גליקזעליק.

זי האָט אים נישט אַריינגעפירט אין קינדס צימער, נאָר צו זיך אין שלאָף־צימער, אַרויפגעוואָרפן אירע הענט איבער זיין נאַקן און ווילד געשעפּטשעט:

„קוש מיך! קוש מיך!... קוש מיך, איך בין איצט אַזוי שיין! באַקוש מיין שיינקייט, מאַך מיך נאָך שענער! איך וועל נאָך שענער ווערן, ווען דו וועסט מיך באַקושן!...“

און ווען אירע שמאַכטנדיקע ליפּן האָבן זיך באַגעגנט מיט זיינע, איז נישט געוועזן קיין שרעק אין אים, נאָר די שטילונג פון אַ צערנדיקן הונגער. ער איז געוועזן אַ גוטער תּלמיד. ער האָט זי גע־קושט, ווי ער האָט געדענקט איר ערשטן קוש. עס איז געוועזן ביס אין זיין קושן, און ווייטיק, און אַ האַמערנדיקע בענקעניש. פון ערגעץ אַ ווייטער ווייטקייט האָט זיך דערטראָגן צו אים: „דעם ברודערס ווייב!“ אָבער ער האָט זיך געוואָלט באַטרינקען, שיכור ווערן, פאַרברענט ווערן אין דעם פייער פון זיינע קושן. זי האָט אָבער געדענקט אָן איר מוטער און שוועסטער, האָט זי אים ווידער אָנגע־נומען פאַר דער האַנט, און אַ לאַכנדיקע, אַ גליקלעכע, אַוועקגעפירט אים אַ צוטומלטן, אַ פאַרשיכורטן צו איר זון. זיי האָבן זיך ביידע איבערגעבויגן איבערן קינדס בעטל, אָבער טשאַרלז האָט נישט גע־זען דאָס קינד, און סילוויאַס אַנטציקונגס־טענער האָבן נישט גע־

הערט צו איר זון. דאָס קינד האָט אויפגעהערט צו שפּילן זיך מיט זיינע פּיסלעך און אַרויפגעקוקט צו זיי מיט פרעגנדיקע, טיפע אויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואונדערט איבער דעם אויסדרוק פון זייערע געזיכטער. זי האָט זיך הארט געדריקט צו טשאַרלזן, געגלאַסקעט אים מיט איר קערפּער, און ער האָט אויפגענומען אירע באַרירונגען מיט דעם גאַנצן הונגער פון זיין האַרץ. מיט טריאומף און גליקלעכן לאַכן האָט זי אים אַרויסגעפירט פון קינדס צימער.

די קינדער־מיידל האָט זיי ביידע נאָכגעקוקט שטאַרק גערירט פון דער התפעלות און אַנטציקונג, וועלכע זיי האָבן אַרויסגעוויזן איבער דעם קליינינקן, און איז צוגעגאַנגען צום בעטל מיט אַ לאַסקע־וואָרט צום שיינעם קינד, וואָס האָט געקאָנט אַרויסרופן אַזוי פיל ליבע און באַגייסטערונג.

הינטער דער צוגעמאַכטער טיר פון דעם קינדער־צימער האָט סילוויאַ נאָך שנעל אַ קוש געטאָן טשאַרלזן אויפן מויל.

„אַ שיינער זון, האַ?"

דאָס איז געווען אַ שטיקל אויסניכטערונג. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז געגאַנגען אָנקוקן זיין פּלימעניק, און האָט זיך פאַרשעמט, ווייל ער וואָלט איצטער נישט געקאָנט זאָגן, ווי דאָס קינד זעט אויס. אָבער ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין זאַל, איז זייער אויפלעבונג און אויפגערעגטקייט אויסגעטייטשט געוואָרן אַלס דער איינדרוק, וואָס דער יינגעלע האָט אויף זיי געמאַכט.

„שוין איינמאָל אַ יינגל, האַ?" האָט די באָבע גענחתט זיך ביים אָנבליק פון זייער באַגייסטערונג.

און די מומע האָט צוגעגעבן:

„אינגאַנצן דער טאַטע."

די דאָזיקע ווערטער האָבן עפּעס אויפגעריסן אין טשאַרלזן. דאָס קינד האָט אַ טאַטן, דעם מאַן פון דער פרוי, וועלכע איז זיין איצטיקע אויפרעגונג און גליקזעליקייט, און דער מאַן איז זיין ברודער. די ווערטער, וועלכע זיינען געווען פאַררוקט אין אַ ווייטער ווייטקייט, האָבן זיך אַרויסגערוקט נאָך פאָרנט, אַרויסגעוויקלט זיך ווי פון אַ שלייער. „דעם ברודערס ווייב"! זיין גליקזעליקייט איז פאַרשוואונדן, אַן אומרואיקייט איז אים באַפאַלן, די הויט האָט אויף אים געפייערט ווי אונטער אַ ברענענדיקן העמד.

סילוויא האָט באַמערקט די ענדערונג אין אים, פאַרשטאַנען די אורזאַך. אַ, פאַרוואָס האָבן זיך דאָ די ביידע אָוועקגעזעצט און זיצן! זי האָט זיי נאָך געמוזט מכבד זיין מיט טיי. זי האָט געקוקט מיט אומרו אויף זיין פאַרפינסטערטן געזיכט. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז טשאַרלז וועט זי ווידער אָנהויבן אויסצומיידן.

.7

ער איז אָוועקגעגאַנגען פון סילוויאַן מיט דעם געפיל, אַז ער מוז זיך ראַטעווען. ער איז אַריינגעטראָטן אין די גרענעצן פון אַ מוראַדיקער סכנה און מוז ראַטעווען זיך און זי און מאָרין און ס'קינד, און אַפילו די עלטערן. אַ שרייענדיקער פאַרלאַנג נאָך איר האָט אים שיר דאָס האַרץ נישט צוריסן, אָבער ער האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך ווידער דערווייטערן, אויב נויטיק, פאַרלאָזן אויך ניו־יאָרק. און מאָרי — מאָרי מוז בעסערן זיינע וועגן. ער מוז זיין מער מיט סילוויאַן, מוז ווערן דער אויפמערקזאַמער מאַן, דער ליבנדיקער, געטרייער טאַטע, מוז געווינען סילוויאַס ליבע. זי האָט אים שוין געוואָלט ליבן, זי האָט דאָך עס אים, טשאַרלזן, אַליין געזאָגט, אָבער מאָרי האָט עס געמאַכט פאַר אוממעגלעך דורך זיין געשעפטיקייט.

,,ער האָט דאָך אַפילו דאָס קינד נאָך נישט גוט אָנגעקוקט,'' האָט סילוויאַ אים איינמאָל אָנגעקלאָגט פאַר זיינע עלטערן. ,,ער גייט צו אים צו ווי אַ פרעמדער, קוקט אים אָן פון אַ זייט און גייט אַוועק אָן אַ וואָרט. ווי ער וואָלט געזאָגט: אויך מיר אַ געשעפט!''

,,ווי קאָנסטו דאָס זאָגן!'' האָט די מאַמע פּראָטעסטירט.

,,דו איבערטרייבסט,'' האָט געזאָגט דער טאַטע. ,,איך האָב אים געזען אויף מאָרגן נאָך נחומקעס געבורט,'' — נח האָט זיך אַליין געהאַלטן אָן די ביבלישע נעמען — ,,האָט זיין געזיכט געשיינט פאַר נחת.''

,,מסתמא איז אים געלונגען דעמאָלט אַ גרויסע טראַנזאַקציע,'' האָט סילוויאַ געזאָגט מיט פאַראַכטונג.

,,דאַרפסט אים נישט ערגער מאַכן ווי ער איז,'' האָט נח דער־ווידערט.

,,איך זאָג נישט, אַז ער איז שלעכט, און מאַך אים נישט ער־גער,'' האָט סילוויאַ געענטפערט. ,,נאָר האָט ער נישט געדאַרפט חתונה האָבן. און ווער ווייס,'' האָט זי צוגעגעבן מיט אַן איראָנישן שמייכל, ,,אפשר איז ער דער בעסטער מאַן. ווערט רייכער פון טאָג צו טאָג, און די ווייב מעג ביי אים טאָן, וואָס זי וויל.''

דער טאַטע האָט אָפּגעזיפצט, די מאַמע האָט אויפגעכאַפּט דעם זיפץ.

טשאַרלז האָט נאָך יענעם געשפּרעך אויפמערקזאַם געמאַכט דעם טאַטן, אַז עס וואָלט געווען גוט, ווען ער רעדט זיך דורך מיט מאָרין.

,,איך האָב שוין מיט אים גערעדט,'' האָט נח געזאָגט. ,,נישט איין מאָל, אַ סך מאָל. אָבער רעד צו אַ מענטשן, וועלכער פאַרשטייט אפילו נישט, וואָס מען וויל פון אים. אָט אַזוי איז ער און אָט אַזוי וועט ער שוין בלייבן. איך האָב גלייך געזאָגט, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיטן שווער...''

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט נח אַרויסגעזיפצט:

,,אַזאַ פּאָר וואָלט זיך געדאַרפט גלייך פונאַנדערגיין, איידער זיי וועלן אָנמערן זינד אויף דער וועלט.''

ווי האָט עס אים, טשאַרלזן, דעמאָלט דורכגעצוקט ביים וואָרט ,,זינד''! און אָט איז דאָס וואָרט באַלד אַ געשעעניש...

ער האָט אויסגעבעטן ביי מאָרין אַן אוידיענץ און געהאַט מיט אים אַ געשפּרעך אין דער אָפּגעשלאָסנקייט פון זיין קאַבינעט אין דער היים.

מאָרי האָטווירקלעך נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון אים, אָבער ער איז געווען אויפגעלייגט אפילו צו וויצלען זיך. וואָס רעדט ער צו אים פון ליבע — מען שפּילט דאָך נישט קיין ליבע מיט דער אייגענער ווייב. און איז דען אויפמערקזאַמקייט אַזאַ מעלה? ער קימערט זיך בכלל נישט, וואָס סילוויאַ טוט, און דאָס איז, דאַכט זיך, אַ סך בעסער.

ביים פּאָרוואָורף, אַז ער קוקט זיך אפילו נישט אום אויף זיין קינד, האָט זיך מאָרים געזיכט פאַרערנסט. וואָס וויל מען פון אים? זאָל ער זיך אַרומניאַנטשען אָדער אַרומטראָגן מיטן קינד? ער האָט געליבט זיין יינגעלע, געפילט אַ וואַרעמקייט, ווען ער האָט גע־

טראַכט פון אים. אַ פּאָר מאָל, ווען קיינער האָט נישט געזען, האָט ער זיך אַריבערגעבויגן איבער זיין בעטל און אַ קוש געטאָן אים. אָבער געפילט זיך אומבאַקוועם, ווען מען האָט אים געשפּאַרט דאָס קינד אויף די הענט און געוואָלט פון אים אַן עפּנטלעכן אַרויסווייז פון פאָטער־ליבע אָדער פון פאָטער־פרייד.

„נישקשה," האָט ער געזאָגט, „נאָמין וועט שוין זיין גוט."

ער האָט געטראַכט פון דעם רייכטום, וועלכן ער שאַפט פאַר אים.

„ווייסט, וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט?" האָט טשאַרלז גע־פרעגט, ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרלירן די געדולד. „אַזאַ פּאָר ווי דו און סילוויאַ, דאַרפן זיך גלייך פונאַנדערגיין, איי־דער איר וועט מערן זינד אויף דער וועלט."

מאָרי האָט געענטפערט פונקט ביי פונקט:

„פונאַנדערגיין זיך — הם! זאָג עס סילוויאַן. איך גלויב נישט, אַז זי וועט עס וועלן. מערן זינד — וואָס איז דאָס אַזוינס?"

„וועט דיך נישט אַרן, אַז סילוויאַ וועט זיך נעמען אַ גע־ליבטן?" האָט טשאַרלז אַרויסגעבייזערט, גאַנץ רויט ווערנדיק אין געזיכט.

מאָרי האָט זיך פאַרטראַכט, זיין געזיכט האָט באַקומען אַ רו־איקע מאַסקע.

„איך בין זייער רייך," האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט, רואיק און געשעפטסמעסיק. „פונדעסטוועגן וואָלט איך נישט גע־וואָלט, מען זאָל ביי מיר צוגנבענען אַ שטיקל סחורה פון קראָם, אָדער אַ זילבערן לעפעלע פון דער היים אָדער אַ דאָלאַר פון קעשענע. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן דיר זאָגן."

„היטסטו דאָך דיין געלט! גיסטו דאָך אַכטונג אויף דיין סחו־רה און דיינע זילבערנע לעפעלעך!" האָט טשאַרלז שוין כמעט געשריען.

„זאָל איך אפשר סילוויאַן האַלטן פאַרשלאָסן?" האָט מאָרי דערוווּנדערט, רואיק, אונטער אַ פאַרשטיינערטער מאַסקע, מיט אַ וויטן בליק, וועלכער איז געגאַנגען פאַרביי טשאַרלזן. „זאָל איך צושטעלן צו איר שומרים? זאָל איך זי אפשר פאַרזיכערן פון אַ היזק?"

עס האָט אויסגעזען, אַז ער רעדט אַרום די ווערטער און ווייס אפילו נישט, וואָס ער זאָגט. אַזאַ גלייכגילטיקייט אין דער שטים, אַזאַ פרעמדקייט, ווייטקייט, אַזאַ משונהדיק זיך־נישט־אויסמאַכן! טשאַרלז האָט געקרעמפּט זיינע הענט פאַר כעס. דאָס, וואָס ער האָט ווייטער געהערט, האָט אים גאַנץ ווילד געמאַכט.

,,און איבעריקנס,'' האָט מאַרי פאַרטגעזעצט מיט דער זעלביקער ווייטקייט און פרעמדקייט, ,,ווען מען גנבעט ביי מיר וואָס, פאַר־דריסט דאָס מיך, אָבער איך פיל זיך נישט פאַראָרעמט. דאָס לעפּע־לע אָדער דאָס שטיקל סחורה איז נישט מיין לעבן.''

ער האָט גערעדט, ווי ער וואָלט געזען מיט זיין ווייטן בליק, וואָס ס'קאָן פאָרקומען מיט סילוויאַן, און אין דעם מאָמענט פעסט באַשלאָסן ביי זיך, אַז ער זאָל זיך עס נישט נעמען שטאַרק צום האַרצן.

,,דו... דו...'' האָט זיך טשאַרלז צעשריען מיט גרויסער בייז־קייט. ,,פאַרוואָס האָסטו חתונה געהאַט?!''

,,הם!'' האָט מאַרי אָפּגעשמייכלט און אומרואיק אַרומגעקוקט זיך אויף די ווענט פון זיין קאַבינעט, וועלכע קאָנען האָבן אויערן.

טשאַרלז איז אַרוים פון מאַריס קאַבינעט פאַרפּלאָנטט און אויפגערעגט. ער האָט געוואָלט אויסמיידן סילוויאַן און פאַרשווינדן, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען, ווייל סילוויאַ האָט שוין אויף אים געוואַרט.

,,פאַרוואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט און פאַרפּלאָנטט? וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אייך?'' האָט זי געפרעגט.

,,אָ!'' האָט ער אַרויסגערעדט, אַ מאַך טוענדיק מיטן קאָפּ. אָבער די אויגן, וועלכע ער האָט אויפגעהויבן אויף איר, זיינען גע־ווען פול רחמנות און גוטסקייט.

סילוויאַ האָט מער נישט געפרעגט.

,,וועסט קומען מאָרגן בייטאָג און וועסט מיר דערציילן,'' האָט זי געזאָגט. אין איר שטים איז געווען דער ציטער פון דערוואַרטונג.

8.

פאַרוואָס האָט ער אָנגענומען איר איינלאַדונג, ווען ער האָט גאָר באַשלאָסן צו דערווייטערן זיך? אָ, עס איז אויף איר אַזאַ

רחמנות! ער וואָלט איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן, אפילו ווען ער וואָלט אין יענעם מאָמענט א טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף נישט קומען. זיין אָפּזאָג וואָלט זי גאַנץ עלנד געמאַכט. און עס איז גוט, וואָס ער האָט אָנגענומען איר איינלאַדונג. ער וועט זי ראַטעווען, און זיך, און דאָס קינד, און די עלטערן. ער וועט איר דערקלערן, וואָס זי האָט צו דערוואַרטן פון דעם צוזאַמענלעבן מיט מאָרין. ער וועט אויפדעקן פאַר איר דעם אמת. מאָרי איז אַ טרוקענער מענטש און וועט מיט דער צייט מסתמא נאָך טרוקענער ווערן. אָבער אויב זי וויל בלייבן מיט אים לעבן, איז דאָס איר פרייער ווילן און זי מוז אים זיין געטריי. און ער וועט איר זאָגן, אַז עס איז אַ הויכע מאָראַלישע מדרגה צו בלייבן געטריי אַ מאַן, וועלכער האָט אין זיך קיין ליבע נישט. זי, סילוויא, מוז זיך דערהויבן צו דער דאָזיקער מאָראַלישער מדרגה, ווייל זי איז אַן אויסגעוויילטע, שיינע נשמה... ער וועט זי לערנען צו לעבן מיטן אמת, ווייל עס איז אַ גליק צו לעבן מיטן אמת. גראָד ווייל ער ליבט זי, דאַרף ער אַזוי רעדן. ער וועט עס איר טאַקע זאָגן: ער ליבט זי זייער שטאַרק, ער ליבט זי מיטן גאַנצן פייער פון זיין נשמה, אָבער זיי מוזן זיך אָפּזאָגן איינס פון אַנדערן, און ער וועט ברענגען דעם קרבן, כאָטש ער זאָל דערביי פאַרברענט ווערן.

ער האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַ לאַנגע רעדע, אַ רירנדיקע רעדע, איינגעחזרט זי, געטראַכט איבער איר אָן אויפהער, ביי זיינע ביכער, ביים אָוונטברויט־טיש, אַ גאַנצע שלאָפלאָזע נאַכט אויף זיין בעט, און ווידער אַ גאַנצן טאָג, ביז ער איז אָנגעקומען צו איר. ער האָט נאָר נאָך געפונען צייט צו וואונדערן זיך, פאַרוואָס ער האָט דאָס גלייך אין אָנהויב נישט געטאָן. דאָס וועט זיין אַ סך ווידקזאַמער ווי אויסצומיידן. אונזער ווילן איז דער בעסטער שומר, דער שטאַרקסטער באַפרייער.

די דאָזיקע ווערטער זיינען אים נאָכאַמאָל אַרויפגעקומען אויפן זין, ווען ער האָט אַ דריק־געטאָן דעם קנאָפּ פון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל.

סילוויא אַליין האָט אים אויפגעעפנט די טיר. די דינסט־מיידל איז גראָד אַוועק מיט אַ שליחות, די קינדער־מיידל איז גע־

ווען אין פּארק מיט נאָמי, די קעכין האָט היינט געהאַט איר פרייען טאָג.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין א דינעם זיידענעם פּעניואַר מיט ברייטע אַרבל. ווען זי האָט אויפגעהויבן די הענט, האָבן זיך די אַרבל אַראָפּגערוקט ביז די פּלייצעס, און זי האָט אַרויפגעלייגט אַרום טשאַרלזעס נאַקן צוויי הוילע אָרעמס, צוגעדריקט אים צו זיך און א קוש געטאָן אויפן מויל.

„א דאַנק דיר, וואָס דו ביסט געקומען,״ האָט זי געזאָגט מיט וואַרעמער צערטלעכקייט, און געמאַכט זיך, ווי זי האָט נישט באַמערקט, אַז ער האָט נישט דערווידערט איר קוש.

זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע, אַוועקגעזעצט אים לעבן זיך, מיט איין האַנט געפּירט איבער זיינע לאַנגע, ווייכע טונקל־בלאָנדע האָר פון שטערן צום נאַקן, באַרירנדיק זיין געזיכט מיטן נאַקעטן אָרעם, דעם אַנדערן נאַקעטן אָרעם געהאַלטן אויף זיינע קני איבער זיינע הענט, געגעבן אים צו פילן די ווייכקייט און צאַרטקייט פון דער נאַקעטקייט, און אַליין געווען גאַנץ פאַרפלאַמט, אַנטציקנד שיין אין איר פייער.

„נו, דערצייל,״ האָט זי געזאָגט און צוגעדריקט זיך נענטער צו אים. „וואָס האָסטו נעכטן גערעדט מיט מאָרין?״

„וועגן דיר,״ האָט ער אַרויסגעשטאַמלט און נישט געוואוסט, ווי אָנצוהויבן זיין רעדע, וועלכע איז אים איצט אויסגעקומען אַזוי ווייט און אוממעגלעך.

„איך האָב אַזוי געדאַכט,״ האָט זי געזאָגט. „גיב מיר א קוש.״ און אָנגעגרייט זיך אויפצונעמען דעם קוש.

„דו ווילסט דאָך הערן,״ האָט ער זיך געבעטן.

„איך ווייס עס שוין,״ האָט זי געענטפערט. „און מיך אַרט עס נישט. איך וויל דיין קוש. קוש מיך, ווי דו האָסט מיך אייערנעכטן געקושט.״

זי האָט צוגעצויגן צו זיך זיין קאָפּ, הונגעריק איינגעזויגן זיך אין זיינע ליפּן.

ער האָט זיך אויף א ווײַלע באַפרייט.

„ניין, הער מיך אויס!״

זי האָט ארומגענומען זיינע באַקן מיט בײדע הענט און לײדנ־שאַפטלעך געװאָרקעט:

„איך װיל נישט הערן! גאָרנישט הערן!"

זי האָט אים אַראָפּגעצױגן צו זיך, אײנגעװיקלט אים אין איר נאַקעטקײט.

.9

ער איז געזעסן אויף דער דיל, דאָס געזיכט באַהאַלטן אויף דער סאָפע ביי איר צופוסנס, זיינע באַקן האָבן געברענט און פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. װי איז דאָס געשען?! װי איז דאָס געשען?!... אָבער זיין קערפּער איז געװען דורכגענומען פון אַ זי־סער מידקייט און פול לעכצונג נאָך דער פרוי אויף דער סאָפע.

ער האָט זיך געשעמט פאַר דער לעכצונג פון זיין קערפּער, גע־צװאונגען זיך צו װיינען און געשריען אין זיך: װי איז דאָס געשען! װי האָט ער זיך געקאָנט אַזױ פאַרגעסן?!... װאו איז אַהינגעקומען זיין װילן, װאָס האָט געדאַרפט זיין זיין בעסטער שומר?

אָ, דער װילן! איצט װײס ער: ער האָט געהאַט נאָר איין װילן! ער האָט נאָר זי געװאָלט!... ער האָט בלויז זיך איינגערעדט, אַז ער גייט צו איר מיט אַ מאָראַלישער פּרעדיק, אָבער אין דער אמתן האָט ער גאָר געװאָלט זיין לעבן איר, זען זי, פילן זי, קושן זי — און עס איז געקומען, נאָך װאָס ער האָט טיף אין דער נשמה גע־לעכצט...

זי האָט זיך אַריבערגעלייגט צו אים מיטן געזיכט און געזוכט אים צו באַרואיקן.

„אויב דו װיינסט, מאַכסטו מיך אומגליקלעך. דערמיט באַ־װייזסטו, אַז דו ליבסט מיך נישט."

און װען ער האָט נישט אויפגעהערט צו װיינען, איז זי מיט ליבע און װייכער לאַסקע, פול טרויער און טרערנדיק, געדרונגען אין אים:

„ליבסט מיך? זאָג מיר, ליבסט מיך?"

ער האָט געענטפערט דורך טרערן:

„איך ליב דיך װילד, שטאַרק, משוגע."

זי האָט אויפגעיובלט:

„איז דאָך גוט! איז וואָס וויינסטו? איך ליב דאָך דיך אַזוי לאַנג, אַזוי שטאַרק, איך האָב געמיינט, איך וועל משוגע ווערן. איך האָב דאָך געלעבט נאָר מיט מיין ליבע צו דיר, מיט מיין באַגער נאָך דיר...״

זי האָט אים געקושט די טרערן, געטוליעט זיך צו אים מיט איר נאַקעטקייט.

אים איז וואָס איינגעפאַלן, און ער האָט איינגעהאַלטן זיינע טרערן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט זי פול ליבע און בענקעניש.

„גט זיך מיט מאָרין,״ האָט ער אויסגערופן. „און מיר וועלן חתונה האָבן.״

סילוויאַ האָט אויפגעלאַכט, אָבער באַלד צוגעגעבן מיט ערנסט:

„איך האָב דאָס שוין אויך געטראַכט, אָבער איך טאָר עס נישט טאָן צוליב נאָמין. און דו ווייסט דאָך, אַז אַ גט קומט דאָ נישט אַזוי לייכט אָן, איז כמעט אוממעגלעך. פרעג ביי אָסקאַרן, אויב דו ווייסט עס נישט.״

טשאַרלז איז ווידער טרויעריק געוואָרן, האָט פאַרביסן אַ ליפּ. האָט נישט מאָרי געזאָגט, אַז זי וועט נישט וועלן קיין גט?

זי האָט געגלעט זיינע באַקן, זיינע האָר און גערעדט:

„פאַרוואָס האָבן מיר זיך פריער נישט באַגעגנט, איידער איך האָב חתונה געהאַט מיט מאָרין? אָבער וואָס מאַכט עס אויס? אַבי מיר האָבן זיך באַגעגנט און ליבן זיך. עס איז דאָך נישט אונזער שולד, וואָס מיר האָבן זיך פריער נישט באַגעגנט. עס איז שוין אַזוי אין לעבן. דו האָסט דאָך נישט חרטה אויף דעם, וואָס עס איז געשען?״

„איך האָב,״ האָט ער אַרויסגעקרעכצט.

„ליבסטו מיך נישט.״

„איך ליב דיך, אָבער דאָס האָט נישט גענדאַרפט געשען.״

„דאָס מוז געשען, ווען צוויי ליבן זיך.״

„ביי אונז האָט דאָס נישט געטאָרט געשען.״

„און עס וועט נישט אויפהערן צו געשען, סיידן דו ליבסט מיך נישט.״

„הלוואי וואלט דאס אמת געווען, און איך וואלט דיך נישט געליבט!"

„ווען דו ליבסט מיך, וועט עס נישט אויפהערן."

„ווי קאנסטו עס זאגן!"

„ווייל איך ליב דיך אזוי שטארק."

„אזא זינד!"

„וועסטו יום־כיפור אפפאסטן פאר חער זינד," האט זי גע־לאכט. „דו נארעלע, עס וואלט געוועזן א זינד קעגן אונזער ליבע, עס וואלט געוועזן א זינד צו שמאכטן און צו פארשמאכטן. עס איז א זינד צו זיין צוגעבונדן צו א מאן, ווי מארי, און זיך נישט קאנען באפרייען פון אים... איך פארשטיי דען נישט, וואס דו האסט גערעדט מיט אים?... א שטיק טויטער מענטש!... א קאלטע נשמה!—ער האט אויך געדארפט האנדלען מיט אייז... אזא זינד, הא!"

זי האט אריבערגעווארפן איר ארעם איבער זיין נאקן און ליידנשאפטלעך אריינגערעדט אין אים, מויל צו מויל:

„איך וויל, אז דו זאלסט פריילעך זיין... איך וויל, אז דו זאלסט זיך פילן גליקלעך... קוק אויף מיר און זיי אויך אזוי... ליב מיך, לאסקע מיך, פארגעס אלע נארישע געדאנקען. בין איך נישט שיין? פארדין איך נישט געליבט צו ווערן?"

ער איז צוגעפאלן צו איר, מיט טרערן אין די אויגן, מיט א געוויין אין הארצן, געקושט זי ווילד אויף די ליפן, אויף די באקן, אויף דער נאקעטער ברוסט, כמעט געביסן זי. און זי האט געלאכט, געיובלט, געשלענגלט זיך אין זיין אומארמונג, געטרונקען און באַ־טרונקען זיך און אים.

די דינסט־מיידל איז געקומען פון איר שליחות, די קינדער־מיידל איז געקומען מיטן קינד. סילוויא האט זיך א לאז געטאן צום קינד מיט אן אימפעט, ווי זי וואלט אויף אים די גאנצע צייט גע־ווארט. צוגעדריקט אים צו זיך, געקושט אים, און צוגערופן צו טשארלזן:

„זע, ווי שיין ער איז!"

און ווען טשארלז איז צוגעקומען לאנגזאם און מוטלאז, האט זי אים צוגעפליסטערט:

„דאָס קוש איך דיך דאָך! זיי דאָך נישט אַזוי. דו מאַכסט מיך גאַנץ אומגליקלעך!..."

אָבער ער האָט נישט געקאָנט אַנדערש ווערן און צוגעקליבן זיך אַוועקצוגיין.

„וואָס דאַרפסטו אַוועקגיין," האָט זי געזאָגט. „וואַרט אָפּ, באַלד וועט קומען מאַרי, וועסטו עסן מיט אונז אָונטערבּרויט, מיר וועלן נאָך פאַרברענגען, וועסט שפּילן פּיאַנאָ..."

ער האָט געשווידערט אין אַלע אבֿרים:

„איצט טרעפן זיך מיט מאַרין?"

„פאַרוואָס נישט? וועל איך זיך דען מיט אים נישט טרעפן?"

„וואונדער איך זיך טאַקע."

„וואָס קאָן ער אויף מיר דערקענען? איך וועל זיין אַביסל אויפגעלעבטער, פרייליכער, גליקלעכער—איז וואָס איז דאָ? אָבער ער וועט עס סיי ווי סיי נישט מערקן. ווען ער קוקט, זעט ער דאָך אויך נישט, ווייל ער טראַכט גאָר בשעת מעשה וועגן זיינע געשעפטן."

„אָבער מיר וועט זיך דאַכטן..."

„זאָל זיך דיר גאָרנישט דאַכטן!"

ער איז דאָך נישט געבליבן. ער איז אַוועקגעגאַנגען, כּמעט אַנטלאָפן: טאָמער וועט אונטערקומען מאַרי. אָבער זי האָט אים פריער ליידנשאַפטלעך אָנגעקוקט, און היים אַריינגעשעפּטשעט אים, אַז איבערמאָרגן איז דער פרייער טאָג פון דער דינסט־מיידל.

10.

דאָס איז געווען דער סוף פון דעם יינגל טשאַרלז עדאָן. דער סוף פון זיין אָנהויב, פון זיינע יוגנט־אַמביציעס, פון זיינע יינגלשע לעבנס־פּלענער. ער האָט עפּעס געטויט אין זיין נשמה, אין דער ערלעכער עדאָן־נשמה, דער ירושה פון זיינע עלטערן, און נישט געקאָנט עס מער לעבעדיק מאַכן.

ער איז געוואָרן דער געליבטער פון זיין ברודערס ווייב, און דאָס איז געווען צופיל פאַר אים. ער האָט אַרויפגעלאָדן אַ משא אויף זיינע פּלייצעס, אַ צו־שווערע פאַר אַן עדאָן, און נישט געקאָנט זי מער אַראָפּוואַרפן, נישט געקאָנט זיך אויסגלייכן.

ער איז אוועקגעגאַנגען פון סילוויאַן אַ צובראָכענער, איינגע־
בויגן אונטער דער שווערער לאַסט. עס האָט געריזלט אין אים די
זיסקייט פון געַנוס און באַפרידיקטער ליבע, אָבער אין דער אייגע־
נער צייט האָט עס געשריען אין אים מיט משונהדיקע קולות, אַז
ער איז באַגאַנגען אַ גרויסן פאַרברעך. ווי קאָן ער איצט קוקן
עמעצן אין די אויגן? ווי וועט ער רעדן צו זיין טאַטע־מאַמע, די
קריסטאַל־ריינע, ערלעכע מענטשן? ווי וועט ער זיך אָנטרעפן מיט
מאָרין? וועט אָסקאַר נישט גלייך דערקענען, אַז ער האָט עפּעס אָפּגע־
טאָן? ער איז געגאַנגען אין גאַס און געפילט, אַז ער איז געשטעמפּלט
ווי קין, און מען באַמערקט אויף אים דעם צייכן.

ער איז אָנגעקומען אַהיים בשלום, די גאַס האָט אויף אים נישט
באַמערקט דעם קין־צייכן, אָבער אין דער היים האָט די מאַמע אים
געפרעגט:

„וואָס ביסטו עפּעס אַזוי נידערגעשלאָגן?"

ער איז רויט געוואָרן איבערן גאַנצן געזיכט.

נח האָט צוגעפּליסטערט זיין ווייב אַ באַלערונג:

„עס איז גוטהאַרציק צו פרעגן ביי איינעם, וואָס ער איז אַזוי
פאַרזאָרגט, אָבער אָפּט אויך אַ גרויסע נאַרישקייט. אָט האָסטו אים
אַריינגעטריבן די רויטע פאַרב אין די באַקן."

און ווען טשאַרלז איז אוועק צו זיך אין צימער, ווייל ער האָט
נישט געקאָנט אַריבערטראָגן אפילו די גאַנץ אומשולדיקע, גאָרנישט
פרעגנדיקע בליקן פון זיינע עלטערן, האָט נח ווייטער באַלערט
מערען, זיין ווייב:

„ווען אַ דערוואַקסן קינד קומט נישט צו טאַטע־מאַמע און
דערציילט נישט, וואָס עס באַדריקט אים, איז גלייכער נישט צו
פרעגן ביי אים. עס מיינט פּשוט, אַז ער איז נאָך נישט פאַרטיק מיט
זיך אַליין. חיים נחמיה איז אין די יאָרן, ווען איך האָב חתונה גע־
האַט. אפשר קומט עפּעס פאָר אין אים... אַ חברטע פון דער סקול,
אַ חברטע פון אַ חברטע... ווער ווייס... פאָלג מיך און פרעג אים גאָר־
נישט און קוק אים נישט אין די אויגן. ער וועט זיך פילן אַ סך
לייכטער."

די עלטערן האָבן עס אים לייכט געמאַכט, אָבער ער האָט אין
זיך נישט געפונען קיין פאַרלייכטערונג. ער איז איינגעשלאָפן מיט

דעם שרעק פֿאַר דער זינד און מיט אַ בענקעניש נאָך סילוויאַן און איז אויפֿגעשטאַנען אויף מאָרגן מיט דעם זעלביקן שרעק און מיט דער זעלביקער בענקעניש. ער האָט זיך גערדאַרפֿט אָנטאָן אַ כּוח צו קוקן טאַטע־מאַמע גלייך אין די אויגן, און נישט געפֿונען קיין פֿאַרגעסנקייט אין זיינע ביכער. פֿאַרשיידענע ווערטער האָבן אים דערמאָנט זיין איבערלעבונג, דערמאָנט אים, אַז ער איז אַ זינדיקער און אַ פֿאַרברעכער. ער האָט אויף גאָרנישט געקאָנט זיך קאָנצענטרירן. ער האָט געמוזט טראַכטן וועגן נעכטן — אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט מיט איר — און וועגן מאָרגן: וועט ער טאַקע גיין צו איר?

ער האָט געטראַכט פֿון נישט־גיין, פֿון אַוועקרייסן זיך, פֿון באַפֿרייען זיך, און געטראַכט פֿון גיין, געזען זיך ביי איר, און פֿאַראויס באַקיצלט זיך מיט דער וואונדערלעכקייט פֿון די איבערלעבונגען. גערעדט צו זיך ווי אַ געוויסנהאַפֿטער בעל־תּשובה, פֿול חרטה און אַנטשלאָסנקייט נישט צו זינדיקן מער, און צוגעהערט זיך צו זיין האַרץ, וואָס האָט געבענקט נאָך סילוויאַן און נאָך דער זינד. ער האָט אַפֿילו געוואָלט זיך אָננעמען מיט סילוויאַס רואיקייט: געזידלט זיך אַליין, געזאָגט זיך, אַז ער איז נאָך אַ יינגל, אַ נאַר, אַ שוטה...

אויף מאָרגן איז ער געגאַנגען צו איר. די דינסט־מיידל האָט געהאַט איר פֿרייען טאָג, די קינדער־מיידל איז געזעסן אין פּאַרק מיטן קינד, די קעכין איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַ לאַנגער שליחות. אינדערפֿרי, ווי ער האָט זיך נאָר אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, איז אַריין אַ פֿייער אין אים, נישט געלאָזן אויפֿקומען די פּראָטעסטן פֿון תּשובה און חרטה. און ווען די שעה איז געקומען, איז ער געגאַנגען, געמוזט גיין, געלאָפֿן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון עפּעס, וואָס קאָן אים אָפּהאַלטן. מיט דעם פֿייער אין אַלע גלידער, מיט קלאַפּנדיקן, לעכצנדיקן האַרץ, געפֿירט פֿון אויגן, וועלכע האָבן די גאַסן נישט געזען, נאָר געצויגן געוואָרן פֿון דער, וועמען זיי האָבן געוואָלט זען, ווי פֿון אַ מיראַזש. אין אירע אָרעמס האָט עס געשטורעמט אין אים פֿאַר גליק, וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזן אָפּהאַלטן, און זי האָט געיובלט איבער דער ליידנשאַפֿט, מיט וועלכער זי האָט אים אָנגעפֿילט.

א לאנגע שורה פון אזעלכע טעג, וואכן און וואכן, אבער וואס ווייטער, אלץ שווערער איז געווארן אויף אים די לאסט פון דער שולד און זינדיקייט. ער האט זיך נישט געקאנט באפרייען פון זיין געוויסן.

ער האט אויפגעהערט צו גיין צו די לעקציעס אין קאלעדזש, נישט אויפגעעפנט מער קיין בוך. ער האט נישט געקאנט אריבער־טראגן די נאנטקייט פון די חברים, זייערע געשפרעכן, זייער גע־לעכטער, זייער רואיקייט, און עס האט אים געשראקן די גייסטיקייט, וועלכע שוועבט איבער א בוך.

דאס איז נישט געבליבן פארבארגן פאר נחן מיט מערען, און זיי זיינען זייער טרויעריק געווארן. אויך זייער יינגסטער זון איז אפ־געשטאנען און שטודירט נישט מער. איז עס א פאראיבערגייענדיקער איבערקריס אדער טאקע חלילה אן אויפהער אויף שטענדיק? נח האט זיך נישט געקאנט דערווארטן, ביז טשארלז וועט אליין ארויסקומען מיט ווערטער.

„דאכט זיך עס אונז אויס, אדער מאכן מיר א טעות, אז דו האסט לעצטנס אויפגעהערט צו גיין אין קאלעדזש און שטודירסט נישט מער?" האט ער פארזיכטיק אנגעטאפט זיין זונס דופק.

„נישט קיין טעות," האט טשארלז געענטפערט מיט אן אויפ־שטייג פון טרערן אין האלז.

נח האט דערפילט די טרערן. הייסט עס, ער האט אויפגעהערט צו שטודירן נישט פון פארגעניגן. זיין געזיכט האט עס שוין לאנג געזאגט. עפעס איז געשען. אבער ווען א דערוואקסן קינד קומט נישט און דערציילט נישט... אבער דאך וועגן שטודירן האט נח געוואלט וויסן גענויערס.

„דו קאנסט נישט איצט שטודירן אדער דו קאנסט בכלל נישט מער שטודירן?"

און אז טשארלז האט נישט גלייך געענטפערט און געקוקט פארביי ערגעץ א ווייטקייט מיט טרויעריקע אויגן, וועלכע האבן גע־בראכן טאטע־מאמעס הארץ, האט נח ווייטער געפרעגט שטיל און גלעטנדיק:

„אויב דו קאנסט נישט איצט שטודירן, ווייל עס האט זיך דיר עפעס געשטעלט אין וועג, איז מילא: וועסטו ווערן מיט א יאר

שפּעטער אַ געלערנטער. אָבער אויב דו ווילסט בכלל נישט מער שטו־
דירן, וואָלטן מיר געוואָלט וויסן, פאַרוואָס.״

„איך קאָן איצט נישט שטודירן, אפשר שפּעטער,״ האָט טשאַרלז אַרויסגעמורמלט.

„דאָס אַרט מיך שוין נישט,״ האָט נח געזאָגט. „מ׳קאָן דאָך אַמאָל קראַנק ווערן אויף אַ צייט.״

זיי האָבן געוואַרט, זייער זון זאָל עפּעס מער זאָגן, אָנגעקוקט אים מיט געבעט־אויגן, אָבער יענער האָט געקוקט פאַרביי און נישט באַמערקט דעם צער, מיט וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע.

.11

דעם טאָג, ווען ער האָט געדאַרפט גיין צו די עקזאַמענס, וועל־
כע וואָלטן אים געבראַכט דעם טיטל „מאַסטער אָוו אַרטס״, און איז נישט געגאַנגען, איז סילוויאַ געווען אַליין אין דער היים און האָט געוואַרט אויף אים. אָבער ער האָט פּלוצים דערפילט, אַז ער וועט נישט גיין צו איר. ער האָט נישט געדאַרפט אָנטאָן זיך קיין כוח — פּשוט געפילט, אַז ער וועט נישט גיין צו איר: ער וויל נישט מער. ער האָט געפילט אין זיך אַ גרויסע פּוסטקייט, און אַלץ איז אים געווען גלייכגילטיק. ווען די שעה איז געקומען, האָט אים נישט געצויגן צו סילוויאַן, זיין האַרץ האָט נישט געבענקט, פון גאַנצן פייער איז אין אים קיין פונק נישט געווען. ער האָט קוים געטראַכט פון איר, און אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו טעלעפאָנירן איר, אַז ער וועט נישט קומען. גרויסע אויסגעליידיקטקייט אין אים, און גלייכגילטיקייט, און פאַרשטיינערטקייט. און דערביי אַ מערקווירדיקע לייכטקייט, ווי ביים פּלוצלונגדיקן פאַרשווינדן פון דער ים־קראַנק־
הייט. ווען סילוויאַ האָט אין אויפגערעגטער אומגעדולד אָנטעלעפאָ־
נירט, אויסצוגעפינען, צי איז ער אין דער היים, איז ער געווען ביים טעלעפאָן.

„דו ביסט גאָר אין דער היים?״ האָט זי זיך געוואונדערט.

„יאָ,״ האָט ער רואיק געענטפערט.

„פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען?״

„ווייל איך האָב נישט געוואָלט."

רואיק אַזוי, און קאַלט און גלייכגילטיק.

„וואָס מיינסטו מיט דעם?" האָט סילוויאַ היים אַרויסגעאָטעמט.

„וואָס איך האָב געזאָגט."

„איך פאַרשטיי נישט."

„דו וועסט."

„טשאַרלז!"

„גוד־בײַ!"

און אויפגעהאָנגען דעם הערער.

ער האָט נאַטירלעך נישט געזען, ווי סילוויאַ האָט אויסגעגלאָצט די אויגן, געפּירט זיך מיט דער האַנט איבערן קאָפּ, גע־אָטעמט שווער און האַלב־היסטעריש אָנגעהויבן אַרומצולויפן איבערן צימער. אָבער ווען ער וואָלט דאָס געזען, וואָלט ער נישט אַנדערש געטאָן, ווי ער האָט איצט געטאָן, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען פון טעלעפאָן: ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול און איז פאַר־זונקען אין אַ פאַרשטײַנערטקייט. פאַר די אויגן האָבן זיך אים גע־טראָגן זיינע חברים אין דעם קאָלעדזש. עס האָט זיך געדעשט דאָרטן, אַן אויפלעבונג געווען. אַ שטימונג פון קאַמף און זיג, פון אָנגעמען זיך מיט לופט און איבערשפּרינגען אָנגעלייגטע שוועריקייטן, אָבער ער, איינער פון די בעסטע סטודענטן, איז דערבײַי נישטאָ. ער זיצט בײַ זיך אין צימער, אומעטיק און פאַרכמורעט, אָבער נישט אומגליקלעך, ווייל ער איז פאַרשטיינערט און אַלץ איז אים גלייכגילטיק. ער האָט זיין לעבן פאַרשפּילט, איז זעלבסטמאָרד באַגאַנגען. דער, וואָס וועט ווייטער לעבן, וועט זיין נישט ער.

דאָס טיר־גלעקל האָט בייז אַריינגעריסן זיך אין זיין פאַרשטיי־נערטקייט. אַ נייגיר האָט זיך קוים אַ באַוועג געטאָן אין אים: ווער קאָן עס זיין? אונטן האָט די דינסט אויפגעמאַכט די טיר און עמעצן דערקלערט, אַז קיינער איז נישטאָ אין דער היים, נאָר טשאַרלז, וועל־כער זיצט בײַ זיך אויבן אין צימער. עס איז אים געוואָרן געוויס, אַז דאָס איז סילוויאַ. ער איז אומרואיק געוואָרן, געוואָלט אויפ־שפּרינגען, אָבער גלייך באַזיגט די אומרו, פעסטער איינגעזעצט זיך אין זיין שטול, טיפער פאַרזונקען אין זיין פאַרשטיינערטקייט. ווי איינער, וועלכער זעצט זיך אַריין אין דעם דענטיסטס שטול, מיטן

פעסטן ווילן נישט אַ קרים צו מאַן זיך אפילו, ווען דער דאָקטאָר וועט אים ציען אַ צאָן.

סילוויאַ האָט זיך אַריינגעריסן צו אים אין צימער, נישט אָנ־קלאַפּנדיק אין טיר, און דערשראָקן זיך, ווען זי האָט אים דערזען אין זיין פאַרגליווערטקייט.

„טשאַרלז!"

אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקוקט.

זי איז צוגעפאַלן צו אים, געדריקט אים, געגלאַסקעט, געזוכט זיינע בליקן. ער האָט זי געלאָזן טאָן מיט אים, וואָס זי האָט גע־וואָלט, און איז געבליבן קאַלט, גלייכגילטיק, פאַרפראָרן. ער האָט אפילו נישט אוועקגענומען זיינע ליפּן, ווען זי האָט זיך איינגעזויגן אין זיי מיט אַ ליידנשאַפטלעכן קוש. ער האָט זיך געהאַלטן פּונקט ווי ער וואָלט אירע ליפּן נישט געפילט.

אַ שרעק איז זי באַפאַלן. ער ווערט משוגע. אָדער ער איז שוין משוגע!

„טשאַרלז!" האָט זי אויסגעשריען נישט מיט איר קול. „איך וועל רופן אַ דאָקטאָר!"

„איך בין שוין לאַנג אַזוי געזונט און קלאָר נישט געווען, ווי איצט," האָט ער געזאָגט מיט אַ שווערער שטים, ווי פון אַ קאַלטן קעלער אַרויס.

„וואָס איז פּלוצלונג געשען?"

„עס האָט שוין לאַנג געדאַרפט געשען!"

זיין קאַלטער טאָן האָט זי צורייצט. זי האָט זיך אָנגעצונדן.

„דו ביסט זאַט געוואָרן! איך אינטערעסיר דיך נישט מער! האָסט אפשר אַן אַנדערע געקראָגן! דו אומשולדיקער דו!.. האָסט זיך שנעל אויסגעלערנט! אָבער איך האָב זיך אויך אויסגעלערנט..."

זי האָט גערעדט גאַנץ אויסער זיך, אויפגערעגט, ווילד, אָבער ער האָט אפילו מיט אַן אויג נישט אַ פינטל געטאָן, נישט געקוקט אין איר זייט, נישט געהערט, דאַכט זיך, וואָס זי שרייט. זי האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, ווייל זי האָט ווידער אַ טראַכט געטאָן, צי איז ער נישט ביים זינען, און זי שרייט צו איינעם, וואָס פאַרשטייט זי שוין מער נישט. אָבער עפּעס אין זיין האַלטונג האָט איר געזאָגט, אַז ער הערט און פאַרשטייט, נאָר זי עקזיסטירט נישט מער פאַר אים,

ווייל ער האָט באַשלאָסן איבערצורייסן מיט איר. זי האָט זיך אומ־געקערט צוריק צו איר כעס און איר בייזקייט.

„ווערסט זען, צו וואָס דו ווערסט מיך דערפירן! דיין ברודער מאַרי וועט דיר מעגן דאַנקען!"

אויך דאָס איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי זיינע אויערן.

וואָס זאָל זי נאָך זאָגן? וואָס זאָל זי נאָך טאָן? ווען זי האָט האָט געוואָלט אומקערן זיך צוריק צו לאַסקעס, און ווען זי האָט דער־פילט טרערן אין אירע אויגן, האָט זי זיך האַסטיק א ריס געטאָן צו דער טיר און איז אַרויס פון זיין צימער און פון הויז.

ער האָט זי נישט באַגלייט אפילו מיט דעם קלענסטן געדאַנק. ער איז געווען צוריק אין קאָלעדזש און ביי זיינע חברים. היינט האָט ער געדאַרפט זיין אין קאָלעדזש, און איז דאָרט נישטאָ. אָן א סוף געטראַכט עס, פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט, אָן א געפיל פון ווייטיק, ווייל דער ווייטיק איז געווען צו־גרויס, צו־באַדריקנדיק, ווי ער וואָלט פּלוצלונג דערדריקט געוואָרן פון אן איינפאַלנדיקן באַרג.

.12

אין זיין פאַרגליווערטקייט האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רע־כענונג, וואָס פאַר א טאָג עס איז. איז עס א וואַרעמער פרילינגס־טאָג, אָדער א פאַרשפּעטיקטער קאַלטער נאָכווינטער־טאָג? שיינט די זון אָדער גייט א רעגן? ער האָט נישט איין מאָל אַרויסגעקוקט אין דרויסן. און דער דרויסן, וואָס האָט אַריינגעקוקט אין זיינע פענסטער, איז געבליבן פון אים אומבאַמערקט. און דאָך איז ער געווען מיט די לויפנדיקע שטונדן פון טאָג, און זיי זיינען געווען אין אים. ווען די קאָלעדזש־שטונדן האָבן זיך דערנענטערט צו זייער סוף, האָט ער זיך אויפגעטרייסלט פון זיין פאַרשטיינערטקייט, איז אויפגעשטאַנען פון שטול, ווי איינער, וועלכער איז אָפּגעזעסן שבעה, און אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן צימער. אויס סטודענט! אויס סטודענט! אויס! אויס! אויס!...

עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אויפהויבן די הענט איבערן קאָפּ און אויסשרייען א שרעקלעכן געשריי. טאַקע ווי יענער, וועלכער האָט זיך א לאַנגע צייט איינגעהאַלטן ביים צאָן־ציען. אויסשרייען

זיין גאַנצן פאַרדראָס און ווייטיק, דעם שטורעמדיקן פּראָטעסט קעגן זיך אַליין, קעגן דער זינד, וועלכע ער איז באַגאַנגען, קעגן דעם אָפּ־גרונט, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפן. אָבער עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ, און מיט פאַרטרערטע, ברענענדיקע אויגן האָט ער זיך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ניין, ער וועט נישט שרייען. ער וועט זיך מיט גאָרנישט פאַרלייכטערן זיין האַרץ. דאָס איז זיין שטראָף. שווייגן, פאַרשטיינערט ווערן, פאַרגליווערט זיין. און פאַרגליווערט בלייבן.

אָפּזונדערן זיך פון מענטשן, לעבעדיקערהייט אַרויסשיידן זיך פון לעבן, ווערן אַן איינזאַמער און אַ שווייגער. ווייל ער קאָן זיין זינד קיינעם נישט דערציילן, ווייל ער האָט נישט דעם מוט דערצו, מוז ער ווערן אַן איינזאַמער און אַ שווייגער.

אָבער דעמאָלט אויך אויס שריפטשטעלער און דיכטער.

עס האָט אים געשווינדערט, ווען ער האָט דאָס געטראַכט, אָבער דאָס איז געווען פעסטער אַנטשלוס.

שרייבן און דיכטן הייסט אויך רעדן, און אפילו הויך רעדן. און ער טאָר נישט רעדן, ווייל ער טראָגט אין זיך אַרום אַ מיאוסן סוד. ער וועט קיינמאָל נישט האָבן דעם מוט צום אמת, ווייל ער באַהאַלט פון דער וועלט זיין אייגענעם אמת. אים איז נישט איינגע־פאַלן, אַז אַ סך פון די דיכטער און שריפטשטעלער, וועלכע ער און די וועלט האָבן באַוואונדערט, זיינען אפשר אויך אַרומגעגאַנגען מיט אַ מיאוסן סוד, וועלכן זיי האָבן זיך נישט דערוועגט אויפצודעקן. זייער סוד האָט זיי נישט געשטערט, זיי זיינען געוואָרן וועלט־באַ־רימטע לערער פון דער קולטורעלער מענטשהייט, קעמפער פאַרן אמת. ווען עמעצער וואָלט אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, וואָלט ער מסתמא געענטפערט, אַז דאָס איז אַ סברא, וועלכע דאַרף ערשט באַ־וויזן ווערן. און ווען דאָס וואָלט אים באַוויזן געוואָרן, וואָלט ער געוויס געענטפערט, אַז דאָס, וואָס יענע האָבן געקאָנט, קאָן ער אָבער נישט. ער האָט געוואָלט זיין דיכטער, כל זמן ער איז געווען ריין. ער ווייל דאָס אָבער נישט מיט דער לאַסט פון אַ העסלעכער זינד אויף זיך. ערשט שפּעטער אין לעבן האָט ער געלאַכט איבער זיך אין זיין אייגענעם האַרץ: „עס איז געווען אַ שיינער זשעסט, אָפּצוזאָגן זיך פון ווערן דיכטער און שריפטשטעלער צוליב אַ זינד. אין דער

אמתן אָבער האָב איך מסתמא נישט געהאַט קיין טאַלענט. וואָרום ערשט אַלס אַ שריפשטעלער וואָלט איך געקאָנט דערציילן דעם גאַנצן אמת, און וואָס מאַכט עס אויס דער וועלט, צי דאָס איז מיין אייגענער אמת אָדער אמת בכלל?״

אָבער אין יענעם נאָכמיטיק האָט ער געגלויבט, אַז ער האָט טאַלענט, איז רייך אין זעאונגען און באַזיצט די פעאיקייט אָנצו־קליידן זיי אין ווערטער פון זאַפט און קראַפט. און זיין האַרץ האָט געבלוטיקט פון דער אכזריותדיקער שטראָף, וועלכע ער האָט אַרויפ־געלייגט אויף זיך פאַר דער זינד, וועלכע ער איז באַגאַנגען.

.13

דאָס איז אויך געווען אַן אכזריות צו די עלטערן. זייערע הער־צער האָבן געוויטיקט: וואָס קאָן עס זיין מיט טשאַרלזן? ער רעדט נישט, שטודירט נישט, זעט זיך מיט קיינעם נישט — מערקווירדיק, ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו גיין צו סילוויאַן. ער לעבט איבער אַ טראַגעדיע און וויל זיי נישט אַריינלאָזן אין איר. וואָס קאָן העלפן דאָס פרעגן? עפּעס איז געשען, וואָס טשאַרלז קאָן נישט דערציילן, און נח האָט געהאַט אַ כלל: קיינמאָל נישט פרעגן, ווען דעם גע־פרעגטן איז אפשר שווער צו ענטפערן, סיידן ער זאָל זאָגן אַ ליגן. אָדער דאָס איז געווען דאָס ערגסטע, דאָס שווערסטע: נח איז געווען זיכער, אַז זיין זון וואָלט אים געענטפערט מיט אַ ליגן.

„איך מוז זיין זייער שלעכט,״ האָט ער געזאָגט צו מערען, „אַז איך קאָן עס גאָר פאַרטראַכטן, אָבער מיין האַרץ זאָגט מיר עפּעס אַז זיין נישט־גיין צו די עקזאַמענס, זיין אויפהערן צו שטודירן און זיין נישט־גיין צו סילוויאַן, האָבן עפּעס אַ שייכות צווישן זיך.״

אויף מערען האָט געבּרענט דער ליב ביז אונטער די וואָרצלען פון די האָר אויפן קאָפּ, ווען ער האָט דאָס געזאָגט, ווייל איר האַרץ האָט אויך געזאָגט דאָס זעלביקע, אָבער זי האָט זיך פאַרגענומען אַרויסצוריידן פון אים דעם חשד.

„וואָס פאַר אַ שייכות קאָן עס האָבן,״ האָט זי געזאָגט. „גיכער עפּעס אַן אומגליקלעכע ליבע. האָסט דאָך אַליין געזאָגט: אַ חברטע, אָדער אַ חברטע פון אַ חברטע... און דערפאַר איז ער נישט געגאַנ־גען צום עקזאַמען און האָט אויפגעהערט צו שטודירן. ער האָט אויפ־געהערט צו גיין צו סילוויאַן — און צו וועמען גייט ער יאָ?״

נח האָט זיך פאַרענטפערט:

„איך ווייס טאַקע אַליין נישט, אָבער איך בין זיכער, אַז צווישן נחמיהן און סילוויאַן איז דורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ. ווייל אויב די סיבה ליגט אין אים אַליין, איז וואו איז זי עפּעס? פאַרוואָס האָט זי זיך אַזוי געביטן צו אים? ער איז דאָך געווען איר גאַנצער אַדיור־טאַנט..."

אויך דאָס האָט מערע שוין געטראַכט, און איר האַרץ האָט געריסן, ווען ער האָט דאָס געזאָגט, אָבער זי האָט געוואָלט באַהאַלטן, וואָס אין איר קומט פאָר, און אים באַרואיקן.

„ער האָט זיך געביטן," האָט זי געזאָגט, „האָט זי זיך געביטן. וואָס זאָל זי מיט אים טאָן? וואָס קאָנסטו מיט אים טאָן?"

איר טאָן האָט געפעלט די פולע איבערצייגונג, און נח האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פּרואַוונדיקן בליק. זאָגט זי עס, ווייל זי מיינט עס טאַקע, אָדער ווייל זי אים בלויז באַרואיקן? אָבער ער האָט מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט דאָך אַליין זיך נישט דערוועגט צו דער־טראַכטן דעם געדאַנק ביז זיין שרעקלעכן, גאַנץ אוממעגלעכן סוף.

ענדלעך האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן צו פרעגן:

„וואָס טוסטו גאַנצע טעג, מיין זון?"

„דו ווייסט דאָך. איך זיץ ביי זיך אין צימער."

„פאַרוואָס גייסטו אין ערגעץ נישט?"

„איך גיי אין פּאַרק, איבער די גאַסן."

„פאַרוואָס זעסטו קיינעם נישט?"

„מוז איך?"

„דו פלעגסט דאָך אַמאָל אַזוי אָפט גיין צו סילוויאַן?"

נח האָט דאָס געפרעגט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ, געשעמט זיך, פאַרוואָס ער האָט דאָס געפרעגט, געפילט זיך מעשה שפּיאָן, אָבער דאָך געהאַלטן די אויגן פעסט אויפן זון, געוואָלט אויפכאַפּן יעדע באַוועגונג אין זיין געזיכט. אָבער ער האָט גאָרנישט אויפגעכאַפּט.

טשאַרלז האָט די גאַנצע צייט נישט געקוקט אויפן פאָטער און נישט געדאַרפט איצט אַראָפּלאָזן די אויגן. און זיין פאַרגליווערטקייט האָט אים אַרויסגעהאָלפן, ער זאָל קאָנען אָן אַ ציטער ענטפערן מיט דעם זעלביקן טאָן, מיט וועלכן ער האָט געענטפערט אַלע פריערדי־קע פראַגן:

„איך פלעג גיין אין א סך ערטער.״

„איז פארוואס גייסטו נישט?״

„נישט נויטיק.״

אויסווייכנדיקע ענטפערס. וואס איז דאך פארגעקומען אין זיין זונס לעבן, אין זיין זונס נשמה? האט ער ווייטער געפרעגט, גע־וואלט צוקומען, דערגרונטעווען זיך:

„פארוואס האסטו אויפגעהערט צו שרייבן?״

טשארלזס געזיכט האט זיך קאנווולסיוו א באוועג געטאן. די פראגע האט אנגערירט דעם אנגעווייטיקטסטן פונקט און אנגעדריקט אויף טרערן־דריזן.

„איך קאן נישט,״ האט ער כמעט ארויסגעשלוכצט.

נח האט מער נישט געפרעגט, געלאזט דעם זון אליין, נישט געוואלט אים מער מאטערן. ער איז ארויפגעפירט געווארן אויף א פאלשער שפור. טשארלזעס גאנצע פארשטיינערטקייט נעמט זיך דערפון, וואס ער האט אויסגעפונען, אז ער „קאן נישט״, אז ער האט נישט קיין טאלענט. טאלענט איז א גאט־זאך. אויב זיין זון האט אויסגעפונען, אז ער האט נישט קיין טאלענט, און פילט זיך דורכדעם שטארק אומגליקלעך, מיט וואס קאן ער, דער טאטע, אים טרייסטן? ער קאן אים קיין טאלענט נישט קויפן. ער וועט זיך בא־רואיקן, קומען צו זיך. א רחמנות אויפן קינד, אבער וואס קאן מען מאכן. און ביידע, נח און מערע, האבן זיך געפילט ביטער אנטוישט, וואס זייער טשארלז וועט נישט זיין קיין שרייבער. זיי זיינען געווען אזוי זיכער אין דעם, און האבן דאס אזוי געוואלט!

אסקאר, דער לאיער, האט נאך באקרעפטיקט דעם טאטן אויף דער דאזיקער שפור.

„ווייסטו, וואס מיט טשארלזן איז?״ האט ער גענומען דער־קלערן. „ווייסטו, פארוואס ער האט אויפגעהערט צו שטודירן און צו שרייבן זיינע געשרייבעכץ און גייט ארום ווי א נעכטיקער און א שטיק פארגליווערט אומגליק? דאס איז דערפאר, וואס ער האט זיך גענומען צו א זאך, צו וועלכער ער איז נישט געבארן געווארן. מען דארף זיך אליין קענען. איך האב שטענדיק געוואוסט, אז איך דארף שטודירן לאָ, אבער טשארלז האט זיך דארטן איינגערעדט ווייס איך וואס...״

נחן זענען נישט געפעלן געוואָרן אָסקארס רייד, און ער האָט פּראָטעסטירט:

,,פאַרוואָס זאָגסטו, אַז דו האָסט געוואוסט, וואָס דו דאַרפסט טאָן, און נחמיה האָט זיך בלויז איינגערעדט?''

,,דו זעסט דאָך אַליין, אַז איך בין גערעכט,'' האָט אָסקאַר דער־ווידערט.

,,ער איז געוועזן איינער פון די בעסטע סטודענטן און...''

,,וואָס דאַרפסטו מיט מיר דעבאַטירן,'' האָט אָסקאַר אומגע־דולדיק איבערגעריסן דעם טאַטן, ,,אַז דו זעסט דאָך אַליין!''

און אַז אָסקאַר איז גערעכט, האָט נח איינגעזען, ווען טשאַרלז האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער גייט שטודירן מעדיצין.

.14

טשאַרלז האָט באַשלאָסן ווייטער צו שטודירן אויס רחמנות צו די עלטערן. זינט ער איז אַוועק פון קאָלעדזש, זיינען זיי ארומגע־גאַנגען אַזעלכע אַנטוישטע און פאַרדראָסיקע. ווען ער וועט ווייטער שטודירן, וועט ער אַריינזעצן אין זיי אַ נייע נשמה. האָט ער אָפּגע־מאַכט ביי זיך זיי אַריינצוזעצן די נייע נשמה.

וואָס זאָל ער שטודירן? ער האָט צו גאָרנישט קיין חשק נישט געהאַט און גאָרנישט האָט אים נישט אינטערעסירט. געטראַכט אַ טאָג, געטראַכט אַ וואָך, און אָפּגעשטעלט זיך אויף מעדיצין. ער האָט זי נישט ליב געהאַט, בכלל נישט געקאָנט צוזען קיין ווייטיק און פאַר געוויסע קראַנקהייטן געפילט אפילו אַ מורא. אָבער די עלטערן האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אַ דאָקטאָר־מעדיצין — זיי צוליב האָט ער באַשלאָסן ווייטער צו שטודירן, זיי צוליב וועט ער אויך שטודירן מעדיצין.

ווען ער האָט עס באַשלאָסן, האָט ער אויך דערפילט אַ וואַרעמע באַציאונג צו זיין אויסוואַל. ער וועט היילן קראַנקע, טאָן גוטס, העלפן ליידנדיקע. וועט ער דערמיט נישט פאַרגיטיקן זיין זינד, וועל־כע האָט נישט אויפגעהערט צו דריקן אויף אים?

אויך ווען ער האָט אָנגעהויבן צו שטודירן, האָט אים דער דרוק פון זיין שולד־באַוואוסטזיין נישט אָפּגעלאָזן. זיין פאַרשטיי־נערטקייט האָט נישט אויפגעהערט, און די נייע חברים זיינע האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם שווייגנדיקן, אָפּגעזונדערטן סטו־

דענט. זיי האָבן אים גערופן „דער הערמיט" און געלאָזן אים אַליין אין זיין איינזאַמקייט. ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן מענטשן, ווי אַ קראַנקער מיט אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקהייט. אָפט פלעגט ער אין קלאַס ביי אַ לעקציע אומקערן זיך צו דער מאַ־טערנדיקער פראַגע: ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט פאַרגעסן? אַז עמי־צער האָט זיך דעמאָלט געווענדט צו אים מיט אַ פראַגע, איז ער רויט געוואָרן.

די צייט האָט אים נישט געבראַכט קיין היילונג. זי האָט אים אפילו נאָך אומענדלעך שווערער געמאַכט די משא.

דאָס איז געווען אַ סך חדשים נאָך זיין פונאַנדערגיין זיך מיט סילוויאַן. עס איז געווען זומער און עס איז געוואָרן ווידער ווינטער, ווען איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק אָוונט, איז אָסקאַר געקומען אַהיים אַ העכסט־אויפגערעגטער. ער האָט נערוועז אויסגעטאָן פון זיך דעם שיינעם ווינטער־מאַנטל און אויפגעהאַנגען אויפן קליידער־שטענדער מיט אַ ציטערנדיקער האַנט, וועלכע האָט גלייך נאָכדעם פאַרפעלט אַרויפצוטאָן זיין הוט אויפן הוט־האָקן. דער הוט איז אַראָפּגעפאַלן און אָסקאַר איז בייז געוואָרן. ער האָט אויפגעהויבן דעם הוט מיט אַ קללה און אויפגעהאַנגען אים מיט כעס, גרייט דורכצוררייסן אַ לאָך. ווען ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט: צי האָט אים עמעצער נישט באַמערקט, און איז גלייך אַרויפגעלאָפן די טרעפּ צו דריי טרעפּ אויף אַמאָל, אומגעדולדיק אָנגעקלאַפּט צו טשאַרלזן, נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער, און איז שנעל אַריין אין צימער. טשאַרלזס לאַנגזאַמער „אַריין" האָט אים באַגעגנט שוין אויף דער אַנדער זייט טיר, וועלכע ער האָט אויפגעעפנט און צוגע־מאַכט, ווי ער וואָלט זיך אַריינגעגנבעט. טשאַרלז איז געזעסן איבער אַ לער־בוך און נישט אומגעקוקט זיך. אָסקאַר האָט זיך געלאָזן צו אים אויף די שפּיץ פינגער, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט, מען זאָל אונטערהערן זיינע טריט, איז צוגעגאַנגען צו טשאַרלזן, האָט אַרויפ־געלייגט ביידע הענט אויף זיינע אַקסלען און אַרויסגעאָטעמט אין גרויסער אויפרעגונג:

„טשאַרלז! אָ, טשאַרלז! סילוויאַ, אונזער סילוויאַ..."

טשאַרלז האָט אויפגעציטערט אונטער אָסקאַרס הענט און

באַקלעמט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון בוך צום איבער אים שטייענ־דיקן ברודער.

„סילוויאַ האָט אַ געליבטן!“ האָט אָסקאַר געענדיקט, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם. טשאַרלז איז געוואָרן גאַנץ רויט, וואָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך ביים אָנזאָג פון אַזאַ בשורה. ער איז גע־בליבן זיצן ווי באַנומען און האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט — און דאָס איז אויך געווען גאַנץ נאַטירלעך. אָסקאַר האָט פריער געוואוסט, אַז אַזוי, פּונקט אַזוי, וועט זיין די ווירקונג פון זיינע ווערטער. אַ לאַיער מוז אויך זיין אַ פּסיכאָלאָג! אָט אַזוי האָט טשאַרלז געדאַרפט אויפצוקן מיטן גאַנצן קערפּער, אַזוי רויט ווערן ביז איבער די אויערן, אַזוי איבערראַשט אַרויפקוקן צו אים מיט דערשראָקענע אויגן. און אַזוי אויך פאַרלאָרן און פאַרשעמט אָפּ־ווענדן זיין בליק. ער איז דאָך אַזוי באַפריינדעט געווען מיט זייער סילוויאַן, אַזוי נאָענט, אַזוי ברודעריש!

טשאַרלז איז געזעסן אַן איינגעקאָרטשעטער, איינגעהאָרבעטער, וואָלט געוואָלט פאַרשווינדן, נישט ווערן, און געברענט צונטער־רויט. ער איז סילוויאַס געליבטער. רעדט מען פון סילוויאַס געליבטן, ווערט ער געמיינט. ווי זאָל ער זיך פאַרשטעלן און זיך נישט פאַר־ראַטן? ווי זאָל ער צבועיאַטשן און זיך מאַכן איבערראַשט? סילוויאַ האָט אַ געליבטן — ער האָט געוואוסט, אַז זי וועט אים האָבן. ער האָט נאָר געמאַכט דעם אָנהויב... ווער איז עס איצט?

אָסקאַר האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין ייִנגערן ברודערס פאַרקלעמטקייט און עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן. גערירט, מיט ווייטיקדיקן האַרץ און אַ ווייטן טרויעריקן בליק, האָט ער אַראָפּגענומען זיינע הענט פון טשאַרלזס אַקסלען, איז אַוועק מיט ציטערנדיקע קני צום פענסטער, געקוקט מיט זיין ווייטן בליק אין טונקעלן דרויסן און אַרויסגערעדט מיט טרויעריקער, כמעט ווייַ־נענדיקער שטימע:

„דער יונגער באַנקיר ברינצער איז איר געליבטער!“

דער נאָמען האָט גאָרנישט געזאָגט טשאַרלזן, אָבער ער האָט נישט געפרעגט, ווער איז ברינצער און ווי אַזוי קומט ער צו סיל־וויאַן. ווייל אייגנטלעך וואָס מאַכט עס אויס, ווער? ער האָט נאָר געטראַכט: איך — דער ערשטער, ברינצער — דער צווייטער. און

דערנאָך נאָכן א״ב: א—איך, ב—ברינצער... און ער האָט זיך נאָך מער איינגעקאָרטשעט אין פאַרשעמטקייט, ווען עס האָט אין אים אויפגעפלאַטערט דער געדאַנק, אַז דער אלף־בית בלייבט נישט שטיין ביים בית...

אָסקאַר האָט זיך דערווייל געכאַפּט, אַז טשאַרלז ווייס נישט, ווער דער יונגער באַנקיר ברינצער איז.

„איך האָב פאַרגעסן, אַז דו קענסט נישט ברינצערן,״ האָט ער געזאָגט. „הלוואי וואָלט זי אים נישט געקענט.״

ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, געקוקט אין דער נאַכט דרויסן און דערציילט:

„לעצטן זומער האָט סילוויאַ געוואוינט אין איינעם פון די ניו־דזשוירסיער ים־פּלעצער. איינער פון איהרע שכנים איז געווען דער באַנקיר ברינצער מיט זיין פאַמיליע. סילוויאַ איז מיט זיי באַקאַנט און באַפריינדעט געוואָרן, דער עיקר מיטן יונגן ברינצער. דער יונגער ברינצער איז אפילו נישט קיין גרויסע שיינקייט; ער האָט אַ נאָז, וועלכער עס האָט זיך פאַרוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי אים אין מויל, און גרויסע לאָפּעטעס־ציין, וועלכע האָבן זיך פאַרשוואָרן, אַז די נאָז זאָל זיך קיינמאָל נישט דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אין מויל. אָבער ער איז אַ לוסטיקער מענטש פול מיט לעבן, אָדער אַ לעבעדיקער מענטש פול מיט לוסטיקייט. די כאַראַקטעריסטיק פון זיין נאָז און זיינע ציין שטאַמט פון אים אליין. מיט דעם האָט ער זיינע העסלעכקייטן געמאַכט אַזוי אינטערעסאַנט, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין העסלעכקייטן, ווייל ווען מען קוקט זיי אָן, מוז מען טראַכטן וועגן דער אייביקער מלחמה, וועלכע גייט אָן צווישן זיין נאָז און זיינע ציין, און מ׳פאַרגעסט, ווי מיאוס זיי זיינען. ער איז אַ ווויצלינג, אַ טענצער, אַ קאָמפּלימענטן־מאַכער. אָבער ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז סילוויאַ וועט זיך אין אים פאַרליבן און ווערן זיין געליבטע? סילוויאַ! די קלוגע, די פיינע, די מאַמע פון אַזאַ שיינעם זון, די ווייב פון אַזאַ פּאָעיקן, דערפאָלגרייכן געשעפטסמאַן, און פון אַזאַ שיינעם מאַן, ווי מאָרי! ברינצער און מאָרי — אַ באָק־מענטש און אַן אַפּאָלאָן! און גלאַט, ווי קומט דאָס צו סילוויאַן? ער ווייס, אַז פאַרהייראַטע פרויען האָבן געליבטע. ער ווייס עס נישט בלויז פון ראָמאַנען; די קרימינאַליסטיק איז פול פון אשת־

איש־סקאַנדאַלן. אין די צייטונגען אַליין — טאָג־טעגלעך... אָבער אַז סילוויאַ! סילוויאַ! זייער ברודערס ווייב! זייער שוועגערין! זייער שוועסטער!...

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן געזיכט צו טשאַרלזן, האַלב זיצנדיק אויפן פענסטער, די פיס אויסגעצויגן, און אָנגעקוקט זיין ברודער, ווי ער וואָלט געוואָלט געפינען ביי אים אַ דערקלערונג אויף דער אומגלויבלעכקייט און אוממעגלעכקייט, אַז זייער סילוויאַ זאָל האָבן אַ געליבטן.

טשאַרלז האָט זיך געפילט העכסט אומבאַקוועם אונטער דעם דאָזיקן פרעג־בליק. אום צו באַפרייען זיך פון אים, האָט ער געמוזט איבעררייסן זיין שווייגן און פרעגן, ווי אַזוי אָסקאַר האָט דאָס אויסגעפונען. אָסקאַר האָט טאַקע גלייך צוריקגענומען זיין פייניקנדן פרעג־בליק און איז אַריינגעפאַלן אין אַ דערציילערישן טאָן.

צופאַל, נישט מער ווי צופאַל. ער איז געשטאַנען אויף אַ גאַס נישט ווייט פון בראָנקס לעבן אַ האָטעל — צופעליק געוועזן דאָרטן, געוואַרט אויף אַ פריינט, וועלכער האָט געדאַרפט עמיצן דאָרט זען— און אָט קומט אַרויס אַ פרוי, אַ יונגע פרוי, און באַלד נאָך איר דער יונגער בריגנצער. ער האָט איר געזיכט נישט גענוי געזען, ווייל זי האָט זיך שנעל פאַרקערט אין דער אַנדער זייט, אָבער ער קאָן שווערן, אַז דאָס איז געווען סילוויאַ. ער קאָן דאָך דערקענען סיל־וויאַן אַפילו פון הינטן! איר פיגור, איר גאַנג... ער האָט איר געוואָלט נאָכלויפן, איז סילוויאַ אַריינגעשטיגן אין אַ „קעב" און שנעל אַוועק. ער האָט אויך געזאָלט נעמען אַ קעב און נאָכ־פאָרן, אָבער זיין פריינט וואָלט נישט געוואוסט, וואו ער איז אַהינ־געקומען!...

ווען אָסקאַר האָט עס דערציילט, האָבן זיך אין אים פאַר־שטאַרקט די צווייפלען, צי האָט ער ווירקלעך וואָס אַרויסגעפונען. ערשטנס, אפשר איז עס דאָך נישט סילוויאַ געווען. ער האָט זי דאָך פאָרט נישט געזען אין געזיכט. קאָן דאָך זיין, אַז דאָס איז אַ יונגע פרוי, וועלכע זעט אויס פון הינטן, ווי סילוויאַ. און אַפילו ווען דאָס איז סילוויאַ, קאָן דאָך זיין, אַז דאָס איז בלויז אַ צופאַל, אַז דווקא גלייך נאָך איר זאָל אַרויסקומען דער יונגער בריגנצער. גראָד אַזאַ צופאַל, ווי דאָס, וואָס ער, אָסקאַר, איז דעמאָלט געשטאַנען אין

דרויסן פאַרן האָטעל. די פראַגע איז דאָך די: אויב זיי זיינען אַרויס־
געקומען גלייך איינס נאָכן אַנדערן, פאַרוואָס זיינען זיי שוין נישט
אַרויסגעקומען ביידע צוגלייך? און דער פאַקט איז, אַז סילוויאַ האָט
זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, צי ברינצער גייט הינטער איר. אַפילו
ווען ברינצער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם קעב, אין וועלכן
זי האָט זיך אַריינגעזעצט, האָט זי נישט אַ קוק געטאָן אין זיין זייט.
איז עס נישט אַ באַווייז, אַז סילוויאַ האָט אַפילו נישט געוואוסט,
אַז דער יונגער ברינצער גייט הינטער איר?

אָבער... אָבער... עס קאָן דאָך זיין, אַז זי האָט אים באַמערקט,
אים, אָסקאַרן, מיט אַ ווינקל פון איר אויג, אפשר. ער וואָלט גע־
שוואָרן, אַז זי האָט צוערשט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט
געוואָלט פאַרשווינדן צוריק אין האָטעל, און דערנאָך האָט זי זיך
געלאָזן מיט זייער שנעלע טריט צום קעב, ממש געלאָפן, נישט גע־
גאַנגען. און אויב זי האָט אים באַמערקט, איז דאָך נאַטירלעך, אַז
זי וועט זיך נישט אומקוקן אויף ברינצערן.

ער האָט בייז אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט און אַ קרים
געטאָן מיטן מויל. ע, וואָס צווייפלט ער דאָרט! דאָס איז געוויס גע־
ווען סילוויאַ. ער האָט גלייך אָנטעלעפאָנירט צו סילוויאַן אין הויז,
איז זי טאַקע נישט געווען אין דער היים. דאָס איז סילוויאַ געווען. אָן
צווייפל סילוויאַ! איז וואָס טוט מען? זאָל מען דאָס דערציילן מאָרין?
איז טאָמער איז עס דאָך נישט סילוויאַ. האָט מען געדאַרפט אָנשטעלן
אַ דעטעקטיוו — איז וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער אָנצושטעלן אַ דע־
טעקטיוו אָן מאָרין? בלייבט די איינציקע זאַך, אַז ער און טשאַרלז
זאָלן אויף זיך נעמען צו זיין די דעטעקטיוום. ער וואָלט עס אַליין
געטאָן, איז ער גראָד זייער פאַרנומען, און עס איז נישט מער ווי
רעכט, אַז טשאַרלז זאָל אַרויסהעלפן. דאָס שפּיאָנירן איז דאָ זייער
פשוט: אויב סילוויאַ איז ברינצערס געליבטע, האָט ברינצער זיכער
אַ צימער אין יענעם האָטעל, אַן אָפּשטייג־קוואַרטיר, אַ ליבעס־נעסט
—צום טיוול מיט אים! — דאַרף מען היטן יענעם האָטעל, טאַקע
אין דער שעה, אין וועלכער זיי זיינען היינט אַרויסגעגאַנגען, ווייל
געוויס האָבן זיי נישט בלויז אַ באַשטימטן אָרט, נאָר אויך אַ באַ־
שטימטע שעה אין אַ באַשטימטן טאָג. עס קאָן זיין, אַז זיי טרעפן
זיך אין אַן אַנדער טאָג אויך, אָבער דאָנערשטיק איז געוויס אַ ראַנ־

דעוואו־טאָג. דאַרף מען זיי אָפּהיטן קומענדיקן דאָנערשטיק, איז ער, אָסקאַר, שטאַרק פאַרנומען קומענדיקן דאָנערשטיק, וועט טשאַרלז מוזן דאָס נעמען אויף זיך...

„ווילסטו, טשאַרלי? ווילסטו העלפן אויפדעקן דעם אמת וועגן אונזער ברודערס ווייב? ווילסטו העלפן ראַטעווען אונזער ברודערס ערע, וואָס איז אויך אונזער ערע?"

ער האָט געשאָטן זודיקע קוילן אויף טשאַרלזס קאָפּ, און טשאַרלז האָט זיך געקאַרטשעט אין גרויסע יסורים. ער וואָלט איצט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, וואָלט געפאַלן אויף די קני און וואָלט אַרויסגעשריען זיין ווידוי. אָבער ער האָט שווער געאָטעמט, און מיט טרערן־ספּאַזמעס אַרויסגעמורמלט, אַז ער פילט נישט אין זיך דעם טאַלענט צו זיין אַ דעטעקטיוו.

„דו דאַרפסט נישט קיין טאַלענט צו שטיין און היטן אַן אַרויסגאַנג פון אַ האָטעל!" האָט זיך אָסקאַר צוהיצט. „קאָנסט אפילו זיצן אַנטקעגן אין קאַפע. דו וועסט גיין בלויז דעם קומענדיקן דאָנערשטיק. די וואָך שפּעטער נעם איך אויף זיך. און אַפילו די ווייטערע וואָכן, אויב עס זאָל זיין נויטיק. און גאַנץ מעגלעך, אַז איך וועל שטיין און היטן אויך אין אַנדערע טעג, אויב זיי וועלן זיך נישט באַווייזן אַ דאָנערשטיק."

„איך שעם זיך צו זיין סיקוויאַס שפּיאָן," האָט טשאַרלז שטיל געזאָגט.

„און איך שעם זיך נישט?" האָט אָסקאַר אויפגעפלאַקערט.

„מיר איז דאָס לייכט צו זיין איר שפּיאָן?"

„איז צו וואָס דאַרפסטו עס?"

אָסקאַר האָט זיך נאָך מער צוהיצט.

„איז ביי דיר רעכט, צו לאָזן עס גיין ווי עס גייט? מאָרי וויים דאָך געוויס גאָרנישט, און מיר זאָלן ווימן און שווייגן? ווערן מיר נישט שותפים אין דעם פאַרברעכן? אַזוי טוען ברידער?"

טשאַרלז האָט מיט שווערקייט אַרונטערגעדריקט אויפשטייגנדיקע טרערן, און אָסקאַר איז צוגעגאַנגען צו אים און אַריינגערעדט אין אים:

„דאָך נאָר דעם קומענדיקן דאָנערשטיק, דערנאָך וועל איך אַליין. עס איז געווען פיר אַזייגער, ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען. אַרום

יענער צייט קאָנסטו שטיין לעבן האָטעל, אָדער זיצן אַנטקעגן אין קאַפע.״

טשאַרלז האָט זיך נישט געלאָזט איינרעדן. ער האָט געהאַט די געוויסהייט. ביי אים איז קיין ספק נישט געווען, אַז סילוויא, וועלכע איז געווען זיין געליבטע, איז געוואָרן אויך די געליבטע פון דעם יונגן באַנקיר ברינצער. נישט אומזיסט האָט זי געזאָגט, אַז מאָרי וועט זיך דאַרפן ביי אים באַדאַנקען. זי איז געווען גרייט צו ווערן יעדן איינעמס געליבטע. וואָס דאַרף ער נאָך שפּיאָנירן? און ווי קאָן ער עס? צו וואָס וועט דאָס ברענגען? ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ניין, ער וועט נישט שפּיאָנירן.

אָסקאַר איז שוין געוואָרן אין כעס.

,,אויב דו וועסט נישט גיין, איז ווייסטו וואָס איך וועל טאָן? איך וועל דערציילן דעם טאַטן, און ער וועט שוין מיר העלפן. ווילסטו, איך זאָל דערציילן דעם טאַטן?״

טשאַרלז האָט אויפגעשווידערט.

,,דו ביזט משוגע!״ האָט ער שטאַרק אַרויסגערעדט.

,,איך וועל עס באַשטימט טאָן, אויב דו וועסט נישט אַרויס־העלפן,״ האָט אָסקאַר פעסט געזאָגט.

,,קאָנסט נישט וואַרטן ביז איבער צוויי וואָכן דאָנערשטיק, ווען דו וועסט האָבן צייט?״

,,איך וויים נישט, וואָס איבער צוויי וואָכן וועט זיין. מען טאָר נישט אָפּלייגן. אויב דו ווילסט נישט, וועט דער טאַטע...״

,,דאָס וועט זיין דער גרעסטער פאַרברעכן.״

,,איך וויים, אָבער איך וועל אים באַגיין.״

,,ביזט משוגע!״

,,איך וועל אַזאַ זאַך נישט לאָזן אַזוי גיין.״

טשאַרלז האָט געמוזט נאָכגעבן, און אָסקאַר האָט שוין חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אויסבאַדונגען בלויז איין טאָג, און געפּרואווט מיט דעם כוח פון דער גוטער ביטש, וועלכע ער האָט געפונען, אַרויפצווינגען אויף טשאַרלזן נאָך אַ פּאָר טעג.

,,עס קאָן דאָך זיין, אַז קומענדיקע וואָך זאָלן זיי זיך טרעפן דינסטיק אָדער מיטוואָך אָדער פרייטיק...״

,,דאָס איז שוין גענוג!" האָט טשאַרלז אויסגעשריען, און אָסקאַר האָט זיך מער מיט אים נישט געדונגען.

———

א גאַנצע וואָך האָט טשאַרלז געהאָפט, אַז עפּעס וועט זיך מאַכן און ער וועט דאָנערשטיק נישט גיין שפּאַצירן. עפּעס — מיט אים, מיט סילוויאַ, מיט ברינצערן, מיט דער וועלט. ער האָט געהאַסט די לויפנדיקע צייט. קאָן זי זיך נישט אָפּשטעלן? ווי שנעל איז געלאָפן טאָג נאָך טאָג און גאָרנישט האָט זיך נישט געמאַכט, נישט מיט אים, נישט מיט סילוויאַן, נישט מיט ברינצערן און נישט מיט דער וועלט. קאָן ער נישט קראַנק ווערן? ער וואָלט אָנגענומען די גריפּע ווי אַ גוטן מלאך, ער וואָלט זיך אפילו נישט אָפּגעזאָגט פון אַביסל לונגען־אָנטצינדונג. פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געפונען צו זאָגן, אַז אויך ער איז שטאַרק פאַרנומען דעם קומענדיקן דאָנערשטיק? ווי קאָן ער גיין שפּאַצירן סילוויאַן? ער דאַרף גאָר פאַרהיטן, עס זאָל נישט קומען צו אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל... וואָרום... עס האָט אים געשווינדערט און ער האָט מורא געהאַט צו דערטראַכטן, צו וואָס עס קאָן קומען, ווען סילוויאַ וועט ווערן די העלדין פון אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל.

דאָנערשטיק, אין דעם טאָג, וואָס טשאַרלז האָט נישט געוואָלט, ער זאָל קומען, האָט זיך געמאַכט עפּעס מיט דער וועלט. זי איז אויפגעשטאַנען גרוי און טרויעריק און אַפּאַטיש. שווערע שניי־וואָלקנס האָבן אָפּגעשניטן דאָס ליכט פון דעם פרימאָרגן און פאַרלענגערט די פינסטערניש פון דער נאַכט. מענטשן האָבן כמעט זייערע זייגערס נישט געגלויבט און זיינען אַרויס אין די גאַסן, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעטריבן געוואָרן צו אַ קאַמף, וועלכן זיי וועלן געוויס פאַרלירן. אַזייגער עלף האָט דער דרויסן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַפּאַטיע און גענומען זיך פאַרטרייבן די מענטשן פון די גאַסן מיט כוח. די וואָלקנס האָבן אָנגעהויבן אויסלאָדן זייער שניי, און אַ שטאַרקער ווינט האָט אים גענומען דרייען אוןווירבלען, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּשניידן יעדע מעגלעכקייט אַ טריט צו טאָן. ער האָט געשמיסן דעם שניי אין די אויגן און בלינד געמאַכט, געוואָרפן אין מויל און אָפּגעשטעלט דעם אָטעם, און צולייגט אים אין הורבעס אויף די טראָטואַרן און גאַסן, דער גאַנג זאָל אָנקומען וואָס שווערער.

טשאַרלז איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט האָפענונג. ער וועט נישט גיין. קיין ליבעס־ראַנדעוואו וועט נישט געהאַלטן ווערן אין אַזאַ וועטער, און ער אַליין האָט געהאַט אַ רעכט אָפּצוזאָגן זיך פון ארומצושלעפּן זיך אין גאַס און שפּאַצירן אין אַ שניי־שטורם. אָבער אַרום דריי אַזייגער האָט אים אָסקאַר אָפּגערופן מיט דער ידיעה, אַז ער האָט ערשט טעלעפאָנירט צו סילוויאַן און נישט געפונען זי אין דער היים. דאָס הייסט, זי איז אין איר ליבעס־נעסט מיט בּרינצערן. ווען טשאַרלז האָט זיך פאַררופן אויף דעם שטורם, איז אָסקאַר אין כעס געוואָרן.

„איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט זיך וועלן אַרויסדרייען אויפן סמך פון דעם שטורם!" האָט ער בייז אויסגערופן. „אָט בין איך געווען אין גאַס, און גאָרנישט האָט מיר נישט פּאַסירט. און סילוויאַ האָט זיך אויך נישט דערשראָקן פאַרן וועטער. דו ווילסט זיך נישט אַרויסדרייען, אַז נישט רעד איך נאָך היינט בּיינאַכט מיטן טאַטן. אָן אָפּמאַך איז אָן אָפּמאַך, און אַפילו אַן ערד־ציטערניש האָט דיך נישט געדאַרפט אָפּהאַלטן! נעם אַ קעב, איך גיב דיר צו־שטייער... שאַ, איך קאָן דיר אָנזאָגן די בשורה: דער שטורם הערט אויף!"

---

ווען פיר אַזייגער פאַרנאַכט איז טשאַרלז צוגעקומען צום האָ־טעל מיט געבּראָכענעם געמיט און ציטערנדיקן האַרץ, האָט ער זיך אָנגעטראָפן געזיכט צו געזיכט מיט דער אַרויסקומענדיקער סילוויאַן אין דער בּאַגלייטונג פון בּרינצערן, וועלכן טשאַרלז האָט דערקענט נאָכן נאָז. זי איז געווען איינגעוויקלט אין איר פּעלץ, און נאָר אירע אויגן האָבּן זיך אַרויסגעזען. זי האָבּן ביידע אויפגעציטערט, אַ ציי געטאָן זיך צוריק, אָבער ווערליג טשאַרלז האָט זיך פאַרלאָרן און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, האָט זי אויפגעלאַכט, אַראָפּ־געלאָזן דעם פּעלץ פון איר געזיכט, צוגעווענדט זיך צום יונגן בּרינ־צער, וועלכער האָט זי געהאַלטן אונטערן אָרעם, לאַכנדיק זיי פאָר־געשטעלט איינער דעם אַנדערן:

„מיין שוואָגער טשאַרלז — מר. בּרינצער!"

און געלאָזן זיך גיין צום קעב, וועלכער איז געשטאַנען בּיים טראָטואַר. אָבער נאָך דעם ערשטן שריט האָט זי זיך צוגעווענדט

צום איינגעפּראָרענעם טשאַרלז און אַרויסגעשעפּטשעט:

„דו קאָנסט מיך פאַרמסרן, אויב דו ווילסט!"

ברינצער האָט זי אַריינגעזועצט אין איין קעב און אַליין איינ־געשטיגן אין אַן אַנדערן, צואוואַרפנדיק ביים אָפּפאָר אַ פלינקן בליק אויף טשאַרלזן. אויך זי האָט זיך נאָך אומגעקוקט אויף טשאַרלזן און איר געזיכט האָט געלאַכט.

טשאַרלזס געזיכט האָט זיך באַוועגט ווי צום אויפוויינען, און ער איז ענדלעך אוועק, נישט ווייסנדיק, וואו די פיס האָבן אים געטראָגן. איצט האָט ער געוואוסט באַשטימט, אַז ער קאָן זי נישט „פאַרמסרן". אויב ער וועט דאָס טאָן, וועט זי אים פאַרמסרן — דערפאַר איז זי געווען אַזוי זיכער מיט אים. ער מוז זי איצטער נעמען אונטער זיין שוץ: נישט נאָר נישט דערציילן, אַז ער האָט זי אָנגעטראָפן מיט ברינצערן, נאָר זען, אַז אָסקאַר זאָל נישט קומען אַהער שפּיאָנירן, ווייל אַלץ, וואָס וועט פאָרקומען שפּעטער, וועט גיין אויף זיין חשבון, וועט הייסן, אַז ער האָט פאַרמסרט, און זי וועט זיך אין אים נוקם זיין.

ווען אָסקאַר איז שפּעטער אַריינגעקומען צו אים מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם און שטיל אַרויסגעשאָסן: „נו?", האָט ער, אַ פאַר־רויטלטער און אַ פאַרשעמטער, נישט קוקנדיק אים, אָסקאַרן, גלייך אין די אויגן, אים איינגאַנצן באַרואיקט מיט זיין ענטפער.

ער איז געווען ביים האָטעל און געזען. עס איז טאַקע אַרויסגע־קומען אַ יונגע דאַמע מיט ברינצערן — אַ שוואַרצער מאַן מיט אַ זייער לאַנגער נאָז און גרויסע לאָפּעטעס־ציינער — אונטער דעם אָרעם. אויב דער דאָזיקער שוואַרצער מאַן מיט דער לאַנגער נאָז און לאָפּאַטעס־ציינער איז ברינצער, איז סילוויאַ אומזיסט פאַרדעכ־טיקט געוואָרן, ווייל די דאַמע איז נישט געווען סילוויאַ. טאַקע זייער ענלעך פון הינטן, לייכט צו מאַכן אַ טעות, אָבער ער האָט זי אָנגע־טראָפן געזיכט צו געזיכט, און עס איז נישט סילוויאַ. נישט קיין ביסל ענלעכקייט אפילו.

אָסקאַר האָט אָנגעקוואָלן און געריבן די הענט פאַר נחת.

„מסתמא וועלן מיר באַלד האָבן אַ גט־פּראָצעס, אין וועלכן דער יונגער ברינצער וועט זיין פאַרמישט, אָבער גאָט צו דאַנק, וואָס עס איז נישט סילוויאַ! דו האָסט קיין אַנונג נישט, ווי דאָס האָט אויף

מיר געווירקט! ערשטנס, עפּעס סילוויאַ! דעם ברודערס ווייב, אַזאַ נאָנטע, אַ שוועסטער, אַ טייל פון אונז. און צווייטנס טאַקע צוליב זיך אַליין. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט געווען קיין באַזונדערער פריינט פון רעב מיידלעך; געשלעכט. פונקט אַזוי ווי דו. עס ליגט שוין דאַכט זיך אין אונזער בלוט. מיר זיינען קיינער נישט קיין מיידלניקעס. אָבער זינט סילוויאַ, האָב איך אָנגעהויבן קוקן אויף מיידלעך מיט אַנדערע אויגן... איך האָב מיט זיי שלום געמאַכט, זיי זיינען מיר נענטער געוואָרן. און אַז די זעלביקע סילוויאַ וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פאַררעטעריש, וואָלט איך ווידער געדאַרפט אַנטלויפן פון די מיידלעך, וואו דער פעפער וואַקסט. איך וואָלט זיי נישט געקאָנט גלויבן פון דאַנען אַהין. פאַרשטייסט, די פרעמדע, די, וועלבע דו האָסט געזען, אַרט מיך נישט. איך קען זי נישט און איך ווייס זי נישט, און איך ווייס, אַז עס זיינען פאַראַן גענוג אשת־אישן. אָבער ווען סילוויאַ, ווען זי, וועלכע איך קען אַזוי גוט, וועמענס געדאַנקען איך האָב אָפּט אַזוי ריכטיק געטראָפן, וואָלט געפירט אַ טאָפּלט לעבן, דאַן הערט אַלץ אויף, טאָר מען גאָרנישט שטיין אין זייערע ד׳ אמות, טאָר מען קיינעם נישט גלויבן! אָבער איצטער פריי איך זיך... איך פריי זיך אַזוי, וואָס איך האָב קיין טעות נישט געהאַט אין אונזער סילוויאַן. איך האָב זיך שוין אַזוי געשראָקן, ווייל זי איז אין דער היים נישט געווען, ווען איך האָב זי אויפגערופן. אַ בטלנות פון אַ מענטשן אַרויסצוגיין אין אַזאַ וועטער!״

טשאַרלז האָט זיך שיר נישט היסטעריש צולאַכט: „דו נאַר, דו האָסט אַ טעות אין סילוויאַן, און דו האָסט אַ טעות אין מיר, דיין אייגענעם ברודער, וועלכער איז געווען און וועט בלייבן איר מיטפאַררעטער און מיטהעלפער. געשיקטער לאַיער, געדאַנקענלייענער, עס שרייט איצטער אין מיר מיט באַנומענע קולות, און דו הערסט בלויז דיין נאַרישע, גרונדלאָזע זעלבסטצופרידנקייט.״

---

דער נייער ליגן האָט שווערער געמאַכט די משא, וועלכע טשאַרלז האָט אויף זיך געטראָגן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, צו וואָלט נישט גוט געווען צו באַפרייען זיך פון איר דורך זעלבסטמאָרד. ווי קאָן ער לעבן מיט אַזאַ שווערער, אומדערטרעגלעך שווע־

דער לאַסט? ווי קאָן ער ווייטער לעבן מיט אַזויפיל ליגן, געמיינקייט און פייגהייט? און צו וואָס נאָך לעבן? וואָס האָט ער געוואָלט זיין אין לעבן, וועט ער נישט זיין, אָבער דערפאַר וועט ער זיין, וואָס ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט זיין: אַ ליגנער און אַ פאַררעטער און אַ מאָראַלישער פייגלינג. עס האָט אים געעקלט פון זיך אַליין.

אָבער ער איז קיין זעלבסטמאָרד נישט באַגאַנגען. די זעלבסט־פייניקונג איז געווען אַ שווערערע שטראָף ווי דער טויט. דער עקל צו זיך אַליין, אויפשטיין יעדן טאָג און גלייך אויסגעפילט ווערן מיט פאַראַכטונג צו זיך אַליין און אָנרופן זיך ליגנער און געמיינער יונג און פאַררעטער — וואָס פאַר אַ האַרבע שטראָף דאָס איז! טויט איז דאָך נאָר באַפרייאונג און גענאָד.

און ווען ער האָט באַשלאָסן ווייטער צו לעבן, האָט ער געפילט, ווי ווען ער וואָלט געלייענט אַ מיאוסן שונד־ראָמאַן און נישט אַוועקגעוואָרפן אים, נאָר דערלייענט ביזן סוף. אַרומגיין מיט דער זעלבסטפאַראַכטונג, מיט דעם באַוואוסטזיין פון אייגענער אומווירדיקייט און נידעריקייט, און דערביי קאָנען לאַכן, זיין מיט מענטשן צוגלייך, זיצן מיט די ערלעכסטע מענטשן, ווי זיין פאָטער און מוטער, רעדן ערלעכע רייד — איז דאָס נישט העכסט אינטערעסאַנט? און איז דאָס נישט שפּאַנענד ווייטער צו לעבן און אויסצוגעפינען וואָס וועט ווייטער זיין, וואָס וועט נאָך פאַרקומען?

און אַזוי איז ער געבליבן לעבן, און זונטיק נאָך דעם דאָנערשטיק, אין וועלכן ער האָט זיך געטראָפן מיט סילוויאַן אין האָטעל, איז ער צוזאַמען מיט די עלטערן און אָסקאַרן געוועזן ביי איר צו באַזוך, ווייל ס'איז געוועזן דעם קליינעם נאָרמאַנס געבורטס־טאָג. זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ נערוועזן אויפלאַך, דערנאָך יעדעס מאָל אָנגעקוקט אים מיט חוזק אין די אויגן און מיט אַ פאַרעכטלעכן קרים פון די ליפּן און געפּרואווט זיך זיין צערטלעך מיט מאָרין, ווי זי וואָלט זיך גערייצט מיט איר געוועזענעם געליבטן, וועלכער ווייס פון איר נייעם סוד און מוז נעבעך שווייגן. טשאַרלז האָט דאָס אָנגענומען פאַר גוט. אַזוי דאַרף עס זיין, אַזוי קומט עס אים. אַלץ שטאָף פאַר זיין זעלבסט־פאַראַכטונג. ער האָט נאָך געוואָלט צוגעבן מער שטאָף און געזוכט אַ מאָמענט, ער זאָל איר קאָנען צושעפּטשען, אַז זי זאָל אויסמיידן איר ראַנדעוואו־האָטעל, ווייל אָסקאַר איז אויף

דער שפור. זיין איר העלפער און באשיצער און וואָרנער — צודעקער פון אירע זינד, הא הא! טיפער, טיפער אין שמוץ!

אָבער ער האָט עס איר נישט צוגעשעפּטשעט, ווייל זי האָט אים אויסגעווייכט און אים דעם מאָמענט נישט געגעבן. זיין עצה איז אויך נישט געווען נויטיק. דאָס ליבעס־פּאָרל האָט שוין סיי־ווי־סיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זייער אַלטע נעסט און אַריינצוקלייבן זיך אין אַ נייע. זיי זיינען געווען זיכער, אַז טשאַרלז וועט נישט פאַרמסרן, אָבער דער פּלאַץ, וואו דער צופאַל קאָן זיי צונויפפירן מיט פאַמיליע, איז זיי געוואָרן געפערלעך, און זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ געגנט, וואו די מעגלעכקייט פון צופאַל איז געוואָרן נאָך אַ סך קלענער. אויסערדעם האָבן זיי אָפּגעמאַכט, אַז ברינצער זאָל אַרויסקומען אַ סך שפּעטער...

ביים צושיידן זיך האָט זי אים צוגעשעפּטשעט, מיט דעם חוזק אין די אויגן און דעם פאַרעבטלעכן קרים פון די ליפּן:

„נישט מער אין האָטעל. אַ נייער אַדרעס. ווילסט אים וויסן?"

ווען מעי וואָלט אים אויסגעפּאַטשט, וואָלט אים אַ סך לייכטער געווען.

דאָנערשטיק איז טאַקע אָסקאַר אַנטוישט אַריינגעקומען מיט דער ידיעה, אַז ער איז געווען ביים האָטעל און ברינצערן מיט דער דאַמע נישט געזען, כאָטש ער האָט אַוועקגעגעבן אויף זיין דעטעקטיוו־אַרבעט גאַנצע צוויי שעה.

טשאַרלז איז אויפגעבראַכט געוואָרן.

„פאַרוואָס ביסטו אַהינגעגאַנגען? האָסט מיר נישט געגלויבט?!"

„חס ושלום!" האָט זיך אָסקאַר פאַרענטפערט. „אָבער איך בין געווען נייגיריק צו זען, ווי קוקט אויס אַן אשת־איש... ווי קומט זי אַרויס פון איר זינדן־נעסט, וואָס פאַר אַ מינע טראָגט זי, ווי האַלט זי אירע אויגן... אַ לאָיער דאַרף עס וויסן. אַ לאָיער, נאָך מער ווי אַ דערציילונגס־שרייבער."

.15

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס סילוויאַ האָט אים ווידער אויפגעטרייסלט. פון איצט אָן — נישט מער געהערט און גע־

זען. ער האָט אַפילו געוואָלט אַרויפליגן אויף זיך אַ האַרבע שטראָף: פאַר זיין זינד פון פאַרלייקענען און פאַרשווייגן — ווערן אַ שווייגער, פאַרשטומען. אינגאַנצן פאַרשטומען, ווי די צונג וואָלט אים אָפּגענומען געוואָרן. אַ גאַנצן נאָכמיטיק האָט ער זיך אָפּגעפייניקט מיט דעם דאָזיקן געדאַנק, געזען זיך אַ שטומען, אַן אייביקן שווייגער. אָבער ווען ער האָט דערהערט די שטימען פון זיינע עלטערן, האָט ער געוואוסט, אַז ער וועט עס נישט טאָן. ער וועט זייער האַרץ נישט צוברעכן. אָבער ער איז נאָך מער פאַרגליווערט געוואָרן אין זיין פאַרשטיינערטקייט און איז נאָך איינזאַמער געוואָרן.

דאָך זיין איינזאַמקייט איז געוואָרן באַוואונדערטע פּלייסיקייט. דער פליסיקסטער באַזוכער פון די לעקציעס, דער שטאַרקסטער מתמיד איבער זיינע מעדיצין־ביכער, דער אויפמערקזאַמסטער סטודענט איבער די קראַנקע אין קראַנקן־הויז. ער האָט געענדיקט זיין מעדיצין, מיט די פאַראויסזאָגונגען פון זיינע לערער, אַז ער וועט זיין אַ זייער גוטער דאָקטאָר.

יאָ, אַ גוטער דאָקטאָר זיין — דאָס האָט ער זיך פאָרגענומען. דאָקטאָריע וועט נישט זיין זיין פרנסה, נאָר זיין אויסלעבן זיך, זיין תשובה, זיין פאַרגיטיקונג פאַר זיינע זינד. מיט דעם וועט ער לעבן, שטענדיק שטודירן, פאַרגרעסערן זיין וויסן, היילן, העלפן — און בלייבן אַליין און איינזאַם, מיט דער טרויעריקייט און איינזאַמקייט פון אַן אָנגעשטעקטן מיט אַ קרענק, וועלכע זונדערט אים אָפּ פון אַלע מענטשן.

ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן. ער, וואָס ווייס, וואָס פאַרראַט איז, ווי וועט ער קאָנען לעבן מיט אַ ווייב און נישט חושד זיין, אַז זי מאַכט אַ גוטע, פרומע מינע צו אַ זינדיקן שפּיל? ער וועט זי חושד זיין מיט יעדן מאַן, וועלכער וועט איר אַרויסווייזן אַביסל אויפמערקזאַמקייט, און מעג עס זיין אַפילו זיין אייגענער ברודער. אָדער ווי וועט ער קאָנען בעטן אַ מיידל, זי זאָל ווערן זיין ווייב, און ער איז באַלאָדן מיט דעם פאַרברעך פון אַ העסלעכן פאַרראַט? וואָס פאַר אַ לעבן וועט עס זיין מיט דער שווערער משא פון דער אייגענער שולד און מיט דעם נשמה־פאַרניכטנדיקן, רו־צושטערנדיקן אייביקן חשד.

דאָס זיינען געווען צופעליקע, זייטיקע געדאַנקען, וועלכע

האָבן צו אים פאַרפּלאָנדזשעט אַזוי זיך אין אַ בין־השמשות, ווען אין זיין טרויעריקייט פלעגן אַריינדרינגען דערינערונגען און בענ־קענישן. צום ערשטן מאָל האָט ער זיי געטראַכט, ווען אָסקאַר האָט אים פאַרגעשטעלט דאַראַן. ער האָט זיך דעמאָלט דערשראָקן. איז איין סילוויאַ ווייניק אין דעם הויז פון נח עדאָן? האָט אָסקאַר פאַרגעסן די קרימינאַליסטיק, וועלכע איז פול מיט אשת־איש־סקאַנדאַלן, די טעגלעכע ציטונגען, די מעשה ברינצער? און ווען דאַראַ האָט זיך אויפגעפירט אַזוי שטאַרק פאַרליבט, האָט ער געטראַכט, אויב זי וועט נישט פאַרפירן קיין טשאַרלז, וועט זי מסתמא געפינען אַ ברינצער, וועלכער וועט זי פאַרפירן. דעמאָלט האָט ער צום ערשטן מאָל געטראַכט וועגן זיך און געוואוסט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבן...

דאָך אין שפּיטאָל האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט דער שוועס־טער גאָלדי באַרקאַן, און זי האָט אים געבראַכט צו אַן אַנדער באַשלוס.

זי איז געווען נישט קיין שיינע, די גאָלדי באַרקאַן. קליין און דאַר, מיט זומער־שפּרענקעלעך אויף איר קליינעם פּנימל, מיט אַ נידעריקן שטערן, ברייטע באַקן־ביינער און אַ פאַרשפּיצטן קין. איר מויל איז געווען דער מערקווירדיקסטער טייל פון איר פּנים: עס איז געווען אַזוי קליין, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ פּינטל אונטער איר ברייטלעכער נאָז. מען האָט געמוזט אויף איר קוקן און וואונדערן זיך, ווי עסט זי, און רחמנות האָבן אויף דעם אָרי־מען באַשעפעניש מיט אַזאַ קליינעם עס־אַפּאַראַט. דערפאַר אפשר האָט מען אָפּט פאַרזען אירע אויגן, וועלכע זיינען געווען זייער שיין. אויך טשאַרלז, ווען ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט איר אין שפּיטאָל, האָט צוערשט באַמערקט איר מויל און נייגיריק געקוקט אויף אים, אָבער שפּעטער האָט ער דערזען אירע אויגן און בעסער געקוקט אין זיי. געלבלעך־ברוינע מאַנדל־אויגן, אָבער מיט עפּעס אַן אומענדלעכער גוטסקייט אין זיי, אַ רירנדיקע צאַרטקייט און ווייכ־קייט. זיי זיינען געווען דער אמתער שפּיגל פון איר האַרץ און נשמה, און האָבן אויך געלויכטן ווי אַ שפּיגל, וועלכער שטראַלט אָפּ אַן אָנגענעם ליכט, אַ ליכט, וואָס לייכט און וואַרעמט און גיסט אַריין פרייד און באַרואיקונג.

„ווען מען וואָלט אויף איין וואָגשאָל אַרויפגעזעצט זי, ווי זי שטייט און גייט, מיטן פאַרטוך און מיטן שוועסטער־באַנד אויף אירע האָר, און אויף דער אַנדער שאָל וואָלט מען אַרויפגע־לייגט איר גוטסקייט, וואָלט די גוטסקייט ווייט אַריבערגעוואויגן, אַפילו ווען מען וואָלט אויף דער ערשטער שאָל אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע רשעות פון דעם הויפּט־דאָקטאָר מיט זיין שווערער פוזע צוזאַמען,” האָט געזאָגט וועגן איר איינער אַ פּאַציענט, און דאָס איז איבערגעגאַנגען בירושה פון חולה צו חולה און איז קיינמאָל אין קראַנקן־הויז נישט פאַרגעסן געוואָרן.

זי האָט געלעבט נאָר פאַר די קראַנקע, געקאָנט זיך מוסר־נפש זיין פאַר זיי. עס איז ווייניק אונטערצוטראָגן די חולאים די רפואה אין דער צייט, צו מעסטן זייער טעמפּעראַטור מיט גרויסער פּינקטלעכקייט, צו וואַשן זיי און ברענגען זיי זייער עסן, ווי פאַר־געשריבן פון דעם דאָקטאָר. וואָס זיי דאַרפן נאָך מער, איז אַ גוט וואָרט, אַ וואָרט פון טרייסט און דערמונטערונג, פון לינדערונג און מיטגעפיל, און טאַקע דער עיקר, פריילעכקייט און לאַכן. און זי האָט דאָס געהאַט פאַר זיי. ווען זי איז אַריינגעקומען, איז געוואָרן פריילעך און ליכטיק, ווי זי וואָלט אַריינגעטראָגן מיט זיך זון און געזונט. דאָס איז געווען ביי איר נישט געמאַכט, נישט אַרויפגע־צוואונגען, נישט די אויסגעלערנטקייט פון אַ פּראָפעסיע, נאָר איז געקומען פון די טיפע קוואַלן פון איר אומענדלעכער גוטסקייט און פון איר ווילן און גלויבן. זי האָט אמתדיק געוואָלט, אַז די חולאים זאָל לייכטער ווערן, און אמתדיק געגלויבט, אַז אין גוטסקייט ליגט דערלייכטערונג פאַר זיי. ווייל זי האָט געוואוסט די איינזאַמקייט און פאַרלאָרנקייט פון די קראַנקע, איז זי געווען מיט זיי אַזוי אָפט און אַזוי לאַנג ווי מעגלעך. דער חולה, וועלכער האָט זי געדאַרפט אַמנוטיקסטן, האָט זי נישט געדאַרפט רופן—זי פלעגט צוקומען, ווי אַ גוטער מלאך וואָלט זי אָנגעטראָגן. און שטענדיק מיט אַ שמייכל, מיט אַ קלוגן וואָרט, מיט אַ וויץ, מיט אַ גלעט מיט דער האַנט, אַזאַ ליבהאַרציקער, חיותדיקער גלעט, כאַטש נעם און כאַפּ אָן די האַנט און קוש אין איר אַריין דעם וואַרעמסטן דאַנק.

אָבער ווי גוט און צוגעלאָזן זי איז געווען צו די קראַנקע, אַזוי שטרענג און צוריקגעצויגן איז זי געווען אין אירע

באַציִאונגען צו די דאָקטוירים און פאַרוואַלטער. די חולאים האָט זי געגעבן, פון די דאָקטוירים און פאַרוואַלטער האָט זי געפאָדערט. זי האָט, נאַטירליך, קיין דעה נישט געהאַט איבער די דאָקטוירים און פאַרוואַלטער און געדאַרפט פאָלגן, וואָס זיי האָבן איר געהייסן, און בכלל נישט געדאַרפט מישן זיך אין זאַכן, וועלכע האָבן נישט געהערט צו אירע פליכטן. אָבער זי האָט עס געהאַלטן פאַר איר הייליקסטע פליכט אַרויסצוזאָגן זיי איר מיינונג, אויב זיי האָבן געהאַנדלט נישט ווי געהעריק, און די חולאים זיינען געווען די געקריוודעטע. זי האָט אָפט געהאַט דורך דעם גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן און אַפילו ריזיקירט מיט איר שטעלע.

„עס איז פאַראַן,״ האָט זי געזאָגט, „אַ גרעסערע דיסציפּלין און אַ העכערער בעל־הבית. דאָס איז — מענטשלעכקייט.״ זי האָט קיינמאָל נישט געברויכט דאָס וואָרט „גוטסקייט״. אויך מיט דאָקטאָר טשאַרלז עדאַן האָט זי געהאַט אַ צוזאַמענשטויס, — אַ צוזאַמענשטויס, וועלכער האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט.

זי האָט געהאַט אין איר פּאַוויליאָן אַ האַרץ־קראַנקן, וועלכער האָט איין נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן און איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ שרעק, אַז ער שטאַרבט באַלד. איז איר איינגעפאַלן, אַז אויב אַ דאָקטאָר וועט מיט אים זיצן, וועט דער קראַנקער געפינען זיכערקייט און באַרואיקונג, אויב נישט, וועט די שרעק אים געוויס טויטן. טשאַרלז איז דעמאָלט געווען דער נאַכט - דאָקטאָר. איז זי אַוועק צו אים און געבעטן אָדער, ריכטיקער, געפאָדערט — דאָס איז שוין געלעגן אין איר טאָן, מיט וועלכן די מענטשלעכקייט־דיסציפּלין האָט פון איר אומגעדולדיק אַרויסגערעדט, — אַז ער זאָל קומען זיצן מיט דעם חולה די גאַנצע נאַכט. זי וועט אויך זיצן די גאַנצע נאַכט און וואַכן איבער דעם קראַנקן. טשאַרלז איז גראָד געווען זייער מיד און אָפּגעשפּאַנט און אין דער שטימונג צו כאַפּן אַ דרימל. די אויסזיכט צו וואַכן אַ גאַנצע נאַכט איז אים אויסגעקומען אַזוי מאָדנע פרעמד און אויסטערליש.

„איך וועט מיך רופן, ווען נויטיק,״ האָט ער לאַנגזאַם אַרויסגערעדט.

זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט, פאַרוואָס זי וויל, אַז ער זאָל זיצן לעבן דעם קראַנקן.

,,איר אַליין וועט זיין גענוג,'' האָט ער געענטפערט.

זי האָט אים דורכגענומען מיט אַ פאַרוואורפספולן בליק פון אירע געלבלעך־ברוינע מאַנדל־אויגן, אין וועלכע ער האָט ליב גע־האַט אַריינצוקוקן, און געזאָגט שאַרף און שניידנדיק:

,,אַבי מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איר זייט נישט גלייכ־גילטיק צו די ליידן פון אַ מענטש.''

דאָס האָט אויפגעטרייסלט טשאַרלזן, פאַרטריבן פון אים די מידקייט און שלאָף און אַריינגעטריבן רויטע פאַרשעמטקייט אין די באַקן. ער איז אַוועק מיט איר צום חולה.

,,אַ דאַנק, וואָס איר האָט מיך דערמאָנט,'' האָט ער איר גע־זאָגט.

,,איך האָב געוואוסט, אַז אייך דאַרף מען בלויז דערמאָנען,'' האָט זי געענטפערט.

עס איז אים פּלוצלונג געוואָרן אַזוי גוט מיט איר, אַזוי היי־מיש און חבריש. ער האָט נישט געדאַרפט דורכוואַכן די גאַנצע נאַכט. ווייל די אָנוועזנהייט פון דעם דאָקטאָר האָט טאַקע געווירקט באַרואיקנדיק אויף דעם חולה און ער איז באַלד איינגעשלאָפן. אָבער די שעה אָדער צוויי, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען ביים בעט פון דעם קראַנקן, זיינען פאַר אים געווען שטונדן פון דער־הויבנקייט דורך איר ליבפולער געדולד און האַרציקער מענטשן־ליבע. ווען ער איז אַוועק פון איר, האָט ער איר וואַרעם געדריקט די האַנט און נאָכאַמאָל געדאַנקט:

,,איר האָט מיר געטאָן אַ גרויסע טובה.''

זי האָט אים נישט געפרעגט, וואָס פאַר אַ טובה זי האָט אים געטאָן, אָבער זי האָט געזאָגט באַלערנדיק:

,,עס איז אַ גרויסע זאַך צו העלפן מענטשן.''

אַזוי וואָלט זיין טאַטע געזאָגט, און ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, ווי זי וואָלט איצט געוואָרן אַן אייגענער מענטש.

פון דעמאָלט אָן איז אָנגעגאַנגען צווישן זיי די דערנענטע־רונג. ביז ער האָט אָנגעהויבן צו שפירן, אַז ער מוז זי האָבן לעבן זיך שטענדיק. אַלע זיינע צווייפלען זיינען שטיל געוואָרן. זי וועט ער קיינמאָל נישט חושד זיין, און זי וועט אים זיין די שטאַרקסטע הילף אויף זיין תשובה־וועג, אויף דעם וועג פון העלפן און לינדערן.

און אזוי האָט ער זיך איינמאָל אנטשלאָסן און געבעטן זי צו ווערן זיין ווייב.

זי איז נישט איבערראַשט געוואָרן, זיין אָנבאָט איז איר אויסגעקומען אזוי זעלבסטפארשטענדלעך און זעלבסטפארשטענדלעך האָט זי אים אָנגענומען. זי האָט געשטעלט נאָר איין באַדינג: ער זאָל זי לאָזן זיין, וואָס זי איז — א העלפערין און א טרייסטערין, אויב נישט אלס קראַנקן־שוועסטער, איז אלס דינערין פון דער געזעלשאַפט, אלס כלל־טוערין.

---

ווען טשאַרלז האָט זי געבראַכט אין הויז פון זיינע עלטערן, זיינען זיי צוערשט געוועזן דערשראָקן און אנטוישט. זיי זיינען אליין געוועזן שיין און געהאַט דריי שיינע זין און צוויי שיינע שנורן, און בכלל ליב געהאַט שיינקייט — און דאָ, א קליינע, א דאַרע, מיט א קליינעם פּנימל, מיט זומער־שפּרענקעלעך און א גאַנץ מערקווירדיק קליינעם מיילעכל, וואָס איז שוין באַלד א זעענסווירדיקייט! אָבער ווען זי האָט זיך צורעדט, האָבן זיי דערפילט איר פּרעכטיקע נשמהדיקייט און דערזען אירע שיינע אויגן. נח איז באַלד אויפגעלעבט געוואָרן און האָט פאַרגעסן איר נישט־שיינקייט, דאָך מערע האָט נישט אזוי לייכט געקאָנט באַצווינגען אין זיך די בענקעניש נאָך א דריטער שיינער שנור.

„סילוויא, דאָרא — און זי,״ האָט מערע באַדויערט.
„זי געפעלט מיר זייער!״ האָט זיך נח באַגייסטערט.
„ווי שיין יענע זיינען!״
„און מיר דוכט זיך, אז זי איז שענער.״
„דו מיינסט...״
„אלס מענטש...״
„דאָס שוין יאָ,״ האָט מערע צוגעשטימט.

---

סילוויא האָט זיך דערוואוסט פון מערען, אז טשאַרלז איז געוואָרן א חתן. אָ, ענדלעך איצט וועט קומען, אויף וואָס זי האָט געוואַרט. זי וועט אַריינגעמען טשאַרלזעס ווייב אין אירע הענט, און טשאַרלז וועט שוין וואָס דערלעבן מיט איר... זי וועט זי שוין

מדריך זיין!... דאָס וועט זיין איר נקמה אָן דעם מאַן, וועלכן זי האָט אמתדיק געליבט און וועלכער האָט זי אַזוי דיר־נישט מיר־נישט אַוועקגעוואָרפן!...

„אַ שיינע?" האָט זי קורץ געפרעגט און דערוואַרט אַ באַ־גייסטערטן ענטפער.

„אין זיינע אויגן," האָט מערע געענטפערט, ווי אַנטוישט וואָס זי קאָן נישט געבן קיין בעסערע ענטפערס.

סילוויאַ האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

„און אין אייערע?"

„אַלס מענטש, געפעלט זי מיר זייער," האָט מערע געגעבן אַן אויסווייכנדיקן ענטפער.

„איר ווילט זאָגן, אַז זי איז נישט קיין שיינע?"

„אַבי איר מזל זאָל זיין שיין," האָט מערע דערווידערט און גלייך מונטערדיק צוגעגעבן: „זי האָט וואונדערבאַרע אויגן!"

סילוויאַן האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן. דאָס וועט זיין אַ גרויסע אַנטוישונג פאַר איר!

„ווי זעט זי אויס?" האָט זי ווייטער געפרעגט.

„וועסט זי שוין זען," האָט מערע געענטפערט.

ווען סילוויאַ האָט געזען גאָלדין, איז זי אויפגעקאָכט געוואָרן אויף טשאַרלזן. דער מענטש האָט איר קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן נקמה־פּלאַן, מיט וועלכן זי האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעטראָגן! נישט נאָר איז די גאָלדי נישט שיין, נאָר זי איז נאָך איינע מיט פּרינציפּן. אַ גאַנצע סאָציאַליסטקע, וועלכע קוקט אויף איר מיט באַדויערנדיקע בליקן. אַנשטאָט לאָזן זיך אַראָפּגעפירט ווערן וועט אַזאַ איינע גאָר וועלן אַרויספירן, באַלערנען, מוסרן... בררר! בעסער צו טרעפן זיך מיט איר וואָס זעלטענער!

די בײדע פרויען האָבן זיך גלייך נישט ליב געקראָגן.

„איך האָף, אַז איך וועל זי נישט דאַרפן אָפט זען," האָט גאָלדי געזאָגט צו טשאַרלזן. „איך פיל, אַז איך וועל זיך מיט איר שנעל צוקריגן. דו ביזט דאָך אויף מיר נישט ברוגז, וואָס איך זאָג דאָס?"

ניין, טשארלז איז נישט געווען ברוגז. ער איז אפילו געווען העכסט צופרידן.

---

און טשארלז האָט חתונה געהאט מיט גאָלדין, און זי האָט אים געבאָרן א זון, און זיי האָבן אים א נאָמען געגעבן טשארלז דזשוניאָר.

---

ערשטער קאַפּיטל.

# נח ווערט זעכציק יאָר

דריי אייניקלעך בלויז! דריי אייניקלעך פון אַלע דריי זין!...
נח און מערע זיינען געווען אומצופרידן.

דריי מאָל דריי האָבן זיי באַדאַרפט זיין. לכל הפּחות, דריי פון יעדן זון.

זיי האָבן זיך עס געמעגט דערלויבן, זייערע זין, נישקשה. מאָרי איז אַ מיליאָנער, איינער פון די גרעסטע סוחרים אין שטאָט און לאַנד, אָסקאַר איז אַ באַרימטער „קאָרפּאָריישאָן-לאָיער" און מען שאַצט אים זייער רייך, און טשאַרלז איז אַ דערפאָלגרייכער דאָקטאָר, וואָס הוץ זיין שאָדן, אויף אַלע אָרימעליים געזאָגט געוואָרן. זיי האָבן זיך אַלע געמעגט דערלויבן צו האָבן מער ווי איין קינד, און אפילו מער ווי צוויי.

מען האָט נאָך געקאָנט פאַרשטיין און אַנטשולדיקן גאָלדין. יענע איז געווען פאַרטאָן מיט צדקה-חברות און מיט פאַרזאָרגן פרעמדע קינדער, האָט זי פּשוט קיין צייט נישט געהאַט צו האָבן אַ סך קינדער. אָבער סילוויאַ? אָדער דאָראַ? וואָס האָבן זיי אַזוי קיין צייט נישט געהאַט?

אָבער גיי און פאָדער פון אַ וועלט, ביי וועלכער קינדער זיינען אַ הכבדה, אַ לאַסט!

זיי האָבן טאַקע נישט געפאָדערט, נח און מערע. קיינמאָל מיט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט זיך נישט פאַר די זין און נישט פאַר די שנור. זיי זיינען געווען טאַקטפול, געוואוסט, וואָס זיי דאַרפן און וואָס זיי דאַרפן נישט, אָבער צווישן זיך האָבן זיי גערעדט, און אָפט גערעדט. עס איז זיי געווען אומעטיקלעך אונטער דעם איין-קינד-סיסטעם.

קינדער — אַ לאַסט! זיי, נחת און מערען, זיינען די דריי זין ווייניק געווען. ווי האָבן זיי געוואָלט כאָטש איין טאָכטער נאָך! זיי האָבן זיך אַפילו געווענדט צו דאָקטוירים, ווען יאָר נאָך יאָר איז אַוועק און מער קיין קינדער זיינען ביי זיי נישט געבאָרן געוואָרן. אָבער גאָט האָט מער נישט געגעבן, האָט נישט געהאָלפן די דאָקטאָריע.

ווי שיין וואָלט געווען זייער שבת־טיש, אָדער זייער סדר אין דער ערשטער פסח־נאַכט, אָדער דאָס פאַרפאַסטן זיך ערב יום־כיפור, ווען עס וואָלטן געווען פאַרזאַמלט לכל הפחות ניין אייניקלעך!

זינט נאָמי איז געוואָרן צוויי יאָר אַלט, איז ער געווען זייער גאַסט ביים שבת־טיש. יעדן שבת, סיידן ער איז קראַנק געווען. מיט פינף יאָר שפּעטער האָט אָנגעהויבן צו קומען די צוויי־יעריקע זעלדע, און מיט צוויי יאָר נאָך זעלדען — דער צוויי־יעריקער דזשוניאָר. און שטיין געבליבן. נישטאָ מער.

איז אַן אייניקל קראַנק געוואָרן און האָט געפעלט ביים טיש, האָבן עס זיידע און באָבע געפילט. ליידיקלעך געווען. און זיינען אַמאָל צוויי קראַנק געוואָרן און האָבן געפעלט, איז טאַקע שווער געווען אויפן האַרצן. אויס זיידע־באָבע, נאָר איינזאַמע מענטשן.

מיט די אייניקלעך פלעגן אויך קומען די שניר צום שבת־טיש. דאָרא געוויינלעך אַלע שבת, סיידן זעלדעלע איז געווען נישט געזונט. אויך גאָלדי האָט זיך זעלטן געלאָזט פאַרהאַלטן פון איר קהל'שער אַרבעט, און זי האָט שטענדיק געבראַכט מיט זיך נאָנטקייט און האַרציקייט און פריילעכקייט. אָבער סילוויאַ פלעגט אַמאָל קומען, אַמאָל נישט. און איז זי געקומען, האָט זי זיך געהאַלטן פרעמד און קאַלט, אָן אַ ברעקל צוגעלאָזנקייט, אָן דעם קלענסטן געפיל פון קרובהשאַפט און געקוקט אויף די שווענערינס פון אויבן־אַראָפּ. דאָראַן האָט זי באַהאַנדלט, ווי יענע וואָלט עפּעס געווען אַ נאַר און אַ לעקיש, און מיט גאָלדין וואָלט זי זיך נאָר אַרומגעריסן. אָבער דאָ האָט זי שוין אָנגעטראָפן אויף דער רעכטער. גאָלדי האָט איר נישט דורכגעלאָזן דאָס מינדעסטע. זי האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגערויבן — זי קומט דאָך נישט צו שווער און

שווינגער צו קריגן זיך מיט מאַדאַם סילוויאַ עדאָן, האָט זי געזאָגט, — אָבער זי האָט איר קיינמאָל נישט פאַרשווינגן.

כּמעט אַ שבת־פאַרשטערניש איז זי געווען, די סילוויאַ. אַן אמתער האַרץ־ווייטיק. זי, ווי אויך די זין. די האָבן שטענדיק גע־פעלט. עס וואָלט דאָך געווען אַן אמתער נחת צו זעצן זיך שבת ביים טיש מיט אַלע זין און שניר און אייניקלעך — אַ פּאַטריאַר־כאַלישקייט און אַ זיסע היימישקייט, וועלכע וואָלט דערהויבן דעם עונג שבת צו גאָר אַ הויכער מדרגה. דאָך וואָס ווייסן זיי פון שבת, דעם טאָג פון רו און נשמה יתירה, פון נשמה־דערהויבונג און פּרינצלעכער דערנענטערונג צום מלך מלכי המלכים? און וואָס ווייסן זיי פון פאַמיליע, פון אַ צוגעבונדנקייט, וועלכע נעמט דיך אַוועק פון זיך און בינדט דיך צונויף מיט ברידער און שוועסטער און מומעס און פאַרשיידענע שוועסטער־קינדער, מיט די נאָנטסטע און ווייטסטע קרובים און מחותנים, ווערסט אַ גליד אין אַ קאַראַ־האַד־טאַנץ און פילסט זיך וואַרעם און פריילעך, ווי דו וואָלסט געלעבט אין אַ קאַפּעליע.

איז וואָלטן כאָטש אַ סך אייניקלעך געווען!

זיי האָבן דאָס קיינמאָל אַזוי נישט געפילט, ווי אין דער יובילעאום־נאַכט, אין דעם יום־טוב, וועלכן די קינדער האָבן גע־מאַכט, ווען נח איז אַלט געוואָרן זעכציק יאָר.

אַ זאַל איז גענומען געוואָרן אין איינעם פון די רייכסטע האָטעלן אין ניו־יאָרק, געסט זיינען איינגעלאַדן געוואָרן — קרו־בים, מחותנים, פריינט און באַקאַנטע, אַ היפּשער עולם אָן עין־הרע — און אַן אָרקעסטער־מוזיק און זינגער און בלומען איבער בלומען, און רעדעס — אין אַלץ אָסקאַרס קאָפּ און האַנט. ווען אַלע זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָט די מוזיק אויפגעשפּילט און אין זאַל האָבן אַריינגעמאַרשירט די הויפּט־מחותנים, איינציק־ווייז, איינס הינטער דעם אַנדערן אין אַ לאַנגער שורה: צוערשט דער נייניעריקער דזשוניאָר, הינטער אים די עלפיעריקע זעלדאַ, הינ־טער איר דער זעכצניעריקער נאָרמאַן, און דערנאָך די שניר גאָלדי, דאָראַ, סילוויאַ, הינטער זיי די זין טשאַרלז, אָסקאַר, מאָרי. צו־לעצט די מאַמע מערע און הינטער איר דער יובילאַר נח. עס איז געוואָרן אַ פּאַטשעריי און אַ הוראַ־געשריי, אָבער קוקנדיק אויף

די אייניקלעך, האָבן אַלע געפילט, אַז עס איז — ווייניק... געקאָנט זיין אַ היפּש ביסל מער. און נח און מערע האָבן געפרייט זיך מיטן אָנבליק פון די צוויי שורות שיינע מענטשן, וועלכע זיינען אַרויס־געקומען פון זיי, און געבענקט נאָך די, וועלכע זיינען נישט געבאָרן געוואָרן. געדאַרפט זיין אַ היפּש ביסל מער. אַ פּאָר רעדנער האָבן דאָס דערמאָנט אין זייערע רעדעס. איינער האָט אַפילו אויסגערופן:

„וואָס פאַר אַ שיינע טרעפּ צום הויכן עלטער וואָלט דאָס דאָ געווען, ווען די צאָל פון די אייניקלעך פון אונזער פאָרערטן יו־בילאַר וואָלט כאָטש געווען דריי מאָל דריי!”

צווייטער קאַפּיטל

# טשאַרלז דזשוניאָר

וואָס פֿאַר אַ ליכטיק האַרציק טרעפֿל דאָס גאַנצע אונטערשטע איז געווען! דער ייִנגסטער פֿון די דריי אייניקלעך, טשאַרלז דזשוניאָר, דער מיט די געלבלעך־ברוינע מאַנדל־אויגן, וועלכע ער האָט אָפּגעקראָגן פֿון זיין מאַמען, און מיט דעם ווייסן, צאַרטן, שיינעם פּנים, וואָס ער האָט איבערגענומען פֿון זיין טאַטן. און מיט דעם זייער גוטן, ערלעכן האַרץ, וואָס ער האָט אָפּגעירשנט פֿון ביידן.

טשאַרלז און גאָלדי זיינען ביידע געווען באַקאַנט מיט זייער גוטסקייט און מענטשלעכקייט, ער — אַלס קינדער־ספּעציאַליסט, פֿאַר וועלכן דאָקטאָריע איז געווען מער אַלס פּרנסה, נאָר אַ תשובה, אַ מעגלעכקייט צו פּאַרגיטיקן זיין זינד, אַן ארויסהויבונג פֿון זיין געפֿאַלנקייט. זי — אַלס אונטערזוכערין פֿאַר אַ צדקה־אַנשטאַלט, אַ באַזוכערין פֿון הייזער פֿון אָרעמקייט און נויט, אַ ברענגערין פֿון הילף און טרייסט.

אַ סך מעשים האָבן זיך די ווייסער אָנדערציילט וועגן דער גוטסקייט און מענטשלעכקייט פֿון דעם דאָקטאָר טשאַרלז עדאָן און זיין פֿרוי גאָלדי. אָבער אַ זון האָבן זיי, האָבן די ווייסער צו־געגעבן, וועלכער וועט זיי נאָך ביידן איבערשטייגן.

אין אָנהויב 1917, ווען די וועלט־מלחמה איז שוין געווען אין איר דריטן יאָר, איז דזשוניאָר געוואָרן צען יאָר, אין זעקסטן יאָר פֿאָלקס־שול, ווייל ער האָט זיך געלערנט זייער גוט און איז אַריבערגעשפּרונגען צוויי יאָר, און אַ שטאַרקער צייטונגס־לייענער. נישט פֿון די ספּאָרט־נייעס און פֿון די קאָמישע בילדער, נאָר דער עיקר פֿון די מלחמה־נייעס. ער האָט זיי פֿאַרשלונגען, געלייענט זיי ווי פֿאַרשיכּורט, אָבער גאַנץ בלייך אין געזיכט, אויפֿגערעגט, און

בײַ יעדער צאָל פֿון געהרגעטע און פֿאַרוואונדעטע, האָט ער זיך געבראָכן די פֿינגער און געחזרט: „אָ, דזשי, אָ, דזשי!" — די אָפּקירצונג פֿון דעם נאָמען יעזוס האָט נישט מער געמיינט אויף זײַנע ליפּן, ווי „אָ וויי! אָ וויי!" אויף די ליפּן פֿון זײַן זיידן. דאָס יונגל האָט געליטן שרעקלעכע יסורים פֿון דעם, וואָס אַזויפֿיל מענטשן ווערן געהרגעט און פֿאַרוואונדעט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן צו דערוואַרטן, אַז באַלד וועט אַמעריקע אויך אַרײַנגיין אין מלחמה, אַט־אַט וועט פּרעזידענט ווילסאָן אַרויסקומען מיט אַ קריגס־דערקלערונג, אין דער ייִנגל געווען אויסער זיך.

„ער וועט עס דאָך נישט טאָן, וועט ער?" האָט ער זיך געבעטן בײַ זײַן טאַטן, גלעטנדיק זײַן געזיכט. ווי ער וואָלט אים געוואָלט דערוווייכן, און ער זאָל זיך באַמיען, אַז פּרעזידענט ווילסאָן זאָל נישט דערקלערן קיין מלחמה.

„דו לייענסט דאָך צײַטונגען," האָט אים דער פֿאָטער געענטפֿערט. „זעסטו דאָך אַליין. וועט דער פּרעזידענט ווילסאָן דערקלערן קריג אָדער ניין?"

„דו וועסט דאָך נישט גיין אין מלחמה, פּאַפּאַ?". האָט זיך דאָס קינד געבעטן.

„מסתמא ניין."

„זאָג, גשווים ניין."

„געוויס ניין. איך בין שוין באַלד צו אַלט."

„און, אַז דו וואָלסט געווען ייִנגער, וואָלסטו געגאַנגען?"

„איך בין אַ דאָקטאָר. וואָלסטו נישט געוואָלט, אַז איך זאָל העלפֿן פֿאַרוואונדעטע סאָלדאַטן?"

„אָבער דו וואָלסט נישט געשאָסן, וואָלסט נישט געמאָרדעט?"

„ניין. אַ דאָקטאָר דאַרף עס נישט, דאַרף נאָר העלפֿן היילן."

„פּאַפּאַ, ווי קאָנען זיי עס? ווי קאָנען זיי שיסן, מאָרדן?"

„אַזוי איז מלחמה."

„אין מלחמה הערן דען אויף מענטשן צו זײַן מענטשן?"

„אין מלחמה ווערן מענטשן פּאַטריאָטן."

,,אָ, דו ווילסט זיך!" האָט דער יונגל באַליידיקט אויסגע־רופן. און שפּעטער אַ ווײַלע:

,,מאָרגן נאָך דער שולע, וועל איך אַריבערפאָרן צום אָנקל אָסקאַר."

,,וואָס ווילסטו ביים אָנקל אָסקאַר?".

,,ער איז אַ גרויסער פּאָליטישן. ער האָט געהאָלפן פּרעזידענט ווילסאָן צו ווערן פּרעזידענט. ער דאַרף זען, אַז אַמעריקע זאָל נישט אַריינגעצויגן ווערן אין מלחמה."

טשאַרלז האָט אויפגעלאַכט.

,,וואָס לאַכסטו?"

,,דו איבערשאַצסט דעם איינפלוס פון אָנקל אָסקאַר."

,,אָ, אָנקל אָסקאַר איז אַ וויכטיקע פּערזאָן!"

טשאַרלז האָט אים נישט געוואָלט אָפּרעדן. זאָל ער פאָרן צו אָנקל אָסקאַר, האָבן זיינע דערפאַרונגען, אויסלעבן זיינע חלומות. גאָלדים מוטער־האַרץ האָט אַביסל אויפגעצאַפּלט ביים געדאַנק, אַז דאָס צען־יעריקע קינד וועט פאָרן אַליין, אָבער זי האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט.

אויף מאָרגן נאָך דער שולע האָט זיך דזשוניאָר אַוועקגעלאָזן נאָך דעם אונטערן בראָדוויי, צו זיין אָנקל אָסקאַר, דעם גרויסן פּאָליטישן, אום צו בעטן אים, ער זאָל אָפּהאַלטן אַמע־ריקע פון מלחמה. אין איין האַנט דאָס רענצל מיט אַלע שול־ביכער, אין דער אַנדערער אַ געאָגראַפיע־לערבוך, אום אַריינ־צוכאַפּן אויפן וועג אַ טייל פון דער שול־אַרבעט, איז ער געגאַנגען פעסט און אַנטשלאָסן. אַריין אין סאָבוויי, געקראָגן אַ זיץ און אַוועקגעזעצט זיך שטודירן. ווען ביי די ווייטערע סטאַציעס איז דער וואַגאָן אָנגעפּאַקט געוואָרן מיט פּאַ־סאַזשירן, האָט ער אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ אַ יונגער דאַמע און אַליין אויפגעשטעלט זיך, מיט דעם רענצל ביי זיינע פיס, און ווייטער געשטודירט זיין געאָגראַפיע, געפּרואווט זיך צו דערלאַנגען דעם הענגער איבער זיין קאָפּ און אָנצוהאַלטן זיך מיט איין האַנט, געצויגן זיך אויף די שפּיצפינגער, קוים דערגרייכט דעם הענגער און גע־פילט זיך ווי אַ גרויסער, אַ דערוואַקסענער. די דאַמע, וועמען ער האָט אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ און פאַר וועלכער ער איז איצט

געשטאַנען, האָט אים איינגעלאַדן צוצורוקן זיך נענטער און אָנ־האַלטן זיך אָן איר. ער האָט אָפּגעדאַנקט און אַפילו אָפּגערוקט זיך, באַהאַלטן זיין געזיכט אין דעם לערבוך, געשאָקלט זיך אין דעם שנעלן לויף פון דעם צוג און איז אַ פּאָר מאָל שיר נישט אומגע־פאַלן. ער האָט געשטודירט און געציילט די סטאַנציעס, איז אַרויס־געקומען אויף דער ריכטיקער סטאַנציע און אַוועק אין דעם געדרענג און געטומל פון דעם אונטערן בראָדוויי, אָנגעלאָדן מיט דער וויכ־טיקער שליחות, אַנטקעגן וועלכער אַלע שליחותן פון די פאַרביי־לויפער און פאַרביי־יאָגער זיינען געוועזן גאַנץ באַדייטונגסלאָז. ער האָט זיך נישט געפילט פאַרלאָרן אין דעם מענטשן־ים, דורך וועלכן ער האָט זיך מוטיק דורכגערודערט, האָט טריאומפירנדיק איבערגעלייענט די ציפער, פון דעם וואָלקנקראַצער, וואו אויף דעם צוועלפטן שטאָק איז געווען זיין פעטערס אָפיס, זעלבסטבאַוואוסט אַריין אין דעם עלעוויטאָר, וועלכער האָט אים אַרויפגענומען צום צוועלפטן שטאָק, זעלבסטבאַוואוסט אַריין אין דעם פעטערס אָפיס און מיט אַ קלינגענדיקער שטים אַרויסגעדיקטירט דער טעלעפאָן־מיידל, וואָס איז געזעסן אין פאָרצימער, זיין נאָמען טשאַרלז דזשו־ניאָר און מיט פעסטקייט צוגעגעבן:

„איך מוז זען מיין אָנקל אָסקאַר."

ווען אָסקאַר האָט דערהערט, אַז זיין קליינער ברודערזון, וועלכן ער האָט זייער געליבט, מוז אים זען, איז ער גאַנץ איבעראַשט געוואָרן און אַפילו אַרויסגעגאַנגען אים מקבל פּנים צו זיין:

„זע נאָר, זע נאָר, זע נאָר... אָט אַ גאַסט! וואָס האָט פּאַסירט? מיט וואָס האָב איך פאַרדינט דעם כבוד?"

ער האָט אויסגעשטרעקט צו אים ביידע הענט, שיר אים נישט אויפגעהויבן צו זיך אויף די הענט.

„ביסט געקומען אַליין? ווער האָט דיך געבראַכט?"

„די סאָבוויי."

„וואָס זאָגט מען צו דעם קליינעם מאַן!"

ער האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר די מענטשן אין אָפיס, פאַר די מענער און די פרויען:

„מיין פּלימעניק, דער זון פון מיין ברודער, טשאַרלז דזשו־

ניאָר עדאָן, געקומען אַליין פון די ניינציקער גאַסן מיט דער סאָב־
ווי. אַט אַ בחור: אַ גאַנצער מאַן!"

אַריינגעפירט אים צו זיך אין קאַבינעט, אַוועקגעזעצט אים אויף
אַ שטול, דערזען דאָס בוך אין זיינע הענט, גענומען עס און אַריינ־
געקוקט:

„אָ, אַ געאָגראַפיע... געקומען אפשר צו פרעגן ביי מיר, וואָס
דו פאַרשטייסט נישט? אָבער איך בין געווען שלעכט אין געאָגראַפיע,
קוים דורכגעשטופּט זיך."

„אָ, ניין!" האָט דזשוניאָר דערווידערט. „איך בין גוט אין גע־
אָגראַפיע."

„אַזוי! האָט דיך עפּעס אַנדערש געבראַכט צו מיר, און איך
האָב זיך שוין הערשראָקן, געמיינט: געאָגראַפיע."

„אָ, הער־אויף, אָנקל!"

„אַנטשולדיק זייער! — זאָג־זשע מיר, וועלכע אָנגעלעגנהייט
האָט דיך געבראַכט צו מיר. אָבער צוערשט זאָג מיר נאָר, וויס דער
טאַטע אָדער די מאַמע, אַז דו ביסט אַליין אַוועק צו מיר?"

„זיי וויסן."

„אינטערעסאַנט. נו, טיק רעד."

אויסגעצויגן די האַנט, אָנגענומען דאָס קינד און צוגעצויגן צו
זיך, מיט לאַסקע אַוועקגעשטעלט אים צווישן זיינע קני און ליב־
פול אַריינגעקוקט אים אין די געלבלעך־ברוינע מאַנדל־אויגן. דאָס
האָט דעם קינד צוגעגעבן אַ סך מוט — איצט וועט ער אַלץ אויספירן
ביי זיין פעטער.

„זאָג, אָנקל, דו האָסט דאָך געהאָלפן פּרעזידענט ווילסאָן צו
ווערן פּרעזידענט?"

אָסקאַר האָט זיך צולאַכט.

„נאָך ווי! אָן מיר וואָלט ער נישט געוואָרן פּרעזידענט."

„דו מיינסט עס ערנסט?"

„צווייפלסטו?"

„איז אַז דו וועסט אים עפּעס בעטן, וועט ער טאָן?"

„ווילסט אפשר ווערן אַ מיניסטער?"

„זאָג אים, ער זאָל נישט דערקלערן קיין מלחמה."

אָסקאַר האָט זיך צולאַכט לאַנג און האַרציק:

,,וואָס איז? ביזט אפשר פאַר דייטשלאַנד?״

,,איך בין קעגן מלחמה. מענטשן דאַרפן נישט מאָרדן מענטשן, בלוט דאַרף נישט פאַרגאָסן ווערן.״

,,אָ, דו ביסט אַ פּאַציפיסט!״

,,איך ווייס נישט, וואָס איך בין, אָבער מלחמה איז שרעקלעך.״

,,מלחמה מיט דעם צוועק צו פאַרניכטן דעם קייזער, איז נישט שרעקלעך.״

,,ווען דו זאָגסט עס, האָב איך דיך נישט ליב.״

,,עס טוט מיר לייד, אָבער עס איז אַזוי ווי איך זאָג.״

,,דער זיידע ווייס בעסער. ער זאָגט, אַז די מלחמה איז שרעקלעך, און איך ווייס עס אַליין. ווען איך לייען פון די געהרגעטע און פאַרוואונדעטע, ציטער איך.״

,,איך שעם זיך פאַר דיר, דו ביזט נישט קיין העלד. זעלדאַ איז אַ סך מער העלד פאַר דיר...״

,,וואָלסטו געקאָנט מאָרדן און בלוט פאַרגיסן? וועסטו גיין אין דער מלחמה?״

,,ווען פּרעזידענט ווילסאָן וועט מיך רופן.״

ביים קינד האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, און מיט ביידע הענטעלעך האָט ער זיך אָפּגעשטופּט פון פעטער.

,,דו ביזט אַ שלעכטער מענטש, אָנקל.״

,,אָ, ניין!״ האָט אָסקאַר פּראָטעסטירט, גאַנץ גערירט פון דעם קינדס מיט טרערן פאַרלאָפענע בליקן. ,,זאָג עס מיר נישט. די דייטשן זיינען שלעכטע מענטשן און מיר דאַרפן זיי אָנלערנען.״

,,אַלע, וואָס מאָרדן זיינען שלעכטע מענטשן,״ האָט דזשוניאָר געזאָגט, שוין גאַנץ אויפגערעגט.

,,ווייסט וואָס,״ האָט אָסקאַר געזאָגט און געלאַסקעט דאָס קינד מיט זיין האַנט, ,,איך וועל זאָגן דעם זיידן, ער זאָל מיט דיר נישט רעדן מער וועגן מלחמה.״

,,ניין, דו זאָג בעסער פּרעזידענט ווילסאָן, ער זאָל נישט דערקלערן קיין מלחמה.״

אָסקאַר האָט זיך ווידער צולאַכט.

,,ניין, מיין ליבער יונג, איך וועל עס פּרעזידענט ווילסאָן נישט

זאָגן, ווייל צו פּרעזידענט ווילסאָן קאָן מען נישט צוקומען, ווי דו צו מיר.״

„דו האָסט דאָך געהאָלפן פּרעזידענט ווילסאָן...״

„צו ווערן פּרעזידענט... ניין, מיין קינד, אַלע, וואָס האָבן פאַר אים געשטימט, האָבן אים געהאָלפן.״

דער יינגל איז געבליבן גאַנץ אַנטוישט.

„און איך האָב געמיינט...״

„ווען דו וועסט וואַרטן, וועל איך דיך אָפּפירן אַהיים אין מיין אויטאָ.״

דזשוניאָר האָט געוואַרט, געלאָזט זיך אָפּפירן אַהיים, אָבער נישט גערעדט מער. ווען דער פעטער האָט מיט לאַכן געוואָלט אי־בערדערציילן, מיט וואָס פאַר אַ מיסיע זיין ברודערזון איז געקומען צו אים, האָט אים דזשוניאָר שאַרף איבערגעריסן:

„ניין, דו וועסט נישט דערציילן!״

אין אויטאָמאָביל איז דזשוניאָר געוועזן אָנגערוקט און שווייגנ־דיק, אָסקאַר האָט זיך באַמיט צו אַמוזירן אים. אָנגעוויזן אים אויף באַרימטע הייזער און געשעפטן, דערציילט אים חידושים וועגן פאַר־שיידענע פּערזענלעכקייטן און געמאַכט אַ וויץ, אַז דזשוניאָר איז נישט דער ערשטער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט מיט אַזאַ גרויסער מיסיע. גלייך אין אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָט הענרי פאָרד זיך אַרויסגעלאָזט נאָך אייראָפּע מיט אַ שלום־שיף און נעבעך אויך געמוזט קומען אַהיים מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער נאָז...

„איך האָב נישט אַראָפּגעלאָזן די נאָז!״ האָט דזשוניאָר שטאָלץ אָפּגעענטפערט.

„אָ, דו האָסט זיך נאָך נישט אָפּגעזאָגט פון דיין אידעע?״

דזשוניאָר האָט נישט געענטפערט. קענטיק, ער האָט נישט גע־וואָלט אַריינלאָזן זיין פעטער אין זיינע פּלענער. אָסקאַר איז אין אים נישט געדרונגען, געלאָזן אים צורו, און אָנגעקוואָלן פון דעם קליינעם שיינעם יינגעלע, וואָס האָט געוואָלט אָפּשטעלן די מלחמה. ער האָט אַריינגענומען דזשוניאָרס הענטל אין זיינע הענט און מיט ליבע געגלעט עס.

„וואָלסטו אפשר געוואָלט פאַרפאָרן צו מיר, זען טאַנטע דאָראַ

און קוזינע זעלדאָ? זעלדאַ, זעסטו, וואָלט נישט געוואָלט אָפּשטעלן די מלחמה. זי וועט זיין אויפן זיבעטן הימל, ווען איך וועל זיך באַווייזן אין מיליטערישער אוניפאָרם. זי איז שוין איינמאָל אַ סאָלדאַט! ווילסטו אַריינקומען?"

,,ניין!" האָט דזשוניאָר באַזונדערס שאַרף אָפּגעענטפערט.

אָסקאַר האָט אויפגעלאַכט.

,,אָ, דו וועסט דאָך נישט ברוגז ווערן מיט זעלדאַן?"

דזשוניאָר האָט גאָרנישט געענטפערט.

ביי דער טיר פון טשאַרלזס הויז, האָט אָסקאַר געזאָגט:

,,איך האָב אַפילו קיין צייט נישט. אָבער איך וועל אַרויס־שטייגן אויף אַ ווײַלע און אַ קוק טאָן אויף דיין טאַטע־מאַמע."

,,ניין!" האָט דזשוניאָר אויסגעשריען. ,,דו וועסט איצט נישט אַריינקומען צו אונדז. דו וועסט לאַכן פון מיר, און איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט לאַכן פון מיר."

,,אויף מיין ערנוואָרט..."

,,איך בעט דיך, אָנקל, קום איצט נישט אַריין."

ער האָט דאָס אַזוי האַרציק אַרויסגעזאָגט, אַז אָסקאַר האָט אים געמוזט נאָכגעבן.

,,גוט," האָט ער געזאָגט. ,,גריס זי פון מיינטוועגן."

,,און סיי ווי סיי זיינען זיי איצט ביידע נישטאָ אין דער היים," האָט דזשוניאָר געזאָגט, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרגלעטן זיין אומ־העפלעכקייט.

,,אָלרייט, אָלרייט, מיין זון!" האָט אָסקאַר געזאָגט, וואַרעם אַ קוק געטאָן אויף דעם יינגל און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים, גאַנץ אַנטציקט, וואָס ער האָט צו דערציילן זיין דאַראַן און זיין זעלדען אַזאַ אינטערעסאַנטע זאַך. און אויך אין זיין פּאָליטישן קלוב וועט ער עס היינט דערציילן. וועט מען עס אַביסל לאַכן! אַ טייערער בחור!

ווען טאַטע און זון האָבן זיך אָנגעטראָפן, האָט טשאַרלז גע־פרעגט:

,,האָסטו געזען אָנקל אָסקאַר?"

,,יאָ."

,,איך זע נאָך דיין פּנים, אַז דו האָסט נישט פיל דערגרייכט."

„אָ, ער האָט נישט דעם קנאַפּסטן איינפֿלוס בײַ פּרעזידענט ווילסאָן!"

„איך האָב עס דיר געזאָגט."

„און ער איז פֿאַר מלחמה."

„ווי אַלע אַנדערע."

„מערקווירדיק, דו און דער זיידע און די מאַמע און די באָבע זײַנען קעגן מלחמה און ער איז פֿאַר."

„עס איז גאָר נישט מערקווירדיק."

„איר אַלע זײַט אַזוי קלוג ווי ער, און נאָך קליגער."

„אָ, איך ווייס נישט."

„ער איז אַ פּאָליטישן און נישט מער."

„דאַרפֿסט נישט אַזוי רעדן וועגן אָנקל אָסקאַרן."

דזשוניאָר האָט מער גאָרנישט געזאָגט, און טשאַרלז איז געווען זיכער, אַז דערמיט האָט זיך געענדיקט די שלום־מיסיע פֿון זײַן זון.

„זײַ נישט אַנטוישט, זונעלע," האָט ער געזאָגט. „דו האָסט געוואָלט טאָן אַ גוטע זאַך, און איך קאָן שטאָלצירן מיט דיר."

אויך אויף דעם האָט דזשוניאָר גאָרנישט געענטפֿערט. ער איז נאָך נישט געווען גרייט צו זאָגן דעם טאַטן, אַז ער האָט נאָך דאָרטן זײַנע געדאַנקען און פּלענער.

פֿון גאָלדיס מוטערהאַרץ איז אַוועק די אומרו, וואָס האָט זי גע־דריקט אַ גאַנצן טאָג. איצט איז זי געווען שטאָלץ, וואָס איר זון איז אַזוי ווי ער איז און טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע מענטשלעכע געדאַנקען, וועלכע אַלע באַמיען זיך צו אונטערדריקן אין זיך און אויסצוראָטן פֿון זיך אין דער מלחמה־משוגעת. בײַם שלאָפֿן־ליגן איז האָט זי אים הארציקסט געקושט, אויסגעקושט איר פֿריערדיקע אומרו און אַרײַנגעקושט איר איצטיקן שטאָלץ, מיט גליקס־טרערן אין די אויגן. ווען זי האָט געוואָלט אויסלעשן דאָס ליכט, האָט דזשוניאָר זי אָפּגעשטעלט:

„ניין, טו עס נישט און גיי נאָך נישט אַוועק. איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן."

„עס איז שוין צײַט פֿאַר דיר צו שלאָפֿן," האָט זי געזאָגט. „אָבער איך וועל דיך אויסהערן."

,,דו ביזט אזוי גוט,'' האָט ער וואַרעם אַרויסגערעדט און אויסגעצויגן צו איר זיינע הענטלעך.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעט:

,,גו, דערציייל, רעד.''

דזשוניאָר האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער לינקער זייט, די לינקע האַנט אונטער דער באַק, די אויגן אָנגעשטעלט אין דער ווייט.

,,אויף וואָס זיינען קירכן, מאַמע?''

,,קירכן? וואָס עפּעס פּלוצלונג? ניין, גיי בעסער שלאָפן, איך וועל אויסלעשן דאָס ליכט.''

זי האָט געוואָלט אויפשטיין, ער האָט זי אָפּגעהאַלטן מיט דער רעכטער האַנט, וועלכע איז געלעגן צווישן אירע הענט.

,,ניין, מאַמע, דו ענטפער מיר, איך מוז עס וויסן. צו וואָס זיי־נען קירכן?''

,,קירכן זיינען פאַר גלויביקע קריסטן צו דאַוונען דאָרטן און בעטן גאָט.''

,,און גאָט איז אין אַלע קירכן דערזעלביקער גאָט?''

,,גו, יאָ.''

,,וואָס בעטן זיי פון אים?''

,,פאַרשיידענעס.''

,,אָט אין דער מלחמה, וואָס בעטן זיי ביי אים?''

,,ווער?''

,,די פעלקער, וועלכע שלאָגן זיך — זיי האָבן דאָך אַלע קירכן?''

,,יעדעס פאָלק בעט אויף אַ זיג פאַר זיך און אויף אַ מפּלה אויף דעם שונא.''

,,און ער וויים נישט, וועמענס תפילה ער זאָל דערהערן?''

גאָלדי האָט אויפגעלאַכט:

,,ווייזט אויס אַזוי!''

,,און קיינער בעט נישט אויף שלום?''

,,מ'בעט אויף שלום נאָך דעם זיג איבערן שונא.''

,,דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט וויסן. איצט, אַ גוטע נאַכט, מאַמע!''

„וואָס איז דאָס געווען אַזוי וויכטיק?"

„אָ, איך האָב עס געוואָלט וויסן, און דאָס אַלץ."

„דו מערקווירדיקער יינגל, דו!" האָט זי געזאָגט, ווידער אָנגע־קושט אים, פאַרדרייט די עלעקטרי און איז אַרויס פון צימער.

אָבער דזשוניאָר איז נאָך לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן, גע־קוקט אין דער פינסטערניש פון צימער און געטראַכט זיינע געדאַנ־קען. ער וועט זיך מוזן זען מיטן זיידן. דער זיידע קאָן אים העלפן. מאָרגן איז פרייטיק, און שבת וועט ער זיך זען מיט אים. אַ שלעכ־טע צייט — ביים זיידן קומען זיך צונויף אַ סך מענטשן, און טאַנטע סילוויאַ איז דאָרט מיט נאָמין, טאַנטע דאָראַ מיט זעלדען, און ציימנוויין קומט אויך אָנקל אָסקאַר, און די מאַמע איז דאָרטן. וועט ער זען, אַז די מאַמע זאָל מיט אים פאָרן צום זיידן פריער ווי אַלע שבת, אָדער שפּעטער ווי אַלע שבת, ווען אַלע וועלן זיך שוין צו־גיין. יאָ, שפּעטער איז בעסער.

ווען שבת איז געקומען, האָט ער געזאָגט צו זיין מוטער:

„דו ווייסט, מאַמע, איך וויל היינט נישט זיין ביי דעם זיידן און ביי דער באָבען, ווען טאַנטע דאָראַ וועט דאָרטן זיין און טאַנטע סילוויאַ, און נאָרמאַן און זעלדאַ. זיי וויסן געוויס פון מיין באַזוך ביי אָנקל אָסקאַר, און זיי וועלן לאַכן, און איך וויל עס נישט."

„אָ," האָט גאָלדי דערווידערט, „דו ביזט דאָך נישט קיין פייג־לינג! דו האָסט געטאָן אַ זייער שיינע זאַך און דאַרפסט נישט מורא האָבן, אַז מען וועט לאַכן."

„ניין, איך וויל נישט," האָט ער געענטפערט קאַפּריזנע. „מיר זיינען עטלעכע מאָל געקומען שפּעט, ווייל דו האָסט קיין צייט נישט געהאַט, וועלן מיר היינט אויך קומען שפּעט."

טאַנטע דאָראַ האָט טאַקע דערציילט ביי נחס שבת־טיש פון דזשוניאָרס באַזוך ביי אָסקאַרן און געלאַכט, און אַלע האָבן מיט איר מיטגעלאַכט, כאָטש נח און מערע זיינען באַאייסטערט געווען פון דעם אויפטו פון זייער יינגסטן אייניקל.

דער זיבעצן־יעריקער נאָרמאַן, וועלכער האָט אויסגעזען פּונקט ווי זיין מאַמע מיט די טיפע אויגן און דעם לענגלעכן געזיכט, האָט אַרויסגעבראָמט:

„נ אָ ך אַ שוואַכער!"

און די צוועלף־יעריקע זעלדע האָט איבערגעחזרט, וואָס זי האָט געזאָגט אין דער היים, ווען אָסקאר האָט צום ערשטן מאָל דערציילט וועגן דזשוניאָרס באַזוך, און וואָס דאָרא האָט שוין געהאַט עטלע־כע מאָל איבערגעחזרט פאַר אַנדערע אין זעלדאס אָנוועזנהייט, אַלס אַ באַווייז פון איר טאָכטערס קלוגהייט:

„די ערשטע זאַך, ווען איך זע אים, רוף איך אים ארויס אויף אַ געשלעג.‟

און סילוויאַ האָט באַמערקט:

„פון אַזעלכע צוויי צדיקים ווי טשארלז און גאָלדי האָט דאָך געמוזט ארויסקומען אַ צדיק.‟

און שפּעט פאַרנאַכט האָט דזשוניאָר געפירט אַזאַ געשפּרעך מיט זיין זיידן נח:

„ווען מען וויל בעטן גאָט, מוז מען גיין אין אַ סינאַגאָגע?‟

„נישט דוקא, זונעניו. גאָט איז אומעטום.‟

„קאָן מען בעטן צו גאָט אין דער היים.‟

„אומעטום, אומעטום, זונעניו.‟

אין נחס פרום הארץ איז אַ פרייד אריין. זיין יינגסטער אייניקל זוכט אַ וועג צו גאָט. ער וועט אים העלפן, אָבער ער וועט קיין קשיות נישט פרעגן. זאָל דאָס קינד זיך אַליין אויסרעדן און דער־רעדן. און ער האָט פריידפול און האָפנונגספול אריינגעקוקט דעם קינד אין די אויגן. וואָס וועט ער ווייטער פרעגן?

און דזשוניאָר האָט ווייטער געפרעגט:

„ווי טוט מען תפילה גוט און שטארק?‟

„ווען דאָס הארץ איז אין דער תפילה,‟ האָט נח געענטפערט. „גאָט וויל דאָס הארץ.‟ און ער האָט דערציילט זיין אייניקל פון תפילות מיט אַ גאַנצן הארץ, פון תפילות מיט טרערן, פון תפילות מיט פאַסטן...

„וואָס איז פאַסטן?‟ האָט זיך דזשוניאָר אָנגעכאַפּט.

און נח האָט אים דערציילט פון טעג, וועלכע ווערן צוגע־בראַכט אָן עסן און טרינקען, מיט אַ סך תפילות און מיט אַ הארץ צוגעווענדט צו גאָט.

„אינגאַנצן אָן עסן און טרינקען?‟ האָט זיך דזשוניאָר גע־וואונדערט.

„פיר און צוואַנציק שעה פון איין אָוונט צום אַנדערן.“
„דאָס איז אָבער שרעקלעך!“ האָט דזשוניאָר אויסגערופן.
„אַז מען טוט עס מיט אַ האַרץ צוגעווענדעט צו גאָט, איז עס נישט שרעקלעך,“ האָט נח אים באַרואיקט.
„האָסט אַמאָל געפאַסט?“

נח האָט אים דערציילט פון די תעניתים, וועלכע פרומע יידן פאַסטן. ווערליק ער האָט גערעדט, האָט דזשוניאָר געפאַסט אַ באַשלוס: ער וועט תפילה טאָן גוט און שטאַרק, מיטן גאַנצן האַרץ, מיט טרערן, מיט פאַסטן, אַז פּרעזידענט ווילסאָן זאָל נישט דערקלערן די מלחמה. פיר און צוואַנציק שעה פאַסטן. פון היינטיקן אָוונט - ברויט ביזן מאָרגנדיקן אָוונט - ברויט גאָרנישט עסן און טרינקען. אָבער מאָרגן איז זונטיק, די עלטערן זיינען אין דער היים, זיי וועלן אים צווינגען צו עסן. וועט ער פאַסטן פון מאָרגן אָוונט ביז מאָנטיק. אָבער מאָנטיק וועט ער דאַרפן גיין אין שולע, וועט ער נישט קאָנען גוט תפילה טאָן. איז ווידער שלעכט. דער בעסטער טאָג וואָלט געווען שבת, כאָטש ער וואָלט געדאַרפט מקריב זיין אַ באַזוך ביים זיידן. אָבער ביז איבעראַכטאָג שבת איז אַ גאַנצע וואָך. אַ גאַנצע וואָך לאָזן גאָט וואַרטן מיט זיין תפילה, דערווייל קאָן פּרעזידענט ווילסאָן נעמען און דערקלערן מלחמה... אָ, יאָ, ער וועט מאָנטיק אינדערפרי דערקלערן זיך קראַנק און בלייבן אין דער היים... דאָס איז אַ גוטער געדאַנק, אַן אויסוועג. אָבער ער כאַפּט זיך גלייך, אַז דאָס וועט זיין אַ ליגן. ער וועט נאַרן טאַטע־מאַמע, ער וועט נאַרן די לערער, און דער טאַטע איז אַ דאָקטאָר, ער וועט גלייך אויסגעפינען, אַז ער זאָגט אַ ליגן, און גאָט וועט גע־ווים נישט וועלן די תפילה און דעם תענית פון אַ ליגנער. דאָס איז דאָס ערגסטע. וועט ער דאָס מוזן אָפּליגן אויף שבת... אָדער... פאָרלויפיק בעטן ביי גאָט, אַז מאָנטיק אָדער דינסטיק זאָל ער זיין קראַנק, אָדער אַ גרויסער שניי זאָל אויספאַלן, וועט מען אים דער־מאָלט נישט שיקן אין דער שולע...

זונטיק פאַרנאַכט האָט אָנגעהויבן צו שנייען. דזשוניאָר האָט אויסגערופן: „אָ, גאָט, זאָל עס זיין אַ שניי־שטורם!“ זיין תפילה איז דערהערט געוואָרן. עס האָט געשנייט די גאַנצע נאַכט פון זונ־טיק אויף מאָנטיק און אויך מאָנטיק אינדערפרי האָט עס געהאַלטן

אין איין שנייען. א שניי־שטורם, וועלכער האָט פאַרלאַנגזאַמט און פאַרקריפּלט דעם גאַנצן פּאַרקער, און אַ סך קינדער זיינען נישט געשיקט געוואָרן אין די שולן. ווען דזשוניאָר האָט אויפגעעפנט די אויגן מאָנטיק אינדערפרי און דערזען דעם שניי, האָט עס אויפ־געיובלט אין אים. גאָט איז גוט צו אים און נעמט אָן זיינע תּפילות.

ער איז געבליבן אין דער היים. אָבער דער פרישטיק שטייט אויפן טיש, און פּאַפּאַ און מאַמאַ זיינען ביים טיש, און ער קאָן דאָך נישט דערציילן פון זיין אונטערנעמונג. זיי וועלן אים געוויס נישט דערלויבן צו פאַסטן.

„מאַמאַ," האָט ער געזאָגט, „איך וויל זיך נאָכגעבן אַביסל און האָבן מיין פרישטיק אין בעט."

דאָס איז לייכט דערלויבט געוואָרן, און נישט פיל שווערער איז געוועזן אַרויסצומאַנעווורירן דאָס גאַנצע עסנוואַרג פון זיין שלאָפצימער אין וואַשצימער. מיט דעם פרישטיק איז גוט אַראָפּ, מיטן מיטיק וועט ער זיך שוין אויך אַן עצה געבן. גאָט, קענטיק, וויל, אַז ער זאָל פאַסטן. וואָרום באַלד האָט ער דערהערט, ווי די מאַמאַ האָט געזאָגט:

„איך וואָלט היינט געבליבן בעסער אין דער היים, אָבער איך מוז זיין אין אַ פּאָר ערטער. איך וועל נישט קומען צו מיטיק."

און אויך פּאַפּאַ האָט געזאָגט:

„איך בין זיכער, איך וועל נישט קאָנען קומען צו מיטיק."

איז ער געבליבן איינער אַליין מיט די דינסטן, ער וועט זיין איינער אַליין ביים עס־טיש, און דער תּענית וועט זיך אים איינ־געבן. יאָ, גאָט וויל, ער זאָל פאַסטן. איצט וועט ער בעטן צו גאָט, צוזאַווענדן צו אים זיין האַרץ.

ווי בעט מען אָבער צו גאָט? אין די קירכן און אין די סינאַ־גאָגן האָבן זיי תּפילות, אָבער ער ווייס קיין איינע נישט, ווייס אפילו נישט, ווי מען זאָגט זיי. ער איז קיינמאָל נישט געוועזן נישט אין אַ סינאַגאָגע און נישט אין אַ קירך. ווי בעטן זיי דאָרטן צו גאָט? אַ שאָד, וואָס ער האָט דאָס פאַרגעסן צו פרעגן ביים זיידן. דזשי ווהיז, דווקא דאָס פאַרגעסן צו פרעגן! ער איז

געזעסן בײַ זײַן שרײַב־טיש, דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיט בײדע הענט, און געטראַכט, געזוכט אַ וועג, ווי אָנצוהויבן צו רעדן מיט גאָט, וועלכער איז אומעטום, ווי דער זײדע האָט געזאָגט, אָבער ער וואוינט אין הימל און מען דאַרף זיך צו אים ווענדן מיט די אויגן צום הימל.

ער איז געווען זײער ערנסט, פעסט אַנטשלאָסן צו דערגרײכן, וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען. ווען אין די געדאַנקען האָבן זיך אַרײַנגעמישט אַן אויסגעגאָסן גלאָז קאַקאָאָ און אַ פרישע ווײַסע זעמל מיט פּוטער, וועלכע ער האָט צובערעקלט און אַראָפּגע־שוװענקט אין דעם וואַשצימער, האָט ער זיך באַלד געכאַפּט, אַז דערפון דאַרף ער איצט נישט טראַכטן, ווײַל ער דאַרף רעדן מיט גאָט. געזעסן מיט דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט אויף בײדע הענט, און שווער געטראַכט, און דערטראַכט זיך. ער האָט אויפגעהויבן די רעכטע האַנט, ווי ער טוט אין קלאַס, ווען ער וויל אויפמערק־זאַם מאַכן אויף זיך די לערערין, און איז אויפגעשטאַנען. אָבער, ווען ער האָט געוואָלט אָנהויבן צו רעדן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער ווײס נישט, ווי ער זאָל זיך ווענדן צו גאָט, מיט וואָס פאַר אַ נאָמען, מיט וועלכן טיטל. ער האָט זיך פאַרזאַאיקעט, איז גאַנץ רויט געוואָרן אין געזיכט, און טרערן פון פאַרלאָרנקייט און פאַר־לעגנהייט האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. ווען ער שטײט אויף פאַר דער לערערין און רעדט נישט, הײסט זי אים זעצן זיך, מוז ער שנעל רעדן, רעדן כאָטש נישט־דײַטלעך, שטאַמלען און זאַאיקען

„גאָט... מיסטער גאָט...״ האָט ער אָנגעהויבן שטיל און זײַנע ליפּן האָבן געציטערט אין אויפשטײַגנדיקן געוויין. „גוטער גאָט,״ האָט ער שוין געוויינט, „גוטער גאָט, זאָל פּרעזידענט ווילסאָן נישט דערקלערן קײן מלחמה!״

אַרויסגערעדט, פאַרשעמט און דערשראָקן זיך, אַראָפּגעלאָזן זיך אויפן שטול, דעם קאָפּ אַוועקגעלײגט אויף די הענט, וועלכע ער האָט צונויפגעלײגט אויפן טיש, און ביטער זיך צעוויינט — דאָס הערצל האָט אים געקלאַפּט, געקלאַפּט. ווען ער האָט זיך אַביסל בארויִקט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף נאָך עפּעס זאָגן. ווידער האָט ער אויפגעהויבן די האַנט, אויפגעשטעלט זיך און אַרויסגערעדט מיט מער קוראַזש ווי פריער:

,,איך האָס מלחמה, מיסטער גאָט, איך האָס זי. זאָל פּרעזי־דענט ווילסאָן זי נישט דערקלערן!''

דאָס איז אַראָפּגעגאַנגען זייער גוט, אָבער ער איז געבליבן שטיין און נישט געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן. וואָס זאָל ער מער זאָגן? מיישב זיין זיך מיט דער שטובמיידל, מיט בערטאַן, וועלכע איז אַריינגעקומען אויפצוקלייבן זיין צימער? פרעגן ביי איר, ווי מען רעדט מיט גאָט? זי וועט אים נישט פאַרשטיין, וועט זיך וואונדערן, ער וועט זיך אַרויסגעבן...

אָ, ער וועט גיין אַ זוך טאָן אַ געבעט־בוך אין טאַטנס ביב־ליאָטעק.

פּאָליצעס אויף פּאָליצעס מיט ביכער. מעדיצינישע ביכער, ראָמאַנען, דראַמען, וויסנשאַפט, נאָר קיין איין געבעט־בוך נישט. אָבער ער האָט געפונען אַ ביבל. ער האָט זי קיינמאָל נישט גע־לייענט, אָבער געוואוסט, אַז זי איז פאַרבונדן מיט גאָט. ער האָט זיך דערפרייט, אַוועקגעזעצט זיך און אָנגעהויבן צו לייענען. מעשיות וועגן גאָט און וועגן מענטש, אָבער דאָס האָט ער איצט נישט געזוכט. געבלעטערט ווייטער, בלאַט נאָך בלאַט, נאָר אין ערגעץ האָט זיין אויג נישט אויפגעכאַפּט קיין געבעט, אַז ווילסאָן זאָל נישט דערקלערן קיין מלחמה. זיין אויג אָבער האָט אָנגעטראָפן אויף מלחמות און הריגות. ער האָט ביז איבערגעמישט די זייט. ווי קומט דאָס נאָר אַהער, אין גאָטס בוך! ער איז מיד געוואָרן צו בלעטערן. ניין, די ביבל איז נישט דאָס געבעט־בוך, וואָס ער זוכט. ער האָט זי צוריק אַוועקגעשטעלט אויף איר פּלאַץ, איז אַוועק פון איר מיט אַ בענקנדיקן בליק. זי האָט אים גערדאַרפט געבן, וואָס ער מוז איצט אַזוי נויטיק האָבן. וואָס זאָל ער טאָן אַ גאַנצן טאָג מיט גאָט? ער קאָן דאָך נישט אָן אָן אויפהער חזרן: ,,גאָט, זאָל פּרעזידענט ווילסאָן נישט דערקלערן קיין מל־חמה!'' ער איז געבליבן זיצן גאַנץ אָפּהענטיק. ער איז געווען אַביסל הונגעריק און האָט געבענקט נאָך עפּעס טאָן. ער וואָלט גע־לייענט אַ בוך. ער האָט געהאַלטן אין מיטן פון אַ בוך, און איז שטאַרק פאַראינטערעסירט געווען. אָבער ער וועט דאָס היינט נישט לייענען — זיין האַרץ און זיין קאָפּ דאַרפן זיין צוגעווענדט צו גאָט. ער וועט אַפילו זיינע שול־ביכער נישט

אָנזען, די צייטונגען נישט אָנקוקן. ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן פון דער צייטונג, האָט ער זיך דערמאָנט אָן די מלחמה־נייעס און אָן די מלחמה־בילדער. אָ, ער ווייס, וואָס ער האָט צו טאָן! אָבער דאָ האָט אים בערטאַ גערופן צו מיטיק.

דער גערוך פון אַ קאַלבס־קאָטלעט האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם און גאַנץ שוואַך געמאַכט. איצט האָט ער דערפילט ווי הונגעריק ער איז. ער וואָלט מיט פאַרגעניגן פאַרשלונגען ביידע קאָטלעטלעך, וועלכע זיינען געלעגן אויפן טעלער, אַרומגערינגלט מיט גרינע אַרבעס און צוריבענע קאַרטאָפל. עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען, קוקנדיק אויף זיי. כאָטש איין ביס טאָן, בלויז איין ביס טאָן. אָדער גאָר די אַרבעס אויפעסן מיט די קאַרטאָפל. דאָס גלאָז וואַסער אַפילו שטייט אַזוי און מאַניעט. די ליפּן זיינען אים אַזוי טרוקן געווען — ווען ער טרינקט כאָטש אויס דאָס גלאָז וואַסער! ער האָט ערשט דערפילט, וואָס פאַר אַ שווערע זאַך ער האָט אויף זיך אַרויפגעלאָדן. אָבער איצט, ווען ער ווייס, וואָס ער האָט צו טאָן, וועט ער זיכער נישט קאַליע מאַכן זיין תענית. ער האָט אָנגעהויבן אַרומצושניידן דאָס פלייש פון די ביינער, אָבער ער האָט קיין כוח נישט געהאַט. ווען ער וואָלט איצט געגעסן, וואָלט ער נישט געברויכט דאָס מעסער, נאָר די ציינער אַליין. ער וואָלט גענומען דאָס ביין אין די הענט און וואָלט אַרומגעביסן דאָס פלייש. ער האָט קוים גובר געווען איין קאָטלעטל, צושניטן דאָס פלייש אויף קליינע שטיקלעך, צוזאַמענגעלייגט עס מיט די אַרבעס און קאַרטאָפל, אַראָפּגעשווענקט עס אין וואַש־צימער, און באַפּאַסן זיך מיט טרערן, געפילט זיך שוואַך, צום אומפאַלן. הונגעריק און דורשטיק איז ער אַוועק טאָן, וואָס ער האָט געהאַט צו טאָן. ווען די דינסט האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער נאָר אויפגעגעסן איין קאָטלעטל און פון דעם איינעם האָט ער אויך אַ העלפט געלאָזן, האָט ער קוים געענטפערט, אַז ער האָט נישט געוואָלט מער.

די דינסט האָט אים פאַרזאָרגט אָנגעקוקט:

„פילסטו זיך עפּעס נישט גוט? וואָלסטו געוואָלט זיך אַביסל דורכגיין? דער שניי האָט אויפגעהערט."

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: ניין! און איז אַוועק צו זיך אין צימער.

ער האָט געהאַט ביי זיך אַ גאַנצע קאָלעקציע פון מלחמה־בילדער, צוזאַמענגעלייגט ווי אין אַן אַלבום. אויסשניטן פון צייטונגען און זשורנאַלן און פון ספּעציעלע אויסגאַבן. שרעקלעכע בילדער פון טויטע קערפּער, צוריסענע לייבער, אָפענע קעפּ, אָפּגעריסענע הענט און פיס — די שווידערלעכקייטן פון מלחמה. זיי האָט ער איצט אַרויסגענומען, אָוועקגעלייגט אויף דער ערד, אַוועקגעזעצט זיך פאַר זיי און אָנגעהויבן צו באַווייזן זיי פאַר גאָט. אויפגעמישט אַ בילד און געזאָגט: „זעסט, גאָט?" אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע, אַליין געקוקט און געלאָזן גאָט גוט איינקוקן זיך און אויפגעדעקט אַ נײַ בילד. און ווידער: „זעסט, גאָט?"

ווען ער איז מיד געוואָרן פון קוקן, האָט ער אויפגעהויבן זיין האַנט, אויפגעשטעלט זיך, קוים געקאָנט שטיין אויף זיינע קליינע פיס, און אַרויסגערעדט מיט אַ שוואַכער שטים, פול רירנדיקן געבעט: „זאָל פּרעזידענט ווילסאָן נישט דערקלערן קיין מלחמה."

ווען ער האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, האָט ער נישט געוואוסט, פאַרוואָס ליגן די בילדער אויף דער ערד און פאַרוואָס האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיי. ער האָט זיך געפילט אַזוי שוואַך, אַז ער האָט נישט געקאָנט אַפילו וויינען. פאַרוואָס איז ער אַזוי שוואַך? ער דאַרף דאָך עפּעס טאָן? וואָס דאַרף ער עפּעס טאָן? אָ, ער האָט שוין געטאָן! געטאָן אַ סך. אַזאַ לאַנגע צייט, אַז ער טוט עפּעס. וואָס האָט ער געטאָן?

ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד אויף זיינע בילדער און אויפגעהערט צו טראַכטן. עפּעס איז געוואָרן אַזוי שטיל אַרום אים.

אַזייגער פיר נאָכמיטיק האָט די דינסט אים אַריינגעבראַכט אַ גלאָז מילך און געפונען אים אַ ליגנדיקן אויף דער ערד. זי האָט אַריינגערופן די קעכין, אַן עלטערע פינישע פרוי, מיט אַ בלייכן גוטן געזיכט.

„זעט נאָר, ווי ער איז איינגעשלאָפן איבער זיינע קריגס־בילדער!"

אָבער ווען זי איז צוגעקומען צו אים, האָט זי זיך דערשראָקן און אויפגעשריען:

„בײ גאָט, מיט דעם קינד איז עפּעס!"

זי האָט אים אויפגעהויבן, גענומען טרייסלען און וועקן. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און צוגעמאַכט זיי צוריק, און ווען זי האָט אים אַרײַנגעלייגט אין זיין בעט, איז ער געבליבן ליגן, ווי זי האָט אים אַוועקגעלייגט.

„עס איז אוממעגלעך, אַז דאָס שלאָפט ער אַזוי," האָט זי מיט שרעק געזאָגט.

„ער האָט דאָך געהאַט געעפנט די אויגן," האָט די קעכין זי געטרייסט.

„ניין, מיט דעם קינד איז עפּעס."

„טעלעפאָנירט דעם דאָקטאָר."

„ער איז איצטער נישטאָ אין אָפיס."

זי האָט זיך ווידער גענומען וועקן אים, גערעדט צו אים גוט און צערטלעך, געטרייסלט אים.

„אַ, לאָז מיך שלאָפן," האָט ער ענדלעך אַרויסגערעדט.

„איר זעט, ער שלאָפט," האָט די קעכין געזאָגט. „אָנגעקוקט זיך די בילדער און איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אַז מען קוקט זיך אָן מיט די בילדער, קאָן מען, דאַכט זיך, איינשלאָפן אויף אייביק. איך וואָלט געחלשט איבער זיי."

זיי האָבן אים געלאָזן ווייטער שלאָפן, אָבער נישט געקאָנט בלייבן רואיק בײ זייערע אַרבעטן. איטלעכע ווײַלע האָט איינע פון זיי געמוזט אַרײַנקומען אָנצוקוקן דאָס קינד. אַזייגער פינף האָט די דינסט ווידער גענומען זיך צו וועקן אים, רופנדיק אים מיט לאַסקע־נעמען און גוטע ווערטער. ער האָט זיך איבערגעקערט אויף אַ זייט, אַרויסגערעדט: „יאָ, יאָ!" און איז ווייטער געשלאָפן. זי איז גע־בליבן שטיין איבער אים, גאַנץ פאַרלאָרן און נידערגעשלאָגן.

אָבער וואָס איר איז נישט געלונגען, איז געלונגען דער מאַמען. ווי נאָר גאָלדי האָט אַ ווײַלע שפּעטער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין שטערן און ליבפול אַרויסגערעדט: „זונעלע, וואָס איז דיר?" האָט ער אויפגעעפנט די אויגן, אָנגעקוקט זי גאַנץ פאַרוואונדערט און אַרויסגערעדט:

„אָ, איך בין אַזוי הונגעריק!"

די מאַמע און די בײדע דינסטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אומ־

רואיקע און פול דערוואַרטונג, האָבן אויסגעבראָכן אין אַ באַ־פרייענדיקן לאַכן.

אָבער ווען ער האָט דערזען דאָס עסן, האָט ער זיך עפּעס דערמאָנט. ער האָט זיך ארומגעקוקט נאָך די בילדער, דערזען זיי צוריק אויף זייער פּלאַץ. ווער האָט זיי דאָרטן אוועקגעלייגט? פאַר־וואָס ליגט ער אין בעט? און די עלעקטריק ברענט שוין!

,,וויפל איז איצט אַזייגער?" האָט ער געפרעגט.

מען האָט אים געזאָגט.

אָ, עס איז שוין נאַכט. ער קאָן שוין עסן.

און אַזוי האָט קיינער ביי אים נישט געוואוסט פון זיין תענית, ביז דעם טאָג, ווען ווילסאָן האָט דערקלערט מלחמה.

ווען דזשוניאָר האָט איבערגעלייענט די נייס, האָט זיין האַרץ שטאַרק געקלאַפּט, און ער האָט נישט געוואוסט, צי ער זאָל זיך צעוויינען אָדער אין כעס ווערן. ער איז אין כעס געוואָרן. האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פוס, פאַרדרייט די נאָז און אַ בייזן קוק גע־טאָן צום הימל, וואו גאָט וואוינט. איז אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג מיט בייזע בליקן צום הימל. ווען אין אָוונט איז אָנגעקומען דער זיידע נח, אויסצורעדן פאַר זיין פּאַציפיסטישן זון טשאַרלז זיין פאַרדראָס איבער דער מלחמה־דערקלערונג, איז דזשוניאָר פּלוצלונג צוגעפאַלן צו זיינע קני מיט אַ יאָמער:

,,און איך האָב נאָך געפאַסט אַ גאַנצן טאָג, אַז פּרעזידענט ווילסאָן זאָל נישט דערקלערן די מלחמה!"

טשאַרלז און גאָלדי האָבן זייערע אויערן נישט געגלויבט און אָנגעהויבן פונאַנדערצופרעגן:

,,וואָס רעדסטו אַזוינס? ווען האָסטו?..."

אָבער נח איז נאָר אַ ווײַלע איבערראַשט געווען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין אייניקלס פראַגן, פאַרשטאַנען איצטער זיין מיין און ציל, באַגריפן גוט דעם קינדס יאָמער, און זיינע אויגן זיינען אויך פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן. ער האָט זיי אָראָפּגעשלונגען, אָן ווערטער געגלעט דאָס קינד, און ווען טשאַרלז און גאָלדי האָבן גענומען אויספרעגן דאָס קינד וואָס און ווען, האָט ער זיך ארויסגע־מאַכט אין אַן אַנדער צימער און דאָרטן זיך גוט אויסגעוויינט, מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל און מיט אַ טענהדיקן האַרץ:

,,דעם תענית, גאָטעניו, האָסטו געדאַרפט אָננעמען!"

דריטער קאַפּיטל.

# זעלדע.

.1

וואָס פאַר אַן אַנטציקנדיק טרעפל דאָס צווייטע איז געוועזן! זעלדע, די שלאַנקע מיידעלע מיט דעם יינגליש - אָפּגעשאָרענעם בלאָנדן קאָפּ, די גרויסע בלויע אויגן אונטער לאַנגע האָר־שפּיזן אין אירע אויגן־דעקלעך, דעם לענגלעכן צאַרטן חן־געזיכטל און די געשמאַקסטע דינע ליפּעלעך איבער אַנטציקנדיקע ווייסע ציינדעלעך. װאָלט זי נאָר נישט געוועזן אַזוי צולאָזן און ווילד. זיידע נח און באָבע מערע זיינען געװעזן אומצופרידן. מען טאָר נישט צו־לאָזן אַזוי אַ קינד! אָבער דאָס איז שוין געוועזן אַזוי אין דער נאַ־טור פון איר מאַמען, דער עיקר אין דער נאַטור פון איר טאַטן.

זעלדאַ איז געוועזן דער מיטלפּונקט פון דעם הויז אָסקאַר עדאַן, אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום איר, דער בת־יחידה, וועלכער גאָר־נישט האָט נישט געדאַרפט פעלן און גאָרנישט האָט נישט געטאָרט אָפּגעזאָגט ווערן. דאָראַ האָט נאָך געוואָלט זיין אַביסל שטרענג: זאָל דאָס קינד וויסן די אויטאָריטעט פון אַ מוטער. אָבער אָסקאַר האָט זיך לכתחילה אָפּגעזאָגט פון יעדער אויטאָריטעט, געקרוינט זיין זעלדעלען פאַר אַבסאָלוטער הערשערין אין זיין מלוכה און אינגאַנצן אונטערגעגראָבן די אויטאָריטעט פון דער מוטער.

,,דו מאַכסט זי אינגאַנצן צולאָזן,'' האָט זיך דאָראַ באַקלאָגט.

אָבער אָסקאַר האָט נאָר געלאַכט און געענטפערט אויף אירע טענות מיט קוש און שפּיל.

דאָראַ האָט זיך לייכט אונטערגעגעבן. אַבי זי האָט געהאַט אויף וועמען אַרויפצוּוואַרפן די שולד פאַר איר טאַכטערס צולאָזנ־

קייט. אָבער זי איז אויך געווען געוואוינט אין אַלץ זיך אונטערצו־
געבן אָסקאַרן.

.2

דאָרא האָט פאַרווענדט איר גאַנצן שאַרפזין און ווילנס־
קראַפט אויף אַריינצוקריגן אָסקאַרן. ווען זי האָט אים אַריינגעקראָגן,
און אָסקאַר איז געוואָרן איר מאַן, איז זי געוואָרן ווי אויסגעלייי־
דיקט, אָן וויץ, אָן ענערגיע, אָן ווילן. זי האָט זיך אָנגעהאנגען אָן
אָסקאַרן, איז געוואָרן אַ טייל פון אים, איז געוואָרן איינס מיט
אים. זי האָט מער גאָרנישט געוואָלט און געדאַרפט פון לעבן. אַלץ
איז דערגרייכט געוואָרן. איצטער האָט זי געלעבט פאַר אָסקאַרן.
עס איז נישט געווען קיין ליבע אָדער פאַרליבטקייט, עס איז געווען
דערגרייכונג. אַזוי איז זי נישט געווען פאַרליבט אין דעם קלייד,
וואָס זי האָט געוואָלט האָבן און נישט געקאָנט לייכט קריגן. האָט
זי עס געקראָגן, איז זי געווען העכסט אַנטציקט און אָנגעקוקט עס
מיט התפעלותדיקע באַגייסטערטע בליקן, און האָט עס אָפּגעהיט.
דאָרא איז געוואָרן די געטרייע ווייב, וועלכע האָט אָפּגעהיט איר
מאַן, די מאַמע פון איר מאַן. זי האָט גאָרנישט געהאַט אין זיך
פון אַ געליבטער. אָבער אָסקאַר איז געווען גליקלעך. ער האָט
נישט פאַרלאַנגט מער און נישט געוואוסט, אַז ער דאַרף פאַרלאַנגען
מער. דאָראַס געטריישאַפט און אָפּהיטעריי איז פאַר אים געווען
ליידנשאַפט און ליבע.

ווען אין אַ קאַלטן, נאַסן טאָג פלעגט דאָרא שטיין איבער אים
און היטן אים, ווי ער גייט אַרויס אין גאַס — ער זאָל די קאַלאַשן
נישט פאַרגעסן, גוט פאַרשפּיליען זיך, אַרומוויקלען דעם האַלז —
פלעגט אָסקאַר גליקלעך לאַכן:

„האָט איר אַמאָל געזען, אַ פרוי זאָל זיין אַזוי פאַרליבט אין
איר מאַן?"

ער פלעגט זי דערפאַר ליבפול קושן און טאַקע אָפּצאָלן איר
מיט דער זעלביקער אויפמערקזאַמקייט: אָנזאָגן איר, זי זאָל זיין
פאָרזיכטיק, ווען זי וועט אַרויסגיין אין גאַס, נישט פאַרגעסן די
קאַלאַשן, אָנטאָן זיך וואַרעם און אַזוי ווייטער — אָנזאָגן דאָס איר
פול ליבע און לאַסקע.

ביים עסן פלעגן זיי זיך איינס דאָס אנדערע אָפּהיטן, זיי זאָלן זיך נישט פאַרטיילן, און שטענדיק האָבן זיי אָנגעקלאָגט איינס דאָס אנדערע. ער איז בכלל נישט געווען קיין גרויסער עסער, האָט זי עס צוגעשריבן צו דעם, וואָס ער איז שטענדיק פאַרטראָגן מיט עפּעס, די פּאָליטיק נעמט ביי אים אַוועק דעם אַפּעטיט: ער וועט זיך נאָך פאַרמאָרען. ער האָט אָבער געטענהט, אַז ער וועט זיך נישט פאַרמאָרען, ווייל ער איז בכלל אַ קנאַפּער עסער, עס איז שוין אַזוי אין דער נאַטור פון די עדאָנס. נאָר זי וועט זיך געוויס פאַרמאָרען, ווייל זי וויל נישט ווערן דיק, און דאָס טאָר זי נישט עסן און יענס טאָר זי נישט עסן. ווייבערשע איטלקייט! אַז אים אַרט נישט, אַז זי וועט זיין דיק! אַז ער ליבט נאָר דיק! ער האָט טאַקע אמת און ערלעך פאַרגעסן דעם שרעק, וועלכן עס האָט אויף אים אַמאָל אָנגעוואָרפן דאָס איבערגעקערטע־שיסל־געזיכט פון זיין שוויגער.

שטענדיקע געשפּרעכן, יאָר איין, יאָר אויס, וועלכע זיינען זיי שטענדיק פאָרגעקומען ניי.

אָבער נישט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט פון וואָס צו רעדן. ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען, האָבן זיי שטענדיק גערעדט, דער עיקר אָסקאַר. אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין דער היים, אין די שעהן צווישן דעם אָפיס און דעם פּאָליטישן קלוב, וועלכן ער האָט נישט דורכגעלאָזן כמעט יעדן טאָג, האָט ער געהאַלטן אין איין ריידן מיט זיין דאָראַן, דערציילט פון די וויכטיקסטע געשעע־נישן אין אָפיס, אין געריכט, אין רעסטאָראַן ביים מיטיק, דער־ציילט, וואָס עס וועט געשען היינט אין קלוב, אָדער אויף אַ זיצונג פון אַ געוויסן קאָמיטעט, פון וועלכן ער איז געווען אַ וויכטיקער מיטגליד אָדער אַפילו אַ פּרעזידענט, אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואו ער דאַרף אויפטרעטן אַלס רעדנער. אַזויפיל אָנגערעדט איר, אַז ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט איר נאָך לאַנג געקלונגען אין די אויערן; אַזויפיל אָנגערעדט, אַז ער האָט איר נישט געפעלט, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען. ער האָט איבערגעלאָזן אַזאַ וואָרט־גערויש אַרום איר, אַז זי איז נישט געווען איינזאַם.

זי איז נישט געווען איינזאַם, כאָטש ער איז אַזוי זעלטן גע־ווען אין דער היים. פון אין דער פרי ביז שפּעט נאָך מיטאָג — דער אָפיס, און אין אָוונט דער קלוב, די פאַרשיידענע קאָמיטעטן

און פארזאמלונגען. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז שטענדיק מיט איר. וואו ער איז געוועזן, האָט זיי דער טעלעפאָן פארבונדן. און ווען זי האָט געוואָלט, ער זאָל זיין אין דער היים, איז ער געוועזן אין דער היים. נאָר אַ רוף פון איר, און ער איז שוין געפלויגן אהיים. אָפט פלעגט ער אוועקגיין פון אַ מיטינג לאַנג פאַרן שלוס מיטן אויסרייד, אַז ער האָט נאָך אַ מיטינג, אָבער אין דער אמתן האָט ער גאָר געאיילט אהיים, ווייל זיין דאָראַ האָט אים געוואָלט. געאיילט אהיים מיט אַלע זיינע געדאַנקען צוגעווענדט צו זיין ווייב, וועלכע האָט געוואַרט אויף אים מיט דעם לאַנגן קוש פון אירע ווייכע ליפּן און מיט דער וואַרעמער אומאַרמונג פון אירע ווייכע אָרעמס, און צו זיין זעלדעלען, זיין צולאָזענער בת־יחידהלע, וועלכע איז פול מיט לעבן און באַוועגונג און שטיפעריי — צו זיי האָט ער געאיילט, און אוועק פּאָליטיק, און פּראַקטיק, און די פאַרשיידענע פּלענער און מאַנעוורעס מיט געזעלשאַפטן, קאָמיטעטן און קלובן...

דאָראַ האָט זיך דערפאַר קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זיין קהלשער אַרבעט, וועלכע האָט אים אוועקגענומען פון איר אין די אָונטן. זי האָט אפילו הנאה געהאַט דערפון, ווייל ער האָט שטענדיק געהאַט אַזויפיל צו דערציילן. און דערביי טאַקע האָט די דאָזיקע אַרבעט געהאָלפן אָסקאַרן אין דער פּראַקטיק, געמאַכט אים אַ נאָמען, און זיין באַרימטער נאָמען איז איר באַרימטער נאָמען, און עס איז גאָר נישט שלעכט געוועזן צו באַווייזן זיך צווישן ליַיטן אַלס מיסיס עדאָן, די פרוי פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַט און כלל־טוער אָסקאַר עדאָן.

ווען זיי זיינען ביידע געוועזן אין געזעלשאַפט, האָט דאָראַ פיינט געהאַט אַרויסצולאָזן אָסקאַרס אָרעם כאָטש אויף דער קלענסטער ווײַלע. ווי זי וואָלט נישט געוואָלט אַראָפּנעמען פון אירע פינגער די קאָסטבאַרע רינגען, מיט וועלכע אָסקאַר האָט זי באַשענקט. זי האָט צומאָל פאַרגעסן, אַז זי איז אַ שיינע פרוי, וועלכע וואָלט געקאָנט שפּילן איר אייגענע ראָל אין דער געזעלשאַפט, ווי איר שוועגערין סילוויאַ, וועלכע האָט געשטורעמט די וועלט. דאָראַ האָט געוואָלט שיינען נאָר אַלס די פרוי פון אָסקאַר עדאָן. די בליקן פון די מאַנסבילן האָבן זיך פאַרבייגעגליטשט פאַרביי איר, אָבער

די בליקן פֿון די פֿרויען פֿלעגט זי אויפֿנעמען מיט שטאָלץ און זעלבסטבאַוואוסטזיין, טוליענדיק זיך צו אָסקאַרן — שטענדיק די שטאָלצע אַריינכאַפּערין פֿון אָסקאַר עדאָן.

דערפֿאַר אויך האָט עס איר נישט אויסגעמאַכט צו קומען אין געזעלשאַפֿט אויך אָן אָסקאַרן. זי האָט שטענדיק געקוקט שטאָלץ און זעלבסטבאַוואוסט. זיין אָפּוועזנהייט פֿלעגט איר נאָך געבן די גע־לעגנהייט צו דערקלערן, וואָס פֿאַר אַ גרויסע וויכטיקייט האָט אים היינט אַוועקגענומען פֿון איר, וועלכע גרויסע און וויכטיקע מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן אים, אָן איר אָסקאַרן, און ער האָט געמוזט לאָזן זי גיין אַליין. און זי האָט עס געזאָגט אַזוי, אַז אַלעמען אין צימער האָט געמוזט ענג ווערן פֿון דער גרויסקייט פֿון איר מאַן.

איר אַליינקייט האָט דערפֿאַר נישט געפֿאָדערט קיין מיטגעפֿיל און קיין טרייסט־ווערטער. זי איז שטענדיק געווען אונטער דעם שאָטן פֿון איר מאַן. מען האָט באַשיינפּערלעך געזען, ווי זי גייט, שטייט, זיצט אונטער דעם שאָטן פֿון איר מאַן. און ווידער האָט זי די בליקן פֿון די פֿרויען באַגעגנט מיט שטאָלץ, און די בליקן פֿון די מענער האָבן זיך פֿאַרבייגעגליטשט פֿאַרביי איר. דערפֿאַר אפשר האָט קיין מאַן נישט געפּרואווט מאַכן אַ דערנענטערונג צו דער שיינער מיסיס אָסקאַר עדאָן, ווייל מען האָט געפֿילט לעבן איר דעם שאָטן פֿון איר מאַן.

שטאָלץ געקומען אַליין, שטאָלץ אַוועקגעגאַנגען אַליין, און אַפֿילו שטאָלץ געלייגט זיך שלאָפֿן אַליין אויף איר זייט פֿון דעם בּרייטן מאַן־און־ווייבּ־בעט, שטאָלץ אין דעם באַוואוסטזיין, אַז דער, וואָס פֿאַרנעמט די אַנדער זייט פֿון דעם בּרייטן בעט, איז דער וויכטיקסטער טוער אין אַ זייער וויכטיקער געזעלשאַפֿט צווישן העכסט וויכטיקע מענטשן. און די מערקווירדיקסטע זאַך: נישט די קלענסטע בענקעניש נאָך דעם אָפּוועזנדיקן פֿאַרנעמער פֿון דער ליי־דיקער זייט, נישט דאָס קלענסטע ביסל ליידנשאַפֿט, קיין האַנט נישט אויסגעשטרעקט מיט לאַסקע צום ליידיקן קישן, וואו עס האָט גע־דאַרפֿט ליגן דער קאָפּ פֿון איר מאַן, נישט אַרויפֿגעלייגט זיך אויפֿן ליידיקן אָרט מיטן פֿאַרלאַנג און באַגער, אַפֿילו די אויגן נישט אָפֿן געהאַלטן אויף דער טיר, אין הייסן וואונטש, זי זאָל זיך עפֿענען

און דער באַגערטער זאָל אַריינקומען. נאָר אַריין אין איר טייל בעט, אַוועקגעלייגט זיך אויף איר שלאָפזייט, מיטן רוקן צום בעט־טייל פון איר מאַן, און באַלד איינגעשלאָפן, אַ גליקלעכע, צופרידענע, שטאָלצע מיסיס אָסקאַר עדאַן.

ווען אָסקאַר איז געקומען, האָט ער זיך שטיל אַריינגעשאַרט אין צימער, איז געגאַנגען זייער פאָרזיכטיק אויף די שפּיץ פינגער, געטאַפּט פאַר זיך אין דער פינסטער מיט שרעק, ער זאָל חס־ושלום נישט מאַכן דעם קלענסטן רעש. אומזיסטע פאָרזיכטיקייט! דאָרא איז געשלאָפן אַ האַרטן שלאָף. זי וואָלט אים נישט געהערט, ווען ער וואָלט אפילו געגאַנגען מיט שווערע שטיוול־טשוועקעס אויף סקריפּנדיקע ברעטער, ווי זי האָט נישט געהערט און געפילט זיין אַריינקריכן אין בעט, זיין צורוקן זיך צו איר, און זיין אַרויפדריקן אויף איר קאָפּ אַ בענטשנדיקן גוטע־נאַכט־קוש.

דאָך אַמאָל אויך פלעגט זי זיך אויפכאַפּן, ווען ער איז אַריינגעקומען, דעמאָלט פלעגט זי נישט אויפעפענען די אויגן, נאָר שיכור פון שלאָף און צונויפגעדרייט אונטער דער וואַרימער קאָלדרע, פלעגט זי אַרויסרעדן: „ווי איז עס געווען?" און ער פלעגט זיך דערפרייען, וואָס ער האָט דערהערט איר שטים, אָבער ער פלעגט זיך גלייך אַנטשולדיקן: „עס טוט מיר לייד, וואָס איך האָב דיך אויפגעוועקט. איך בין, דאַכט זיך, געווען זייער שטיל..." און ער פלעגט זיך אויסטאָן שנעל, שנעל, זי זאָל נישט באַלד ווידער איינשלאָפן, און אַריינכאַפּן זיך אין בעט, אַ קוש טאָן זי אויפן קאָפּ און איצט ענטפערן איר אויף איר פראַגע, אויסלייגן פאַר איר, „ווי איז עס געווען". ער האָט נישט געוואוסט, אַז זי איז איינגעשלאָפן גלייך, ווי זי האָט עס געפרעגט, נאָר ווען אין זיין דערציילן פלעגט ער אַרויפלייגן זיין האַנט אויף איר, צו פילן זי מער, צו געניסן אונטער זיינע פינגער די וואַרימקייט און ווייכקייט און הערלעכע ווייסקייט פון איר קערפּער, פלעגט ער זיך כאַפּן, אַז ער האָט אונטער זיין האַנט שלאָפנדיקע אומבאַוועגלעכקייט. דעמאָלט פלעגט ער פאַרגעניגט אָפּשמייכלען, אַרויפדריקן אויף אירע געדיכטע האָר דעם בענטשנדיקן גוטע־נאַכט־קוש, אויסציען זיך, אַ גענעץ טאָן און איינשלאָפן אין אַ מין גליקלעכקייט, וואָס האָט געזאָגט, אַז דאָס לעבן איז ווערט געלעבט

צו ווערן. שפּעטער האָט ער זיך אויסגעלערנט ארויפצולייגן אויף איר די האַנט, איידער ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, ווייל צו וואָס זאָל ער רעדן צו דער שלאָפנדיקער און אומזיסט אוועקנעמען ביי זיך פון שלאָף.

און אַמאָל פלעגט זיך טרעפן, אַז זי פלעגט זיך אויפכאַפּן — אָדער נישט שלאָפן — און ארויסרעדן ווייך און צאַרט: „דאָס ביזטו, אָסקאַר?" און ער פלעגט אָפּענטפערן: „יאָ, טייערע... עס טוט מיר זייער לייד..." אָבער זי פלעגט אים איבעררייסן און זאָגן: „קאָנסט מאַכן ליכטיק, וועט דיר גרינגער זיין אויסצוטאָן זיך." ער האָט זיך עס נישט געלאָזן צוויי מאָל זאָגן. געמאַכט ליכטיק און צוגעוואָרפן איר אַ האַרציקן, צערטלעכן שמייכל, און זי האָט געהאַלטן אירע אויגן אָפן אויף אים און געצויגן זיך מיט אירע הענט צו זיין בעט־טייל. ווען ער איז אריינגעקומען אין בעט, האָבן אים באַגעגנט און ארומגענומען אָפענע אָרעמס. אָבער שפּעטער זיינען זיי געלעגן אַביסל אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן, און ער האָט איר דערציילט „ווי עס איז געוועזן".

3.

און מערקווירדיק: אין אָסקאַרס באַציאונג צו דאָראַן איז געוועזן נישט בלויז פאַרליבטקייט, נאָר עפּעס פון וועלן גוט מאַכן, פון וועלן עפּעס פאַרגלעטן. דאָס האָט ער זיך אליין אַלץ נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געקליבן צווישן איר און ליוסי סמיט, געפילט זיך שולדיק פאַר דאָראַן, און אין זיין האַלטונג איז געוועזן עפּעס פון אַ פאַרבויגן זיך, פון פאַרצייאונג בעטן. עס איז געוועזן נישט בלויז ליבע, ווען ער איז אויפגעשפּרונגען צו דערפילן דאָראַס אַ וואונטש, נאָר אויך די צערטלעכע באַרייטוויליקייט פון איינעם, וואָס ווייס, אַז ער האָט זיך פאַרזינדיקט.

אָבער אין זיינע געפילן צו זיין קינד איז ער געוועזן פריי פון יעדער פאַרשולדיקטקייט, און זיין ליבע צו איר איז געוועזן אומענדלעכע גליקלעכקייט, אויפשריי, אויפיובל. עס האָט געזונגען און געלאַכט אין אים, ווען ער האָט געטראַכט פון זיין טעכטערל. ער איז ארומגעגאַנגען אין זיין ליבעס־געפיל צו איר, ווי ווען אויף זיינע פיס וואָלטן פליגלען געוועזן, און ער וואָלט אין זיין גיין נישט געדאַרפט גאָר אָנרירן די ערד. אין דער פריי איז זיין אוועקגיין פון

דער היים געווען א לאנגער פראצעס פון קושן מיט מוטער און טאכטער, און ער איז אוועק מיט דעם גליקלעכסטן שמייכל, טאפנ־ריק אונטערוועגס זיין בוזעם־קעשענע, וואו אין א זיידענעם אויס־געניימן בריוועטעשל זיינען געלעגן די פאטאגראפיעס פון ווייב און טעכטערל. אויף זיין שרייב־טיש אין זיין ביורא איז געשטאנען די פאטאגראפיע פון זייער בילד, וואס א בארימטער מאלער האט גע־מאכט. ווען ער פלעגט אריינקומען אין ביורא, פלעגט ער א ווינק טאן צוערשט צו דער דאזיקער פאטאגראפיע, ווי ער וואלט געוואלט זאגן צו די ביידע אפגעמאלטע: „האבן מיר נישט געהאט א גוטע צוקושעניש ביים אוועקגיין?“ און דערנאך ערשט פלעגט ער זיך נעמען צו זיין פאסט און צו זיינע געשעפטן. עס איז געווען נאר טאקט־געפיל, ווען ער האט זיך איינגעהאלטן נישט צו רעדן מיט זיינע באזוכער וועגן זיין טעכטערל, וועלכע שפרייט אויס ארום זיך ווי א זון־שטראל ליכטיקייט און ווארעמקייט און פרייד און לאכן, כאטש אפט האט עס אים געצויגן ביי דער צונג און די האנט האט זיך געבעטן צו דער בוזעם־קעשענע, ארויסצונעמען און צו ווייזן איר לעצטע פאטאגראפיע. נאר ווען א באזוכער פלעגט זיך צו שטארק פארקוקן אויף דעם בילד, וואס איז געשטאנען אויפן טיש, פלעגט ער זיך נישט קאנען איינהאלטן און זאגן:

„שיין, ווי? דאס האט געמאלן על. דזש. דזשאעל...“

איז נאטירלעך, אז ער האט זי געמוזט צולאזן, אין אלץ איר נאכגעבן, קיינמאל אפילו נישט אנשרייען אויף איר, אלץ, אפילו דאס ווילדסטע און אומדערצויגנסטע, מוחל זיין איר און פארזען. גיי זיי בייז אויף א קינד, פון וועלכן עס זינגט אראפ הארץ־פרייד און נשמה־דערקוויקעניש. אז דו שרייסט אויף איר אן, שטעלט זי אזוי אן די ליפעלעך, און אירע בלויע „אויגאטשעס“ ווערן פאר־לאפן מיט טרערן, און זי זעט אויס מלאכדיק שיין אין איר אנ־קומענדיקן געוויין, אז עס כאפט אן ביים הארצן, און דו מוזט זי ארומנעמען און אויסקושן איר די זיסע ליפעלעך און די טייערע „אויגאטשעס“ און פארהאלטן איר די טרערן.

אבער זי איז אזוי שיין געווען מיט די אנגעשטעלטע ליפעלעך און די פארטרערטע גרויסע אויגן, אז אפטמאל האט זיך געוואלט אנשרייען אויף איר, גלאט אזוי אין שפיל, אבי זי זאל זיך אזוי האר־

ציק פאַרחנען מיט איר באַליידיקטן און טרערן־גרייטן פּנימל. האָבן טאַקע טאַטע־מאַמע פון דעם אַנשרייען געמאַכט אַ שפּיל פאַר נאָנטע און ווייטע. ווער עס איז אַריינגעקומען, האָט געמוזט זען, ווי דאָס קינד שטעלט אָן די ליפּעלעך און מאַכט אַזאַ רחמנות־פּנימל. אָסקאַר אַליין איז געווען דער אָנפירער אין דעם שפּיל, אָבער ער אַליין פלעגט נישט אַנשרייען, ער פלעגט הייסן דאָראַן: „שריי אויף איר אָן!״ און אַז דאָרא האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט, האָבן דאָס געדאַרפט טאָן די געסט אַליין. און אַז דאָס אַנשרייען איז געטאָן געוואָרן, און זעלדעלע האָט שוין געמאַכט דאָס מלאכדיק־שיינע רחמנותדיקע פּנימל, איז אָסקאַר געווען דער ערשטער אויסצוברעכן אין אַן אַנטציקטן געלעכטער, און האָט געכאַפּט דאָס קינד און געקושט און געהאַלזט עס און געלאָזן זיך מיט איר טאַנצן.

מערע האָט אים אַמאָל אויסגעמוסרט דערפאַר, און נח האָט איר געגעבן גערעכט.

„ווי קאָן מען מאַכן אַ שפּיל פון אַ קינדס האַרצווייטיק און טרערן?״ האָט זי געזאָגט. „דאָך אַ צער־בעל־חיים!״

אָבער אָסקאַר האָט געלאַכט זיין האַרציקן, פאַרליבט באַגייסטערטן געלעכטער און זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון דעם שפּיל מיט זיין קינדס „האַרצווייטיק און טרערן״, ווייל דאָס האָט באַוויזן זיין טעכטערל אין אַ נייעם חן און גרעסערן רייץ, און ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן נתפּעל ווערן פון איר שיינקייט.

קליין זעלדעלע האָט אויפגעהערט צו וויסן, ווען דאָס אָנבייזערן זיך איז געווען ערנסט און ווען שפּיל, און באַלד אויפגעהערט אויסצומאַכן זיך פון יעדן בייזער. אָבער עס איז געשען נאָך ערגערס. ווי דאָס איז געקומען צו איר ווייס מען נישט — קיינער האָט עס איר נישט באַוויזן און קיינער האָט עס איר נישט געהייסן טאָן — אָבער ווי מען פלעגט זיך אָנבייזערן אויף איר, פלעגט זי אָפּענטפערן מיט אַ בייזן שפּיי. דאָס איז געווען נישט שיין און געווים אַ מיאוסע טבע, אָבער אָסקאַר האָט דאָס אויפגענומען ווי דעם גרעסטן שפּאַס, וועלכער האָט געמוזט פּראַקטיצירט ווערן אויך פאַר געסט. ווידער איז נישט ער געווען דער אַנשרייער, נאָר עמיצער אַנדערש האָט דאָס געמוזט זיין, און ווען זעלדעלע האָט

אפגעטאָן איר חכמה מיט דעם שפּיי, איז ער ווידער געוועזן דער הארציקער לאָכער און קושער און טענצער.

און ווידער האָט זיך מערע ארייגגעמישט:

„אָסקאַר, מ'מאַכט נישט קיין שפּיל פון אַ מיאוסער מידה!"

אָבער אָסקאַר האָט געלאַכט אַנטציקט און גליקלעך, ווייל אַלץ, וואָס זיין טעכטערל טוט, איז אַזוי רייצנד.

איז עס געקומען, ווי מערע האָט פאָראויסגעזען. מען האָט נישט געקאָנט צוקומען נאָענט צו שיין־זעלדעלען, ווייל מען האָט ריזיקירט באַגאָסן צו ווערן מיט אַ שטראָם שפּייעכץ. און דאָס איז אומאַנ־גענעם אפילו, ווען עס קומט פון אַ הערלעכן מיילכל פון אַ זייער שיי־נעם קינד. אָנשרייען איז געווען געפערלעך, ווייל דאָס האָט אַרויס־גערופן נאָך אַ גרעסערע שפּיי־אַטאַקע, און אַנדערע שטרענגערע מיטלען האָט אָסקאַר נישט דערלויבט, בשום אופן נישט.

„ביז דער חתונה וועט זי עס אַליין אויפהערן," האָט ער זיך געוויצלט.

מערקווירדיק איז דאָס, וואָס דער קליינער נאָמי האָט אויס־געפירט ביי איר, זי זאָל אויפהערן צו שפּייען.

זיי זיינען געוועזן גרויסע פריינט, די דריי־יעריקע זעלדע און דער אַכטיעריקער נאָמי. ווען ער פלעגט קומען, פלעגט זי מיט קיינעם אַנדערש נישט וועלן שפּילן, פאַר קיינעם און גאָרנישט נישט געהאַט קיין אויגן. זי פלעגט זיך הענגען אים אויפן האַלז, קושן און דריקן אים צו זיך. דעם ווייניק געקושטן, זעלטן גע־לאַסקעטן זון פון דעם מיט טויזנט געשעפטן פאַרנומענעם מאָרי און פון דער מיט טויזנט קלייניקייטן באַשעפטיקטער סילוויאַ איז עס געווען זייער אָנגענעם. אין זיין הערצל פלעגט אַריינדרינגען ליבפולע וואַרעמקייט, און זיינע הענטלעך האָבן זיך געפרייט מיט די אומאַרמונגען. און זעלדאַ איז אַזוי צאַרט און ליבפול נישט גע־האַלזט געוואָרן אפילו פון איר טאַטן, וועמענס הענט זיינען געוועזן צו גרויס און זייער דרוק צו שווער.

מען האָט גערעדט און געוויצלט זיך און געלאַכט איבער דער „יונגער ליבע", צוגעשטופּט זיי איינס צום אַנדערן, געלאָזן זיי זיך אַרומנעמען, נאָר נישט אין דער אָנוועזנהייט פון זיידע נח און באָבע מערע, וועלכע האָבן געטענהט און געבעטן זיך:

„מאַכט נישט פון קינדער קיין צירק! זייערע געפילן זיינען נישט קיין טעאַטער!"

ווען זעלדעלעס שפּיי־לוסט איז שוין געווען נישט אריבער־צוטראָגן, איז דאָראַן איינגעפאַלן דער גליקלעכער געדאַנק, אַז אפשר וועט נאָמי פועלן ביי איר, זי זאָל זיך אויפהערן צו שפּייען. ווען ער איז געקומען, האָט זי אים אָפּגעפירט אָן אַ זייט און גע־רעדט צו אים, ווי צו אַ דערוואַקסענעם, ער זאָל איינווירקן אויף זעלדעלען, זי זאָל נישט שפּייען מער; אים וועט זי געווים פאָלגן. אָסקאַר האָט דערנאָך לאַנג נישט אויפגעהערט צו דערציילן און האַרציק צו לאַכן בשעת מעשה, ווי זיין אַכטיעריקער ברודער־זון נאָמי, „דער זון פון מאַרי עדאָן", האָט אָפּגעשטעלט די שפּיי־אַטאַקעס פון דער וואונדערבאַרער זעלדעלען.

ווען זי האָט אים דערזען, איז זי ווי געווײנלעך געלאָפן אים אַנטקעגן מיט איר גאַנצער פרייד, איר געזיכטל אַ שטראַלנדיק זו־נעלע, און אירע אָרעמס אויסגעשטרעקט אויף אַרומצוכאַפּן אים. אָבער ער איז געבליבן שטיין, אָפּגעהאַלטן אירע הענטלעך און שאַרף אַרויסגערעדט: „ניין!"

מען האָט געדאַרפט זיך דעמאָלט אָנזען דאָס געזיכטל פון קליין־זעלדעלען! זי האָט אויסגעגלאָצט אירע בלויע „אויגאַטשעס" און אָנגעקוקט איר נאָמין, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרשטיין, וואָס איז געשען. און דער קלוגער יינגעלע האָט גערעדט ווי אַ גאַנצער מענטש:

„איך וויל דיך נישט אַרומנעמען און וועל דיך נישט קושן, ביז דו וועסט נישט פאַרשפּרעכן, אַז דו וועסט זיך נישט אויפהערן צו שפּייען."

דאָראַ, וועלכע איז געשטאַנען דערביי, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געמוזט נאָכמאַכן נאָמים ערנסט געזיכט און נאָכ־זאָגן נאָך אים זיינע שטרענגע ווערטער.

זעלדעלע, וועלכע איז געוואוינט געווען צו מאַכן ביי אַזאַ אָנ־זאָג איר שטאַרקסטע אַטאַקע, האָט איצטער אויך גענומען מאַכן הכנות צו אַ גרויסן שפּיי, אָבער נאָמי האָט זי באַצייטנס אָפּגע־שטעלט:

„אויב דו וועסט א שפיי טאָן אויף מיר,‟ האָט ער געזאָגט, „וועל איך אַוועקגיין און מער נישט קומען.‟

זעלדעלע האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויסן הארצברעכנדיקן געוויין און אַ וואָרף געטאָן זיך צו אים מיט בײדע הענטלעך, אַרומגעכאַפּט אים אַרום טאַליע און געדריקט זיך צו אים. אָבער נאָמי האָט זיך געריסן פון איר.

„דו מוזט מיר פאַרשפּרעכן, אַז דו וועסט מער נישט שפּייען.‟

„יאָ,‟ האָט זי געענטפערט.

„וואָס: יאָ?‟ האָט ער איבערגעפרעגט, ווי אַ גאַנץ גרויסער.

„איך וועל מער נישט שפּייען,‟ האָט זי אַרויסגעכליפּעט.

און דעמאָלט האָט ער זי אַרומגענומען, און בײדע האָבן זיך נישט אָפּגעלאָזן פאַר דער לענגסטער צייט.

דאָרא איז אַזוי גערירט געווען פון דער סצענע, אַז זי האָט געמוזט אויפרופן אָסקאַרן און איבערגעבן אים אין טעלעפאָן וואָרט ביי וואָרט, גרימאַסע נאָך גרימאַסע, אַזוי גוט און עכט, אַז אָסקאַר אויף דער אַנדער זייט פון טעלעפאָן האָט נישט זעענדי־קערהייט איבערגענומען די סצענע אין איר גאַנצער באַוועגלעכקייט און רירונג און איבערגעגעבן זי גלייך פאַר זיינע סעקרעטאַרן, מיט אַ סך לאַכן און התפּעלות. און שפּעטער האָט ער מיט התפּע־לות און לאַכן דערציילט, אַז וואָס עס איז נישט געלונגען טאַטע־מאַמע, איז געלונגען דעם קליינעם נאָרמאַן, דעם ברודער־זון, „דעם זון פון מאָרי עהאָן‟. זיין זעלדעלע האָט זיך אויפגעהערט צו שפּייען.‟

אָבער — זי האָט אָנגעהויבן צו קראַצן. עפּעס מיט אַזעלכע שאַרפע נעגל, ווי די מעסער. געווען געפּערלעך צוצוגיין צו איר. אָסקאַר איז געווען איינער פון די ערשטע צו דערפילן די שאַרפ־קייט פון אירע נעגל. דווקא אין בעסטן שפּיל און לאַכן פּלוצלונג אַריינגעפאָרן מיט די נעגל אין פּנים אַריין און דורכגעשניטן טי־פע קאַנאַלן. עס האָט אים אַמתדיק געשמאַרצט און ווי געטאָן, און ער האָט געדאַרפט לאַנג טריקענען דאָס בלוט. ער האָט גע־זאָלט אין כעס ווערן, האָט אפילו אויפגעהויבן זיין האַנט אויף איר הענטל, אָבער דעם קינדס דערשראָקן דערוואַרטנדיק געזיכטל

האָט אויף אים געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז ער האָט זיך געמוזט צולאַכן.

דאָך פֿון דעם קראַצן האָט זי גאָר באַלד אָפּגעוווינט איר קינדער־מיידל. זי האָט איר אויף קראַצן געענטפֿערט מיט קראַצן. זעלדעלע האָט זיך צווויינט, און אָסקאַר איז זייער אומצופֿרידן געווען מיט דער קינדער־מיידל. עס איז אַפֿילו אַמאָל זייער געזעצלעך אויג פֿאַר אויג און צאָן פֿאַר צאָן, אָבער דאָס איז נישט געשריבן פֿאַר זיין זעלדעלען. און ער האָט געמאַכט דער מיידל אַ שאַרפֿן פֿאָרוואורף. נאָר די מיידל האָט פֿעסט געענטפֿערט, אַז זי וועט עס געוויס טאָן נאָכאַמאָל, אויב דאָס קינד וועט זי ווידער קראַצן, און אויב דאָס געפֿעלט אים נישט, קאָן זי גלייך אַוועקגיין: זי וועט זיך איר געזיכט נישט לאָזן צוקראַצן ווי ער. זעלדעלע האָט געהערט דעם געשפּרעך און מער נישט דערוועגט זיך צו קראַצן נישט איר מיידל און נישט קיינעם אַנדערש, אָבער אין איר איז באַפֿעסטיקט געוואָרן דאָס באַוואוסטזיין, אַז זי האָט אין איר טאַטן אַ גרויסן פֿאַרטיידיקער, וועלכער וועט זיך אָננעמען פֿאַר איר און באַשיצן זי, וואָס זי זאָל נישט אָפּטאָן.

איר פֿאַרטיידיקער איז ער געווען און איר גרעסטער באַוואונדערער און דער אַרויסשרייער און פֿונאַנדערפֿויקער פֿון די פּלאַי־פּלאים, וועלכע מען האָט זיך געקאָנט אָנדערציילן וועגן זיין זעלדעלען. ווען זי האָט עפּעס אָפּגעטאָן אָדער געזאָגט, האָט זי גלייך געוואוסט, אַז דער טאַטע וועט זיך באַלד פֿונאַנדערלאַכן, און עס וועט זיך אָנהויבן די פֿונאַנדערפֿויקעניש פֿון דער גרויסער געשעעניש. זי וואָלט זיך פֿאַרוואונדערט, ווען דער טאַטע וואָלט עס נישט געטאָן. געוויסע זאַכן האָט ער אַפֿילו פֿאַרשריבן אין אַן אַלבום צווישן טאָוולען פֿון קראָקאָדיל־הויט, כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט זיי נישט פֿאַרגעסן, כל זמן ער וועט לעבן, און עס וואָלט קיין וואונדער נישט געווען, ווייל ער האָט זיי אַזויפֿיל מאָל איבערגעחזרט. אָבער דער אַלבום איז געלעגן אויבן־אויף פֿון זיין סטודיאָ, און ווער עס האָט געוואָלט, האָט געקאָנט אים אויפֿעפֿענען און לייענען. אַ פּאָר מאָל האָט דער אַלבום אַפֿילו פֿאַרבלאָנדזשעט אין אָפּיס אַריין, אויבן־אויף אויף דעם גרויסן שרייב־טיש.

ליבלינג האָט געקראָגן אַ שלעכט מעגעלע און דערפאַר נישט געקענט האָבן קיין טאָרט.

האָט זי זיך געווענדט צום מעגעלע און געזאָגט: „זעסט, דו ביסט שלעכט, קריגסטו נישט קיין טאָרט.״

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געפרעגט:

„וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָרט?״

„קאַפּע־טאָרט,״ האָט מען איר געענטפערט.

„לאָז מיך אים געבן אַ שטיקל,״ האָט זי געזאָגט. „מײַן מאַגן האָט פײַנט קאַפּע־טאָרט, און איך וויל אים באַשטראָפן.״

אַזוי האָט אָסקאַר פאַרשריבן און צוגעשטעלט דערצו מיט דרײַ אויסרוף־צייכנס: „געניאַל!!!״

זעלדעלע איז אין כעס געוואָרן אויף איר קינדער־מיידל. זי האָט געוואָלט „ברען״ צו פרישטיק, און די מיידל האָט איר געבראַכט „אָוטמיל״, האָט זי געכאַפּט די שיסל מיטן „אָוטמיל״ און אַ שמיץ געטאָן אָן דער ערד. ווען מען האָט זי גענומען מוסרן פאַר אַראָפּוואַרפן די שיסל אויף דער ערד, האָט זי געענטפערט:

„און אַז איך וואָלט זי אַ וואָרף געטאָן הילדאַן אין קאָפּ, וואָלט געווען בעסער?״

אָסקאַר האָט עס פאַרשריבן, אָנרופנדיק זײַן טאָכטער „זי־סער האָניג״ און צושטעלנדיק מיט איין אויסרוף־צייכן: „אַנט־ציקנד!״

דאָס קינד האָט זיך דערנענטערט צו זעקס יאָר, און אין הויז האָט מען גערעדט וועגן שיקן זי אין דער שולע. האָט זי געהערט, ווי מען רעדט, אַז פינף טעג וועט זי דאַרפן גיין אין דער שולע און צוויי טעג, שבת און זונטיק, וועט זי האָבן פרײַ, האָט זי אַרונטער־געשפּאַרט דאָס קעפּל און אַרויסגעזיפצט:

„אָ, הלוואי וואָלט געווען פאַרקערט!״

אָסקאַר, פאַרשרײַבנדיק דאָס, האָט טיטולירט דאָס קינד מיט „זונשײַן״ און צוגעשריבן: „אָ, איך וואָלט זי געקאָנט אויפעסן!״

און אַזוי בלאָט נאָך בלאָט, די באַגײַסטערונג פון אַ טאַטן, וואָס האָט פון זײַן באַגײַסטערונג נישט געקאָנט און נישט גע־וואָלט מאַכן קיין סוף.

עס איז דאָרטן נישט געווען פאַרשריבן, אַז זעלדאַ עדאַן האָט

זיך זייער שלעכט געלערנט און איר אויפפירונג אין קלאַס איז גע־
ווען די פאַרצווייפלונג פון די לערערינס. אַ סך מאָל איז אָסקאַר
גערופן געוואָרן אין דער שולע און עס איז פאַר אים אויסגעלייגט
געוואָרן אַ צעטל פון חטאים. ער האָט אויסגעהערט מיט אַן
ערנסטער מינע און איבערגעחזרט עטלעכע מאָל: „אַ שאַנד!״.
זעלדע איז אַריינגערופן געוואָרן און געמוזט אויסהערן פון טאַטן
די מוסר־ווערטער, אַז זי זאָל זיך שעמען, אַז זי באַגייט זיך ווי אַ
ווילדער אינדיאַנער א. א. וו. אָבער זי האָט גוט דערקענט דאָס
איינגעהאַלטענע לאַכן, וואָס האָט געשפּילט אין די מוסקולן פון
איר פאָטערס פּנים, און האָט זיך צו זיינע ווערטער נישט צוגע־
הערט.

אָסקאַר האָט זיך טאַקע איינגעהאַלטן נישט צו צולאַכן, איז
געווען שטאַרקער פון אייזן, אַז ער האָט גאָר געקאָנט מאַכן אַן
ערנסט געזיכט, אָבער אַז ער איז אַריין צו זיך אין אויטאָמאָביל,
האָט ער זיך האַרציק צולאַכט, געמאַכט דעם שאָפער צו לאַכן,
דערציילנדיק אים פון זעלדאָס שקאַציקערייען, און קומענדיק אין
אָפיס, האָט ער זיך גלייך געזעצט אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג
מיט דאָראַן און דערציילט איר די וואונדער פון זייער קינד,
קייקלענדיק זיך פאַר געלעכטער. דאָראַ האָט מיטגעלאַכט, אָבער
צום סוף געזאָגט:

„פונדעסטוועגן דאַרף מען זען, אַז זי זאָל אַזוינס מער נישט
טאָן.״

ער אָבער האָט אויסגערופן:

„אַך, וואָס! די לערערין דאַרף פאַרשטיין שפּאַס! ווען זי וואָלט
געווען אַזוי קלוג, ווי אונזער ליבלינג, האָט זי געדאַרפט הנאה
האָבן פון אַזאַ שטיפעריי. ווירקלעך, דאָס מוז איך פאַרשרייבן.״

און אַזוי איז געשטאַנען פאַרשריבן אויף איינער פון די
זייטן פון דעם אַלבום:

„דער פּרינציפּאַל פון דער שולע, אין וועלכער ליבלינג גייט,
פּראָפעסאָר עדווין מילטאָן פון דער מילטאָן - שולע, אין וועלכער
עס לערנט זיך אויך מיין פּלימעניק נאָרמאַן, דער זון פון מאָרי
עדאָן, רעדט מיט אַ קוויטש — אַ קוויטש, וועלכער בעט זיך, מען
זאָל אים נאָכמאַכן. האָט טאַקע ליבלינג מער נישט געדאַרפט ווי

הערן אים רעדן, און ווי זי האָט אים נאָר דערהערט, האָט זי גלייך אָנגעהויבן אים נאָכצומאַכן. ווען די לערערין האָט ביי איר עפּעס געפרעגט, איז זי אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן צו ענטפערן מיט פּראָפעסאָר מילטאָנס קוויטש. די לערערין האָט זיך צושריען אויף איר, אָבער זיסער האָניג האָט גאַנץ אומשולדיק געענטפערט: ,,אַזוי רעדט דער פּרינציפּאַל, און איך דאַרף רעדן אַזוי ווי ער!" איז עס נישט גאַנץ וואונדערפול?"

ווען ער איז אין אָוונט געקומען אַהיים, האָט אים זעלדע געזאָגט:

,,וואָס האָסטו מיך געדאַרפט אַזויפיל פאַרשעמען, אַז דו האָסט דאָך גאָר געוואָלט לאַכן?"

ווי האָט זיך דאָ אָסקאַר געקאָנט איינהאַלטן פון אַ נייעם האַרציקן געלעכטער און נישט אַריינפאַלן אין אַ נייער התפעלות?

אָבער נח און מערע זיינען געוועזן אויסער זיך.

,,וואָלסטו כאָטש פון איר באַהאַלטן דיין התפעלות!" האָט מערע געזאָגט.

און נח האָט צוגעגעבן:

,,נישט נאָר נתפעל ווערן, נאָר דאָס האָסטו געדאַרפט אפילו באַשטראָפן."

האָט טאַקע זעלדע נישט ליב געהאַט זיידע נח און באָבע מערע, און זי וואָלט צו זיי שבת נישט געגאַנגען, ווען זי וואָלט נישט געוואוסט, אַז זי וועט ביי זיי געפינען נאָמין.

ווען זיי זיינען זיך דעם שבת אין דער וואָך פון דער ,,קוויטש-שטיפעריי" צונויפגעקומען ביי זיידע נח און באָבע מערע, אַלע דריי אייניקלעך, דער דרייצן-יעריקער נאָמי, די אַכט-יעריקע זעלדע און דער זעקס-יעריקער דזשוניאָר, האָט באָבע מערע גענומען דזשוניאָרן צו זיך אויפן שוים און דערציילט אַ מעשה, פון אירע מעשיות, וועלכע די ביידע יינגלעך האָבן ליב געהאַט צו הערן און צו וועלכע זעלדע האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין באַזונדער גע-דולד:

,,אַמאָל איז געוועזן אַ יינגל, וועלכער איז געוועזן אַ גרויסער שטיפער און האָט ליב געהאַט אַלעמען נאָכצומאַכן און נאָכצו-קרימען..."

,,איך וויל נישט הערן,'' האָט זעלדע איבערגעריסן, און אַריינגעלייגט אירע ציינג־פינגער איןביידע אויערן.

,,נעם אַרויס די פינגער פון די אויערן,'' האָט נאָמי אויף איר אָנגעשריען.

,,איך הער נישט, און ווייס נישט, וואָס דו שרייסט צו מיר,'' האָט זעלדע געענטפערט.

,,וועל איך זיי דיר אַרויסנעמען!'' האָט נאַרמאַן געזאָגט.

,,טשעפּע זי נישט,'' האָט די באָבע מערע אים אָפּגעשטעלט. ,,די מעשה איז זייער אַ שיינע, און אַז זי וועט זי נישט הערן, וועט עס איר פאַרדריסן.''

,,איך קאָן אַליין לייענען מעשיות, איך דאַרף זיי נישט הערן,'' האָט זעלדע געזאָגט מיט עקשנות, נישט אַרויסנעמענדיק די פינגער פון די אויערן.

די באָבע האָט אָנגעהויבן די מעשה פון אָנהויב, און דער־ציילט פון אַ יינגל, וועלכער האָט ליב געהאַט אַלץ און אַלעמען נאָכצומאַכן און נאָכצוקרימען. האָט ער געזען אַ הינקנדיקן, האָט ער אים נאָכגעמאַכט און געהונקען, אַ פוס אַראָפּ, אַ פוס אַרויף, אַ פוס אַראָפּ, אַ פוס אַרויף; האָט ער געהערט אַ זאַאיקע, האָט ער אָנגעהויבן צו שטאַמלען ב־ב־ב־ע, מ־מ־מ־מע; האָט ער געזען אַ הויקער, האָט ער זיך גלייך איינגעבויגן און איז געוואָרן אַ האָר־באַטער...''

באָבע מערע האָט נאָכגעמאַכט די אַלע באַוועגונגען, און די יינגלעך האָבן געלאַכט, און זעלדע האָט אויך געמוזט לאַכן.

,,זי הערט! זי הערט!'' האָט דזשוניאָר באַמערקט.

,,איך הער גאָרנישט, איך זע בלויז,'' האָט זעלדע דערווי־דערט.

,,הא!'' האָט דזשוניאָר אויסגערופן. ,,אָט האָסטו געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט!''

,,איך הער אָבער נישט די מעשה,'' האָט זעלדע דערווידערט.

באָבע מערע האָט פאָרטגעזעצט:

,,האָט ער דערהערט אַ הייזעריקן, האָט ער גלייך נאָכגעמאַכט: אַר־ר־ר!... אַר־אַ־ר־ר!... האָט ער געהערט איינעם מיט אַ קוויטש,

האָט ער ווידער גלייך נאָכגעקרימט און געקוויטשעט... י־י־י־י־י...
י־י־י־י־י...״

„פּראָפּעסאָר מילטאָן קוויטשעט נישט אַזוי,״ האָט זעלדע באַמערקט.

„פון וואַנען ווייסטו?״ האָט נאָרמאַן געזאָגט. „דו האָסט דאָך נישט געהערט, ווי די באָבע האָט דאָס געמאַכט?״

„אַ קוויטש איז דין, איז ער אריין אין מיינע אויערן,״ האָט זעלדע דערקלערט.

און די באָבע האָט ווייטער דערציילט:

„האָבן זיך צונויפגעקליבן אַלע די, וועמען ער האָט נאָכגעקרימט און נאָכגעמאַכט, די הינקנדיקע און די הויקערדיקע און די זאַאיקע און די הייזעריקע און די קוויטשנדיקע און מיישב געווען, וואָס זיי זאָלן טאָן מיט דעם שלעכטן יינגל, וואָס קרימט זיי נאָך...״

זעלדע האָט ארויסגעכאַפּט ביידע פינגער פון די אויערן און אויסגערופן מיט גדלות:

„אויב דו ווילסט מיך דערשרעקן, באָבע, זאָג איך דיר, אַז דו וועסט מיך נישט דערשרעקן. מיין טאַטע איז אַ גרויסער לאָיער און פּאָליטישן — ער וועט זיי אַלעמען אַוועקשיקן אין געפענגעניש!״

דער געלעכטער פון די גרויסע, וועלכע זיינען געווען דערביי, האָט געמאַכט די פאָרטזעצונג פון דער מעשה פאַר אוממעגלעך, און דאָרא האָט ארומגענומען איר טעכטערל און געדריקט און געקושט זי פול אַנטציקונג.

אָסקאַר איז געווען אויפן זיבעטן הימל. ער האָט נאָר באַדויערט, וואָס ער איז נישט געווען דערביי, נישט געהערט דאָס אַלץ מיט זיינע אייגענע אויערן. איר לעצטן אויסרוף, האָט ער אפילו געמאַכט זי איבערצוזאָגן, דאָך דאָרא האָט אים פארזיכערט, אַז דאָס איבערזאָגן קומט נישט צום אָריגינעלן ארויסשריי, און ער האָט געדריקט און געקושט זיין זעלדעלען כמעט מיט הארצווייטיק, וואָס אים איז נישט באַשערט געווען דער נחת רוח ביים אָריגינעלן אויסרוף פון זיין טאָכטער, אַז זי וועט זיך נישט לאָזן דערשרעקן, ווייל איר טאַטע איז אַ לאָיער און אַ פּאָליטישן.

„אַ פּאָליטישן! אַזוי האָט זי געזאָגט?" האָט ער איבערגע־פרעגט און געלאַכט און געלאַכט.

ער האָט נישט געפּרוּווט צו אַנטוישן זי אין זיין אַלמעכטי־קייט, ער האָט זי אַפילו באַקרעפטיקט אין איר גלויבן.

„דו ביזט גערעכט," האָט ער איר געזאָגט. „איך וואָלט זיי אַלעמען אַוועקגעשיקט אין פּריזאָן! ביי גאָט, אַלע מיט אַן אַנדער וואָלטן זיי ביי מיר אַוועקגעגאַנגען אין פּריזאָן, ווען זיי וואָלטן עפּעס אויסגעפּלאַנט אַנטקעגן מיין ליבלינג!"

און זיידע נח און באָבע מערע האָבן שווער געזיפצט.

פערטער קאַפּיטל.

# נאָרמאַן

.1

די דריטע טרעף! דער עלטסטער אייניקל, די ערשטע גרויסע פרייד פון נחן און מערען אין זייערע זיידע־באָבע־דערוואַרטונגען, איז געוואָרן פאַר זיי אַ שטילער, טיפער הארצוויטיק.

נאָרמאַן, דער זון פון מאָרי און סילוויאַ, איז אויפגעוואַקסן אין גרויסער רייכקייט אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען.

דער טאַטע איז געווען צופיל פאַרנומען און האָט זיך קוים אומגעקוקט אויף אים. ווען ער האָט זיך אומגעקוקט, איז עס שטענ־דיק געווען אָן אַ שמייכל און אָן אַ שפּילוואָרט, מיט דעם פאַר־טראַכטן פרעמדן בליק פון זיינע טיפע אויגן, וועלכע האָבן גע־שראָקן דאָס קינד.

אינדערפרי איז עס געווען צופיל פאַר דעם געשעפטס־מאַן אַריינצוגיין צום אויפגעוואַכטן, לאַכנדיקן, שפּילנדיקן יינגעלע, אַ קוק טאָן אויף אים, אַ קוש טאָן אים. דאָס קינד האָט אינדערפרי נישט געוואוסט, אַז עס האָט אַ טאַטן. אָבער אין אָוונט פלעגט ער אַריינגעבראַכט ווערן צום פאָטער צו זאָגן אַ „גוטע נאַכט" און אַ קוש טאָן אין האַנט, ווייל אַ קוש טאָן זיין זון און פון אים געקושט צו ווערן איז געווען צופיל פאַר מאָרים פאַרטאָגקייט. אָפט איז מאָרי פאַרגראָבן געווען הינטער זיין אָוונט־צייטונג, פון וועלכער ער האָט נישט געקאָנט אַרויסרייסן זיינע אויגן, און דער יינגל האָט גע־זאָגט „אַ גוטע נאַכט" צום פאַרשטעלטן, אומגעזעענעם טאַטן, וועלכער פלעגט עפּעס אָפּברומען פון זיין באַהעלטעניש, און אַ קוש געטאָן די האַנט, וועלכע האָט געהאַלטן די צייטונג, אַ פרעמדע, אַ גלייכגילטיקע האַנט, וועלכע האָט נישט אַרויסגעוויזן דעם

קלענסטן צייכן, אז זי פילט, אַז זי האָט געקריגן אַ קוש. צו־ווײַלן נאָר האָט מאַרי אויפגעהויבן זיינע אויגן פון זיין ציַיטונג און אַרויסבאַגלייט מיט זיי דאָס קינד. אַ פאַרשפּעטיקטער פּלוצימדיקער פאַרלאַנג אַ קוק צו טאָן, ווי זיין זון וואַקסט, אָבער ער האָט קיינ־מאָל נישט געבעטן, מען זאָל אים ווידער צוברענגען דאָס קינד. דער באַגלייט־קוק איז געווען פאַר אים תענוג. יוצא געווען — דער טאַטע.

אזוי האָט דער יינגל געוואוסט, אַז ער האָט אַן אוונט־טאַטן, וואָס איז באַהאַלטן דאָס רוב הינטער אַ ציַיטונג. און אפשר האָט ער געדענקט, אַז די ציַיטונג איז אַ טייל פון דעם טאַטן, אַז זיין טאַטע מוז זיין הינטער אַ ציַיטונג. על כל פנים איז דאָס קינד שטענדיק צופרידן געווען, ווען דער טאַטע איז געווען הינטער דער ציַיטונג, ווייל אַן דער ציַיטונג פלעגט ער זיך אָנטרעפן מיט אַ בליק, וועלכער האָט אים געשראָקן.

און נאָך האָט דאָס קינד געוואוסט, אַז דער אָוונט־טאַטע איז אויך אַ זונטיק־טאַטע. אין יענעם טאָג פלעגט ער זען דעם פּאַפּאַ אַ פּאָר מאָל. אין יענעם טאָג פלעגט דער פּאַפּאַ אפילו רעדן צו אים, זאָגן אים אַ פּאָר ווערטער: „ווי גייט עס בייבי? ביזטו אַ גוטער יינגל?" שטענדיק די זעלבע ווערטער, וועלכע דאָס קינד פלעגט אויסהערן מיט אַ ציטער אין קליינעם הערצל און דריקנדיק זיך צו דער קינדער־מיידל, וואָס האָט אים צוגעפירט צום מאַן מיטן נאָמען „פּאַפּאַ" און מיט די אויגן, וועלכע האָבן אים געשראָקן. ווען איינמאָל האָט מעגי, די קינדער־מיידל, געוואָלט אַרויסווייזן איר באַזונדער גינציקייט און אַ פרעג געטאָן דאָס קינד אויף איר אָרעם: „ווילסטו גיין צום פּאַפּאַ?" האָט זי אַריינ־געבראַכט אין פאַרלעגנהייט דאָס קינד, וואָס האָט זיך שטאַרקער צוגעדריקט צו איר, אַוועקלייגנדיק זיין קעפּל אויף איר פּלייצע, ווי אויך דעם פּאָטער, וועלכער האָט זיך אפילו דערשראָקן: וואָס, חס־ושלום, ווען דאָס קינד גיט זיך צו אים אַ צי און וויל צו אים אויף די הענט? ווי וועט ער אים אָננעמען? ווי וועט ער אים האַלטן? ער האָט טאַקע גלייך שאַרף אַ זאָג געטאָן מעגין:

ווען איך וועל וועלן די בייבי, וועל איך אים בעטן."

אין קינדער־צימער האָט מעגי גערעדט צום קינד מיט אַ לאַסקנדיקן טאָן:

,,זאָלסט קיינמאָל נישט גיין צום פּאַפּאַ, ער איז אַ שלעכטער פּאַפּאַ.''

.2

מאַרי איז שנעל געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער פירמע ,,מאַו גילין און קאָמפּאַני'' — אַ פירמע, וועלכע האָט פריער גע־האַנדלט נאָר מיט באַוולנע סחורות און איז געווען איינס פון די גרעסטע באַוולגעשעפטן אין לאַנד, און שפּעטער אַריינגענומען אויך וואָל און זייד, און איז אויך אין די דאָזיקע אַרטיקלען גע־וואָרן איינע פון די פירנדיקע פירמעס. אָבער אַלע אירע מערקווירדיקע דערפאָלגן האָט די פירמע געהאַט צו פאַרדאַנקען דער געניאַ־לער ווייט־זעענדיקער פירונג פון מאַרי עדאָן, פאַר וועלכן זיין שווער מאָז גילין, אַליין אַ זייער פעאיקער און געשיקטער געשעפטסמאַן, האָט געפילט דעם גרעסטן דרך־ארץ. דער שווער איז אַ לאַנגע צייט בלויז אין נאָמען געווען דער קאָפּ פון געשעפט, ביז איינמאָל איז ער מיד געוואָרן פון זיין נאָמינעלער קאָפּ־ראָלע און האָט אַרויפגע־זעצט מאַרין אויף דעם פּרעזידענט־שטול און אַליין צוריקגעצויגן זיך פון געשעפט.

,,האָב דיר איינגאַנצן די פרייע האַנט, מיין יונג,'' האָט ער געזאָגט צו מאַרין. ,,איך שטער דיר בלויז. איך האָב זיך אַמאָל געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אויפטוער, אַנטקעגן דיר בין איך אַ פּיר־צע.''

אָבער מאַרין איז באַלד ענג געוואָרן אין זיין וועלט־געשעפט. ער האָט אין אים דערגרייכט דאָס העכסטע. ווייטער זיינען נאָר געווען איבערחזרונגען. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף אַנדערע געשעפטן, אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין פאַרשיידנס. גע־וואָרן אַ דירעקטאָר אין אַ זייער מעכטיקער באַנק, אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט די קאָנטראָל איבער אַ גרויסער אויטאָמאָביל־פירמע, פאַרנומען אַ ריזיקע קליידער־פירמע, געוואונען די קאָנטראָל

איבער א באַרימטער שאָקאָלאַד־פאַבריק און דערוואָרבן גרויסן גרונט־אייגנטום אין דער שטאָט ניו־יאָרק.

זיין קאַפּיטאַל איז אָנגעשטיגן זייער הויך, אָבער דאָס איז געווען אַ ביי־זאַך. אז מען האָט אַ סך געשעפטן און מען איז דער־פאָלגרייך, וואַקסט דער קאַפּיטאַל. דער עיקר, מאַכן געשעפטן און זיין דערפאָלגרייך, און דער עיקר פון אַלע עיקרים איז דער דער־פאָלג, וואָס איז נישט קיין צופאַל. א צופעליקער דערפאָלג, דאָס צופעליקע אָפּגליקן איז גאָר נישט ווערט. דער צופעליקער דערפאָלג קאָן קומען אויך צו אַ פּורצע. אָפּגליקן קאָן אויך אַן אידיאָט, אַ מענטש אָן קאָפּ און אָן אַ פּיצעלע מאַרך. דער געניאַלער גע־שעפטסמאַן איז אַ געניאַלער גענעראַל, וועלכער ווייס פאָראויס זיין יעדע באַוועגונג, אָבער ווערט אין יעדער באַוועגונג געפירט און באַלויכטן פון אַן אינטואיציע, וועלכע קאָן קיין טעות נישט מאַכן.

מאָרי איז געווען אַ געניאַלער געשעפטסמאַן. ווען ער האָט געזאָגט מיט אַ סך יאָרן צוריק: „איך בין געשעפט", האָט ער זיך ריכטיק אָפּגעשאַצט. ער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דעם געשעפטס־געניוס.

גרויסער קאַפּיטאַל, מיליאָנען, מיליאָנען... די ציפערן האָבן אויף אים קיין איינדרוק נישט געמאַכט, געלט אַליין און פאַר זיך האָט ביי אים קיין באַדייטונג נישט געהאַט, נישט געשפּילט קיין ראָלע. ער האָט דאָס פאַר זיך אַליין נישט געדאַרפט — נישט אויס קאַרגשאַפט, נאָר אויס באַדערפעניש־לאָזיקייט. עס האָט אים נישט אויסגעמאַכט, ווי ער איז אָנגעטאָן, איז נישט געווען קיין אויס־קלייבער אין עסן און טרינקען, וואָלט געקאָנט וואוינען זייער איינפאַך, אין אַ קליינער דירה, בעל־הבתיש אויסמעבלירט, נאָר אַביסל אָפּגערוקט פון מענטשן.

דאָס איז, דאַכט זיך, די איינציקע זאַך, וועלכע ער האָט באַ־דאַרפט און געפאָדערט: וואָס ווייטער פון מענטשן און זייער אומ־נויטיקן גערויש און זייער נייגער און זייערע בליקן! גענוג פאַר אים געווען די מענטשן, וועלכע ער האָט זיך געמוזט אָנזען אין לויף פון טאָג, אין פּראָגראַם פון זיינע פאַרשיידנסטע געשעפטן. אָבער אויך מיט זיי האָט ער ארויסגעוויזן אַ געוויסע אומגעדולד.

אין זיין אָפיס איז ער געווען באַהאַלטן בחדרי חדרים. די עקזעקוטיווע פון זיין פירמע האָט פאַרנומען אַ גאַנצן עטאַזש הויך אין אַ וואָלקנקראַצער. איין ווינקל איז געווען אָפּגעצוימט פאַר אים. האָט מען אויפגעעפנט די טיר צו דעם דאָזיקן ווינקל, איז מען ערשט אַריין אין אַ פאָרצימער, וואָס האָט געהאַט דריי ווענט מיט טירן און וואו עס איז געזעסן אַ טעלעפאָן־מיידל, וואָס האָט אַליין קיינמאָל נישט געוואוסט, הינטער וועלכער טיר עס געפינט זיך אין דעם געגעבענעם מאָמענט דער פּרעזידענט. דאָס איז געווען זיין אידעע פון גרויסער אָפּגעזונדערטקייט. ווען מען וויים נאָך, וואו ער זיצט, איז ער נישט אָפּגעזונדערט, זעען אים אומצייליקע אויגן דורך האַלץ און שטיין. אָבער ווען מען וויים נישט, וואו ער געפינט זיך, איז ער פריי אַפילו פון גייסטיקע בליקן, איז ער גאַנץ איינזאַם.

אין זיין אָפיס־צימער איז ער געזעסן מיטן געזיכט צו דעם פענסטער, וואָס איז נישט פאַרשטעלט געווען פון קיין אַנדער געביידע. פון זיין זיץ האָט ער געזען נאָר וויטן הימל, און זיין איינזאַמקייט איז געווען גרעסער צווישן הימל און ערד.

ער האָט פאַר זיך אַליין קיינעם נישט געדאַרפט, גאָרנישט נישט געדאַרפט. זיין גרעסטער תענוג איז געווען צו זיצן אַליין, פאַר זיך, אָפּגעשלאָסן, פאַר קיינעם נישט צוגענגלעך, און פּלאַנע־ווען געשעפטן, שטעלן זיך שאַך־פּראָבלעמען און אין גרויסער איינזאַמקייט זיי לייזן. דערפאַר איז אויך זיין געשפרעך געוואָרן אַלץ מער און מער איינוואָרטיק, און זיין לייענען זיינען געווען די געשעפטס־זייטן פון די צייטונגען.

ער האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין בוך און איז זעלטן געגאַנגען אין טעאַטער. אַזעלכע צושטרייאונגען זיינען געווען אַ פשוטער צייט־פאַרלוסט. צושטרייאונגען! אויף וואָס דאַרף ער האָבן צושטרייאונגען? פון וואָס צושטרייאונגען? און ווי זיינען גאָר מעגלעך צושטרייאונגען? ווען ער האָט געפּרואווט אַמאָל לייענען אַ בוך, האָט ער עס געמוזט צומאַכן, ווייל ער האָט זיך גע־כאַפּט, אַז ער וויים נישט, וואָס ער לייענט — זיין קאָפּ איז נישט געווען אין בוך. און ווען ער איז געווען אין טעאַטער, האָט ער זיך ביי יעדן גרויסן געלעכטער געוואונדערט, וואָס מען לאַכט,

ווייל ער האָט דעם ווייץ נישט בלויז פאַרהערט, נאָר אויך פאַרזען.
ער האָט גאָרנישט געוואָלט, נישט געהאַט קיין שום געזעל־שאַפטלעכע אמביציעס. די וועלט און די מענטשהייט זיינען געווען פאַר אים בלויז אָביעקטן פאַר זיינע געשעפטלעכע אונטערנעמונ־גען. ווייטער זיינען זיי אים געווען לאַנגווייליק מיט אַלע זייערע פאַרוויילונגען. טאַנץ און חוזק, קאָרטן זיינען אידיאָטסטווע, יעדער נישט־געשעפט־געשפּרעך — אומזיסטע מאַרך־אַרבעט, ליבע איז קינדישקייט און מאַרך־פאַרווייכונג.
ווי האָט ער געקאָנט זיין א טאַטע?

.3

מאָרים לעבנס־אויפפאַסונג האָט געקאָנט דערווייטערן און פאַרפרעמדן סילוויאַן פון אים. אָבער סילוויא האָט נאָך געהאַט גרויסע געזעלשאַפטלעכע אמביציעס, וועלכע זיינען אַלץ גרעסער געוואָרן מיט דעם וואוקס פון איר מאַנס עשירות. זי האָט געוואָלט פירן א גרוים הויז, האָבן ביי זיך גרויסע געזעלשאַפטן און איינ־געלאַדן ווערן אין גרויסע געזעלשאַפטן, אריינדרינגען אין די העכערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין די קרייזן פון גרעסערער ציוויליזירטקייט און העכערער וועלטלעכער קולטור פון די יידן, וועלכע שטאַמען פון מערב - אייראָפּע, אָדער נאָך גאָר אריבעריאָגן זיי און גלייך אריינכאַפּן זיך אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט — די ווייטיקדיקע בענקשאַפט פון די יידישע פרויען פון דער הויכער יידישער געזעלשאַפט. אָנגעהאַנגען אָן מאָרים אָרעם, וואָלט זי גאָרנישט דערגרייכט. דעמאָלט וואָלט זי אייביק געדאַרפט פאַרקערן מיט איר אייגענער פאַמיליע און איר מאַנס משפחה און א פּאָר יונגנט־פריינט, וועלכע האָבן זי נישט אינטע־רעסירט מער. אויך מיר א לעבן!
האָט זי זיך אָנגעהאַנגען אָן די אָרעמס פון אַנדערע מענער, וועלכע האָבן זי געדאַרפט אריינגעמען אין אַן אַנדער וועלט, אין אַנדערע געזעלשאַפטן. אין אירע ליבשאַפטן איז געווען זייער ווייניק ליבע, א סך זינלעכקייט און זינדיקייט, און נאָך מער אויסגערעכנטקייט. אין איר באַציאונג צו טשאַרלז איז

געוועזן א גרויסער טייל זינלעכקייט און זינדיקייט, אָבער אויך א סך ליבע, אמתע ליבע און פארליבטקייט, און גאָר־גישט, נאַטירלעך, פון אויסגערעכנטקייט. דאָס איז געוועזן א פאַר־העלטעניש, וואָס האָט איר געגעבן א סך פארגעניגן, אָבער האָט זי נישט אריינגעפירט אין אַן אנדער וועלט, אויסער, נאַטירלעך, אין דער וועלט פון סוד און באַהאַלטנקייט, וואָס מאכט אויך דאָס לעבן רייכער און אינטערעסאַנטער. אָבער אין איר פארהעלטע־נישט מיט דעם יונגן באַנקיר פּרינצער איז שוין געוועזן א סך אויסגערעכנטקייט און שטרעבעריי. ער איז געוועזן א מיטגליד פון דער העכערער יידישער געזעלשאפט פון דייטשער אימיגראַציע, וואו די באָבעס האָבן נאָך גערעדט דייטש און אין זייער געשפּרעך אריינגעמישט העברעאישע ווערטער, וועלכע האָבן זיי פארבונדן מיט א ווייטער אומבאַקאַנטער פארגאַנגענהייט און אביסל א נענ־טערער אומגעקאַנטער רעליגיע, די מאַמעס האָבן פארשטאַנען אָבער וויניק גערעדט דייטש, און די העברעאישע ווערטער אויף די עלטערע ליפּן פון זייערע מאַמעס און שוויגערס גוטמוטיק פאַר־טראָגן, די טעכטער אָבער האָבן שוין דייטש אויך נישט פארשטאַ־נען, און די העברעאישע ווערטער האָבן ארויסגערופן אין זיי ציטער און פאַראַכטונג. אין דער דאָזיקער וועלט האָט פּרינצער געדאַרפט אריינפירן סילוויאַן אַלס שכר פאַר איר ליבע.

דאָס האָט אים געזאָלט אָנקומען זייער לייכט. ערשטנס האָט סילוויאַ גערעדט א גוט ענגליש, ווייל זי איז אריינגעקומען אין אַמעריקע, ווען זי איז נאָך געוועזן כמעט א זויג־קינד. צווייטנס איז זי געוועזן זייער פעאיק און האָט שנעל איבערגענומען די בעסטע מאַניערן און געקאָנט זיך האַלטן ווי א געבאָרענע אריסטאָקראַטין. דריטנס האָט איר נאָמען עדאַן געקלונגען זייער פאָרנעם און זי־בער נישט אויפגעוועקט דעם ווידערווילן און די אָפּגעגוייגטקייט, וועלכן א נאָמען מיט א „סקי״־סוף וואָלט ארויסגערופן.

די ערשטע איינלאַדונג איז צו איר געקומען פון א פרוי, וועלכע איז געשטאַנען הויך אין דער געזעלשאפט און האָט שטענ־דיק געטאָן, וואָס פּרינצער האָט פון איר פארלאַנגט. א פרוי ווייט אין די פערציקער, די ווייב פון א פיל עלטערן מאַן, א זייער רייכן שפּילצייג־פאַבריקאַנט, וועלכע איז געוועזן פאַרליבט אין

ברינצערן און האָט זיך באַגנוגנט מיט די ברעקלעך, וואָס זיינען אַראָפּגעפאַלן פאַר איר פון זיין טיש. די איינלאַדונג איז אַרויסגע־שיקט געוואָרן צו מיסטער און מיסיס מאָרי עדאָן. מאָרי האָט אויסגעבייטלט אַלע חלומות צו דער דאָזיקער איינלאַדונג, אָבער גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, אַז סילוויאַ זאָל זי אָננעמען און גיין, אויב זי וויל. סילוויאַ האָט נאַטירלעך געוואָלט און איז געגאַנגען. עס האָט געהייסן, אַז מיסטער עדאָן האָט געמוזט געשעפטלעך פאַררייזן און איבערלאָזן זיין פרוי אויף די גוטע און טרייע הענט פון מיסטער ברינצער. זי איז אַריינגעטראָטן אין דער הויכער גע־זעלשאַפט פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע, פון וועלכער זי האָט ביז איצט געהערט בלויז די נעמען, ווי איינע פון איר, מיט אַ סך טאַקט און איבעראַשנדיקער געשיקטלעכקייט. און האָט אויסגענו־מען.

אפילו די בעל־הביתטע פון דעם אָוונט, וועלכע האָט אויפגע־נומען סילוויאַן מיט דעם זיסעסטן שמייכל אויף די ליפּן און מיט די ביטערסטע קללות אין האַרצן, האָט שפּעטער אין אָוונט איינגע־רוימט ברינצערן:

„דו האָסט אָבער געשמאַק!"

אָבער דאָך איז זי אין דער געזעלשאַפט נישט אַריינגעדרונגען. די געזעלשאַפט איז געווען אַ צו־אָפּגעשלאָסענע. געקניפּלט, גע־קנופּט און געבונדן דורך קרובהשאַפט און צוגעהעריקייט און אַל־טער פרייַנטשאַפט. מען האָט געזאָגט, אַז מיסיס עדאָן איז אַן אַנט־ציקנדיקע פּערזאָן, אָבער ווער איז זי? מען האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז אַ פרעמדע איינדרינגערין. וואָס זי איז ברינצערס גע־ליבטע, האָט איר נאָך נישט געגעבן קיין רעכט אויף גלייכבארעכטי־קונג. די טירן זיינען געבליבן צוגעשלאָסן.

זי האָט נאָך געקראָגן אַ פּאָר איינלאַדונגען פון הייזער, וואו ברינצער האָט געהאַט שטאַרקן איינפלוס, אָבער זי האָט געפילט פרעמדקייט און אָנגעצויגנקייט און געמאַכטע זיסקייט אין יעדער ווענדונג צו איר. ווען זי האָט אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען, האָט מען זיי העפלעך נישט אָנגענומען. נאָר ווידער האָבן זיך באַוויזן די פּאָר דאַמען און הערן, וועלכע זיינען באַאיינפלוסט פון ברינצערן. דעמאָלט האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פון די דאָנערשטיקס מיט ברינצערן,

באפרייט זיך פון זיין אפוטרופסות. דער שטערן אויף דעם טעאַ־טער ־ הימל, דער באַרימטער שווישפּילער לענד, האָט איר מער פאַרשפּראָכן.

ער האָט זי אַריינגעפירט אין דער הינטערקוליסן־וועלט, אין דער וועלט פון אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וועלכע איז אַ מין הימ־לישע אונטערוועלט אין די אויגן פון די דאַמען פון דער געזעל־שאַפט. דאָ האָט מען נישט געפרעגט, ווער און פון וואַנען. אַ רייכע דאַמע, אַן אַנטציקנדיקע פערזאָן און לענדס פריינדין — דאָס איז געווען גענוג. זי האָט באַלד זיך געמאַכט אַ סך פריינט צווישן די אַקטיאָרן און אַקטריסעס, איז געוואָרן מיט זיי אויסגעבונדן. ווען דאָס איז דערגאַנגען צו די אויערן פון דער אויבערשטער געזעלשאַפט, וועלכע האָט איר אַרויסגעוויזן ווייניק גאַסטפריינטשאַפט, האָבן גאָר אַ סך דאַמען, וועלכע האָבן נישט געפונען קיין איינטריט אין דער שווישפּילער־וועלט, שטאַרק מקנא געווען סילוויאַן. דערמאָלט האָבן עטלעכע פון זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי זיינען באַקאַנט מיט מיסיס עדאָן און האָבן זי אָנגערופן אין טעלעפאָן אָדער אָנגעשריבן איר אַ האַרציקן בריוו, געוואונדערט זיך, וואָס מען זעט זי עפּעס נישט, אויפגעפרישט מיט איר די באַקאַנטשאַפט און געזוכט איר הילף און פּראָטעקציע אַריינגעפירט צו ווערן אין דער הימלישער אונ־טערוועלט. סילוויאַ האָט גוט פאַרשטאַנען די אורזאַך פון דער פּלוצלונגדיקער דערנענטערונג און געמאַכט זיי צו צאָלן דעם פולן פּרייז. זיי האָט זי צוגעלאָזן צו זיך ווי איינע, וועלכע שטייט איבער זיי, און איז איצט אַריינגעטראָטן אין דער געזעלשאַפט ווי אַ דעראָבערין.

דורך דעם אָפּערן ־ זינגער גאַלוואַני איז זי אַריינגעטראָטן אין דער מוזיקאַלישער וועלט, דער פראַנצויזישער מאָלער קאַרטאַ האָט פאַר איר אויפגעעפנט די קינסטלער־וועלט. און פון אַלעמען האָט זי אַ סך געלערנט. זי האָט באַלד גערעדט זייער אינטעלי־גענט וועגן מוזיק, וועגן טעאַטער און קונסט, איר הויז האָט זי אויס־געפוצט מיט ראַפינירטן געשמאַק, צו וועלכן זי האָט זיך אַרויפ־געאַרבעט אין דעם קרייז פון די קינסטלער, און צוליב דעם איטאַ־ליענער גאַלוואַני און דעם פראַנצויז קאַרטאַ האָט זי זיך אויסגע־לערנט פליסיק צו רעדן איטאַליעניש און פראַנצויזיש.

ווי האָט זי נאָך געקאָנט זיין אַ מאַמע? זי האָט דאָס קינד פיינט געהאַט, ווען זי האָט עס געטראָגן. עס האָט פאַרמיאוסט איר פיגור און געזיכט, געשטערט איר אין איר ליבע צו טשאַרלזן. ווען נאָמי איז געבוירן געוואָרן, האָט זי אים נישט ליב געוואונען, ווייל איר ליבע און ליבן־קאָנען איז געווען פאַרוועגדט אויף איר געהיים־פאַרהעלטעניש מיט איר געליבטן. און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע געזעלשאַפטס־לעבן. דעמאָלט האָט דאָס קינד קוים געזען זיין מוטער, און ווען ער האָט זי געזען, האָט זי זיין הערצל נישט דערפרייט, זיינע אויסגעצויגענע אָרעמס נישט אָנגענומען, ווייל איר אויסגעפוצטקייט האָט דאָס נישט דערלויבט, זיין שמייכל קוים דערווידערט, ווייל זי האָט גראָד באַמערקט עפּעס אויף אים, וואָס זי האָט געמוזט אויסמוסרן מיט דעם טאָן פון דער דאַמע, וועלכע האָט זיך אויסגעלערנט העכערע מאַניערן. דאָס קינד איז אַוועק פון איר מיט אַ פאַרקרימטן געזיכטל, פאַרטרערטע אויגן, באַליידיקט, געקרענקט.

און מעגי פלעגט בייז אַרויסשיסן:

„אָ, וואָס פאַר אַ מוטער!"

.4

ווי אַ ליכט - שטראַל זיינען געווען אין נאָרמאַנס לעבן די שבת־באַזוכן ביי דעם זיידע נח און באָבע מערע. איידער ער האָט נאָך געקאָנט אויסציילן און אָנרופן די טעג, האָט ער געוואוסט „שבת", ווייל דער טאָג איז געווען פאַרבונדן מיט דעם פריידיקן באַזוך. אויסער די פאַרשיידענע שפּילצייג פלעגט אים דער באַזוך אַריינברענגען אַ סך געלעכטער און שפּיל און האַרציקסטע פריילעכקייט. ווי האָט די באָבע מערע געקאָנט דריקן און לאַסקען און קושן! אָבער דער זיידע נח פלעגט אים אַוועקשטעלן ביי זיך אויף די באַשוכטע פיס און שאָקלען די פיס און וואַרפן אים אַרויף און אַראָפּ און זינגען דערביי אַ לידל אויף אַ מאָדנער שפּראַך, פון וועלכן ער האָט איבערגענומען איינצלנע ווערטער, און ביים סוף פון לידל אַ הויב טאָן זייער הויך און אַראָפּלאָזן אים אויף דער ערד: בום! פּאַרטיק! אָבער נאָמי אָדער נחומקע, ווי

דער זיידע האָט אים אַ לאַנגע צייט גערופן, האָט ליב געהאַט דאָס לידל און געבעטן נאָך. און דער זיידע האָט דאָס געטאָן ווידער און ווידער, קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. אָדער דער זיידע האָט אָנגענו־מען מיט די שפּיצן פון דעם גראָבן פינגער און דעם צייגפינגער פון זיין לינקער האַנט די הויט פון נחומקעס אויבערהאַנט, און נחומקע האָט אָנגענומען מיט די צוויי פינגער פון זיין רעכטער האַנט די הויט פון דעם זיידנס לינקער אויבערהאַנט, און דער זיידע האָט אָנגענומען מיט די צוויי פינגער פון זיין רעכטער האַנט די הויט פון נחומקעס רעכטער אויבערהאַנט, און איצטער האָט ער אָנגע־הויבן צו באַוועגן די הענט אַרויף און אַראָפּ און ווידער דערביי געזונגען אַ לידל אויף דער מאָדנער שפּראַך, ביז ביים סוף פון דעם לידל פלעגט ער אַוועקכאַפּן זיינע הענט און פונאַנדערוואַרפן זיי אין דער הויך: נישטאָ! אַוועקגעפלויגן! און נאָמי האָט עס אויך געדאַרפט אַזוי טאָן — אַוועקכאַפּן זיינע הענט און פונאַנ־דערשפּרייטן זיי אין דער הויך: נישטאָ! אַוועקגעפלויגן! — אָדער דער זיידע פלעגט צושטעלן זיין לינקע פויסט צום מויל און מיט דער רעכטער פויסט אומוואַרפן אַהין און צוריק, ווי ער וואָלט באַוועגט אַ טראָמבאָן, און געטרובעט אין דער לינקער פויסט, ווי ער וואָלט געטרובעט אויף אַ טראָמבאָן, און נאָמי האָט עס געדאַרפט מיטמאַכן, און ביידע פלעגן זיי זיך אַוועקלאָזן איבער דער שטוב, דער זיידע פאָראויס, הינטער אים נאָמי, מאַרשירנדיק ווי סאָל־דאַטן אונטער די קלאַנגען פון זייערע אייגענע טרובעס. — און אויפן רוקן פלעגט אים דער זיידע אַרומטראָגן — אַ שעפּסעלע צו פאַרקויפן! און אויף די פּלייצעס אַרויפזעצן רייטנדיק און שפּרינ־גען מיט אים ווי ער וואָלט געווען אַ רייט־פערד און נאָך און נאָך — דער זיידע איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן און עס האָבן זיך נישט אויסגעלאָזט ביי אים קיין שפּילענישן.

האָט נאָמי ליב געהאַט דעם זיידן נח און באָבע מערע, און שבת, דעם טאָג, ווען ער פלעגט גענומען ווערן צום זיידן נח און באָבע מערע, האָט ער אַ סך בעסער געדענקט און געליבט ווי זונטיק, דעם טאָג, ווען ער פלעגט זען דעם פּאַפּאַ. ער האָט שוין געוואוסט די צייט, ווען מען פלעגט אים אָנהויבן אויסצופּוצן און צוצוגרייטן צו דער רייזע. אַן אומגעדולד פלעגט אים באַפאַלן, אַ געשפּאַנט־

קיט און א פרייד, פון וועלכן זיין הערצל האָט שטארק געקלאפּט: צום זיידן נח! צו דער באָבע מערע! א קליינער אָפּהאלט האָט ארויסגערופן ביי אים טרערן און בייזקייט: ער וואָלט געביסן און געקראצט זיין קינדער־מיידל און דער עיקר די מאמען, צוליב וועמען עס איז שטענדיק ארויסגעקומען דער פארהאלט. דאָך דער מאמען עפּעס צו טאָן האָט ער זיך נישט דערלויבט, האָט ער אויסגעגאָסן זיין כעס אויף מעגין.

דער זיידע און די באָבע פלעגן אויך קומען צו נאָמין, געווײנלעך אין א זונטיק. איז ווידער געווען פרייליך. דאָך נישט אזוי ווי ביי זיידע־באָבע אין דער היים. ווייל געוויינלעך פלעגן דעמאָלט זיין אויך דער אנדער זיידע און די אנדער באָבע, און יענע האָבן זיך מיט אים שלעכט געשפּילט. דער זיידע מאָו, א הויכער מאן, פלעגט אים וואַרפן אין דער הויך און אונטערכאפּן, און ביי נאָמין האָט געצאפּלט דערפון דאָס הערצל, און דער אָטעם פלעגט פארכאפּן, און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט שרעק. און די באָבע העניעטע, קורץ און דיק, פלעגט אים אוועקזעצן ביי זיך אויף אירע קורצע קני און צודריקן אים צו איר דיקן בויך און ארומטאפּן אים, צי האָט ער נישט היץ. יעדעס מאָל פלעגט זיך איר אויסדוכטן, אז ער האָט היץ און מען דארף אים אריינלייגן אין זיין בעטל. האָט נאָמי נישט ליב געהאַט זיידע מאָו און באָבע העניעטע, אָבער די מאמע האָט אים שארף אָנגעזאָגט, ער זאָל זיין פריינטלעך צו זיי, און דאָס האָט אים פארשטערט די גאנצע פרייד מיט זיידע נח און באָבע מערע. פארוואָס זיינען געקומען זיידע מאָו און באָבע העניעטע? ער האָט זיי נישט געוואָלט און נישט גערופן! פלעגט ער זיי טאקע דראפּען אין געזיכט. האָט אים די מאמע געפּאטשט איבער דער האנט און באשטראָפט צו בלייבן אליין אין זיין צימער מיט זיין קינדער־מיידל. איז עס טאַקע געווען א הארבע שטראָף, ווען זיידע נח און באָבע מערע זיינען גראָד געווען, און ער האָט געהאסט די מאמע, די באשטראָפערין. ער וואָלט איר אויך צוקראצט דאָס געזיכט.

האָט זיך געקליבן ביטערקייט אין הארץ פון דעם קינד און בייזקייט, וועלכע האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין באַרייטקייט צו קראצן און צו בייסן. מעגי די קינדער־מיידל, וואָס האָט גע־

האַלטן דעם בעל־הבית מאַרי פאַר אַ שלעכטן מענטש, האָט גע־
זאָגט, אַז נאָמי וועט זיין גראָטן אין טאַטן, וועט זיין אַזאַ רשע
ווי ער. „אָדער אפילו ווי זיין מאַמע," האָט זי צוגעגעבן. „ער האָט
אין וועמען גראָטן צו זיין!"

.5

פון די שלעכטיקייטן, וועלכע מעגי האָט אָנדערציילט וועגן
נאָמי, האָט זי איין זאַך דערציילט און איבערדערציילט יאָרנלאַנג
און שטענדיק פאַר אים אין די אויגן, כדי ער זאָל וויסן, וואָס פאַר
אַ רשע און גזלן ער וואַקסט.

נאָמי איז אַלט געווען דריי יאָר, געגאַנגען אין
פערטן, ווען זי האָט אים איינמאָל ארויסגענומען שפּאַ־
צירן, פירנדיק אים אין זיין וועגעלע. ווי זי איז אַזוי
געגאַנגען, האָט זי דערהערט אַ שאָס, און אַ מאַן, וואָס
איז געגאַנגען אַ צוויי טריט פאַר איר, האָט אַ פאַל געטאָן, ווי אַן
אונטערגעהאַקטער בוים, אָן אַ געשריי אפילו. באַך! מיטן געזיכט
אַראָפּ, און געבליבן ליגן טויט, אַ דערשאָסענער, און פון זיין הינ־
טערקאָפּ האָט געגאָסן אַ שטראָם בלוט, וואָס האָט ביים אויסברוך
פאַרשפּריצט זי און דאָס קינד און דאָס וועגעלע. זי האָט אויפ־
געשריען פאַר שרעק נישט מיט איר קול און נישט אויפגעהערט
צו שרייען, ווי זי וואָלט משוגע געוואָרן, אָבער נאָמי איז געזעסן
אין וועגעלע, האָט געקוקט אויפן טויטן און אויפן בלוט און געלאַכט,
געלאַכט... ווען זי איז געקומען צו זיך און האָט אויפגעהערט צו
שרייען, האָט זי זיך דערשראָקן פאַר נאָמיס געלעכטער און גענו־
מען אים שאָקלען, ער זאָל אויפהערן צו לאַכן. זי האָט זיך גע־
שעמט פאַר דעם אָנגעלאָפענעם עולם, וואָס האָט געוואָרפן אויף
דעם לאַכנדיקן יינגעלע פאַרוואונדערטע בליקן. אָבער דאָס קינד האָט
אַלץ געלאַכט און נישט געקאָנט אויפהערן, אפילו ווען זי האָט
אָנגעהויבן צו וויינען. ערשט ווען זי האָט אָנגעהויבן צו שטופּן
דאָס וועגעלע און אַוועקגעפירט דאָס קינד ווייטער פון דעם גע־
הרגעטן און אָנגעלאָפענעם עולם, האָט ער אויפגעהערט צו לאַכן
און איז געוואָרן אין כעס, וואָס זי פירט אים אַוועק,

ער איז געווען אַן אינטעליגענט קינד מיט אַ שאַרפֿן צינגל און אַ סך ווערטער צו זיין געברויך, אָבער וויפֿיל זי האָט אים נישט געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט געלאַכט, האָט ער נישט געענטפערט. ער האָט אַפילו ווידער געלאַכט. זי האָט דאָס דערציילט סילוויאַן, אָבער סילוויאַ האָט נאָר געפרעגט, ווער איז געווען דער דערשאָ־סענער און ווער האָט אים געשאָסן. דורכגעלאָזן אינגאַנצן דעם קינדס לאַכן.

שבת האָט מעגי אים פֿאַרמסרט פאַר דעם זיידן נח און דער באָבע מערע.

,,פֿאַרוואָס האָסטו געלאַכט, נאָמי?'' האָט דער זיידע געפרעגט, האַלטנדיק דאָס קינד צווישן זיינע קני.

נאָמי האָט געשוויגן, אָנגעשטעלט די אויגן אין דער ווייט, ווי ער וואָלט געזען איצט פאַר זיך דעם דערשאָסענעם, און אויף זיין געזיכט איז דורכגעגאַנגען אַן אויפֿציטער פֿון אַ געלעכטער.

,,ווייסט וואָס בלוט איז, נאָמי?'' האָט דער זיידע ווייטער גע־פרעגט. ,,ווייסט, אַז מען שניידט זיך איין, גייט בלוט, אָבער אַז מען שניידט זיך איין טוט ווי. ווייסט עס?''

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

,,האָסטו זיך אַמאָל איינגעשניטן?''

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

,,און בלוט איז געגאַנגען?''

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

,,האָסטו דעמאָלט אויך געלאַכט?''

נאָמי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

,,פֿאַרוואָס האָסטו נישט געלאַכט? האָסט אוודאי נאָך גע־וויינט?''

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

,,פֿאַרוואָס האָסטו נישט געלאַכט און האָסט אַפילו גע־וויינט? ווייל עס האָט דיר ווי געטאָן? יאָ?''

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

,,פֿאַרוואָס שאָקלסטו מיטן קאָפּ? קאָנסט נישט רעדן?'' האָט מעגי בייז אַ פֿרעג געטאָן.

,,ער ענטפֿערט,'' האָט נח דערווידערט. ,,ער ענטפֿערט אויף

אַליץ, און אַז ער וועט דאַרפֿן רעדן, וועט ער רעדן, ווייל ער קאָן זייער גוט רעדן.״

און ער האָט זיך ווידער גענומען צום קינד, גערעדט צו אים מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט זיך געקליבן צו דערציילן אַ מעשׂה:

„איז וואו האַלטן מיר? אַז דו שניידסט זיך איין, טוט דיר וויי, און ווען עס קומט בלוט פֿון דעם שניט, לאַכסטו נישט, נאָר דו וויינסט, ווייל עס טוט דיר וויי. פֿאַרוואָס האָסטו געלאַכט, ווען דער מאַן איז דערשאָסן געוואָרן און בלוט האָט זיך פֿון אים גע־גאָסן? דענקסטו נישט, אַז אים האָט ווי געטאָן, ווען די קויל האָט אים געטראָפֿן?״

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„איז פֿאַרוואָס האָסטו געלאַכט?״

נאָמי האָט געקוקט אויפֿן זיידן און געשוויגן.

„מיינסטו נישט, אַז עס איז געווען זייער שלעכט פֿון דיר, ווען דו האָסט געלאַכט, ווען עמיצן האָט וויי געטאָן?״

„אָבער זייחע,״ האָט נאָמי ענדלעך געזאָגט, „איך האָב נישט געוואוסט, אַז אים האָט וויי געטאָן.״

„האָסט דאָך בלוט געזען?״

„אָבער ער האָט געשוויגן, און ער האָט אַזאַ מאָדנעם פֿאַל געטאָן...״

נח האָט אויפֿגעהויבן די אויגן אויף דער קינדער־מיידל, מיט אַ שטומען פֿרעג: צי פֿאַרשטייט זי איצט, פֿאַרוואָס דאָס קינד האָט געלאַכט? און צוגעווענדט זיך ווידער צום אייניקל:

„ווייסטו פֿאַרוואָס דער מאַן האָט געשוויגן?״

„לאָז שוין אָפּ דאָס קינד,״ האָט זיך אַריינגעמישט די באָבע מערע.

„ווילסט נישט, אַז איך זאָל דיך פֿרעגן, נחומקע?״ האָט נח געפֿרעגט דאָס קינד און גלייך צוגעגעבן: „נאָר אַ פּאָר פֿראַגן און דערנאָך וועל איך דיך וויגן אויף די פֿיס, גוט?״

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„איז זיי איצט אַ גוטער יינגל — און דו ביסט דאָך שטענדיק אַ גוטער יינגל, דעם זיידנס נחומקע — און ענטפֿער מיר, צי ווייסטו,

פאַרוואָס דער מאַן האָט געשוויגן, ווען ער איז געפאַלן אַ באַנגאָסע־נער מיט בלוט?״

נאָמי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

„ווייסט נישט?״

„איך ווייס נישט, זיידע,״ האָט נאָמי אַרויסגערעדט ציטער־דיק די ווערטער און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

„וועל איך דיר זאָגן, נחומקע. ווילסט, איך זאָל דיר זאָגן?״

„יאָ, זיידע.״

„די קויל, וועלכע האָט אים געטראָפן, האָט אים געמאַכט אין קאָפּ אַ לאָך, פון וואַנען בלוט האָט זיך געגאָסן, און האָט אים דערהרגעט. ווייסט, וואָס הייסט הרגענען?״

נאָמי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„ניין, דו ווייסט נישט,״ האָט נח געזאָגט.

„אָ, יאָ!״ האָט דאָס קינד פּראָטעסטירט.

„וויפיל מאָל זאָגט ער מיר, איך וועל דיך הרגענען!״ האָט זיך מעגי אַריינגעמישט.

„או־הום!״ האָט נאָמי באַקרעפטיקט.

„אָבער דו ווייסט נישט, וואָס דאָס מיינט. דו זאָגסט עס און ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט.״

„איך ווייס!״ האָט נאָמי פּראָטעסטירט.

„נו, זאָג מיר, וואָס דו ווייסט.״

נאָמי האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און דערנאָך געזאָגט, קוקנדיק דעם זיידן אין די אויגן:

„אַלע זונטיק לייענט מיר מעגי די קאָמישע בילדער פון דער צייטונג, און דאָרטן ווערן אַ סך דערהרגעט, קריגן קוילן אין קאָפּ אָדער אַ ציגל אין קאָפּ אָדער מיט אַ גראָבן שטעקן, און פאַלן און בלייבן ליגן, און איך לאַך, און מעגי לאַכט אויך.״

נח האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף מעגין — וואָס זאָגט זי דערצו?

מעגי האָט געענטפערט:

„אָבער דאָס איז דאָך בלויז אויף שפּאַס!״

נח האָט זיך ווידער געווענדט צום קינד:

„דו האָסט געמיינט. אַז דער מאַן איז אויך געפֿאַלן בלויז אויף שפּאַס?"

נאָמים אויגן האָבן אויפֿגעשיינט. אַ געלעכטער האָט זיך צושפּרייט אויף זײַן געזיכט, און ער האָט שטאַרק געשאָקלט מיטן קאָפּ: דער זיידע האָט ענדלעך געטראָפֿן דאָס ריכטיקע. עס איז געווען אַזוי שפּאַסיק, אַז ער האָט געקאָנט ווידער צולאַכן זיך.

נח האָט אים דערקלערט:

„זעסטו נחומקע, אין די קאָמישע בילדער ווערט מען דער־הרגעט אויף שפּאַס. איין זונטיק ווערט מען דערהרגעט, דעם צווייטן זונטיק וועסטו די דערהרגעטע ווידער זען, זיי וועלן ווידער מאַכן אַ שפּאַס און ווידער דערהרגעט ווערן. דעם מאַן, וועמען דו האָסט געזען פֿאַלן אין גאַס מיט אַ קויל אין קאָפּ און איבערגעגאָסן מיט בלוט, וועסטו שוין מער נישט זען: ער איז דערהרגעט געוואָרן אויף אַן אמת. ער איז טויט. ער קאָן שוין מער נישט גיין, שטיין אָדער זיצן, ער קאָן שוין מער נישט זען און הערן און רעדן. ער איז טויט. אַזאַ איינעם לייגט מען אַריין אין אַ טיפֿער גרוב אויפֿן בית־עולם, וואו עס ליגן באַגראָבן אַ סך אַזעלכע טויטע, און מען באַשיט זיי מיט ערד — און אויס, געווען אַ מענטש, און נישטאָ מער קיין מענטש. טיף אין דער ערד ליגט ער, און ווערים עסן אים אויף, און ער ווערט צופֿוילט און צושאָטן אין שטויב..."

נאָמים געזיכטל האָט זיך פֿאַרקרימט, טרערן האָבן זיך באַוויזן אין די אויגן.

נח האָט געענדיקט:

„זעסטו, דאָס הייסט געהרגעט. דאָס דאַרף מען קיינעם נישט זאָגן. און דו האָסט געלאַכט, ווייל דו האָסט געמיינט, אַז עס איז אַ שפּאַס. און איז גוט..."

ער האָט אים אָנגעהויבן צו וואַרפֿן אַרויף און אַראָפּ מיט זײַנע פֿיס און צוגעזונגען דאָס לידל, אָפּגעשאָקלט אים און געפֿרעגט:

„זאָל איך נאָך זינגען, אָדער זאָל די באָבע דערציילן אַ מעשה?"

נאָמי האָט אויסגעקליבן ביידע זאַכן.

ווען נח האָט אים נאָכאַמאָל דורכגעוויגט, האָט מערע אַרויפֿגענומען אים צו זיך אויף די קני, צוגעדריקט צו זיך און גוט אָנ־געקושט.

„דערצייל אים אַ מעשה, וואָס זאָל זיך פּאַסן צו אונזער געשפּרעך,” האָט נח איר געזאָגט. „עס איז נויטיק.”

מערע האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן, און געפינענדיק די טעמע פאַר דעם מעשהלע, האָט זי אַ פרעג געטאָן נאָמין:

„פון וואָס זאָל איך דיר דערציילן, נחומקע, פון שעפּסעלעך, אָדער פון טויבן?”

„טויבן.”

„איז הער־זשע.”

זי האָט אים ווידער גוט צוגעדריקט צו זיך און דערציילט אים אַ מעשהלע פון צוויי טויבן — אַ טאַטע־טויב און אַ זון־טויב, — וועלכע זיינען ארומגעפלויגן הויך אין דער לופט אין אַ שיינעם טאָג, רואיק און שטיל, און הנאה געהאַט פון דער זון, וועלכע האָט געשיינט, און פון דעם שיינעם בלויען הימל איבער זיי און דער שיינער גרינער ערד אונטער זיי. איז געקומען אַ שלעכטער יינגל מיט אַ ביקס און האָט אויסגעשאָסן און געטראָפן אין טאַטע־טויב. טאַטע־טויב האָט אראָפּגעלאָזט די פליגלען און האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אראָפּ, דרייענדיק זיך און קוליענדיק זיך. האָט זון־טויב געמיינט, אַז טאַטע־טויב מאַכט שפּאַס און דרייט זיך און קוליעט זיך אין שפּיל, און אָנגעהויבן לאַכן. טאַטע־טויב איז שוין לאַנג געלעגן אויף דער ערד דערשאָסן און טויט, אָבער זון־טויב האָט נאָך אַלץ געלאַכט. ווען ער האָט אויסגעלאַכט זיין גאַנצן געלעכטער, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו וואונדערן, וואָס טאַטע־טויב קומט נישט צוריק ארויפגעפלויגן און פליט נישט מיט אים ווייטער ארום. „טאַטע! האָט ער אָנגעהויבן צו רופן: טאַטע! קום ארויף צו מיר! איך האָב שוין גענוג געלאַכט. איך וויל נישט מער לאַכן. איך וויל, אַז דו זאָלסט קומען צו מיר. איך וויל נישט מער זיין אַליין, טאַטע! טאַטע!”

נאָמי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. שפּעטער אַ ווײַלע, ווען ער האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט ער אָנגעבלאָזן ארויסגערעדט:

„מיין פּאַפּאַ שפּילט זיך מיט מיר סיי־ווי־סיי נישט!”

ווען מעגי האָט אים אוועקגענומען אהיים, האָט נח איר אָנגעזאָגט, זי זאָל מער נישט איבערדערציילן די געשיכטע פון דעם

מאָרד און נאָמים געלעכטער. זי זעט דאָך אַליין, אַז דאָס האָט דאָס קינד געלאַכט נישט חס ושלום פון שלעכטיקייט. אָבער זיין אַנזאָג האָט נישט געהאָלפן. מעגי איז געווען שטאַרק אונטער דעם איינ־דרוק פון דעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פונם בילד פון דעם געהרגעטן, מיט בלוט אי־בערגעגאָסענעם מאַן ביי אירע פיס און פון דעם לאַכנדיקן קינד. זי האָט עס געמוזט דערציילן און איבערדערציילן יאָרנלאַנג און פאַרוואַרפן אים שטענדיק זיין געלעכטער. ער איז שוין געווען אַ שול־יינגל פון זיבן יאָר, ווען ער האָט זי נאָך געהערט דערציילן די געשיכטע, און איינמאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ כעס און האָט אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן מיטן פוס:

„דו זאָלסט עס אויפהערן, דו פאַרדאַמטער נאַר! דו זאָלסט עס אויפהערן איינמאָל פאַר אַלעמאָל!"

מעגי איז געווען אין באַגריף אים גוט אָנצופּאַטשן, נאָר זי האָט פשוט מורא געהאַט פאַר נאָמין. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער יינגל איז פעאיק זי צו דערהרגענען. זי האָט אים אָבער אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און אוועקגעשלעפּט שנעל צו סילוויאַ. ווען סילוויאַ האָט אויסגעהערט איר אָנקלאַג, האָט זי אַרויפגעלייגט אַ באַרו־איקנדע האַנט אויף נאָמים קאָפּ און אָנגעזאָגט מעגין, אַז זי קאָן דאָ מער נישט זיין. אין יענעם מאָמענט האָט נאָמי צום ערשטן מאָל שטאַרק געליבט זיין מוטער. ער האָט זיך אַ צי געטאָן צו איר, אַרומגענומען זי, אַרויפגעקוקט צו איר:

„קאָן איך דיך קושן, מאַמע טייערע?"

„אָבער געוויס!" האָט סילוויאַ גערירט געזאָגט, מיט טרערן אין די אויגן. און מאַמע און זון האָבן זיך הארציק געדריקט און געקושט.

ווען מעגי האָט פאַרלאָזן דאָס הויז, האָט זי אים נביאות גע־זאָגט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל דערהרגענען אַ מענטש.

„געוויס," האָט נאָמי דערויף געזאָגט, „ווען דו וואָלסט דאָ נאָך געבליבן לענגער."

ער האָט געליבט זיין מעגין און איז צו איר שטאַרק צוגע־בונדן געווען, אָבער זי האָט אים זיין לעבן פאַרביטערט מיט אַלע

אירע סימנים פון זיין אכזריות. איר אוועקגיין איז פאַר אים געווען באַפרייאונג.

שבת האָט אים סילוויאַ געבראַכט צו זיידע נח און באָבע מערע. ער האָט זיי גלייך דערציילט דעם פּאַרפאַל מיט מעגין און צוגעגעבן:

„און איך און מאַמאַ האָבן זיך שטאַרק צוקושט — האָבן מיר זיך נישט, מאַמאַ?"

עס איז געווען עפּעס פון אָנקלאָג אין זיין פרייד און עקסטאַז. אַן אָנווייז, אַז ער איז זעלטן געקושט געוואָרן, אַן אויפּיובל פון אַ געשטילטן הונגער.

סילוויאַן איז דאָס נישט געפעלן געוואָרן.

„יאָ, זונדל," האָט זי כמעט האַרט אַרויסגערעדט.

נאָרמאַן האָט דערפילט די האַרטקייט, דערשראָקן זיך און איז טרויעריק געוואָרן.

.6

מעגינס אוועקגאַנג האָט אים נישט געוואונען די מוטער. סילוויאַ האָט פּשוט קיין צייט נישט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיט איר זון. אין יענער צייט איז גאַלוואַני געווען איר געליבטער. דאָס האָט זי געטריבן צו גרויסע געזעלשאַפטן, צו פאַרפילפאַכטע באַזוכן ביי דער מאָדיסטין, צו לאַנגע טעלעפאָן־געשפּרעכן, און צו שטודירן איטאַליעניש. זי האָט געוואוסט, אַז איר נאָרמאַן וויל ליבע און איז אַ שיינער, און אַ געראָטענער, מיט וועלכן מען קאָן שטאָלצירן פאַר לייטן, און זי וואָלט אים פון האַרצן געגעבן ליבע. אָבער ווען ער גייט אוועק אין דער שולע, שלאָפט זי נאָך; ווען ער קומט פון דער שולע, איז זי נישטאָ אין דער היים אָדער זי האָט געזעלשאַפט, וועלכע איז נישט מחויב אויסצושטיין זיך אינטי־מיטעטן צווישן מוטער און זון. אין אָוונט אָבער איז זי שטענדיק פאַריאָגט מיט דינעים, טעאַטער־פּאַרטייען, בעלער, מיט אָנטאָן זיך און צוגרייטן זיך. נאַטירלעך האָט זי שטענדיק אָפּגעריסן אַביסל צייט פאַר נאָמין, און אין די זומער־חדשים, אויב זי איז נישט גע־ווען אין אויסלאַנד, איז זי געווען מיט אים נאָך מער, אָבער נאָמין

איז עס געווען ווייניק. ער האָט געוואָלט מער, איז ער געווען טרויעריק און אומצופרידן און אפילו בייז.

איינמאָל אין אַ שבת, ווען ער איז געווען ביי זיידע נח און באָבע מערע אַליין מיט דער נייער גואַווערנאַנטין, ווייל די מאַמע האָט געמוזט זיין אין דער אָפּערע, וואו גאַלוואַני האָט געזונגען יענעם שבת נאָכמיטיק, איז נאָרמאַן זייער טרויעריק געווען. ער האָט גע־לייענט אַ בוך, וואו עס איז געווען באַשריבן גרויסע ליבע פון עלטערן צו זייער קליינעם זון, און אים איז פלוצלונג געוואָרן גאַנץ קלאָר, אַז זיינע עלטערן טוען נישט אַזוי, ווי די עלטערן אין דעם בוך, און דאָס האָט אים זייער שווער געמאַכט דאָס האַרץ. ווען דער זיידע און די באָבע האָבן אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן, פאַר־וואָס ער איז עפּעס טרויעריק, האָט ער ווי געוואַרט אויף די פראַגן און גלייך אַרויסגערעדט, מיט טיפן אומעט:

„פּאַפּאַ און מאַמאַ ליבן מיך נישט."

ווען זיידע און באָבע האָבן פּראָטעסטירט, האָט ער צוגע־געבן:

„מאַמאַ ליבט מיך נאָך אַביסל, ווען זי האָט צייט; פּאַפּאַ ליבט מיך גאָרנישט — ער האָט קיינמאָל נישט קיין צייט פאַר מיר."

נח האָט גלייך אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער וועט זיך דורכ־רעדן וועגן דעם מיט מאַרין. און טאַקע אויף מאָרגן האָט ער זיך מיט אים געזען און געבראָכט האַרבע שטראָף־ווערטער. נח איז אויפגעציטערט געוואָרן פון זיין אייניקלס ווערטער, און ער האָט גערעדט צו זיין זון מיט דער דאָזיקער אויפציטערונג אין זיין שטים:

„דער גאַנצער רייכטום, וואָס דו זאַמלסט אָן פאַר דיין זון, איז גאָרנישט קעגן אַביסעלע פאָטער־ליבע, וועלכע ער וואָלט פון דיר געהאַט. זאָג מיר נאָר: ווען דו האָסט אַמאָל צייט און דער־מאָנסט זיך אָן דיינע קינדער־יאָרן, וואָס דערמאָנסטו זיך דאָרט? דערמאָנסטו זיך נישט אָן מיר און אָן דער מאַמען, אָן אונזער לי־בע צו דיר, אָן אונזער וואַרעמקייט און צוגעלאָזנקייט?"

„עס איז אמת, טאַטע," האָט מאַרי געענטפערט. „אָבער..."

„וואָס אָבער? וואָס פאַר אַ אָבער קאָן דאָ זיין?"

„איך ליב מיין זון, איך ליב נאָמין. איך טראַכט אפילו פון אים עפּעס, ווי דו דענקסט, אָבער עפּעס איז אין מיר, וואָס לאָזט נישט אַרויסווייזן מיינע געפילן. אַלס דיין און דער מאַמעס זון האָב איך געדאַרפט זיין אַן אַנדער מענטש, מיט אַנדערע געפילן, און אָט בין איך, וואָס איך בין. פאַרוואָס? דו ווייסט נישט, איך ווייס נישט. וויפיל מאָל האָט איך געוואָלט צוגיין צום קינד און אַרומ־נעמען אים, אַ קוש טאָן אים, רעדן צו אים וואַרעם...”

מאַרי האָט גערעדט שווער, געצויגן די ווערטער, איז רויט געוואָרן אין גאַנצן געזיכט, האָט נישט געקוקט אויפן פאָטער און איז פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן.

נח האָט אַ ווײַלע געוואַרט און דערנאָך געפרעגט:

„נו, איז פאַרוואָס טוסטו עס נישט?”

„איך קאָן נישט. קיין ווערטער נישטאָ, די צונג גייט נישט, די הענט הויבן זיך נישט.”

„און דו ליבסט דעם יינגל?”

„ליב אים. אויך אַ שיין, טייער קינד. איך זע עס נישט, וואָס? איך ליב אים.”

„מערקווירדיק! מערקווירדיק!”

„עס איז מערקווירדיק. און פּיליכט אויך נישט. צו וואָס אַלע אַרויסווייזונגען?”

נח האָט זיך אָנגעכאַפּט:

„ווען דו זאָגסט, אַז דו קאָנסט נישט, מוז איך זאָגן, אַז דאָס איז מערקווירדיק און פונאַנדערפירן מיט די הענט, אָבער אַז דו ווילסט שוין מאַכן דערפון אַ פילאָזאָפיע, וועל איך זיך מיט דיר צוקריגן.”

מאַרי האָט נאָר צושטרייט אָפּגעשמייכלט.

נח האָט באַלד פאַרזיכערט נאָמין, אַז זיין טאַטע ליבט אים זייער שטאַרק. עס זיינען פאַראַן טאַטעס, וועלכע קאָנען שפּילן, שטיפן און שפּרינגען, און עס זיינען פאַראַן טאַטעס, וועלכע שפּילן נישט און שטיפן און שפּרינגען נישט, אָבער אַלע טאַטעס ליבן זייערע קינדער, און זיין טאַטע ליבט אים אפילו זייער, זייער שטאַרק.

נאָמי האָט דערויף געזאָגט:

,,איך ווינטש, מיין טאַטע זאָלט געווען איינער פון די שפּרינ־גער — ווי דו און אָנקל אָסקאַר.''

מאָרי האָט נאָך דעם געשפּרעך מיטן טאַטן, געפּרואווט אַ פּאָר מאָל אַרויסווייזן נאָמין אַביסל פון זיינע פּאָטערלעכע גע־פילן, אָבער נאָמין איז אויסגעקומען, ווי עמיצער וואָלט אים פאַר־מסרט פאַרן טאַטן, און דער טאַטע פרעגט אים אויס, וויל עפּעס אויסגעפינען: ביזט אַ גוטער יינגל? ווי איז די שולע? לערנסטו גוט? זיינען די לערער גוט צו דיר? שפּילסט אַ סך אין באָל?—פראַגן און פראַגן, און אַלע אָן אַ שמייכל, און אַליץ מיט דעם דורכ־דרינגנדיקן בליק פון זיינ'ע טיפע אויגן. דאָס איז געווען עקזאַמען, און נאָמי האָט זיך געפילט באַפרייט, ווען דער טאַטע האָט אים אָפּגעלאָזט.

דאָס קינד איז געבליבן מיט זיין בענקעניש נאָך ליבע פון די עלטערן. אַן אומשטאַנד האָט אָפּגעטויט אין אים די דאָזיקע בענקעניש און אריינגעפלאַנצט אין אים שנאה און ביטערן האַס און עקל.

.7

ער איז געווען אין די יאָרן, ווען יינגלעך הויבן זיך אָן אויפ־צו עקן די סודות פון פּאָרטפּלאַנצונג און געבורט, די פּיקאַנטעריען פון שלאָף־צימער. נאָמי, וועלכער האָט אַנטוויקלט אַ סך איינזאַמ־קייט אין זיין כאַראַקטער, האָט נישט געהאַט וואָס צו דערציילן און איז געווען איינער פון די לעצטע צווישן זיינע קלאַסן־חברים צו דערוויסן זיך, וואָס די גרעסערע יינגלעך האָבן גערעדט צווישן זיך, וואָרפנדיק עזותדיקע בליקן אויף די מיידלעך, זייערע מיט־שילערינס. פון ערגעץ־וואו, פון ערגעץ־ווער האָט נאָמי געוואוסט, אַז וואָס די יינגלעך רעדן צווישן זיך, ווינקענדיק אויף די מיידלעך, דאַרף מען נישט רעדן און אַפילו נישט הערן. עס איז עטוואָס, וואָס גרויסע רופן זינד און שמוץ און נבול־פּה, און קינדער טאָרן דערפון נישט וויסן. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט איבערחזרן, וואָס די יינגלעך האָבן גערעדט, און ווען ער האָט עס אויסגעהערט, איז ער געווען רויט פאַר בושה. אָבער ענדלעך האָט ער זיך דערוואוסט

דעם סוד פון מענער און פרויען. ווען ער האָט געוואָלט איינער אַליין בײַ זיך אין צימער מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ און פאַרשעמטערהייט נאָכדענקען, וואָס ער האָט געהערט, און מאַכן זיך עס פאַרשטענדלעכער, האָט ער זיך דערמאָנט אויף עפּעס, וואָס ער האָט געזען בײַ זיך אין דער היים. ער האָט אויפגעשריען „אוי!״, איז געבליבן זיצן מיט פאַרגלאָצטע אויגן, צולעצט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ אויפן טיש.

דאָס איז געווען מיט איבער אַ יאָר צוריק. איינמאָל אין אַ טאָג האָט ער זיך געפילט אַזוי איינזאַם בײַ זיך אין צימער איבער זיינע ביכער, נישט געפונען זיך קיין אָרט און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. איז אים איינגעפאַלן אַ מאָדנער צייט־פאַרטרייב: ער וועט גיין פון צימער צו צימער, דורכמאַרשירן איין צימער אַרום אַלע פיר זייטן פון רעכטס נאָך לינקס, אַריינגיין אין אַ צווייטן און אַדורכמאַרשירן אַרום אַלע פיר זייטן פון רעכטס נאָך לינקס, און אַזוי ווייטער. צימערן זיינען פאַראַן אַ סך, וועט עס זיין אַ לאַנגער צייט־פאַרטרייב. ער האָט אָנגעהויבן מיט זיין אייגענעם שטודיר־צימער, אַריין אין זיין שלאָף־צימער, פון דאָרטן אין דער גוווערנאַנטינס צימער. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, אָבער איז אַריין, איידער ער האָט געהערט אַן ענטפער, און מאַרשירט ווי ער האָט זיך פאַרגענומען, מיט אַן אויפשיין פון אַ פאַרגרעסערטן פאַרגעניגן אין זיינע אויגן בײַם אָנבליק פון דער גוווערנאַנטינס איבערראַשונג.

„וואָס איז דאָס? וואָס זאָל עס באַדייטן?״ האָט די גוווערנאַנטין דערשטוינט געפרעגט, אַ לאַנגע, דאַרע און אַלטע פראַנצויזין — אַ ירושה פון דער צייט, ווען דער פראַנצויזישער מאַלער קאַרטאָ האָט געשיינט אויף סילוויאַס הימל.

נאָמי האָט נישט געענטפערט. געענדיקט זיין אַרוממאַרש און איז אַרויס פון צימער, איבערלאָזנדיק די פראַנצויזין אַ גאַנץ פאַרוואונדערטע, און איז אַוועק אין די ווייטערע צימער, אין פאַר־אויס הנאה האָבנדיק פון די איבערראַשטע געזיכטער. ער איז דורכגעגאַנגען די שלאָף־צימערן פון זיינע עלטערן און איז אַראָפּ אויפן צווייטן שטאָק. איינס פון די צימערן אויף דעם שטאָק איז געווען דאָס ביבליאָטעק־צימער, אָבער סילוויאַ פלעגט דאָרט אויפ־

נעמען אירע געסט. די טיר איז געווען פארמאכט. נאָמי האָט ליכט אָנגעקלאַפּט, ווי ער האָט געטאָן אויף זיין וועג ביי אַלע פאַר־מאכטע טירן און גלייך אויפגעעפנט, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער און אויך נישט דערוואַרטנדיק, אַז ער וואָלט דאָ געקאָנט הערן אַן ענטפער. דער וועג אָבער איז נאָך נישט געווען פריי. נאָמי האָט נאָך געדאַרפט פונאַנדערנעמען צוויי שווערע רויטע פאָרטיערן, וועלכע זיינען געהאַנגען אינעווייניק איבער דער טיר. ווען ער האָט פונאַנדערגענומען די פאָרטיערן און געוואָלט פאַרקערן זיך נאָך רעכטס, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין אַלע צימערן, איז זיין אויג געפאַלן אויף דער סאָפע, וועלכע איז געשטאַנען טיפער אין צימער, נישט ווייט פון דער רעכטער וואַנט. ער איז שטיין גע־בליבן, שנעל זיך צוריקגעצויגן, שטיל צוגעמאַכט די טיר און איז אוועק מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ. וואָס ער האָט געזען, האָט ער דע־מאָלט נישט פאַרשטאַנען, נאָר דאָס געזעענע האָט אויף אים גע־מאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז ער האָט מער נישט געקאָנט פאָרטזעצן זיין מאַרש דורך די צימער, און איינגעגעסן זיך אין אים, ווי דאָס בילד פון דעם דערשאָסענעם מאַן מיטן געזיכט צו דער ערד און מיט אַ שטראָם בלוט פון זיין הינטער־קאָפּ.

ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען, געפילט, אַז ער טאָר נישט רעדן. אָבער אין דעם טאָג פון יינגלשן פאַרשטיין, האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געזען מיט איבער אַ יאָר צוריק אין דעם טאָג פון שטיפערישן אַרומ־מאַרשירן איבער די צימער. אויב ער האָט פון יענעם טאָג אָן געקוקט אויף זיין מוטער מיט אַ געפיל פון שווערער אַנונג, האָט ער איצט אָנגעהויבן פילן צו איר אַ האַס. אויב ביז איצט פלעגט ער פאַרבייגיין פאַרביי די פאַרמאַכטע טירן פון דעם ביבליאָטעק־צימער מיט אַ נייגער, צי וואָלט ער ווידער דערזען, וואָס ער האָט געזען, אויב ער עפנט די טיר, נעמט פונאַנדער די שווערע רויטע פאָרטיערן און טוט אַ קוק נאָך רעכטס, איז ער איצט פאַרביי־גענגען פאַרביי די פאַרמאַכטע טירן מיט כעסדיקן האַרץ, מיט צו־נויפגעדריקטע פויסטן און פאַרביסענע ציינער. ער האָט עפּעס גאָרנישט געצווייפלט, אַז הינטער די פאַרמאַכטע טירן קומט פאָר דאָס אָפּשיילעכע, שמוציקע, זינדיקע, וואָס ער האָט אויסגעהערט

פון זיינע חברים מיט אַ פלאַטערנדיקן האַרץ און וואָס ער אַליין וואָלט נישט איבערדערציילט, אַפילו ווען מען צווינגט אים.

ער האָט אָנגעהויבן אויסצוווייכן סילוויאַן, צו באַהאַלטן זיך פון איר, ווען ער האָט דערוואַרט איר באַזוך, און בויגן און דרייען זיך, ווען זי האָט אַרויפגעלייגט אויף אים אַ האַנט, גלייך ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויסבאַפרייען פון איר באַרירונג.

„וואָס איז דיר? איז דיר מיין באַרירונג אומאָנגענעם?" האָט זי אים געפרעגט, ווען זיין באַנעמונג איז איר ענדלעך אַריינגעדרונגען אין באַוואוסטזיין.

נאָמי האָט זי אָנגעקוקט מיט זיינע טיפע אויגן און גאָרנישט געענטפערט. טרערן האָבן אָנגעהויבן אויפצוקוואַליען אין אים, ער האָט זיי אָבער באַזיגט און איז רויט געוואָרן.

סילוויאַ איז אַוועקגעגאַנגען פון אים גאַנץ פאַרחידושט, מיט אַן אָנונג, אַז דער וואַקסנדיקער זון הויבט אָן צו וויסן עפּעס פון איר לעבן, און איר לעבן געפעלט אים נישט און באַליידיקט אים. זי האָט געוואוינען געוויסהייט, ווען זי האָט איינמאָל באַמערקט, ווי נאָמי האָט כעסדיק אויסגעשפּיגן הינטער דעם פּיאַניסט באָרמאַן, וועלכער איז איצט געווען איר שטענדיקער באַגלייטער.

נאָמי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ כעס אין האַרצן, מיט אַ סך האַס און אָן פרייד. אַפילו זיינע באַזוכן ביי זיידע נח און באָבע מערע, די באַזוכן, וועלכע האָבן אים געגעבן וואַרעמקייט און ליבע, זיינען אים איצט פאַרגאַלט געוואָרן. אויב ער האָט ביז איצט קיינעם נישט דערציילט, וואָס ער האָט געזען אין ביבליאָטעקצימער, איז עס געווען נישט בלויז, ווייל ער האָט געהאַט אַן אָנונג, אַז עס איז בעסער, ווען מען דערציילט נישט. ער האָט אויך נישט געוואוסט, ווי מען דערציילט עס. איצט וואָלט ער געוואוסט ווי צו דערציילן, און געוואוסט אויך, אַז דער טאַטע איז דאָ „נוגע בדבר" און דאַרף עס וויסן. אָבער ער קאָן מיט דעם טאַטן נישט רעדן און דאָס ריכטיקסטע וואָלט געווען צו דערציילן עס דעם זיידן, און זאָל דער זיידע טאָן, ווי ער פאַרשטייט. עס האָט אים געצווינגען פאַר דער צונג אַרויסצושרייען פאַר דעם זיידן, וואָס ער וויס ווענן זיין אייגענער מאַמען. ער האָט דעם זיידן שטענדיק אַלץ אָנפאַרטרויט, שטענדיק מיט אים מיישב געווען זיך. און דאָך האָט

זיך די צונג נישט באַוועגט, די ווערטער זיינען געבליבן שטעקן אין האַלז, פאַרלאָרענע, פאַרשעמטע. ער איז געזעסן פאַר זיין זיידן, געשפּילט מיט אים אין שאַך, גערעדט מיט אים וועגן פאַרשיידנס, און זיין האַרץ האָט געדריקט און געוויימיקט. ער האָט נישט געקאָנט אַריבערברענגען איבער זיינע אומשולדיקע ליפּן די שולד פון זיין מוטער, אָבער דער סוד איז געלעגן אויף אים ווי אַ ריזיק שווערע משא. דאָס האָט אים פאַרדאָרבן זיינע באַזוכן ביים זיידן, די פריידיקסטע שטונדן אין אַ וואָך פון איינזאַמקייט און ליבלאָזיקייט און כעס און שנאה אין דער היים פון זיינע עלטערן.

ער איז געוועזן אין זיין פערצנטן יאָר און אַ שילער אין ערשטן יאָר הויכשול. ער האָט געליבט די הויכשול, אָבער ער האָט געפּלאַנעוועט צו פאַרלאָזן זיין היים, פאַרשווינדן ערגעץ־וואו אין דער וויטער אַמעריקע. געפּלאַנעוועט אַ טאָג און צוויי און דריי, אַ וואָך, און צוויי און דריי. געפילט אַ קעלט און אַ שוידער און זיך נישט גערירט פון אָרט. אָבער עס איז אים איינגעפאַלן עפּעס אַנדערש.

.8

ער איז אַוועק צו אָנקל אָסקאַר דעם לאָיער און מיט אַ האַרטן, שטרענגן געזיכט דערציילט אים, אַז זיין מאַמע האָט געליבטע, מיט שווערן קלאַפּנדיקן האַרץ איבערגעגעבן אים, וואָס ער האָט געזען מיט איבער אַ יאָר צוריק — די מאַמען מיט דעם דיכטער קאָרין — און כעסדיק צוגעגעבן, אַז ער איז זיכער, אַז ווען ער זאָל היינט אַן עפן טאָן די טיר, וועט ער דערזען דאָס זעלביקע בילד מיט דעם פּיאַניסט באומאַן. צולעצט האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און זיך ביטער צעוויינט און אויסגעשריען, אַז אויב אָנקל אָסקאַר וועט זיך נישט אַריינמישן אַלס לאָיער, וועט ער זיך אַליין אַריינמישן, און דאָס וועט זיין מאָרד — ער וועט דערשיסן דעם לומפּיקן פּיאַניסט ווי אַ הונט! — ווען ער האָט דאָס אויסגעשריען, האָט ער געזען פאַר זיך דעם דערשאָסענעם מאַן אויף דעם טראָטואַר פון דער פינפטער עוועניו, און עס איז געוועזן אַנטשלאָסנקייט אין אים, אַז אַזוי וועט אויך ליגן דער געמיינער פּיאַניסט.

אָסקאַר האָט אויסגעהערט זיין ברודערס זון ווי פאַרשטיינערט. יעדעס וואָרט איז אים געווען ווי אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. אַזוי! איר זון ווייס עס שוין. די קאַטאַסטראָפע און די שטראָף איז פאַר דער טיר.

מיט יאָרן צוריק, ווען איר ראָמאַן מיט דעם זינגער גאַלוואַני איז געווען אויף אַ סך ציגער, האָט ער געהאַט מיט איר אַן אונטעררעדונג. ער האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער מיט איר רעדן, אָדער נישט. ערשטנס, פאַרוואָס שווייגט מאַרי? מוז ער, הייסט עס, אָננעמען, אַז מאַרי ווייס גאָרנישט, און מען קאָן עס זייער גוט גלויבן, אַז מאַרי ווייס גאָרנישט. פרעגט זיך, צי זאָל ער אויפעפענען מאַרים אויגן אָדער נישט. ניין, ער וועט נישט זיין קיין מסור און וועט נישט אויפעפענען מאַרים אויגן. אָבער דעמאָלט דאַרף ער אַליין רעדן מיט סילוויאַן. פרעגט זיך, צווייטנס, וואָס וועט ער דערגרייכן? מיט וואָס קאָן ער זי אָפּשטעלן? זי ווייס געוויס, וואָס זי טוט, ווייס די אוממאָראַלישקייט און ווייס די קאָנסעקווענצן, און ער, דער לאַיער, האָט פאַר איר נישט קיין נייע אָפּשרעקונגען.

איז אים אָבער איינגעפאַלן דאָראַ. ער איז עס שולדיק זיין ריינער, געטרייער ווייב — צוליב איר מוז ער זיך דורכרעדן מיט זיין זינדיקער שוועגערין. ווען דער סקאַנדאַל מיט סילוויאַן וועט דערגרייכן צו דאָראַס ריינע אויערן, וועט ער דאָראַן קאָנען קוקן גלייך אין די ריינע אויגן. ער וועט איר קאָנען זאָגן, אַז ער האָט שוין לאַנג געוואוסט פון דער אַפערע פון זיין שוועגערין און נישט געשוויגן, נאָר ווי אַן עהרלעכער מענטש און געטרייער ברודער אַריינגעמישט זיך, גערעדט מיט איר, געוואָרנט זי.

דעמאָלט איז ער אַוועק צו סילוויאַן — דאָראַ זאָל זען, אַז ער איז אַ ברודער, וועלכער פאַרנאַכלעסיקט נישט זיינע פליכטן.

סילוויאַ האָט שוין לאַנג געוואַרט, אַז עמיצער פון דער פאַמיליע וועט זיך אַריינמישן און קומען צו איר מיט מוסר־ווערטער. משאַרלז איז געווען אויסגעשלאָסן, שוועך און שוויגער אין זייער אומשולד ווייסן פון גאָרנישט — אַז מען זאָל זיי אפילו דערציילן, וועלן זיי עס אויף איר נישט גלויבן. וועט עס זיין אָסקאַר — ער וועט קומען צו טאָן די „הייליקע פאַמיליען־פליכט"... און ווען

אָסקאַר איז צו איר געקומען מיט ערנסטן געזיכט און שטייפער האַלטונג, האָט זי גלייך געוואוסט, אַז דאָס איז געקומען אַ ברודער אין נאָמען פון זיינע פליכטן.

„וואָס וועסטו זאָגן גוטס?" האָט זי געשמייכלט.

דער לאַיער און ברודער האָט אָנגעהויבן:

„וועסט מיר אַנטשולדיקן, סילוויאַ, אָבער מיין פליכט..."

סילוויאַ האָט זיך צולאַכט:

„גענוג, ווי איך האָב דערוואַרט!"

„דו באַגרייפסט אַליין..." האָט ער געשטאַמלט.

„איך באַגרייף אַלץ און ווייס אַלץ, און קאָן דיר פאַרשפּאָרן די טרחה צו רעדן," האָט זי געזאָגט.

„סילוויאַ," האָט ער געזאָגט פעסטער, „דו ווייסט, אַז איך בין דיר אַ פריינט..."

„איך ווייס, אַז דו ביסט מיר אַ גוטער פריינט," האָט זי אים איבערגעריסן, „אָבער דו דאַרפסט נישט קומען צו מיר מיט אַן אָנגעגרייטער פּרעדיק אָדער אַ לאַיערישער רעדע. גיי בעסער און מוסר אוים דיין עלטערן ברודער. די ווייב פון דיין ברודער קאָן אַנדערש נישט אויפפירן זיך, ווי זי פירט זיך אויף. איך זאָל אים אפשר באַצאָלן פאַר זיינע גליקן אין זיינע גרויסע געשעפטן מיט מיין טרייקייט. אָבער איך האָב נישט חתונה געהאַט מיט מר. ביזנעס. אויב ער האָט חתונה געהאַט מיט מיס ביזנעס, בין איך פריי צו טאָן, וואָס איך וויל. איך קאָן דיר פאַרזיכערן, אַז אויך דיין דאָרא וואָלט זיך נישט אַנדערש אויפגעפירט, ווען זי וואָלט געוועזן דיין ברודערס ווייב, אָדער ווען דו וואָלסט געוועזן ווי דיין ברודער."

דאָס האָט שטאַרק געחנפעט אָסקאַרן. די ערנסטע שטרענג־קייט איז פּלוצלונג פאַרשוואונדן פון זיינע אויגן, און ער האָט מילד אַרויסגערעדט:

„גט זיך מיט אים."

„אַ נאַר וועל איך זיין!"

„דאָס איז דאָס איינציקע ריכטיקע."

„איך פיל זיך פריי סיי־ווי־סיי. איך דאַרף אים נישט אָפּגטן. זאָל ער מיך אָפּגטן."

„ער ווייס דאָך מסתמא נישט..."

„גיי און דערצייל אים. דערצייל אים נאָך מער. גאַלוואַני איז נישט מיין ערשטער געליבטער און וועט געוויס נישט זיין דער לעצטער. דערצייל עס אים מיט מיינע ווערטער. איך וואָלט עס אים אליין דערציילט, ווען ער וואָלט מיך געפרעגט, אָבער ער פרעגט מיך נישט, בין איך אים נישט מחויב צו דערציילן. אויב דו פילסט, אַז דו ביסט אים מחויב צו דערציילן, כאָטש ער פרעגט דיך נישט, גיי און דערצייל אים."

אָסקאַר איז אויפגעציטערט געוואָרן. די אָפנקייט, מיט וועל־כער זי האָט אים דערקלערט, אַז גאַלוואַני איז נישט איר ערשטער געליבטער און וועט נישט זיין דער לעצטער, האָט אים עפּעס ווי באַנומען. ער האָט געפילט, אַז ער מוז אין כעס ווערן, אויפשרייען, אַרויסזאָגן איר דאָס האַרבע וואָרט פון צאָרנדיקער מאָראַלישקייט. אָבער אין דער אייגענער צייט געשטאַנען פאַר איר ווי אַ העלד, וואָס איז גרייט צום קאַמף, פאַר האָט קיין וואָפן נישט. וואָס קאָן ער איר זאָגן, וואָס זי ווייס נישט? יעדעס כעס־וואָרט וועט זיין אַ באַנאַליטעט, און אפילו אַ פייערדיקער פּאַטש אין געזיכט וועט איר נישט זיין קיין באַווייז, אַז זי איז אומגערעכט. וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן, איז טאַקע נעמען און גוט אויספּאַטשן זיין על־טערן ברודער. אָבער ער האָט איר נישט געטאָרט אַרויסווייזן זיין פאַרלאָרנקייט — און מיט מער פּאָזע ווי אמת האָט ער אָנגעהויבן:

„איך בין גאַנץ דערשיטערט... גאַנץ דערשיטערט... ווי האָסטו געקאָנט... נישט דיין ערשטער... סילוויאַ!... גאָט דו גערעכטער!..."

דער אַדוואָקאַט האָט קיין ווערטער נישט געפונען, אויך נישט געוואָלט געפינען, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז די וואָרטלאָזיקייט וועט אַ סך בעסער אַרויסציינגן זיין אויפגעציטערטקייט, ווי אַ לאַנ־גע רעדע.

סילוויאַ האָט געלאַכט איצטער פון דער געמאַכטקייט, פון דעם אָנשטעל פון מאָראַלישער אויפגעבראַכטקייט.

„דו ביזט אַ קאָמישער יונג, אָסקאַר, און איך האָב דיך ליב," האָט זי געזאָגט גוטמוטיק און מיד; דער געשפּרעך איז אַריבער, דער גוטער ברודער האָט זיין שולדיקייט און פליכט געטאָן, מער

וויס ער נישט וואָס צו זאָגן. איצט האָט זי אים געקאָנט אפילו אָנבאָטן טיי.

„ווּעסט דאָך טרינקען מיט מיר טיי? אָדער ווילסטו נישט מער שטיין אין מיינע דלית אמות? מיר בלייבן דאָך די אַלטע גוטע פריינט, ווי?"

ווען ער האָט זיך געפּרואווט נאָך עפּעס זאָגן, האָט זי אים אָפּגעשטעלט:

„לאָז עס איבער צו דיין ברודער, אָסקאַר. און רעד נישט מער צו מיר וועגן דעם, סיידן מאָרי וועט דיך שיקן צו מיר אַלס זיין לאָיער. אָדער סיידן, דו ווילסט הערן פון מיר פּיקאַנטע מעשיות..."

זי האָט אויפגעלאַכט, ער האָט אָנגערוקט דעם שטערן, אָבער נישט געקאָנט אין כעס ווערן. עס איז אים בלויז אומאָנגענעם געווען, וואָס זי רעדט אַזוי לייכטזיניק און ער האָט איר נישט וואָס צו זאָגן — ער, דער מאַן פון אַ סך ווערטער, וועלכער האָט נישט געדאַרפט קריכן אין קעשענע נאָך אַן ענטפער. וואָלט נישט געוועזן די גלייכסטע, ריכטיקסטע זאַך גאָרנישט רעדן, נאָר אַ שפּיי טאָן, אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר און אַוועקגיין? אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער מאָראַליש אַרויסגערעדט:

„ווי קאָנסטו אַזוי רעדן, סילוויאַ?"

„דו ווילסט נישט הערן מיינע פּיקאַנטע מעשיות, וועל איך דיר נישט דערציילן," האָט זי געלאַכט, „איך האָב זיך נאָר פאַר־געסן, אַז דו ביזט אַן עדאָן."

ער האָט געקוקט אויף איר. געקוקט אויף איר שאַרף. דער־מאָנט זיך אָבער, אַז ער האָט אַמאָל געוואָלט וויסן, ווי אַן אשת־איש זעט אויס. דערמאָנט זיך אָבער אויך, אַז ער האָט עפּעס נישט געקאָנט פאַרבינדן דעם אשת־איש־געדאַנק מיט סילוויאַן, זייער סילוויאַן, און פּלוצלונג האָט ער אויסגערופן:

„ניין, איך קאָן מיר עפּעס נישט גלויבן! סילוויאַ!... אונזער סילוויאַ!..."

זי האָט זיך שטאַרק צולאַכט.

„האַהאַהאַהאַ... דער לאָיער, וועלכער טאָר נישט גלויבן, ביז ער כאַפּט נישט „אין פלאַגראַנטי" — מיט דעם גע־

ליבטן אין בעט. איז וואָס זאָל איך טאָן, דו זאָלסט יאָ גלויבן?"

ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טיי־טרינקען. ער האָט נישט גע־קאָנט באַרעגנען איבער זיך אַוועקצוזעצן זיך מיט איר איצטער אין געמיטלעכקייט, ווי גאָרנישט איז געשען. אָבער ער האָט אַנטשול־דיקט זיין נישט וועלן טיי טרינקען מיט דעם, וואָס אים ווילט זיך איצט נישט קיין טיי און ער האָט אויך איצט מער קיין צייט נישט.

„גייסט דאָך נישט אַוועק ברוגז?" האָט זי געפרעגט.

„אָבער מיט האַרצוווייטיק," האָט ער טרויעריק געענטפערט.

„ווערט זיך פאַרהיילן," האָט זי געזאָגט מיט לאַכן. „און איך וויל דיר דאָס נאָך זאָגן: דו דאַרפסט נישט אָנזאָגן דאָראַן, אַז זי זאָל מיך אויסמייכן. איך וועל זי דיר נישט קאַליע מאַכן, נישט אָנשטעקן זי מיט מיין זינדיקייט. איך וועל דאָס נאָר טאָן: ווען אַ שיינער מאַן זאָל אָנהויבן אַרומדרייען זיך אַרום דיין דאָראַן, וועל איך אים פאַרדרייען צו מיר און ראַטעווען דיין נאָמען און ערע. וועל איך גוט זיין צו דיר?"

ווען ער האָט איר געגעבן די האַנט צום געזעגענען זיך, האָט זי געזאָגט:

„איך וועל דיין האַנט נישט אָננעמען, ביז דו וועסט מיך נישט בעטן אום פאַרצייאונג פאַר אַלע די בייזע ווערטער, מיט וועלכע דו ביזט געקומען צו מיר, פאַר אַלע שלעכטע נעמען, וועלכע דו האָסט מיר געגעבן אין דיינע געדאַנקען, און סיידן דו וועסט מיר פאַרשפּרעכן, אַז דו בלייבסט מיר מיין אַלטער גוטער אָסקאַר."

ער האָט גאָרנישט געזאָגט און זיין האַנט נישט אַוועקגענו־מען, נאָר שטומערהייט געהאַלטן זי פאַר איר, און סילוויאַ האָט זי אָנגענומען. ווי אַ שטומען אויסדרוק פון מחילה בעטן און ווי אַ פאַרשפּרעך צו בלייבן איר דער אַלטער גוטער אָסקאַר.

ער איז אַוועק פון איר מיט אַ האַרץ־ווייטיק, שטאַרק אומ־צופרידן מיט זיך אַליין. ער האָט זיך דערזען אַלס שוואַכן מענטש מיט אַ גאַנץ קליינעם מאָראַלישן אינהאַלט. אָבער ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס ער האָט פריער געוואוסט, אַז ער וועט גאָרנישט דערגרייכן. ער האָט געטאָן זיין פליכט, און ווען דאָראַ

וועט זיך דערוויסן וועגן סילוויאס לעבן און מאכן מיט אים א געשפּרעך וועגן דעם, וועט ער איר קאָנען קוקן גלייך אין די אויגן.

דאָראָן האָט ער געקוקט גלייך אין די אויגן, ווען זי האָט אים אויפגערעגט דערציילט וועגן דעם, וואָס זי האָט זיך דער־וואוסט פון סילוויאס לעבן, געבעטן ביי איר מחילה, וואָס ער האָט עם איר אַליין נישט דערציילט, איבערגעגעבן אין קורצן וועגן זיין אונטעררעדונג מיט סילוויאָן. ארויסגעשטעלט זיך פאר א העלדישן רעטער, וועלכער האָט אויסגעפונען, אז די בעסטע רע־טונג איז, אז עם זאָל גיין ווי עס גייט, און באַלערנט זי, אז זי דאַרף זיין אויפגעבראַכט און אָפּגעעקלט און פול מאָראַלישן פּראָ־טעסט, נאָר נישט ארויסווייזן עס נישט מאָרין און נישט סילוויאָן...
אָבער וואָס זאָל ער זאָגן זיין ברודערס זון? ווי זאָל ער אים קוקן גלייך אין די אויגן? פאַרוואָס איז אים דעמאָלט נישט איינגע־פאַלן צו דערמאָנען איר איר זון, וועלכער וועט קומען אין די יאָרן און זיך דערוויסן, און עס קאָן דערפון קומען צו א קאַטאַסטראָפע? ווי איצט פאַרהיטן, עס זאָל נישט קומען צו דער קאַטאַסטראָפע, וועלכע שרייט ארויס פון דעם יינגלס כעס?

ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום יינגל, געוואָלט אים ארומנעמען, צודריקן צו זיך... אָבער נאָרמאַן האָט זיך אוועקגע־רוקט פון זיינע הענט, נישט געוואָלט זיין זיין קינד איצטער און אָסקאַר האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען, פאַרשעמט און רויט אין געזיכט:

„זונעניו, קום צו זיך, באַרואיק זיך, קיל זיך אָפּ. ווי אַלט ביזטו? דאָך נישט לאַנג צוריק האָבן מיר געהאַט דיין דרייצנטן געבורטס־טאָג. דאַרפסט וויסן און פאַרשטיין, אז דו ווייסט נישט און פאַרשטייסט נישט א סך זאַכן אין לעבן. איך נעם אָן, אז וואָס דו האָסט געזען איז אמת..."

„עס איז אמת!" האָט נאָמי אויסגעשריען. „און דו ביסט א לאָיער, מוזט זיך אריינמישן."

„איך קאָן זיך נישט אריינמישן און קאָן גאָרנישט טאָן, כל־זמן דיין טאַטע שווייגט."

„ווייסט דען דער טאַטע און שווייגט?" האָט נאָרמאַן ארויס־געבראָמט.

„און אויב ער וויים נישט, וועסטו אים דערציילן?"

„איך דאַרף אים נישט דערציילן. איך וועל אַליין האַנדלען..."

„פאַרוואָס ווילסטו נישט דערציילן דעם טאַטן, און זאָל ער אַליין האַנדלען?"

„איך קאָן נישט דערציילן דעם טאַטן."

„פאַרוואָס קאָנסטו אים נישט דערציילן?"

נאָרמאַן האָט אַרויסגעשריען מיט טרערן פון בושה און כעס:

„ווייל איך וויל נישט אויסגעפינען, אַז ער וויים און שווייגט."

אָסקאַר איז געוועזן גערירט און פול התפעלות איבער נאָמים פיינקייט. ער האָט ווידער אויסגעשטרעקט די הענט, אָנגענומען דעם יינגל, צוגעצויגן צו זיך און געגלעט.

„וואָס איז צו טאָן, אָנקל?" האָט נאָרמאַן געפרעגט אין זיין געוויין.

„נישט איך קאָן עפּעס טאָן, זונעניו," האָט אָסקאַר געענטפערט מיט הארציקער לאַסקע, „און נישט דו דאַרפסט עפּעס טאָן. וואָס דו האָסט פריער געזאָגט, איז אַ גרויסע נאַרישקייט. דו וועסט דערמאָרדן דעם פּיאַניסט ווי אַ הונט — פאַרוואָס נאָר אים? פאַרוואָס נישט אויך די מאַמע? ער איז דען איר פאַרפירער? זי וויים נישט, וואָס זי טוט?"

און פּלוצלונג האָט ער זיך געכאַפּט:

„דו האָסט געזען דיין מוטער מיט דעם דיכטער קאָרין, — יאָ?"

„יאָ."

„האָסטו זי געפונען מיט דעם פּיאַניסט? פאַרשטייסטו דאָך, וואָס איך מיין?"

„ניין," האָט דער יינגל אַרויסגעשעפּטשעט און איז רויט געוואָרן.

„רעדן מיר דאָך בכלל אומזיסט!" האָט אָסקאַר אויסגערופן ווי באַפרייט.

„איך רעד נישט אומזיסט!" האָט נאָרמאַן עקשנותדיק געזאָגט.

,,וואָס ווייסטו פון דיין מוטער מיט באומאַנען?"

,,ער איז איר שטענדיקער באַגלייטער. וואו זי, דאָרטן ער."

,,דאָס זאָגט גאָרנישט. קיין געריכט וואָלט זיי דערפאַר נישט פאַרמשפּט."

,,אָנקל, דאָס איז נישט אַזוי!" האָט נאָרמאַן גערייצט אויסגעשריען.

,,וואָס הייסט: עס איז נישט אַזוי? עס איז געוויס אַזוי. און עס איז נישט שיין פון דיר חושד צו זיין דיין מוטער מיט יעדן מאַנספּיל, מיט וועלכן זי באַפריינדעט זיך."

,,איך בין נישט חושד!" איז נאָרמאַן באַשטאַנען אויף זיינס.

,,סיידן דו ווייסט נאָך עפּעס און האָסט מיר נישט אַלץ דערציילט."

,,איך וויים מער גאָרנישט."

,,טאָרסט אַזוי נישט רעדן. דאַרפסט אין גערעגק מחילה בעטן ביי דיין מוטער..."

,,יאָ, מחילה בעטן," האָט נאָרמאַן ביז אַרויסגעשיפּעט.

,,און ווען דו וואָלסט דערמאָרדעט דעם פּיאַניסט, וואָלסטו געוויס דערמאָרדעט אַן אומשולדיקן."

,,ער איז נישט קיין אומשולדיקער!"

,,נאָרמאַן!" האָט אָסקאַר שוין פעסטער געזאָגט, אָפּגערוקט פון זיך דעם יינגל און שאַרף אַריינגעקוקט אים אין די אויגן. ,,דו טאָרסט אַזוי נישט רעדן. דו ביסט דאָך געקומען צו מיר, צום לאָיער, זאָג איך דיר, אַז דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז איינפאַך חשד און נישט מער. דו שליסט פון אירע באַציאונגען צום דיכטער קאָרין אויף אירע באַציאונגען צום מוזיקער באַאומאַן, און דאָס איז נישט ריכטיק. אין דעם דיכטער האָט זי געקאָנט זיין פאַרליבט ביז צום פאַרגעסן און אוועקגעבן זיך, אָבער מיט דעם מוזיקער קאָן זי זיין בלויז גוטע פריינט."

אָסקאַר האָט טריאומפירט. ער האָט איבערציייגט דעם יינגל, אַז ער איז בלויז חושד זיין מאַמע מיט באַאומאַנען. דערמיט האָט ער אָפּגעקילט זיינע מאָרד־געדאַנקען. דער אמת האָט געליטן. אָבער דער אמת וועט מוחל זיין אויף זיין כּבוד, אַבי עס וועט נישט קומען צו קיין טראַגעדיע. און פיליכט איז אויך אמת, אַז מיט דעם באַ־

רימטן פיאַניסט האָט סילוויאַ בלויז פריינטלעכע פּלאַטאָנישע באַ־
ציאונגען... ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זיין טראַכטן.

„מיסטער אָסקאַר עדאָן," האָט ער זיך געזאָגט אין די גע־
דאַנקען, „וויל נישט פאַררעדן זיך אַליין די ציין."

אָבער ער האָט אויך נאָרמאַנען נישט אינגאַנצן פאַררעדט די
ציין. נאָרמאַן איז אַוועק פון אים אַן אומצופרידענער. ער האָט גע־
פילט, אַז דער אמת איז מיט אים, נאָר די לאָגיק און דאָס נעזעץ
זיינען מיט דעם פעטער. האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך
געווענדט צום לאָיער. ער וועט בעסער דורכרעדן זיך מיט אָנקל
טשאַרלז. דער ערלעכער אָנקל טשאַרלז וועט די זאַך אַנדערש זען.

.9

ער איז אַוועק צום אָנקל טשאַרלז אין אָפיס און, זיצנדיק פאַר
אים, האָט ער, אומרואיק און אויפגערעגט, אָנגעהויבן מחילה צו
בעטן, וואָס ער איז געקומען צו אים מיט דער אָנגעלעגנהייט. ער
ווייס, אַז ער איז נישט קיין לאָיער, אָבער ער ווייס, אַז ער וועט זיין
ערלעכער פאַר אַ לאָיער...

„ווענן וואָס איז דאָס אַלץ?" האָט טשאַרלז מיט פאַרוואונ־
דערונג געפרעגט.

נאָרמאַן האָט שווער אַרויסגערעדט.

„איך ווייס, אַז מאַמאַ לעבט מיט אַנדערע מענער!"

טשאַרלז איז רויט געוואָרן אין גאַנצן געזיכט און האָט גע־
מוזט צומאַכן די אויגן פון קאָפּשווינדל. ער האָט אויך מורא געהאַט
אַ קוק צו טאָן אויף נאָרמאַנען. עס איז אים געווען, ווי דער
קלוגער יינגל וועט איצט דערקענען אָן אים, אַז ער איז געווען איי־
נער פון די אַנדערע מענער. ווען ער איז נאָך געווען אין זיין מאַ־
מעס בויך, האָט די מאַמע זינדיק געקושט דעם, צו וועמען ער איז
איצט געקומען זי פאַרקלאָגן. ליגט נישט אין זיינע אויגן דער אָפּ־
דרוק פון אַ בילד, ווי זיי ביידע זיינען געשטאַנען איבער זיין בעטל
צוגעדריקט איינס צום אַנדערן אין ליידנשאַפטלעכער לוסט? אָט
וועט דאָס בילד אַרויפשווימען, און נאָרמאַן וועט זיך דערמאָנען!
ווי אַ פאָרהאַנג וועט זיך אויפהויבן פאַר אים, אַן אַלטער שלייער

וועט פארשווינדן פון זיינע אויגן, און פון א ווייטער ווייטקייט וועט אויפשטייגן דאָס בילד פון דעם אָנהויב זכרון, דאָס בילד פון זיין מאַמעס ערשטער זינד...

דער דאָקטאָר האָט געוואוסט, אז דאָס איז אוממעגלעך, אָבער דער מענטש האָט איבערגעלעבט א גרויליכן שרעק. ער האָט מורא געהאט צו קוקן דעם יינגל אין די אויגן, געשעמט זיך פאר אים, גע־קאָנט פאלן פאר אים אויף די קני און בעטן ביי אים מחילה.

נאָרמאַן, וועמענס געזיכט האָט זיך פארקרימט ווי פאר צוויי־נען זיך, האָט געקוקט אָן א זייט און איז ארומגעפאָרן מיט דער האנט אויפן הענטל פון שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן. ער האָט נישט געזען, אז אָנקל טשארלז זיצט מיט צוגעמאכטע אויגן, נישט באמערקט, אז אָנקל טשארלזס געזיכט איז צוערשט זייער רויט גע־וואָרן און דערנאָך זייער בלייך. אָבער ער איז געווען זיכער, אז זיינע ווערטער האָבן געטראָפן דעם גוטן ערליכן אָנקל ווי א שרעק־לעכע איבערראשונג, און דערפאר האָט ער געשוויגן, נישט געקאָנט קיין וואָרט ארויסרעדן. נאָר אז דאָס שווייגן האָט זיך נאָך מער פארצויגן, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן אויפן פעטער און ארויס־גערעדט מיט טרערן און מיט רחמנות צו זיך און צום געפרעגטן:

„איז עס נישט שרעקלעך?”

טשארלז האָט ארויסגעקרעכצט, נישט אויפהויבנדיק די אויגן:

„עס איז שרעקלעך.”

„איז וואָס קאָן מען טאָן?”

טשארלז האָט אויפגעעפנט די אויגן.

„וואָס מיינסטו?” האָט ער געפליסטערט. ער האָט פארשטאַ־נען דעם יינגלס פראגע, נאָר אים איז געווען, אז ער מוז עפּעס צייט געווינען.

„זי זאָל עס נישט טאָן,” האָט דער יינגל געענטפערט מיט געוויין.

„איך קאָן דיר גארנישט זאָגן, נאָמינקע,” האָט טשארלז אויפ־געזיפצט, קוקנדיק פאר זיך אונטערן טיש.

„אָנקל! אָנקל!” האָט נאָרמאַן פּלוצלונג אויסגעשריען, אויס־ברעכנדיק אין א יאָמער, שנעל אראָפּגעלאָזן זיך אויפן דיל און בא־האלטן זיין געזיכט אויף טשארלז קני.

טשאַרלז האָט אַ ציטער געטאָן, ווי פאַר שרעק, אַז נאָרמאַן וויל אים עפּעס טאָן, דערנאָך אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם יינגלס קאָפּ, צערטלעך געגלעט און גערעדט מער צו זיך ווי צום יונגן קינד ביי זיינע פיס:

„ווען עפּעס מוז געטאָן ווערן, ווער עס געטאָן ווערן. עמיצער וועט עס שוין טאָן."

„איך וועל זיין דער עמיצער," האָט נאָרמאַן געיאָמערט, מיטן געזיכט אויף טשאַרלזעס קני. „איך וועל דערשיסן דעם באַאומאַן ווי אַ הונט."

טשאַרלז האָט אויפגעשוידערט: אויף זיינע קני האָט איצטער געוויינט זיין באַשטראָפער. אָבער ער האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

„איז עס איצטער באַומאַן."

נאָרמאַן האָט דערפילט, אַז ער מוז איצט אַרויסגיין מיט דעם אמת און דערציילן, וואָס אָנקל אָסקאַר האָט געזאָגט וועגן מאַמאַ און באַאומאַן.

„אָנקל אָסקאַר איז גאַנץ גערעכט," האָט טשאַרלז געפּסקנט.

„אָבער איך פיל, אַז איך בין גערעכט," האָט נאָרמאַן אויסגע־שריען.

„מעגלעך, אַז דו ביזט גערעכט, אָבער זיכער ביזטו נישט..."

„אָ, אָנקל, דו ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט אַזוי!"

דאָס איז געוועזן ריינער אמת. און טשאַרלז האָט פאַרלאָרן געשטאַמלט:

„עס איז דאָך אָבער אמת, אַז דו ביזט נישט גאַנץ זיכער, און וואו עס איז אַ ספק, פאַראורטיילט מען נישט."

„אָ, איך וועל שוין אַרויסקריגן דעם אמת," האָט נאָרמאַן אָנ־גערוקט געזאָגט און צושיידט זיך מיטן פעטער.

טשאַרלז האָט אים געוואָלט ראָטן, ער זאָל נישט זוכן דעם אמת, נישט ווערן זיין מאַמעס שפּיאָן, אָבער ער האָט געשפּירט זעלבסטשוץ אין דער דאָזיקער עצה, און האָט זי דערפאַר נישט געגעבן. אויב דער אמת מוז אויפגעדעקט ווערן, זאָל ער אויפגע־דעקט ווערן, אינגאַנצן, ביז צו אים, דעם ערשטן פון די „אַנדערע מענער". ער איז געבליבן זיצן, ווי אין דערוואַרטונג פון אַ שטראָף.

א פאַרלאָרענער, א דערדריקטער, מיט דעם עלנט־געפיל פון א היימ־לאָזן.

אָבער נאָרמאַן האָט געטראָגן אהיים א פעסטן באַשלוס.

.10

דער אויסרוף, אז ער וועט דערשיסן דעם לומפיקן פיאַניסט ווי א הונט, האָט נאָרמאַן אויסגעשריען אומדערוואַרטעט פאַר זיך אַליין. ווען ער האָט באַשלאָסן צו גיין צו אָנקל אָסקאַר, האָט ער נישט געטראַכט און נישט געפּלאַנט צו נעמען די שטראָף אין זיינע אייגענע הענט. אויך ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט ער דערפון נישט געטראַכט. נאָר אז ער האָט זיך צורעדט, האָבן זיך די ווער־טער אַרויסגעשריען פון זיך אַליין. ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעשרי־ען, זיינען זיי געוואָרן פּלאַן. דאָס אויפגעוואַכטע בילד פון דעם דער־שאָסענעם מאַן האָט דאָס בילד באַקרעפטיקט. די ביידע אָנקלס האָבן דעם פּלאַן אָפּגעשוואַכט, אָבער נישט אָפּגעטויט. עס וועט נע־מען צייט, ביז ער וועט האָבן די פולע זיכערקייט. ער וועט זי שוין האָבן, און ער וועט דערשיסן דעם פּיאַניסט. און נאָר אים. וואָס האָט אָנקל אָסקאַר „געלאָיערט" וועגן דער מאַמען, איז אומזין. ער האָט געפילט, אז ער דאַרף דערשיסן דעם לומפיקן פּיאַניסט ווי א הונט, און ער וועט דאָס טאָן. אויסציען אים אין זיין גאַנצער לענג מיט א קויל אין הינטערקאָפּ און לאָזן אים ליגן ווי א הונט, איבערגעגאָסן מיט זיין פאַרשאָלטענעם בלוט. און נאָר אים וועט ער דערשיסן. ער פילט נישט, אז ער דאַרף דערשיסן די מוטער, וועט ער זי נישט דערשיסן. פאַר איר וועט זיין גענוג שטראָף, וואָס איר אייגענער זון האָט דערשאָסן איר געליבטן. זי וועט שוין דעמאָלט מער קיין געליבטע נישט נעמען צו זיך. און אויך פאַר דעם טאַטן וועט עס זיין א גוטע שטראָף, אויב ער האָט געוואוסט וועגן זיין ווייבס אויפפירונג און האָט געשוויגן. וואָס ער איז געווען צו שוואַך צו טאָן, האָט געטאָן זיין זון. און אויב זיין טאַטע ווייס נאָך נישט, וועט ער זיין שטאָלץ, וואָס זיין זון האָט זיך אַזוי אָנגענומען פאַר אים און געהאַנדלט אַזוי ווי ער וואָלט געהאַנדלט, ווען ער וואָלט געוואוסט.

ער דאַרף נאָר געווינען די זיכערקייט. זיכערקייט!... המ! אַקור־ראַט ווי ער וואָלט זי שוין נישט געהאַט! וועלכע זיכערקייט ווילן זיי נאָך, די אָנקלס?

ער האָט זיך פאַרשעמט פאַרן געדאַנק, איז רויט געוואָרן, האָט כמעט אויסגעשפּיט פאַר עקל.

אָ, ער קאָן זיי געבן די זיכערקייט! זיי קאָנען זי לייכט האָבן. נאָר אָן עפן טאָן די טיר פון דעם ביבליאָטעק־צימער, ווען די מאַמע איז דאָרט אַליין מיט דעם עלנדן הונט פון אַ פּיאַניסט. גוט, ער וועט שוין אַ עפן טאָן די טיר! ער וועט קריגן די געוויסהייט, און באַאומאַן — אַ קויל אין קאָפּ... וועט שוין ליגן אַן אויסגעצויגענער..

ער וועט זיך אָנשאַפן אַ רעוואָלווער. ווי צו געבּרויכן אים וויים ער. ער וועט שוין ריכטיק צילן. און טרעפן. און טאַקע אין הינטערקאָפּ. דער הונט וועט בלייבן ליגן מיטן געזיכט אַראָפּ, עס זאָל זיך נאָך וועלן אַ בריק טאָן אים...

ער איז געווען אַזוי אומגעדולדיק, אַז אויפן וועג אַהיים איז ער אַריין אין אַן אַפּטייק און האָט אויסגעזוכט אין קלאַסיפיצירטן טעלעפאָן־בוך די געווער־ און אַמוניציע־געשעפטן און פאַרשריבן זיך עטלעכע אַדרעסן פון די נעענטערע.

ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך געמוזט אָוועקזעצן צו מאַכן זיינע שול־אַרבעטן. דער באַשטראָפונגס־געדאַנק איז געווען שטאַרק אין אים און געשטערט אים אין דער אַרבעט. ביז ענדלעך האָט ער שאַרף אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

„לאָז אָפּ! דו וועסט עס שוין טאָן! איצטער מאַך דיינע לעק־ציעס!“

ער האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיטביידע הענט און פאַרטיפט זיך אין זיין ענגלישער לעקציע אום באַלד ווידער צו כאַפּן זיך, אַז ער טראַכט דעם באַשטראָפונגס־געדאַנק, זעט פאַר זיך דעם געשאָסענעם פּיאַניסט באַאומאַן, וועמען ער קערט באַלד איבער מיטן געזיכט אַראָפּ.

„אָ, פאַרדאַמט!“ האָט ער זיך אויסגעבייזערט אויף זיך אַליין און געקנייטשט דעם שטערן איבער דער לעקציע. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט קאָנצענטרירן, און באַלד האָט ער אָוועקגעלייגט

דעם קאָפּ אויף דעם ווענטל פון זיין שטול און אוועקגעגעבן זיך איינגאַנצן זיין באַשטראָפונגס־געדאַנק און זיין זעאונג.

דאָס בילד פון דעם דערשאָסענעם, וואָס ער האָט ארומגעטראָגן אין זיך פון זיינע קינדער־יאָרן, וועט באַלד ווערן צווייטע ווירקלעכ־קייט, און ער וועט עס זיין דער דערשיסער, ער וועט זיין דער נקמה־נעמער, דער באַשטראָפער... אַזוי־טוט מען דאָך שטענדיק מיט „זיי", מיט די געליבטע פון פאַרהייראַטע מאַמעס... ער האָט עס געלייענט אין אַ סך ביכער... ער לייענט עס אין די צייטונגען יעדן טאָג און יעדן טאָג. כאַפּט מען זיי, דערשיסט מען זיי ווי די הינט... אפשר איז יענער, וואָס איז געלעגן אַן אויסגעצויגענער מיטן גע־זיכט אַראָפּ, איבערגעגאָסן מיט בלוט פון דעם קויל־לאָך אין הינ־טערקאָפּ, אויפן טראָטואַר פון דער פינפטער עוועניו, אויך געווען אַזאַ איינער... אַ געליבטער פון אַ פאַרהייראַטער פרוי, און באַלד דערשאָסן געוואָרן...

ער האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן צום טיש, געזען דאָס אָפענע בוך, געכאַפּט זיך, אַז ער מאַכט נישט זיין לעקציע, איז אין כּעס געוואָרן, האָט זיך אויסגעבייזערט און אַרויפגעוואָרפן זיך אויפן בוך. אָנגעהויבן צו לייענען הויך אויפן קול און ענדלעך פאַרטריבן פון זיך געדאַנק און זעאונג.

צום אָוונט־טיש איז ער געקומען מיט דער געלערנטער לעק־ציע אין קאָפּ. אָבער ווען ער האָט דערזען זיין מוטער, זיינען צוריק־געקומען צו אים באַשטראָפונגס־געדאַנק און זעאונג. ווי געוויינלעך, זיינען געווען געסט ביים טיש, אַ באַרימטער אירלענדישער שריפט־שטעלער און זיין פרוי, מיסטער און מיסיס אָ'קערמאַן. די מאַמע האָט אים פאָרגעשטעלט זיי, ליבפול האַלטנדיק איר אָרעם אַרום זיין נאַקן און ווייך און שטאָלץ אַרויסרעדנדיק:

„דאָס איז מיין יינגל!"

און אים האָט זי געזאָגט:

„מיסיס און מיסטער טים אָ'קערמאַן... דו ווייסט דאָך, דער באַרימטער שריפטשטעלער מיסטער אָ'קערמאַן. איך בין זיכער, אַז דו האָסט געלייענט די ראָמאַנען פון מיסטער אָ'קערמאַן... ער איז ביי מיר אַ גרויסער לייענער פון ביכער," האָט זי זיך געווענדט צו די געסט.

„איך האָב גאָרנישט געוואוסט, נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז איר האָט אַזאַ גרויסן זון,” האָט געזאָגט דער שריפטשטעלער.

„וואָס פאַר אַ גרויסער און שיינער יונג,” האָט געזאָגט מיסיס אָ׳קערמאָן. „ער איז אינגאַנצן ווי זיין פאָטער.”

מאָרי, וועלכער איז געשטאַנען דערביי, האָט אויפגענומען דעם קאָמפּלימענט גאַנץ גלייכגילטיק, אָבער האָט אַ וואָרף געטאָן זיין בליק אויף נאָמין, און דער בליק האָט געדאַרפט זאָגן, אַז ער וואָלט איצטער אויך געוועזן אַ בעלן אַרויפצולייגן זיין אָרעם אַרום זיין נאַקן. זיין זון איז טאַקע געוועזן גרויס און שיין. און עפּעס האָט זיך אויף אַ ווײַלע אַ ריר געטאָן אין מאָרים האַרץ. איין פּולס־קלאַפּ בלויז.

נאָרמאַן האָט זיך געפילט פאַרלעגן און באַדריקט פון דער מאַ־מעס האַנט אַרום זיין נאַקן, פון דעם געשפּרעך וועגן אים און פון די קאָמפּלימענטן. ווען זי האָט גערעדט פון זיין ביכער־לייענען, האָט ער אַ טראַכט געטאָן פון דעם ביבליאָטעק־צימער און באַהאַלטן אַן אויפשטייגנדיקע אויפרעגונג.

ביים לאַנגן פירעקיקן טיש איז ער געזעסן לינקס ביים עק לעבן מאַמאַ, מיסיס אָ׳קערמאָן ביים עק לעבן פּאַפּאַ, דער באַרימ־טער שריפטשטעלער איז געזעסן אַליין ביי זיין לאַנגער זייט טיש, אָבער צוגעווענדט צו סילוויאַן, רעדנדיק די גאַנצע צייט מיט איר, ווי מאָרי וואָלט גאָרנישט געוועזן ביים טיש. ער האָט גערעדט וועגן ביכער, וועלכע מאָרי האָט נישט געלייענט אָדער נישט געדענקט, אַז ער האָט געלייענט, וועגן מענטשן, וועלכע מאָרי האָט נישט גע־קענט, אָדער נישט געדענקט, אַז ער קען זיי. מאָרין איז געוועזן אַנ־גענעם, וואָס דער שריפטשטעלער ווענדט זיך נישט צו אים, אָבער ער האָט אויך נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל רעדן מיט דעם שריפט־שטעלערס פרוי — אַ דאַמע אין די מיטעלע יאָרן, וועלכע האָט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן, אָבער איצטער האָט זי דווקא געוואָלט, אַז דער לאַנגווייליקער „מיליאָנער”, ווי זי האָט אים טיטולירט אין אירע געדאַנקען, זאָל זי אונטערהאַלטן — ער, דער דזשענטלמען, זי, די דאַמע. ביז וואַנען וואָס, האָט זי אָנטייל גענומען אין דעם גע־שפּרעך פון איר מאַן און סילוויאַ אָדער געווענדט זיך מיט אַ פראַגע צו נאָמין, וועלכער האָט זי פאַרשטאַרקט אין איר מיינונג

וועגן דער ענלעכקייט צווישן טאַטן און זון, ווייל ער איז געוועזן פּונקט אַזוי אונטערהאַלטנדיק ווי זיין טאַטע און איז ביי יעדער ווענדונג צו אים גאַנץ רויט געוואָרן אין געזיכט. עס האָט זי דאָך אַמוזירט, ווי דער יינגל נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון איר מאַן. קענטיק שטאַרק איינגענומען פון דער נאָנטקייט פון דעם באַרימטן שריפטשטעלער, וועמענס ראָמאַנען ער האָט געוויס געלייענט, כאָטש זיי זיינען גאָרנישט פאַר אַזעלכע יונגע יינגלעך.

אָבער נאָרמאַן האָט געזען פאַר זיך דעם באַרימטן שריפט־שטעלער אַ ליגנדיקן מיטן געזיכט אַראָפּ און מיט אַ קויל־לאָך אין הינטער־קאָפּ. ווייל ער האָט געקוקט אויף אים און געטראַכט:

,,ער אויך! ער אויך! ווי ער מאַכט זיך וויכטיק! וואָסערע אויגן ער שטעלט אויף איר אָן! זאָל ער בעסער קוקן אויף זיין אייגענער ווייב. וואָס נודיעט זי מיר? זי זעט דאָך, אַז איך וויל נישט רעדן... אָבער ווען זי זאָגט עפּעס איר מאַן, קוקט ער זיך אַפילו נישט אום אויף איר. דער באַרימטער שרייבער... נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון מאַמאַ... אַ שאָס, קראַך! און ער ליגט אַן אויסגעצויגענער...''

אַ פּלאַן האָט געצייטיקט אין נאָמיס קאָפּ. די מאַמע האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר אַ גרויסן ביכער־לייענער. דאָס איז טאַקע אמת, און ער וועט זיך איצטער באַנוצן מיט זיין טיטל: ער וועט אָנהויבן אויפצועפענען וואָס עפטער די טיר פון ביבליאָטעק־צימער... ער וועט האָבן אַזאַ גוטן אויסרייד.

.11

אין דעם זעלביקן אָוונט האָט טשאַרלז באַזוכט אָסקאַרן. גע־טריבן בון אַ שרעק, אומרואיק אין אַלע פיבערן פון זיין קערפּער, מיט אַ פייער אונטער די וואָרצלען פון זיינע האָר. אויך אָסקאַר איז שטאַרק אומרואיק געוועזן, נישט געקאָנט אַרויסטרייסלען פון זיך נאָרמאַנס באַזוך. און ביידע אומרואיקע ברידער האָבן זיך אוועקגעזעצט צו באַטראַכטן, וואָס צו טאָן, עס זאָל נישט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע.

אין לויף פון געשפּרעך האָט אָסקאַר דערציילט טשאַרלזן פון זיין פריערדיקן פאַרזוך צו וואָרנען ס׳לוויאַן.

,,איך בין איצט מער ווי זיכער,'' האָט ער געזאָגט, ,,אַז דער באַנקיר ברינצער איז געווען איר געליבטער. דאָס האָסטו דעמאָלט

א טעות געהאַט, נישט איך. דאָס איז זי אַרויסגעקומען מיט אים פון האָטעל. איך האָב זי שוין ריכטיק דערקענט, נאָר דיר האָט מסתמא דער שטורם געשטערט — ווען דו ביסט געגאַנגען צום האָטעל, איז דאָך געווען אַ שניי־שטורם. עס קאָן אויך זיין, אַז מיר האָבן ביידע קיין טעות נישט געהאַט. דער חברה־מאַן האָט דאָרט געהאַט זיין ליבעס־נעסט פאַר עטלעכע פייגעלעך. אָבער ער איז זיכער געווען איר געליבטער. אפשר טאַקע דער ערשטער אין דעם צעטל. דאַכט זיך, אַז פאַר אים האָט זי קיינעם נישט געהאַט אַרום זיך. אָבער ווער ווייס זי...''

אויף טשאַרלזן האָט די הויט געברענט. אַט־אַט וועט ער אַרויסשרייען זיין סוד. דער ווידוי איז אים געשטאַנען אין האַלז, געריסן זיך אַרויס.

„גיי רעד מיט אַזאַ פרוי,'' האָט אָסקאַר ווייטער גערעדט. „מוסר זי, וואָרן זי, אַז זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדע בושה. וואָס וואָלט געווען דיין עצה?''

טשאַרלז האָט ווי אויפגעוואַכט, איז געקומען צו זיך.

„זאָלסט ווידער אַריבערגיין צו איר,'' האָט ער געזאָגט, „דער־ציילן איר אַלץ וועגן נאָרמאַנען. דאָס וועט געווים מאַכן אַן איינ־דרוק אויף איר, וועט צווינגען זי לכל הפחות פאָרזיכטיקער צו זיין.''

„דאָס טראַכט איך אויך,'' האָט אָסקאַר געזאָגט.

אויף מאָרגן האָט ער זיך געזען מיט סילוויאַן. ווען ער האָט איר דערציילט פון נאָרמאַנען אין דעם ביבליאָטעק־צימער, איז זי צו־ערשט רויט געוואָרן, דערנאָך זייער בלאַס, און אָסקאַר איז זייער צו־פרידן געווען פון דעם איינדרוק. אָבער ווען ער האָט אים דערציילט פון נאָרמאַנס כעס, איז זי שוין רויט געוואָרן פאַר כעס, און ער האָט אָפּגעזיפצט אין זיך איבער איר אומפאַרבעסערלעכקייט.

„איך וועל מיין לעבן איבער אים נישט ענדערן,'' האָט זי בייז אַרויסגערעדט.

„איך האָב דיך געוואָרנט,'' האָט אָסקאַר געזאָגט. „עס וועט געשען אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע.''

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי זיך צעוויינט. זי האָט גע־וויינט אויס פאַרשעמטקייט איבער דעם אופן, ווי איר זון האָט זי

אויסגעפונען. דאָס איז איר געלאָפן אַזוי גרויזעליק איבער דער הויט, אַזוי געעקלט איר. פוי!... און זי האָט געוויינט, ווייל עס איז איר געווען, ווי ווען עמיצער וואָלט אָנגעטאָן אויף איר קייטן...

שפּעטער האָט זי זיך אויסגעטריקנט די אויגן, אָפּגעפרישט זיך דאָס געזיכט מיט פּודער און רויט, אויפגעמונטערט זיך.

ניין, זי וועט איר לעבן נישט ענדערן, אָבער זי וועט זיין פאָרזיכטיקער.

ווען מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט נאָרמאַן, קומענדיק פון דער שולע, דערוואוסט זיך, אַז דער פּיאַניסט באַאומאַן געפינט זיך מיט מאַמאַ אין דעם ביבליאָטעק־צימער, איז אים באַפאַלן אַ גרויסער אומרו. ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין שטודיר־צימער, אַ שמיץ געטאָן די ביכער אויף דער ערד, אַראָפּגעלאָזן זיך אויף אַ שטול און גענומען טראַכטן.

איצטער איז געווען די צייט צו האַנדלען. קיין רעוואָלווער האָט ער זיך גאָר נישט אָנגעשאַפט. פאַרוואָס האָט ער זיך אים נישט אָנגעשאַפט? וואָס האָט ער אָפּגעלייגט? ווי אַזוי איז עס געקומען, אַז ער האָט אָפּגעלייגט?... אָט איצטער האָט ער געדאַרפט האָבן דעם רעוואָלווער! אָ, ער האָט באַשלאָסן — צוערשט געוויסהייט. ווי נאַריש! אָט איצטער וועט ער זיך פאַרשאַפן די געוויסהייט, אָבער ער וועט דעם רעוואָלווער נישט האָבן. ווי גוט, ווען ער וואָלט געהאַט ביי זיך דעם רעוואָלווער, ווען ער וועט אויפעפענען די טיר און פונאַנדערעפענען די פּאָרטיערן. גלייך אַ קויל אין הינטערקאָפּ און פאַרטיק!... וועט ער שוין גיין און קויפן... אָבער ער ווייס אפילו נישט וויפיל אַ רעוואָלווער קאָסט. אָ, געלט וועט ער שוין קריגן, ער וועט בעטן ביי טאָם דעם באָטלער. אָבער ווען ער זאָל איצטער גיין, קאָן ער פאַרשפּעטיקן די געוויסהייט. איז גוט, וועט ער איצטער פאַרשאַפן זיך די געוויסהייט. ווען ער וועט זי האָבן, וועט ער שוין אַריינקריגן דעם הונט. דאָ אָדער ביי אים אין האָטעל. יאָ, ער קאָן גיין צו באַאומאַנען אין האָטעל און דאָרט...

ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און געלאָזן זיך צו דער טיר פון זיין צימער. און ביי דער טיר געבליבן שטיין. עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן, נישט דערלאָזן זיין האַנט אויפצועפענען די טיר. וואָס איז עס? פאַרוואָס גייט ער נישט אַרויס? פאַרוואָס גייט ער

נישט צום ביבליאָטעק־צימער נאָך דער געוויסהייט? ער האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס ער איז שטיין געבליבן. אָ, יאָ, ער האָט עפּעס געוואָלט באַקלערן. איידער ער׳שאַפט זיך געוויסהייט, האָט ער נאָך געוואָלט באַקלערן? וו אָ ס האָט ער געוואָלט באַקלערן?

איז עס נישט מערקווירדיק? אַ גאַנץ באַשטימטער געדאַנק האָט אים אָפּגעשטעלט און איז גלייך פאַרשוואונדן. איצטער קאָן ער זיך בשום אופן נישט דערמאָנען, וואָס פאַר אַ געדאַנק. ער פילט, אַז דאָס איז געווען זייער אַ וויכטיקער געדאַנק, והא ראיה, ער האָט אים אָפּגעשטעלט, נישט דערלאָזן אים אויפעפענען די טיר.

ער האָט אַ הויב געטאָן די לינקע האַנט, אַ פיר געטאָן זי אין דער לופט און אַראָפּגעלאָזט זי אויפן מויל, איינקלעמענדיק די ליפּן — אַ באַוועגונג, וועלכע דער זיידע נח מאַכט, ווען ער פאַר־טראַכט זיך איבער עפּעס. און ווען ער האָט געמאַכט די דאָזיקע באַוועגונג, האָט זיך נאָרמאַן דערמאָנט אָן זיידע נח, איז אָפּהענטיק געוואָרן און האָט זיך פאַרשעמט. ווען זיידע נח זעט אים איצטער און ווייסט זיינע געדאַנקען — דער זיידע, וועלכן ער ליבט און ערט אַזוי!...

ער האָט נישט דערטראַכט דעם געדאַנק און אַ לאָז געטאָן זיך צו דער טיר.

,,אָ, דו ביזט אַ פּיגלינג!'' האָט ער זיך אַליין אויסגעזידלט, אַ ריס געטאָן די טיר און איז אַרויס פון זיין צימער. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו די טרעפּ פון צווייטן שטאָק, אָבער אויף די טרעפּ איז ער שטיין געבליבן. וואָס גייט ער טאָן? וואָס וועט ער דערזען? ער האָט זיך געשעמט פאַר דאָס, וואָס ער וועט דערזען, און דער־פילט, אַז ער קאָן עס נישט זען. אים איז ווי נישט גוט געוואָרן פון דעם, וואָס ער וועט דערזען. ער איז געשטאַנען אַ מידער, באַפאַלן פון אַ שווינדל אין קאָפּ, אַז ער האָט געמוזט אָנהאַלטן זיך אָן דעם טרעפּ־געלענדער. מיט שמערץ און פאַראַכטונג האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק צו דער טיר פון ביבליאָטעק־צימער. אָבער די טיר איז גאָר געשטאַנען אָפן, נאָר די שווערע פאָרטיערן האָבן פאַר־שטעלט דעם אַריינגאַנג, און פון הינטער זיי האָט זיך דערטראָגן אַ הילכיקער געלעכטער.

ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אין זיין צימער אַ מידער, אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט פאַר זיין שרייב־טיש און אַרויפגעלייגט זיין קאָפּ אויף אים מיט אַ פאַרביטערטן האַרץ. ער האָט איצטער געוואוסט באַשטימט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט אויפעפענען די טיר פון ביבליאָטעק־צימער, ווייל ער שעמט זיך, ווייל ער האָט גאָר מורא צו דערזען, וואָס ער האָט איינמאָל בלויז צופעליק דערזען. איצטער האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס דאָזיקע געפיל האָט אים פריער אָפּגעשטעלט ביים אַרויסגיין פון זיין צימער. אפשר האָט ער זיך דערפאַר דערמאָנט אָן זיידע נח. דער זיידע וואָלט קיינמאָל נישט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט טאָן. דער זיידע וואָלט געזאָגט, אַז אויגן, וואָס ווילן זען, וואָס ער האָט געוואָלט זען, פאַרדינען נישט, אַז זיי זאָלן אָנזען די ליכטיקע וועלט...

אָ, ער וועט זיך די נויטיקע געוויסהייט קיינמאָל נישט קאָנען שאַפן, ער וועט זי קיינמאָל נישט האָבן, און דער לאָיערישער ספק וועט באַשיצן אַ פאַרברעך!

ער האָט זיך צעוויינט:

„אָ, איך בין נישט גוט! איך בין נישט גוט!"

.12

סילוויאַ האָט באַשלאָסן אַוועקצושיקן נאָמין אין קיימברידזש. ער וועט אַריין אין אַ פּאָרבאַרייטונג־שול און דערנאָך אין האַרוואַרד.

נאָרמאַן האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. דאָס האָט געפּאַסט צו זיין אַלטן פּלאַן צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון זיינע עלטערן. ער האָט געטראָפן, פאַרוואָס די מאַמע וויל אים אַוועקשיקן, געפילט, אַז ער האָט איר נישט געדאַרפט טאָן די דאָזיקע געפעליקייט. אָבער אין דער אייגענער צייט געפילט באַפרייאונג.

ווען די זאַך איז אָנגעקומען צו מאָרין ביים אָוונט־ברויט־טיש, האָבן זיי ביידע געהאַט זייער גרעסטע איבעררעשונג.

מאָרי האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז ער וויל האָבן זיין זון לעבן זיך. עס איז אים קאַלט געוואָרן ביים געדאַנק, אַז נאָמי וועט זיין נישט לעבן אים. אים איז פולשטענדיק געוואָרן ג... ווען ער האָט

פון צייט צו צייט א וואָרף געטאָן כאָטש א זייטיקן בליק אויף זיין זון, אָבער ער וועט זיך פילן פאַרלאָזן און פאַרעלנדט, ווען ער וועט דעם בליק נישט קאָנען טאָן, ווען ער וועט אים וועלן.

,,ניין,'' האָט ער שטיל אָבער פעסט געזאָגט. ,,נאָרמאַן וועט בלייבן דאָ. קאָלאָמביא קאָלעדזש וועט פאַר אים זיין גוט גענוג.''

סילוויא האָט עפּעס געוואָלט דערווידערן אין איר איבערראַשונג.

מאָרי האָט זי נישט געלאָזט רעדן.

,,נאָרמאַן בלייבט דאָ,'' האָט ער שאַרף אָפּגעשניטן.

זי איז אין פּעס געוואָרן. זי האָט געטראַכט, אַז מאָרי האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי וויל אַוועקשיקן דעם אונטערוואַקסנדיקן זון, כאָטש זי האָט אים פאַרגעלייגט דעם פּלאַן, ווי ער וואָלט געקומען נישט פון איר, נאָר פון נאָרמאַנען, און ער שטימט נישט צו בלויז איר אויף צו להכעיס.

,,דער יינגל וויל עס!'' האָט זי בעסדיק געשריען. ,,און איך זע נישט איין, פאַרוואָס מען זאָל עס אים נישט נאָכגעבן.''

נאָרמאַנען איז נישט געפעלן געוועזן דער ליגן אין סילוויאַס ווערטער, אָבער ער האָט זי נישט קאָרעגירט. דער פּלאַן שטאַמט טאַקע נישט פון אים, אָבער עס איז אַן אמת, אַז ער וויל אַוועקפאָרן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום פאָטער, געוואָלט אים בעטן. נאָר אין מאָרים אויגן איז געלעגן עפּעס אַזוינס, וואָס נאָרמאַן האָט קיינמאָל נישט געזען דאָרטן. עפּעס פון ווייכקייט, לאַסקע, דערנענטערונג און — געבעט. דאָס עפּעס האָט אויפגעצאַפּלט זיין האַרץ און אויפגעכוואַליעט אין אים טרערן. ער וואָלט איצט צוגעפאַלן צום טאַטן מיט אומאַרמונג און קוש.

,,איך וועל בלייבן, וואו דער טאַטע וויל, איך זאָל בלייבן,'' האָט ער אַרויסגערעדט מיט באַוועגונג אין זיין שטים און מיט ציטער אין די מוסקולן פון זיין געזיכט.

סילוויאַ האָט בייז אַראָפּגעדונערט מיט א גאָפּל אויפן טיש.

נאָך דעם עסן איז נאָרמאַן צוגעגאַנגען צום פאָטער. מיט פאַרלעגנהייט און אומזיכערע טריט. געוואָלט זיין אַביסל צוגעלאָזן, א ליבנדיקער זון צו א ליבנדיקן פאָטער. געוואַרט, אַז דער טאַטע וועט אים עפּעס זאָגן, וועט זיך מיט אים צורעדן. געבענקט נאָך דעם.

מאַרי האָט אַ וואָרף געטאָן אויפן זון אַ זייטן־בליק, געזען, אַז ער איז גרויס און שיין און ליב און — אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

„עס איז גוט אַזוי," האָט ער דערביי אַ זאָג געטאָן, נישט דערקלערט, וואָס „איז גוט אַזוי" און איז פאַרשוואונדן הינטער זיין צייטונג.

נאָרמאַן האָט זיך אוועקגעשלעפּט פון אים מיט אַ טרויעריקן האַרץ און שווערע געדאַנקען. צווייפל זיינען אויפגעשטאַנען אין אים. איז עס געווען ליבע אין דעם טאַטנס פריערדיקן בליק און אין זיין גלעט איבערן קאָפּ? איז עס געווען אין בליק געבעט, ער זאָל דאָ בלייבן און מאַכן דער מאַמען אַביסל אומבאַקוועמלעך, און דער גלעט איבערן קאָפּ איז געווען דאַנקבאַרקייט? ווייס דער טאַטע פון דער מאַמעס לעבן מיט אַנדערע מענער, אָדער ווייס ער נישט?

„אָ, איך וואָלט געקאָנט שטאַרבן!" האָט ער אויסגעשריען אין פאַרצווייפלונג.

דאָס וואָלט ער לייכט געקאָנט דערגרייכן. נאָר אויפעפענען אַ פענסטער און אַרויסוואַרפן זיך. אָבער ער האָט נישט געטראַכט פון זעלבסטמאָרד. ער האָט געדאַרפט שטודירן און ליב געהאַט זיין שטודיום. אָבער אין זיין האַרץ איז געלעגן אַ יאָמערדיקער טרויער און שווערע מידקייט.

.13

יאָרן זיינען געגאַנגען, נאָרמאַן איז געוואַקסן הויך און שיין, אָבער אויך דער טרויער אין זיין האַרצן איז געוואַקסן, אַריינגעדרונגען אין זיינע אויגן און האָט זיי פאַרוואָלקנט.

טאַטע־מאַמע האָבן אים אין די אויגן נישט געקוקט און נישט געזען זייער טרויעריקייט. חברים אָבער האָבן זיך געפילט באַדריקט און נישט ליב געהאַט צו זיין מיט אים. ער איז געווען אַ גוטער חבר, אַ ווייסער, ווייל ער האָט זיך גוט געלערנט, און אַן אַרויסהעלפער. נאָר עס איז נישט געווען קיין געזעליקייט אין אים, מען האָט מיט אים נישט געקאָנט פריילעך זיין. זיין בעסט געשפּרעך זיינען געווען ביכער, און דאָס איז לאַנגווייליק.

נאָר קוזינע זעלדא האָט אריינגעקוקט אין זיינע אויגן, און געטוליעט זיך צו אים און געווען גוט צו אים.

„דיינע אויגן זיינען שטענדיק טרויעריק, און איך ווייס, פאַר־וואָס. דו ליבסט נישט דיין טאַטע און מאַמע. און איך ליב זיי אויך נישט. אָנקל מאָרי טוט אפילו נישט אַ קוק אין דיין זייט, און מ'קאָן ביי אים נישט ארויסקריגן אַ וואָרט, כאָטש צי עס מיט דראָטן, אקוראַט ווי ער וואָלט פאַראַרעמט געוואָרן, ווען ער זאָגט דיר ארויס אַ וואָרט. און טאַנטע סילוויא האַלט דעם קאָפּ אַזוי פאַררימן, אַז נאָך אַביסעלע וועט זי אָפּקלאַפּן איר שטערן אָן הימל... דו ביזט דאָך אויף מיר נישט ברוגז, וואָס איך רעד אַזוי? אָבער דו ליבסט זיי נישט, און איך האָב זיי טאַקע פיינט...”

אַ גרויסע פריינטשאַפט איז געווען צווישן די ביידע. געצויגן זיך דורך זייער קינדהייט, געוואַקסן אין זיי מיט יאָרן. ווען ער האָט אָנגעטאָן לאַנגע הויזן, האָט אים פאַרדראָסן, וואָס זי איז כמעט מיט פינף יאָר יונגער פאַר אים. אין די לאַנגע הויזן איז ער שוין אַ דערוואַקסענער — ווי וועט ער זיך מיט איר ווייטער חברן? אָבער זי איז געווען געוויקסיק, נישט פיל נידעריקער פאַר אים, און אויסגעזען עלטער פאַר אירע יאָרן. ווען זי האָט אים דערזען אין לאַנגע הויזן, האָט זי אים גענומען אונטערן אָרעם און געזאָגט:

„איצטער ווער איך אויך אַ דערוואַקסענע.”

אָסקאַר האָט עס גלייך פאַרשריבן אין זיין אַלבום מיט דער באַמערקונג, אַז זי איז טאַקע אַ דערוואַקסענע, כאָטש זי איז ערשט אין צוועלפטן יאָר, און אַז מיט יעדן טאָג ווערט זי אַלץ קליגער און שענער.

נאָרמאַן אָבער האָט אַראָפּגעקוקט צו איר און געפילט, אַז ער וואָלט זיך אַראָפּגעבויגן צו איר און וואָלט איר אַ גאַנץ אַנדערן קוש געגעבן. ווען אָנקל אָסקאַר און טאַנטע דאָרא וואָלטן איצט דאָ נישט געווען.

זי האָט ארויפגעקוקט צו אים און זיס געשמייכלט, האַרציק צופרידן, וואָס זיי זיינען שוין דערוואַקסענע.

יאָ, זיין בעסטער חבר איז זי געווען. זי, וועלכע האָט זיך אַזוי געטוליעט צו אים, און אריינגעקוקט אים מיט וואַרעמקייט אין דעם טרויער פון זיינע אויגן.

זי — און דער זיידע נח און די באָבע מערע.

.14

זיידע נח און באָבע מערע האָבן געטוליעט אים צו זיך, און געלאַסקעט, ווי ליבע קאָן לאַסקען, און אויך אַריינגעקוקט אין דעם טרויער פון זיינע אויגן מיט טרייסטנדיקער וואַרעמקייט און מיט דעם פאַרבאָרגענעם זיפץ פון א שטילן, טיפן האַרצווייטיק. דער יינגל איז נעבעך נישט גליקלעך ביי זיך אין דער היים! און זיי האָבן נישט געוואוסט, ווי צו העלפן. זיי האָבן אים זיין היים נישט געקאָנט געבן, פונקט ווי זיי האָבן נישט געקאָנט אויפשטעלן זייער אייגן הויז, אזוי ווי זיי האָבן געוואָלט און געחלומט.

אמשטאַרקסטן האָט עס נח געפילט אין זיין יובילעאום־נאַכט. אָט איז זיין גאַנץ הויז פאַרזאַמלט געוועזן, אָט זיינען זיי אַלע אַזעלכע יום־טובדיקע, נאָנטע, אייגענע, זיין פלייש און בלוט — און דערביי עפּעס אַזעלכע פאַרשיידענע, פרעמדע, ווייטע. זיין זיי־דעם הויז איז געוועזן א סך סאָלידער. עפּעס איז געוועזן א קליי, וואָס האָט דאָס פלייש און בלוט נאָך ענגער צונויפגעקלעפּט.

ער האָט געפונען די דערקלערונג אין זיין רעליגיע, אין זיין ייִדישקייט און פרומקייט, וועלכע איז נישט מער זייערס.

א קייט איז איבערגעריסן געוואָרן. א קייט פון פרומע, גלויבי־קע יידן. ער איז געבליבן הענגען אויף דער אַלטער קייט, וואָס איר ערשטער רינג ליגט באַהאַלטן ערגעץ־וואו אין דער פאַררוקטקייט פון ווייטע דורות. און די נייע רינגען, זיינע זין און אייניקלעך, האָבן זיך אָפּגעריסן און אַוועקגעקייקלט — און נישט מער קייט.

ווי אזוי איז דאָס געקומען? ער האָט זיינע זין געלערנט פרום צו זיין, אָבער ווי זיי זיינען אויסגעוואַקסן, האָבן זיי אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך זייער טאַטנס יידישקייט, ווי א מאַנטל, פון וועלכן זיי זיינען אויסגעוואַקסן. טשאַרלז אויס פּרינציפּ, מאָרי — ווייל רעליגיע איז פאַר אים נישט קיין געשעפט, אָסקאַר האָט נאָך באַ־זוכט אַמאָל א סינאַגאָגע, ווייל ער האָט געדאַרפט פּאָלי־טישע פאַרבינדונגען. בעסער וואָלט ער שוין אויך נישט געגאַנגען!

און די אייניקלעך, די „טרעפּ צו זיין הויכן עלטער", וואַקסן

שוין אויף ווי די ווילדע. יעדן שבת הערט ער נישט אויף צו רעדן צו זיי וועגן יידן און יידישקייט און גאָט, אָבער עס שטייט צו זיי נישט צו. ווי גוט, ווען נאָרמאַן וואָלט געהאַט „רעליגיע"! זי וואָלט געטרייסט זיין האַרץ און אויסגעהיילט דעם טרויער פון זיי־נע אויגן. אָבער ער האָט געהערט דעם זיידנס רייד און עפּעס נישט באַגריפן. ווי דער זיידע וואָלט גערעדט וועגן עפּעס, וואָס איז נישט שייך צו אים. דער קליינער טשאַרלז איז שוין געווען אַ גאַנצער אַפּיקורס זינט יענעם תּענית, און דעם זיידנס באַלערונגען האָבן ביי אים אַרויסגערופן שאַרפע ווידערשפּרוכן. אָבער די מיידל, זעלדעלע, האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן און באַנומען זיך ווי אַ לאָשיקל, וואָס וויל נישט אַרויפנעמען אויף זיך קיין צוים און לייצעס.

ווי קומט עס? אַך, דאָס מוז ליגן אין דער אַמעריקאַנער לופט, אין דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט. זיין קייט איז נישט די איינ־ציקע, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן. לאַנד און צייט האָבן גורם געווען. אַן איבעררייס אויף דער גאַנצער ליניע. אַ נס נאָך, וואָס אַלטע האָבן זיך דערהאַלטן. יונגע זיינען נאָר צופעליק פרום, און רעליגיעז. אָבער אויך זייער פרומקייט איז שוין נישט דאָס. לופטיק, דין, אָן אַ גרונט אונטער זיך. זומער־פעדעם, וועלכע באַ־דייטן סוף.

יאָ, ער דאַרף דאַנקען גאָט, וואָס ער אַליין איז געבליבן, וואָס ער איז געווען. און ווען די יאָרן האָבן זיך געמערט, האָט ער זיך געכאַפּט, ווי ער דאַרף דינען גאָט אין דעם ביסל יאָרן, וועלכע גאָט וועט אים נאָך שענקען.

„וואָס וואָלט איך איצט געטאָן, ווען איך וואָלט געלעבט אין ברישיץ," האָט זיך נח דורכגערעדט מיט מערען, זיין ווייב, וועל־כע איז געווען זיין אמתע הילף אין אַלע פּרטים. איך וואָלט אַרויס פון געשעפט, וואָלט זיך אָוועקגעזעצט אין בית־המדרש און געלערנט, געעסקט זיך אין צרכי־ציבור, וואָלט געהאָלפן דאַ־דאָרטן, וואָלט געזאַמלט מצוות... איז פאַרוואָס זאָל איך עס דאָ נישט קאָ־נען טאָן? אין מיין ווינקל בין איך ברישיץ. אַי, מיינע יידן זיינען שוין נישט מער קיין ברישיצער יידן, און גאָט איז דאָ נעבעך אין גלות? בין איך אָבער פאָר זיך אַליין ברישיץ, און ביי מיר אַליין

איז גאָט נישט אין גלות. ער איז אין מיר און מיט מיר, און וואָס איך וואָלט געטאָן אין מיין פרומער ברישיץ, וועל איך אויך דאָ טאָן. טאָן ווי גאָט האָט געבאָטן, ווי ער וויל, איך זאָל טאָן. וואָס זאָגסטו צו דעם, מיין ווייב?"

און מערע האָט געענטפערט:

„וואָס זאָל איך זאָגן, מיין טייערער? אַז גאָט וויל פון דיר, דו זאָלסט עס טאָן, וועל איך דאָך דיר נישט זאָגן, טו עס נישט. אָבער אַז מיר וועלן פארקויפן דאָס געשעפט, וואָס וועל איך טאָן? וועסטו מיך נעמען מיט זיך אין בית־מדרש?

און איר וויץ איז געלעגן אַביסל וויטיקדיקע בענקעניש. זיי זיינען געוועזן צוזאַמען אין געשעפט, אָבער זיי וועלן נישט קאָנען זיין צוזאַמען אין בית־מדרש, וועט זי דאָך אים ווייניקער זען אין טאָג.

די שול פון ברישיצער לאַנדסלייט האָט געזען אַ גרעסערן עולם אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, איז נאָר ראש־השנה און יום־כפור געוועזן אָנגעפילט מיט גאָט־בעטער, אָבער די גאַנצע וואָך איז זי געשטאַנען פארשלאָסן, ווייל קיינמאָל זיינען נישט געקומען די נויטיקע צען דאַוונער. נח האָט זי אויפגעעפנט, אויסגעזוכט צען יידן, און וועלכע ער האָט געשפּירט אמתע פרומקייט — עטלע־כע זיינען געוועזן גוט אין מעמד און האָבן געבענקט, ווי ער, נאָך דעם אַלטן היימישן שטייגער, און עטלעכע האָט ער ארויסגעהאָלפן, אראָפּגענומען פון זיי די דאגת פרנסה, — און אויפגעשטעלט זיך זיין אייגן ווינקל. אַלע האָבן זיי געהאַט איין קרעכץ: זייערע קינ־דער זיינען אוועק פון זיי. אַ וועלט איז אויפגעשטאַנען, וועלכע קען נישט גאָט, איבערגעריסן געוואָרן דער וועג, וועלכן יידן זיינען געגאַנגען פון דורי־דורות. און אַלע זיינען זיי געוועזן גליקלעך, וואָס זיי וועלן זיך איינאיינעם אומקערן צו דעם שטייגער לעבן, וואָס זיי וואָלטן געלעבט, ווען זיי וואָלטן געבליבן אין דער אַלטער היים. זיי זיינען געוואָרן ברישיץ, זיי זיינען געוואָרן אַלטע וועלט — אַן אינזל אין דעם גרויסן שטורמישן ים ניו־יאָרק, נחס תבה אין דעם מבול.

דאָס טעגלעכע לערנען פון דער אַלטער, אַלטער גמרא האָט זיי יונג געמאַכט. זיי האָבן זיך אין איר אָפּגעטובלט און אָפּגעו־

פרישט. דרויסן האָט זיך דאָס לעבן אוועקגעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער, פון דרויסן האָט דאָס לעבן אַריינגעקוקט אין די פאַר־שטויבטע פענסטער פון דער ברישיצער שול מיט חוזק און געלעכ־טער איבער די אַלטע, וועלכע האָבן דאָ געלעבט אַ פרעמד לעבן פון אַ פרעמדן לאַנד און פאַרשוואונדענע צייטן. אָבער די אַלטע האָבן בײַ זיך טריאומפירט איבער דעם לויף פון דער צייט און איבער איר געלעכטער. זיי האָבן זיך געפילט אַלס זיגער, ווייל זיי האָבן געהאַט דעם מוט צו לעבן זייער אייגן לעבן. און אין דער טי־פעניש פון זייער האַרץ האָבן זיי געהאָפט און געגלויבט, אַז די צייט וועט זיך נאָך אַ קער טאָן צו זיי, ווייל זי לויפט אין אַ ראָד. איז נישט די וועלט־מלחמה, וועלכע האָט זיך ערשט געענדיקט, דער גרעסטער באַווייז, אַז גאָט האָט אַ שטופּ געטאָן די צייט אויף צוריק? אָך, גאָט וועט נאָך אומקערן צו זיך די אַלע פאַרבלאָנדזשע־טע און די אַלע אַוועקגעגאַנגענע!

און נח האָט תפילה געטאָן צו גאָט פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער און דער עיקר פאַר נאָרמאַנען, וועלכער האָט גע־דאַרפט האָבן גאָט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין טאַטע־מאַמע.

ערשטער קאַפּיטל.

# שיבּרוּח

.1

נאָרמאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף. דער קווי־טשיקער געריוש פון אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אריינגעריסן צו אים אין שלאָף־צימער דורכן אָפענעם פענסטער און אויפגע־וועקט אים. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ פארשלאָפענעם בליק אויף דעם ראַדיום־זייגער אויף זיין בעט־טישל. עס איז געווען דריי אַ זייגער פארטאָג. נאָך אַ סך צו שלאָפן, און ער האָט זיך איבערגע־לייגט אויף דער אַנדער זייט. אַ רייב מיט דער האַנט ארויף דער ראַזירטער באַק און דאָס געפיל פון אַ קראַץ האָט אים דער־מאָנט די פארקרימטע מינע, וועלכע זעלדע מאַכט, ווען זי דער־פילט דעם קראַץ פון די האָר־שטאָפּעלעך, פירנדיק איר האַנט ארויף איבער זיין אָפּראַזירטער באַק. ער האָט געשמייכלט: געזען פאַר זיך די פערצן־יעריקע זעלדע, וועלכע ווערט שענער, ווי אָנקל אָסקאַר האָט פארזיכערט אַלעמען, פון טאָג צו טאָג, און איז שוין אַ גאַנצע פרויענצימער.

אונטן ביים טראָטואַר פאַר דער טיר איז געשטאַנען דער אוי־טאָמאָביל, וואָס האָט אים אויפגעוועקט. דער שאָפער איז אַראָפּ אויפן טראָטואַר און אויפגעעפנט די טיר פון דעם אויטאָמאָביל, אָבער די פּאַסאַזשירן האָבן נישט געאיילט ארויסצוקומען — אַן ער און אַ זי, צונויפגענומען אין אַ לאַנגן קוש, צונויפגעפלאָכטן איינס אין אַנדערן.

באַלד האָט אַ געלעכטער ארויפגעראַקעטעט ארויף, איז אריין צו נאָרמאַנען, האָט דורכגענומען אים, פארקילט אין אים די בלוטן. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, אָנגעשטעלט די אויערן. ווען דער געלעכטער איז גלייך ווידער ארויפגעקומען, איז ער אויפ־געשפּרונגען און געלאָזן זיך צום פענסטער.

אַ שאָפער האָט געהאָלפן אַ הער אַרויסצוקריכן פון אויטאָ־מאָביל, אָבער אין מיטן טראָטואַר איז געשטאַנען סילוויאַ, שיכּור געשאָקלט זיך, נישט דערוועגט זיך ווייטער צו גיין און געלאַכט, געלאַכט.

נאָרמאַן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער זייט פון פענסטער, אַרויסגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט, ווי עס וואָלט אים גע־שווינדלט, און זיינע אויגן האָבן געקוקט אַראָפּ אויפן טראָטו־אַר, דערשראָקן, נשתּומם, ביז ווייטיק.

סילוויאַ האָט געמאַכט אַ טריט פאָראויס, אַ צי געטאָן זיך אויף צוריק, שיר געפאַלן און ווידער הויך אויפגעלאַכט.

„ווער זאָגט, אַז די ערד דרייט זיך נישט?" האָט זי געזאָגט מיט שיכּורע איבערראַשונגען. „אויב די פונדאַמענטאַליסטן זאָגן עס, זיינען זיי פאַרדאַמטע ליגנערס!"

דער הער הינטער איר, שטאַרק שכּור, האָט זיך געהאַלטן אָן דעם שאָפער, געשאָקלט צו אים מיטן פינגער און געטענהט:

„ווער עס זאָגט, אַז מיר האָבן פּראָהיביבישן, דער איז אַ פאַר־דאַמטער ליגנער. אָט, איך האָב געדאַרפט זיין דער טרוקנסטער פון די טרוקנסטע, איך קעפּטן שערוואָוד פּוירקינס, אַ זייל פון דער ניו־יאָרקער געזעלשאַפט, און אָט בין איך גאָר נאַס, זייער נאַס."

„נאַסער פאַר אַ נאַסער הון," האָט סילוויאַ געלאַכט.

קעפּטן פּוירקינס האָט אָפּגעלאָזט דעם שאָפער און מיט שנעלע שיכּורע טריט אָנגעיאָגט סילוויאַן, ווי ער וואָלט איר נאָכגע־לאָפן, גענומען זי אונטערן אָרעם און צוגעפירט צו דער טיר. סיל־וויאַ האָט אָנגעקלונגען.

„אַ גוטע נאַכט, קעפּטן, זייל פון דער ניו - יאָרקער געזעל־שאַפט!"

זי האָט אויסגעצויגן צו אים האַנט און ליפּן.

„וואָס הייסט אַ גוטע נאַכט?" האָט דער קעפּטן געזאָגט. „איך גיי מיט דיר אַרויף."

„ניין," האָט סילוויאַ אָפּגעענטפערט, און איז, דאַכט זיך, ניכטער געוואָרן. „דו וועסט נישט גיין צו מיר אַרויף. וועסט זיך אַריינזעצן אין אויטאָמאָביל און אַוועקפאָרן צו דיין ווייב, וועלכע וואַרט געוויס אויף דיר מיט אַ וואַלגער־האָלץ."

,,ווילסט דאָך נישט, איך זאָל קריגן מיטן וואָלגער־האָלץ,"
האָט פֿוירקינס אָפּגעענטפֿערט. ,,איך גיי מיט דיר אַרויף. דו האָסט דאָך אַ באַזונדער שלאָף־צימער — האָסטו נישט?"

,,ניין, קעפּטן פֿוירקינס, ערנסט, דו וועסט פֿאָרן אַהיים."

,,אָך, וואָס ,,קעפּטן פֿוירקינס"! שערוואָוד בין איך דיר, און שלאָף היינט מיט דיר ביי דיר אין בעט!"

,,ניין, דאָס וועט נישט געשען!", האָט סילוויאַ געזאָגט, שוין גאַנץ ניכטער.

פֿון אינעווייניק האָט סילוויאַס צאָפֿע אויפֿגעמאַכט די טיר. קעפּטן פֿוירקינס האָט אַריינגעשטעלט אַ פֿוס, אָבער סילוויאַ האָט אים אַ שטופּ געטאָן אויף צוריק, אַריין שנעל אין הויז, און די דינסט האָט געשווינד צוגעמאַכט די טיר.

קעפּטן פֿוירקינס איז שיער נישט אומגעפֿאַלן, האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן אויף די פֿיס, איז צוגעגאַנגען צוריק צו דער טיר און האָט אָנגעהויבן צו קלינגען.

נאָרמאַן האָט פֿון זיין אָרט ביים פֿענסטער נישט אַלץ געזאָגט זען און הערן. ער האָט געדאַרפֿט אַרויסבויגן זיך פֿון פֿענסטער, אָבער דאָס איז אים נישט איינגעפֿאַלן צו טאָן. ער איז געשטאַנען אַ פֿאַרחלשטער, געביסן די ציין, געדריקט די פֿויסטן, געשעמט זיך מיט רויטער בושה, און אין קאָפּ האָט אים געברענט. ווען קעפּטן פֿוירקינס איז אָפּגעשטופּט געוואָרן פֿון דער טיר און שיער נישט אומגעפֿאַלן, האָט נאָרמאַן בעסער פֿאַרשטאַנען, וואָס אונטן איז פֿאָרגעקומען. עס האָט אויפֿגעקאָכט אין אים. פֿאַרוואָס האָט ער איצט ביי זיך קיין רעוואָלווער נישט? ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער פֿינסטערניש פֿון זיין צימער, געזוכט, וואָס אַ וואָרף צו טאָן. אַ גלאָז האָט אַ פֿינקל געטאָן צו אים, ער האָט עס גענומען, העכער אויפֿגעעפֿנט דאָס פֿענסטער און אַרויסגעבויגן זיך.

,,דו נייסט אַוועק, דו שמוציקער הונט, אָדער איך פּלעט דיר דעם קאָפּ!" האָט ער ווילד אַרויסגעשיפּעט.

פֿוירקינס האָט עס נישט געהערט און געהאַלטן אין איין קלינגען. אָבער דער שאָפֿער האָט באַמערקט די פֿון פֿענסטער אַרויסגעבויגענע מענער־געשטאַלט, דערהערט אויך די דראָאונג,

איז צוגעלאָפן צו פּוירקינסן און אוועקגעריסן אים פון דער טיר.

„איר מאַן!” האָט ער אים אַריינגעשעפּטשעט און געוויזן אויפן פענסטער.

„איר מאַן!” האָט פּוירקינס געזאָגט און געריסן זיך פון שאָפער: „אָל־רייט! זאָל זיין איר מאַן. זאָל ער אַרויסקומען, וועלן מיר אויסקעמפן אַ דועל...”

אַ גלאָז איז געפאַלן פאַר זיינע פיס און מיט אַ קראַך צובראָכן זיך אויף שטיקלעך. פּוירקינס איז שטיל געוואָרן, פאַרוואונדערט אומגעקוקט זיך אַרום זיך און געלאָזן זיך פון שאָפער אָפּגעפירט און אַריינגעשטופּט ווערן אין דעם אויטאָמאָביל. איידער דער שאָ־פער האָט נאָך פאַרנומען זיין פּלאַץ ביים ראַד, האָט אַ שווערע „פּרעספּאַפּיע” אַראָפּגעקראַכט אויפן דאַך פון אויטאָמאָביל.

.2

אַ פּאָר מינוטן פאַר אַכט האָט זיך סילוויאַ אויפגעכאַפּט, ווי עמיצער וואָלט זי אויפגעוועקט. זי האָט אַביסל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט זיך און צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ. באַלד האָט זי אַרויסגעשטעקט די האַנט פון אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע אין דער קאַלטער לופט פון צימער, גענו־מען דאָס געלענק־זייגערל פון דעם בעט־טישל, אַ קוק געטאָן און אויפגעלאַכט: אויפגעכאַפּט זיך, ווי אַרויסצובאַגלייטן איר מאַן. פּונקט אַכט וועט ער אַרויס פון זיין שלאָפצימער, וואָס אויף דער אַנדער זייט וואַנט, וועט אַראָפּ אין עס־צימער, און פּונקט האַלב ניין וועט ער שוין זיין אין דרויסן פאַרן אויטאָמאָביל אויפן וועג צו זיינע צענדליקער געשעפטן. אַלץ פּונקט צו דער מינוט. ווען ער גייט אַראָפּ אין עסצימער, וועט ער שוין קיינמאָל נישט אַרויפ־קומען צוריק, ווייל ער האָט נאָך קיינמאָל גאָרנישט נישט פאַרגעסן. ער איז געוועזן די פּינקטלעכקייט אַליין און אַלע זיינע באַ־וועגונגען זיינען געוועזן אויסגערעכנט און איבערגעציילט. פון זיין אַרויסקריכן פון בעט ביז זיין אַרויסגיין פון צימער אָן אָנגע־טאָנענער האָט פאַרנומען אַזויפיל און אַזויפיל צייט דורך דער מאַניפּולאַציע פון אַזויפיל און אַזויפיל באַוועגונגען, ווען ער

וואָלט עפּעס פאַרגעסן, וואָלט ער גלייך באַמערקט, אַז עפּעס שטימט נישט אין צייט און אין באַוועגונג. ווען די גאַס־טיר ווערט צוגעמאַכט הינטער אים, וועט ער שוין נישט צוריקקומען ביז פאַרנאַכט.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן איר טאָג. די צוויי טעלעפאָנען אויף איר בעט־טישל האָבן שוין געוואַרט אויף איר. אויב זי וועט נישט אויפנעמען איינעם פון זיי, וועלן זיי זיך אַליין צוקלינגען. זי וואָלט עס געקאָנט אויך פריער טאָן, ווען מאָרי איז נאָך געווען אונטן אין עסצימער, אָדער אַפילו אויבן אין זיין שלאָף־צימער. קיינמאָל האָט ער נישט אויפגעעפנט איר טיר. ער איז אַוועק אָן אַ „גוט מאָרגן", ווי ער איז געגאַנגען שלאָפן אָן איר „גוטע נאַכט". אָבער פונדעסטוועגן האָט זי קיינמאָל נישט אויפגעהויבן איר טעלעפאָן, ביז דער זייגער האָט באַוויזן האַלב ניין, און אונטן ביים טראָטואַר איז צוגעקלאַפּט געוואָרן אַן אויטאָמאָביל־טיר, און אַלע אירע פריינט האָבן געוואוסט, אַז פאַר האַלב ניין דאַרף מען צו איר נישט טעלעפאָנירן. אַזוי האָט זי געפילט און אַזוי האָט זי זיך געפירט: גאָרנישט זאָל געטאָן און גערעדט ווערן, ווען מאָרי איז אין דער היים.

אין צימער איז געשטאַנען דער שווערער גערוך פון איר שכרות, כאָטש די צוויי פענסטער זיינען געווען ווייט אָפן און פון דרויסן האָט אַריינגעשטראָמט די פרישע לופט פון אַ קאַלטן פעברואַר ־ טאָג. סילוויאַ האָט אָנגעקלונגען און באַלד איז אַריינגעקומען איר צאָפע.

„זייט אַזוי גוט," האָט זי געזאָגט צו דער אַריינגעקומענער, „און באַשפּריצט מיך און דאָס צימער מיט פאַרפיום."

ווען די צאָפע האָט דאָס געטאָן, האָט זי זי געפרעגט:

„ווי איז געווען מיסטער עדאָן היינט אין דער פרי?"

„ווי געוויינלעך," האָט די צאָפע געענטפערט.

„נישט געווען צו מערקן, אַז ער האָט וואָס געזען אָדער געהערט?"

„גאָרנישט. דאָס זעלביקע אומפריינטלעכע געזיכט..."

„און נאָרמאַן?"

„ער האָט זיך נאָך נישט באַוויזן."

ווען די צאַפּע איז אַרויס, האָט סילוויאַ אַראָפּגענומען איין טעלעפאָן פון טישל, אוועקגעשטעלט אים ביי זיך אויף דער ברוסט און פאַרטראַכט זיך. וועמען אייגנטלעך האָט זי געוואָלט אָנ־רופן? נאַטירלעך וואָלט זי געוואָלט אָנרופן פּוירקינסן און אויסגע־פינען, ווי ער איז אָנגעקומען אַהיים. אָבער זי קאָן צו אים אַהיים נישט טעלעפאָנירן. ער איז זיכער, אַז ביי אים אין דער היים הערן אַלע ווענט. וואָס אים האָט זיך נעכטן געוואָלט, דעם זיסן חזירל! האַ־האַ! האָפנטלעך האָט ער נישט געמאַכט נעכטן קיין באַקאַנט־שאַפט מיט אַ וואַלגער־האָלץ, דער אָרימינקער?...

זי האָט געטראַכט פון קעפּטן שערוואוד פּוירקינס מיט ליבשאַפט. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען אַ הויכער, קרעפטי־קער און שיינער מאַן מיט מיליטערישער האַלטונג, איז ער פאַר איר געווען די גרעסטע דערגרייכונג. דער מיליאָנער קעפּטן שער־וואוד פּוירקינס האָט זי אַריינגעפירט אין דער הויכער קריסטלע־כער געזעלשאַפט פון ניו־יאָרק. פּאַרקניפּונגען האָט זי שוין גע־האַט פון פריער — דורך דער קינסטלער־וועלט, וואו זי האָט זיך אויך צוזאַמענגעטראָפן מיט פּוירקינסן. אָבער עס איז נישט גע־קומען צו נענטערע איינלאַדונגען און צו גלייכגעשטעלטקייט. קעפּ־טען פּוירקינס האָט עס פאַר איר דורכגעזעצט. פון איצט אָן האָט מען איר גוט־קלינגענדיקן נאָמען, סילוויאַ עדאָן, אָפט געקאָנט זען אין די געזעלשאַפט־באַריכטן אין די פירנדיקע ניו־יאָרקער צייטונגען. זי האָט ווייט איבערגעיאָגט גאָר אַ סך פון די יידיש־קעס, צו וועלכע זי האָט אַמאָל אַרויפגעשטרעבט. איז וואָס קאָן זיין זיסער? איר דאַנקבאַרקייט צו פּוירקינסן האָט נישט געהאַט קיין שיעור.

דער טעלעפאָן אין איר האַנט האָט זיך נישט דערוואַרט אויף איר און האָט זיך אַליין צוקלונגען.

מאַרגאַרעט איז עס געווען ביים טעלעפאָן, מאַרגאַרעט גוירט־לינג, אַ פריינדין פון דער הויכער געזעלשאַפט, אַ פרוי פון אַ זייער רייכן בערזיאַנער. זי איז זייער אָנגעהאַנגען אָן סילוויאַן, ווייל זי האָט זי אַריינגעפירט אין דעם שווישפּילער־קרייז, און האָט ליב געהאַט אויסצוהערן סילוויאַס טאָג־באַריכטן, ווייל זי אַליין האָט נישט געהאַט דעם מוט צו לעבן אַזוי ווי סילוויאַ. סילוויאַ האָט

זי געהאַלטן פאַר אַזוי לאַנגווייליק ווי איר שוועגערין דאָראַ, אָבער דאָך ליב געהאַט צו פאַרקערן מיט איר, ווייל זי האָט ליב געהאַט צו פּאַטראָניזירן. נאָר וואָלט זי היינט אינדערפרי געווים נישט אָנגערופן: מאַרגאַרעט איז נישט געווען פון אירע גאַנץ אָנפאַר־טרויטע.

,,וואו ביזטו געווען נעכטן אין אָוונט?'' האָט מאַרגאַרעט געפרעגט די פראַגע, וועלכע סילוויאַ האָט שוין דערוואַרט. זי האָט געמאַכט אַ פאַרגניגלעך געזיכט, אין דעם געפיל, אַז ביי איר פריינ־דין וועט באַלד דער אָטעם פאַרכאַפּן.

,,איך בין געווען איינגעלאַדן צו דינער ביי די קאַרסאָנס...''

,,קאַרסאָנס?!'' האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מאַרגאַרעט מיט התפעלות — קאַרסאָנס זיינען פון די גאָר־גאָר ,,הויכע פענסטער'' אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט פון ניו־יאָרק.

,,דאָרט זיינען געווען...'' סילוויאַ האָט אָנגערופן נעמען, פון וועלכע ביי מאַרגאַרעטן איז ווירקלעך דער אָטעם שטיין געבליבן. און סילוויאַ האָט ווייטער באַריכטעט:

,,מיין זיסעסטער, שטאַרקסטער מאַן, וועלכן איך האָב ווען עס איז געקענט, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען מיין טיש־שכן. עס איז שוין געווען איינמאָל אַן עסן!... הערנאָך זיינען מיר אַוועק אין דער נייער ,,ספּיק־איזי'', עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. איך האָב שוין לאַנג אַזוי פיל נישט געטאַנצט און געטרונקען. מיין זיסעסטער, שטאַרקסטער מאַן האָט זיך אַביסל ווילד באַנומען... אַז איך בין אַ לעבעדיקע אַרויס פון זיינע הענט, איז אַ וואונדער... אָ, איך ליב אים אַזוי טייערדיק!... וואָס מיר האָבן צולאַכט... ווייסט, לאַורא איז זיך שוין פונאַנדערגעגאַנגען מיט איר דיכטער!''

,,יאָ?''

,,יאָ. און וואָס האָסטו עפּעס צו דערציילן, שיינע מיינע? ווי שטייט עס עפּעס מיט דעם איטאַליענער, וועלכן איך האָב דיר פאָר־געשטעלט?''

,,דו ווייסט דאָך,'' האָט מאַרגאַרעט פאַרלעגן געענטפערט, ,,ער איז אַביסל צו העזהדיק פאַר מיין געשמאַק.''

סילוויאַ האָט באַוויזן דעם טעלעפאָן אַ שפּיץ צונג און אַ קרים געטאָן מיט דער נאָז:

,,ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך מיט אים טרעפן היינט נאָכמיטיק אויף אַ קאָקטעיל. דער חכם! איך האָב אים געזאָגט, אַז ער קאָן קומען צו מיר, ווען מיין מאַן איז אין דער היים און וועט קריגן, וויפיל קאָקטעילס זיין האַרץ גלוסט...''

,,אָ, פון דיר וועט שוין גאָרנישט ווערן,'' האָט סילוויאַ אָפּ־געקרעכצט.

,,איך לעב נאָר מיט דיינע דערלעבענישן,'' האָט מאַרגאַרעט געלאַכט און געפילט דערביי אַן אומעט אין איר האַרץ. ,,וואו וועס־טו זיין היינט אין אָוונט?''

,,אויב עס וועט זיך נישט מאַכן עפּעס אַ שטערונג, האָף איך היינט אין אָוונט צוזאַמענצוטרעפן זיך מיט אַ פּאָר פאַרביקע פּאַ־עטן,'' האָט סילוויאַ געזאָגט און צוגעגעבן:

,,עס וועט זיין זייער אינטערעסאַנט. מען זאָגט, אַז זיי זיינען זייער ה י י ם.''

מאַרגאַרעט האָט איר שטאַרק מקנא געווען און אויפגעזיפצט. ווען זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן, האָט זיך צוקלונגען סיל־וויאַס צווייטער טעלעפאָן.

בעם איז עס געווען. טאָקע די פריינדין, וועלכע סילוויאַ האָט געוואָלט אָפּרופן. בעס מערידיטה, די שיינע פרוי פון אַ שטיין־רייכן באַנק־פּרעזידענט, וועלכע איז געוואָרן פון סילוויאַס נאָנט־סטע. נעכטן האָבן זיי זיך נישט געזען און געמוזט זיך איצטער אָפּגעבן דין־וחשבון, ווי זיי האָבן פאַרבראַכט דעם טאָג. זיי האָבן כמעט גלייכצייטיק געערדט און כמעט איינס און דאָס זעלביקע איבערגעגעבן: די פּראָגראַם פון טאָג איז ביי זיי ביידן געווען אַ גלייכע. אויפגעשטאַנען אין דער פרי נאָך אַ רוישיקן אָוונט פון טאַנץ און טרינקען און קאָרטן, און אויסגעטיילט עטלעכע הויז־באַפעלן צו דער קעכין און די דינסטן, און דערנאָך איז סילוויאַ אַוועק אין אַ שיינהייטס־סאַלאָן צו געבן אירע האָר דעם ,,אייביקן געקרייזל'' לכּבוד דעם אָוונט ביי די קאַרסאָנס, און בעס איז אַוועק צו איר מאָדיסטין. איר מיטיק האָט סילוויאַ געגעסן מיט אַ באַ־גלייטער ביי ריטץ, און בעס מיט אַ באַגלייטער ביי מייאַרדס. פון מיטיק איז סילוויאַ אַוועק צו אַ בילדער־אויסשטעלונג — דער מאַ־

לער איז אַ טייערער פריינט, אַ ליבער מענטש — און בעס איז אַוועק אין אַ „מואַווי״.

אַ לאַנגער געשפּרעך, און מאַרגאַרעט איז אַלץ געהאַנגען אויפן ערשטן דראַט, שטאַרק פּאַראינטערעסירט, ווייל זי האָט געהערט יעדעס וואָרט, וואָס סילוויאַ האָט געזאָגט, און מיט גרויסער גליקזעליקייט, ווייל בעס מערידיטה האָט געהערט צו דער הויכער קריסטלעכער געזעלשאַפט, וועלכע איז געוועזן פאַרמאַכט פאַר איר. אָבער בעס האָט געפרעגט, צי סילוויאַ האָט עפּעס „שמוץ״, און סילוויאַ האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט געוואָלט דערציילן בעסן וועגן איר קומען אַהיים, און מאַרגאַרעט דאַרף עס נישט הערן. האָט זי געהייסן בעסן וואַרטן אַ מאָמענט און זיך געווענדט צו מאַרגאַרעטס טעלעפאָן.

„וועסט מיר אַנטשולדיקן, טייערע, איך וועל דיך אָפּרופן שפּעטער.״

מאַרגאַרעט האָט אַן אַנטוישטע אויפגעהאַנגען דעם הערער. זי האָט געוואוסט, אַז איצטער וועט סילוויאַ דערציילן עפּעס זייער פּיקאַנטעס, און זי האָט דאָך דערלעבט די אַלע פּיקאַנטע זאַכן נאָר אין די דערציילונגען פון איר פריינדין. אָ, די קאַץ! עס האָט זיך אין איר אַ באַוועג געטאָן עפּעס יידישס. זי האָט עס אָנגענומען פאַר אַ באַליידיקונג, וואָס די גויע האָט זוכה געווען צו גרעסערער נאָענטקייט מיט סילוויאַן. זי האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט באַרויקן, די אָרעמינקע!...

סילוויאַ האָט דערציילט בעסן וועגן איר אָנקום אַהיים, און ווי פּוירקינס האָט זיך געריסן אין שטוב.

„פאַרוואָס האָסטו אים נישט אַריינגענומען?״ האָט בעס געפרעגט.

סילוויאַ האָט שיר נישט אויפגעשריען אין מאָראַלישן פּראָטעסט, אָבער זי האָט זיך פאַרכאַפּט. זי האָט נישט געוואָלט צוגעבן, אַז בעס קאָן גיין ווייטער פאַר איר.

„דו וואָלסט אים אויך נישט אַריינגענומען,״ האָט זי געזאָגט.

„פאַרוואָס נישט?״

„דאָס זאָגסטו בלויז אַזוי.״

„דו ביזט נאריש.״

„ער איז געווען שכּור און וואָלט אָנגעמאַכט אַ גערויש. איך האָב אַזוי אויך מורא, אַז מיין מאַן און מיין יינגל האָבן געהערט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אונטן פאַר דער טיר.״

„וועלן זיי דאָך זיין העכסט צופרידן, וואָס דו ביזט געווען אַזוי מאָראַליש.״

סילוויאַ האָט פאַרדראָסן, וואָס בעם רעדט צו איר מיט אַן איבערלעגטענעם טאָן, און עס איז געווען פאַר איר אַ באַפרייאונג, ווען דער ערשטער טעלעפאָן האָט זיך צוקלונגען. זי האָט זיך גלייך אַנטשולדיקט פאַר בעמען — זי וועט שפּעטער אויפרופן — און אויפגענומען דעם נייעם געשפּרעך.

דאָס איז געווען פוירקינס אַליין.

„לעבסטו נאָך?״ האָט ער געפרעגט: „ביזטו גוט צושלאָגן? ביזטו שוין אָפּגעגט?״

„וואָס איז?״ האָט זי איבערגעפרעגט. „איז מיט דיר וואָס געשען?״

„שיר,״ האָט ער געענטפערט און דערציילט פון אַ גלאָז, וואָס איז צושמעטערט געוואָרן פאַר זיינע פיס, און פון אַ שווע־רער זאַך, וואָס איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אויפן אויטאָמאָביל — ווען דאָס טרעפט אים, וואָלט ער מסתמא איצטער עס איר נישט געקאָנט דערציילן.

סילוויאַ האָט נערוועז אויפגעלאַכט און אויפגערעגט אויס־געפרעגט: ווער האָט געוואָרפן? פון וועלכן פענסטער?

פוירקינס האָט איר נישט געקאָנט געבן קיין גענויען ענט־פער. ער האָט קיינעם נישט געזען, אָבער דער שאָפער האָט אים צוגערופן: „איר מאַן!״

סילוויאַ האָט ווידער נערוועז און פאַרלעגן אויפגעלאַכט.

„הם, מיין מאַן!״

אַ מערקווירדיקער מאַן. אָט איז ער געווען אַזוי אויפגע־בראַכט, אַז ער האָט געוואָרפן מיט זאַכן, אָבער זי האָט ער געלאָזט צורו. ווען זי איז אַרויפגעקומען אַרויף, האָט ער נישט אַרויסגע־קוקט פון זיין טיר, און אין זיין שלאָפצימער איז געווען שטיל און רואיק, נישט די קלענסטע באַוועגונג, נישט קיין איינציקער טאָן

די צאָפּע, אויסטועענדיק זי, האָט זיך אַ פּאָר מאָל צוגעהערט צו זיין וואָנט און גאָרנישט אַרויסגעהערט. און היינט אין דער פֿרי האָט די צאָפּע גאָרנישט געמערקט אויף זיין געזיכט.

„איז ער נישט מערקווירדיק?“ האָט זי געפֿרעגט. „אָבער ער הייבט מיר שוין אָן צו גיין אויף די נערוון. איך מוז אָנהויבן מורא צו האָבן פֿאַר אים. עפּעס וועט געשען. פּלוצלונג, אומדערוואַרטעט...“

„מיט מיין ווייב איז עס שוין געשען,“ האָט פֿוירקינס אַרויסגעקרעכצט. „זי האָט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעווײנט און אין דער פֿרי טעלעפֿאָנירט איר פֿאָטער, דערציילט אים, אַז איך בין פֿאַרטאָג געקומען טויט־שיכּור נאָך אַ נאַכט מיט דער ייִדישקע סילוויאַ עדאָן.“

„ווי שרעקלעך!“ האָט סילוויאַ שפּאָטיש אויסגערופֿן.

„יאָ, זייער שרעקלעך!“ האָט פֿוירקינס פֿאַרדראָסיק דערוויידערט. „דאָס מיינט, אַז איך וועל זי דאַרפֿן איבערבעטן און מאַכן מיט איר די לאַנגע רייזע, וועלכע איך האָב איר שוין לאַנג פֿאַרשפּראָכן.“

זיין אָנזאָג האָט געמאַכט אויף סילוויאַן אַ קנאַפּן איינדרוק. ווי געוויינלעך, איז זי נישט געווען פֿאַרליבט, און אויפֿגעהערט איז אויפֿגעהערט. דערצו איז זי איצטער געווען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין דעם, וואָס איר מאַן וועט טאָן. ווי וועט ער זיך באַנעמען היינט אין אָוונט? ווי וועט זי זיך דאַרפֿן באַנעמען?

„אָ, איך וואָלט אויך געוואָלט אַוועקפֿאָרן אויף אַ לאַנגער רייזע!“ האָט זי אויסגערופֿן.

דער געשפּרעך איז געווען צושיידונג. ער וועט זיך איבערבעטן מיט זיין ווייב און נישט איינשטעלן צו טרעפֿן זיך מיט סילוויאַן. זיין ווייב, און דער עיקר איר פֿאָטער וועט געווים אָנשטעלן שאָטנס הינטער אים.

„דו ביזט נערעכט,“ האָט סילוויאַ קאַלטבלוטיק געזאָגט.

ווען זי האָט אויפֿגעהאַנגען דעם הערער, איז זי צוגעגאַנגען צום פֿענסטער — געוואָלט אויסגעפֿינען די שווערע זאַך, וועלכע וואָלט אפֿשר דערהרגעט דעם קעפּטן. זי האָט אָבער גאָרנישט געזען אין גאַס. די גאַס איז געווען ריין אויסגעקערט, אויך די שטיקלעך גלאָז אויפֿן טראָטואַר זיינען נישט געווען צו זען. אויף אַ מאָ־

מענט האָט זי אַ טראַכט געטאָן ארונטערצושיקן איר צאָפּע אין גאַס און געניוערט אַ זוך טאָן, אָבער זי האָט זיך געכאַפּט, אַז גלייכער איז נישט אַנצופּאַרטרויען איר צופּיל פון דעם פאַמיליען־סקאַנדאַל. דערפאַר אויך האָט זי נישט געלאָזן אונטערזוכן, וואָס פאַר אַ שוואַרצע זאַך פעלט אין איר מאַנס שלאָפצימער.

יענער טאָג איז געווען איינער פון אירע שווערסטע טעג. געלעגן זייער שפּעט אין בעט, אין ערגעץ נישט געגאַנגען, געהאַסט צו טראַכטן, אַז ביים מיטיק־טיש וועט זי זיך אַנטרעפן מיט נאָר־מאַנען, וועלכער איז היינט פּלוצלונג נישט געגאַנגען אין קאָלעדזש, און מיט זעלבסטפאַרייניקונג געטראַכט פון דעם מאָמענט, ווען מאָרי וועט קומען אַהיים.

זי האָט געוואָלט וויסן, פאַרוואָס נאָרמאַן איז היינט נישט געגאַנגען אין קאָלעדזש, אָבער קיינער האָט דאָס איר נישט געקאָנט דערקלערן, און זי האָט עפּעס מורא געהאַט צו פרעגן אים אַליין. זי האָט דערלייכטערט אויפגעאָטעמט, ווען קורץ פאַר מיטיק איז נאָרמאַן אַוועקגעגאַנגען. זי האָט שוין געוואָלט אָנזאָגן, אַז זי וועט נישט קומען צום טיש. דער זון וואָלט נישט אַריינגעקומען געוואָר ווערן, ער, ווי דער טאַטע. דער טאַטע!

היינט וועט געווים עפּעס געשען, פּיליכט — דער סוף. ווען מאָרי האָט געקאָנט פאַרלירן זיין גלייכגילטיקייט, וואָרפן אַ גלאָז און נאָך עפּעס, וועט היינט עפּעס געווים געשען.

מיט דריקנדיקן האַרץ איז זי געשטאַנען פאַרן שפּיגל. זי איז געווען איבער פערציק, אָבער זי איז געבליבן שטיין ערגעץ־וואו אין די דרייסיקער און האָט זיך מער נישט גערירט פון אָרט. זי איז געווען איינע פון די ערשטע אויף אָנצוטאָן אַ קורץ קלייד, ווייל זי האָט איינגעזען, אַז אין אַ קורצן קלייד וועט זי זיך קאָנען פאַרקירצן די יאָרן כאָטש אויף אַ יאָר, און גאָר פון די סאַמע ערשטע אויף אָפּצושניידן זיך די לאַנגע טונקל־בלאָנדע האָר מעשה יינגל, ווייל דעמאָלט האָט זי זיך געקאָנט אָפּשניידן עטלעכע יאָר אויף אַמאָל. אפילו היינט אין אַ שווערן טראַכט־טאָג נאָך אַ שווערער טרינק־נאַכט האָט איר דער שפּיגל געגעבן נישט מער ווי עטלעכע און דרייסיק — אַפילו אויף דער יינגערער זייט פון פינף און דרייסיק...

זי האָט געוואוסט, ווי צו האַלטן זיך יונג. איר מאַנס רייכ־טום האָט איר אויך געגעבן די גרעסטע מעגלעכקייט צו האַלטן זיך יונג. און היינט זאָל עס אויפהערן. ווער ווייס, וואָס מאַרי האָט דאָרטן אָפּגעטראַכט!

עס האָט געקאָכט אין איר. ער האָט קיין רעכט נישט אויף דאָס, וואָס ער האָט דאָרטן אָפּגעטראַכט! ער האָט זי געטריבן אין די אָרעמס פון פרעמדע מענער, ווייל ער האָט פאַר איר קיין אָרעמס נישט געהאַט פאַר די אַלע יאָרן פון זייער צוזאַמענלעבן. צוזאַמענ־לעבן! הם!... ער האָט פאַר איר קיין אויגן נישט געהאַט און נישט דאָס קלענסטע געפיל. אין געשעפט פלעגט ער אַוועקטראָגן זיין פרישקייט און קראַפט. איר פלעגט ער ברענגען זיין מידקייט און אָפּגעלאָזנקייט. האָט ער קיין רעכט נישט! —

און זי איז געווען אויפגעבראַכט, וואָס דערווייל וועט זי זיך היינט אין אָוונט נישט צונויפטרעפן מיט די פאַרביקע דיכטער, וועלכע, מען זאָגט, זיינען זייער היים.

ווי דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז עס וועט זיך מאַכן עפּעס אַ שטערונג!

.3

מאַרי האָט די נאַכט פעסט געשלאָפן און האָט גאָרנישט גע־הערט, וואָס עס איז פאָרגעקומען פאַר זיין טיר. אָבער דער טאָג האָט אים צוגעבראַכט, וואָס דער שלאָף האָט פון אים באַהאַלטן.

אין זיין ביוראָ האָט געהערשט דער אָנזאָג: אַנאָנימע בריוו צורייסן, נישט איבערלייענענדיק. בריוו וועגן זיין ווייב אים נישט צו באַריכטן. אין טעלעפאָן פאַרבינדן אים נאָר מיט מענטשן, וואָס זיין סעקרעטאַרין ווייס, אַז זיי וועלן רעדן וועגן געשעפט.

אין יענעם טאָג האָט די סעקרעטאַרין געמאַכט אַ טעות. אַ טעלעפאָן איז געקומען פון אַ באַקאַנטן גרויסן פינאַנסיסט, און זי האָט אים פאַרבונדן מיט מיסטער עדאָן. דער טעלעפאָן איז גע־ווען פון דעם פאָטער פון פרוי פּוירקינס.

ווען מאַרי האָט אַרויסגעפונען, אום וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער געזאָגט, אַז עס טוט אים זייער לייד, אָבער זיין סעקרע־

טארין האָט אַ טעות געהאַט אין דעם צוועק פון דעם טעלעפאָן. ער האָט אויפגעהאַנגען דעם הערער און אָנגעדריקט אַן עלעקטרישן קנאָפּ. ווען די סעקרעטארין האָט זיך באַוויזן, האָט ער איר קורץ אָנגעזאָגט, אַז זי איז אָפּגעזאָגט. דערנאָך איז ער אַ ווײַלע געזעסן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, קאָכעדיקן בלוט און פֿעסדיקע געדאַנקען. זי טרייבט עס שוין צופֿיל, זיין ווייב. דאָס מוז נעמען אַ סוף! דאָס מוז אויפהערן! עטלעכע מאָל איבערגעטראַכט עס, צוגעקלאַפּט מיט דער פויסט אָן שרייב־טיש, און געכאַפּט זיך, אַז די דאָזיקע געדאַנקען געהערן נישט אַהער, אין זיין ביוראָ. דאָ איז דער קדשי־קדשים פון געשעפט, די היים טאָר אַהער נישט אַריינטרעטן. ער האָט זיך גענומען ראַנגלען מיט דעם איינדרוק, וועלכן דער פֿאַר־בלאָנדזשעטער טעלעפאָן האָט אויף אים געמאַכט, טרייבן פון זיך די געדאַנקען, וועלכע ער האָט אויף אים אָנגעטראָגן. עטלעכע נייע טעלעפאָנען, אַ פּאָר געשעפטס־באַשפּרעכונגען מיט אָנגע־שטעלטע האָבן אים געהאָלפן אין דעם געראַנגל. באַלד האָט ער אַרויסגעשטופּט דאָס פּרעמדע, דאָס פֿאַרבלאָנדזשעטע, באַלד איז ער ווידער געווען גאַנץ געשעפט.

מיט זיינע טיפע אויגן אָנגעשטעלט אין דער ווייט, די ציין צונויפגעביסן, יעדער נערוו אָנגעשטרענגט, האָט ער געזען זיינע זעאונגען, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווען פּוסטע חלו־מות, וועלכע זיינען שטענדיק געווען דערגרייכונגען. זעאונגען נאָך זעאונגען. ציין און וואָל און זייד און אויטאָמאָבילן און באַנקען און גאַנצע קווארטאַלן אין פֿאַרשיידענע טיילן פון ניו־יאָרק און די שטאָלצסטע וואָלקנקראַצער — דאָס איז געווען זיין נייעסטע דערגרייכונג. ער וועט זיך אין זיינע זעאונגען נישט לאָזן שטערן דורך סיקווייאָן.

נאָר אין זיין אויטאָמאָביל אויפן וועג אַהיים איז ער ווי־דער געזעסן מיט קאָכעדיקן בלוט און פֿעסדיקע געדאַנקען. עס מוז נעמען אַ סוף! ער האָט זיך עס געחזרט — און קיין סוף דאָך נישט געזען. דער געניאַלער געשעפטס־מאַן איז געווען אינגאַנצן פֿאַר־לאָרן, האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין עצה. גטן זיך... גטן זיך... פונאַנדערגיין זיך... אַזוי טוט מען געוויינלעך... אָבער ער איז אַנ־דערש... ער האָט נאָך קיין געשעפט נישט אָפּגעלאָזן. וואָס ער האָט

איינמאָל פאַרבויידן, האָלט ער געבונדן. אַזוי איז ער שוין. און אויסערדעם: ער האָט געוואָלט איר טאַטנס געשעפט, און דערפאַר געלאָזן זי פריי זיין. טאָר ער זיך נישט באַקלאָגן... אָבער אַזוי אָנגיין ווייטער... ניין... עס מוז נעמען אַ סוף! דאָס מוז אויפהערן!...

ווען ער האָט זיך גוט איינגעהזרט אין דעם, איז עס שוין געוואָרן דערגרייכונג. עס וועט נעמען אַ סוף. עס וועט אויפהערן. עס מאַכט נישט אויס, וואָס ער וועט טאָן. ער וועט זיינס דערגרייכן. ער האָט צוזאַמענגעדריקט די ציין, אָנגעשטעלט אַ פאַרגליווערטן בליק אין דרויסן אַריין, איבער דעם רוקן פון זיין שאָפער, נישט געזען גאָרנישט פון דעם געדראַנג אין די גאַסן און פאַרטריבן פון זיך דענקען און קלערן. עס איז געווען אַנטשלאָסנקייט אין אים. עס מוז אויפהערן! עס וועט אויפהערן!

ער, דער הערשער איבער טויזנטער אָנגעשטעלטע, פאַר וועלכע זיין וואָרט איז געזעץ, ער, וואָס האָט אויסגעמושטירט מענטשן, זיי זאָלן אָפּזען פון זיינע אויגן און אויספּירן זיין ווילן, איידער ער זאָגט נאָך אַרויס אַ וואָרט, ער וועט אויך אין זיין אייגענער היים זיין הערשער און באַפעלער. ווען ער האָט געוואָלט, האָט זי זיך געקאָנט דערלויבן פרייהייטן. איצט וויל ער נישט מער, וועלן אַלע די פרייהייטן אויפהערן. זיי — וועלן — אויפהערן! ער וועט זי לאָזן רופן צו זיך און אָנזאָגן איר שאַרף און שטרענג...

עפּעס האָט וואָס פאַרטשעפּעט אין זיין מאַרך, אויפגעעפנט אַ קעסטל, וואו עס זיינען געלעגן לאַנג־פאַרגעסענע זאַכן. עס האָט זיך אים דערמאָנט, אַז עמיצער אַנדערש האָט אַמאָל געשיקט זאָגן זיין ווייב, זי זאָל קומען צו אים. אַן איינדרוק פון עפּעס אַ געשעעניש האָט אים אויסגעפילט, עפּעס אַן אַלטע, אַלטע מעשה. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין מאַרך. אחשורוש!... אחשורוש דער מלך פון פּרס... ער האָט געשיקט רופן צו זיך ושתי זיין ווייב, און זי איז נישט געקומען, און ער האָט זי געמוזט אָפּטאָן פון זיך, און די יידישע לעגענדע רופט אים טיפּש...

די אונטעררעדונג מיט סילוויאַן איז אים פּלוצלונג אויסגעקומען אוממעגלעך שווער. די אומגעלומפּערטסטע אָנשיקעניש. ווער האָט זי געדאַרפט? ווער האָט זי געזוכט? זי געהערט נישט צו זיין פּראָגראַם!

ווען ער איז אריין אין שטוב, האָט ער נאָך אַלץ נישט גע־וואוסט, ווי ער זאָל אַראַנזשירן דאָס געשפּרעך מיט זיין ווייב. ווייל ער האָט געוואָלט באַטראַכטן, האָט ער נישט גענומען דעם עלע־ווייטאָר צום דריטן שטאָק, נאָר איז לאַנגזאַם געגאַנגען אויף די טרעפּ. אויפן צווייטן שטאָק, פאַר דער טיר פון דעם ביב־ליאָטעק־צימער, האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט סילוויאַן.

עפּעס האָט אויפגעקאָכט אין אים. ער האָט איצט געהאַסט סילוויאַן, ווייל ער האָט געהאַסט דאָס צימער, פאַר וועלכן זי איז געשטאַנען. געהאַסט עס, ווי סילוויאַ האָט עס געליבט, דאָס צי־מער, וואָס ער האָט זעלטן באַטראַכטן, אָבער געזען פאַר זיינע גייס־טיקע אויגן, ווען ער האָט געטראַכט פון סילוויאַ זיין ווייב. איין וואַנט איז דאָרטן געווען אויסגעשטעלט מיט ביכער — די וואַנט לינקס פון אריינגאַנג, פון דיל ביזן באַלקן אויסגעשטעלט מיט בי־כער אין איינבענד פון פאַרשיידענע פאַרבן—אַ פאַרבנרייכע מאָזאַ־איק. אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, רעכטס, איז געהאַנגען, פאַר־דעקנדיק כמעט די גאַנצע וואַנט, אַ גרויסער גאָבעלין, אין וועלכן עס איז געווען אריינגעוועבט אַ האַלבליגנדיקע נאַקעטע ווענוס, צו וועל־כער עס האָט זיך דערנענטערט אַ נאַקעטער קרעפּטיקער מאַרס, אונטערגעשטופּט פון אַ קליינעם, גנביש־שמייכלענדיקן אַמאָר. סילוויאַ האָט באַצאָלט פאַר אים אַן אייגנס מיט געלט. אָבער מאָרי איז בלויז אַ סעקונדע געשטאַנען פאַר אים, אַ קוק געטאָן, אַ טאַפּ געטאָן, אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס און איז גלייך אַרויס פון צימער, אַ שמייץ־טוענדיק מיט זיין בליק די אַנטיקע סאָפע, וועלכע איז געשטאַנען רעכטס אין מיטן צימער, אין קרומער ליניע, מיטן קאָפּ ביי דער הינטערוואַנט, וועלכע איז געווען באַצירט מיט אַן אויסגעצייכנטער קאָפּיע פון קאָרעדזשיאָס „יופּיטער און אַנ־טיאָפּאַ", און מיטן צופוסן אין דער ריכטונג פון דעם גאָבעלין, באַוואָרפן מיט קישעלעך און איבערגעדעקט מיט אַ ברוינלעך פּורפּורנער סאַמעט־דעק, ווי דער געלעגער אויף טיציאַנס ווענוס־בילד. די דאָזיקע סאָפע, וועלכע סילוויאַ האָט איינגעהאַנדלט אין איטאַליע, איז אין איר יוגנט, מיט אַ סך סך יאָרן צוריק, געשטאַ־נען אין דעם ביבליאָטעק־צימער פון אַ מאַרקיזע, וואו זי, די מאַרקיזע, פלעגט אויפנעמען אירע געליבטע, ווייל זי האָט גע־

וואָלט, אַז ווען זי ליגט אין זייערע אָרעמס, זאָלן פון די פילע בּיי־
כער אַרויסרוקן אויף איר די געליבּטע פון פאַרשיידענע צייטן און
פעלקער. ווער וויים, וואָס עס האָבּן געהאַט צו דערציילן די בּיי־
דע גרויסע און בּרייטע אַנטיק־שטולן פון רויטן פּליוש און בּראָ־
קאַט, וועלכע האָבּן אויסגעזען מיט זייערע הויכע ,וועגטלעך ווי
צוויי טראָנען בּיי בּיידע שמאָלע זייטן פון אַ זייער לאַנגן אַנטיק־
טיש, וואָס איז געווען בּאַדעקט מיט אַ פּרומען טישטוך פון אַן אַל־
טאַר פון אַן איטאַליענישער קירך. און ווער וויים, וואָס עס האָבּן
פאַרשטעלט און פאַרדעקט אויף זייער איבּער הונדערט־יעריקן
לעבּן די שווערע רויטע פּאָרטיערן, וועלכע זיינען אַמאָל געהאַנגען
איבּער דער טיר פון אַן אַנדער איטאַליענישער מאַרקיזע.

מאָרי האָט איצט אַ וואָרף געטאָן אַ שטעכעדיקן האַס־בּליק
אויף די פּאָרטיערן און גליך אַריבּערגעטראָגן אים נאָך שטעכע־
דיקער און שאַרפער אויף סילוויאָן, וועלכע איז געשטאַנען פאַר
זיי פול דערוואַרטונג, אָבּער גאַנץ געפּאַסט. עפּעס וועט איצט גע־
שען — זי האָט עס געפילט מיט אַלע נערוון. אַ פּאַטש, קללות, אַ
העסלעך זידל־וואָרט, צוריסונג — דער סוף.

אָבּער מאָרי האָט נאָר בּאַפעלעריש אויפגעהויבּן דעם קאָפּ
און שטרענג אַרויסגערעדט מיט אַ שטים, וואָס איז געווען ווי אַ
בּייטש, אָנגעשטעקטע מיט טשוועקעס:

,,דאָס מוז אויפהערן! דו הערסט! דאָס מוז אויפהערן!"

סילוויאַ האָט געוואַרט אויף נאָך, אויף דאָס עפּעס. אָבּער
מאָרי האָט זי נאָר אַ שמיץ געטאָן מיט זיין שטעכעדיקן קוק, בּעס־
דיק אויפגעאָטעמט און פּאָרטגעזעצט זיין גאַנג אַרויף צו זיך אין
די צימערן. סילוויאַ האָט נישט געגלויבּט אירע אויגן. דאָס אַלץ?
נישט מער? ווען זי איז געבּליבּן אַליין, האָט זי אויסגעבּראָכן אין
אַ געלעכטער. און ווען זי האָט נאָך נישט דערלאַכט איר געלעכ־
טער, איז איר איינגעפאַלן, אַז אויבּ דאָס איז אַלץ, וועט זי זיך
נאָך שפּעטער צונויפטרעפן מיט די פּאַרפּיקע דיכטער.

### 4.

בּיים טיש זיינען יענעם אָוונט געזעסן דריי בּעסדיקע, בּרוגז־
דיקע, פיינטלעכע מענטשן. עס איז בּכלל קיינמאָל קיין סך נישט

גערעדט געוואָרן ביים טיש פון מאַרי עדאַן, ווען עס זיינען נישט
געוועזן קיין געסט, אָבער אין יענעם אָוונט האָבן זיך מאַן און ווייב
אפילו נישט אָנגעקוקט. די פּאָר ווערטער, וועלכע זיינען געזאָגט
געוואָרן, זיינען געוועזן געווענדט צו נאָרמאַנען, אָבער ער האָט
נישט געענטפערט.

ער איז דעם גאַנצן טאָג ארומגעגאַנגען א פאַרצאָרנטער, א
פאַרביטערטער, אַן אומגליקלעכער. ער האָט דעם רעשט פון דער
פאָריקער נאַכט נישט מער געקאָנט שלאָפן. געוויינט, געקריצט מיט
די ציינער, געמאַכט פויסטן און איז ארומגעגאַנגען הין און צוריק.
פאַרטאָג האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין בעט און איז אַנטשלאָפן
געוואָרן. פאַרשלאָפן די מאָרגן־שטונדע אין קאָלעדזש. ווען ער
האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געוואָלט אַזוי שוין אָפּזיצן דעם
גאַנצן טאָג אין צימער, נישט באַווייזן זיך די שטוביקע, דער גאַס,
די חברים, אָבער אַרום מיטיקצייט איז אים איינגעפאַלן, אַז
אפשר וועט די מאַמע אריינקומען געוואָר ווערן, פאַרוואָס ער לאָזט
זיך נישט זען. דאָס איז געוועזן כּמעט אַן אוממעגלעכקייט. אָבער ער
איז אַנטלאָפן פון שטוב, נישט געוואָלט די באַגעגענונג, מורא גע־
האַט פאַר איר. ער איז ארומגעגאַנגען איבערן צענטראַל־פּאַרק,
געגעסן אַ סענדוויטש אין אַן אויטאָמאַט, געקומען נאָכמיטיק
אהיים, אריינגעכאַפּט זיך צו זיך אין צימער, ווי מען וואָלט אים
נאָכגעיאָגט, צוגעמאַכט שנעל זיין טיר און איז געבליבן שטיין
צוגעדריקט צו איר, פול פאַרצווייפלונג און יאָמער. ער האָט גאָר־
נישט געקאָנט טאָן, נישט צוגערירט זיך צו א בוך, און אַלץ גע־
טראַכט וועגן דער שאַנדע פון זיין היים.

ער האָט שוין לאַנג געוואוסט אַלץ פון זיין מאַמעס לעבן, גע־
וואוסט אויך, אַז דער טאַטע ווייס און שווייגט. נישט געקאָנט
פאַרשטיין דעם טאַטן און שטאַרק געליטן פון דעם. ווען ער וואָלט
געהאַט מוט, האָט ער זיך געדאַרפט דורכרעדן מיטן טאַטן. פאַר־
וואָס האָט ער קיין מוט נישט? וועט ער איצט, נאָך דעם ביינאַכ־
טיקן סקאַנדאַל ווייטער שווייגן?

ער איז געקומען צום אָוונט־טיש מיט א באַשטימטן באַ־
שלוס: ער וועט זיך אָנשכּורן. אויף זייער טיש איז שטענדיק גע־
שטאַנען ווייַן. מאַרי האָט זיך זעלטן צוגערירט. אָבער סילוויאַ

האָט געהאַלטן שריט מיט די דאַמען פון דער הויכער געזעלשאַפט און געמוזט האָבן איר קאָקטעיל און איר ווײַן. נאָרמאַן פלעגט איר מיטהעלפן אַ קליין ווייניק. אָבער היינט וועט ער זיך באַטרינקען. אפשר וועט ער דעמאָלט באַקומען מוט און ווערן רעדעוודיק. און גלאַט — ער מוז זיך באַטרינקען!

מאָרי איז געזעסן ביים טיש מיט האַס־אויגן. ווען זיי האָבן נישט געקוקט אַראָפּ צו די טעלער, האָבן זיי געקוקט ווייט פאַר זיך און קיינעם גאָרנישט געזען, און זיינע ציין זיינען געווען האַרט צונויפגעדריקט. סילוויאַ האָט געהאַט אַ בייזן, שטעכעדיקן איראָניע־שמייכל אויף אירע ליפן און אין אירע אויגן, אָבער זי האָט אויף מאָרין נישט געקוקט. ווען נאָרמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אָן אַ באַגריסונג, נאָכדעם ווי מען האָט געמוזט צוויי מאָל רופן אים צום עסן — האָט זי איר איראָנישן בליק צוגעווענדט צו איר זון און געזאָגט אים, ווי זי וואָלט אים געוואָלט דערמאָנען, אַז ער האָט פאַרגעסן די באַגריסונג:

„גוט אָוונט, נאָרמאַן!“

נאָרמאַן האָט נישט געענטפערט. זי האָט אים אָנגעקוקט, אַ שמייכל געטאָן און מער אויך נישט געקוקט אין זיין זייט. ער מוז מסתמא אויך וויסן פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נאַכט — וואָס גייט עס איר אָן.

נאָרמאַן האָט זיך גלייך אָנגעגאָסן אַ גלאָז ווײַן און אויסגעטרונקען עס אין איין אָטעם. מאָרי און סילוויאַ האָבן עס נישט געזען, אָבער דער באַטלער האָט שיר נישט אויפגעשריען פאַר איבערראַשונג. דער אויפגעשריי איז אים געבליבן שטעקן אין אָפּענעם מויל, און ער האָט מיט שוועריקייט צוגעמאַכט דעם מויל, אָפּגעבלאָזן פון זיך און קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט נאָך אַפילו געטאָן זיין פליכט און אָנגעפילט דאָס אויסגעליידיקטע גלאָז, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעגאָסן די גלעזער פון דער הערשאַפט, אָבער די פלאַש האָט ער אַוועקגעשטעלט לעבן סילוויאַן, וואָס ווייטער פון דעם יונגן הער. נאָרמאַן האָט גלייך אַרונטערגעשלונגען דאָס צווייטע גלאָז. שנעל, אָן אַן אָפּשטעל, נישט פילנדיק דעם טעם פון דעם ווײַן, נאָר צוהערנדיק זיך צו דער ווײַן־וואַרעמקייט אין גאַנצן קערפּער, וואַרטנדיק אויף אַ הייך־אויפשלאָג

אין קאָפּ. ער האָט אוועקגעשטעלט דאָס גלאָז און אַ קוק געטאָן אויף דער פלאַש. זי איז געשטאַנען ווייט.

„טאָם, זיי אַזוי גוט, מיין גלאָז איז ליידיק,“ האָט ער זיך געווענדעט צום באַטלער מיט אַ טאָן און בליק, וועלכע האָבן אַרויס־געבראַכט פון דעם דינערישן אונטערטעניקן טאָם דעם שנעלן ענטפער:

„אָבער געוויס, מיסטער עדאָן!“

סילוויאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איר זון, איז אומרואיק געוואָרן, דאָך גאָרנישט געזאָגט. אָבער ביי זיין פינפטן גלאָז האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן.

„וואָס איז עס? שוין דאָס פינפטע גלאָז,“ האָט זי פאַרלאָרן און פאַרלעגן אַרויסגערעדט.

מאָרי האָט אַ קוק געטאָן אויף נאָרמאַנען. אָבער האָט גאָר־נישט געזאָגט, נישט געוואוסט אויך וואָס צו זאָגן.

נאָרמאַן האָט געענדיקט אויסטרינקען זיין וויין און אוועק־געשטעלט זיין גלאָז מיט אַ שווערער, נישט־זיכערער האַנט.

„איך צייל נישט דיינע גלעזער, צייל דו נישט מיינע,“ האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט געענטפערט. אָבער ער האָט זיך בלויז נאָך מער אָנגערוקט, און גאָרנישט געענטפערט, נישט אַ קוק געטאָן אַפילו אויף דער מוטער. זיינע באַקן האָבן געפלאַמט און זיינע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן. אין קאָפּ איז געווען היים און שווער — עס קומט שוין די שיכּרות, אָבער אויפן האַרצן איז אים געווען נאָך שווערער, און עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, געוואָלט אַפילו שרייען, אָבער ער וועט געוויס אָנהויבן וויינען. און דאָס האָט ער נישט געוואָלט. נאָר נישט צעוויינען זיך. אַ סקאַנדאַל — יאָ, אָבער נישט טרערן. שריי־ען, זידלען, שעלטן — דאָס יאָ, אָבער נישט וויינען... וואָס דרייט זיך אַרום דער באַטלער, דרייט זיך און דרייט זיך, און ער קאָן אַי־בער אים דעם מויל נישט עפענען. ער וואָלט זיך שוין צושריען, אַפילו אויך צווויינט, אָבער נישט אין טאָמס אָנוועזנהייט. טאָם דאַרף גאָרנישט וויסן... הא! גאָרנישט וויסן!... טאָם ווייס מער פאַר אַלעמען... ווער האָט נעכטן אַריינגעלאָזן זי, די שיכּורטע, אין הויז?

,,טאָם! נאָך אַ גלאָז ווײַן! דו ווייסט, דו ווייסט אַלץ!...״
מאָרי האָט זיך אַרײַנגעמישט בייז און שטרענג.
,,נישט מער קיין ווײַן! נאָרמאַן, וואָס איז עס?״
נאָרמאַן האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער:
,,איך קאָן נישט מער!... איך קאָן נישט מער!...״

ער איז אויפגעשפרונגען פון זײַן שטול און אַרויסגעלאָפן פון צימער מיט נישט זיכערע פיס, אָנשלאָגנדיק זיך אָן דער זייט פון דער טיר. עס האָט אים שטאַרק געשווינדלט אין קאָפ, אָבער דער אימפּעט האָט אים אַרויפגעטראָגן אַרויף די טרעפּ און אַרײַנגעיאָגט אים צו זיך אין צימער. ער האָט צוגעשלאָסן די טיר הינטער זיך, אַ וואָרף געטאָן זיך אויף אַ שטול און ביטער געוויינט.

סמיץ האָט געפּרוּווט עפענען די טיר. דאָס איז געווען טאָם, וועלכן סילוויאַ האָט געשיקט זען, וואוהין ער איז אַנטלאָפן און וואָס ער טוט.

,,מיסטער עדאַן! מיסטער עדאַן!״ האָט טאָם מיטפילנדיק גערופן. ,,עפנט אויף די טיר. אײַך איז נישט גוט, וואָס קאָן איך טאָן פאַר אײַך?״

נאָרמאַן האָט נישט געענטפערט. טאָם האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אָנגעקלאַפּט, אַ פּאָר מאָל אַ שטופּ געטאָן די טיר און איז אַוועקגעגאַנגען. נאָרמאַן האָט געוויינט, געוויינט.

,,אָ, הער אויף צו וויינען!״ האָט סמיץ אין אים געשריען.
,,הער אויף, דו ווײַן-פּיצעלע!״ אָבער דער קאָפּ איז אים געוואָרן שווערער, און דאָס האַרץ האָט אומבּרחמנותדיק געדריקט, און די טרערן האָבן נישט געוואָלט אויפהערן.

סמיץ האָט ווידער געפּרוּווט די טיר.
,,נאָרמאַן, עפן אויף!״

דאָס איז געווען דער טאַטע. זײַן שטים האָט עפּעס אויפגעטרייסלט אין נאָרמאַנען און אָפּגעשטעלט די טרערן. אָבער ער האָט זיך געפילט אַזוי שוואַך, און אַלץ אונטער אים האָט אָנגעהויבן צו פאַרזינקען. ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן.

,,נאָרמאַן, עפן אויף, אָדער איך לאָז אויפברעכן די טיר!״
,,אָ, לאָז מיך צורו! איך טו זיך אויס און לייג זיך שלאָפן.״
,,איז עס אמת?״

,,אמת.״
,,אָבער איך וויל זיך מיט דיר דורכרעדן.״
,,אָ, פּאַפּאַ!״
,,עפן די טיר!״
,,איך וועל פאַלן.״

מאַרי איז אַוועק פון דער טיר. נאָרמאַן האָט זיך אַריינגע־לייגט אין בעט. אָ, דאָס ליגן איז געווען אַזוי גוט. אין קאָפּ האָט זיך געדרייט, געדרייט... אין צימער איז געווען פינסטער, זיינע אויגן זיינען געווען צוגעמאַכט, אָבער די פינסטערניש איז געווען אָנגעטאָן אויף רעדער און האָט זיך געדרייט, געדרייט. פוי, אַזוי אומאַנגענעם! ווי ווערט מען דערפון פטור?... צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט? וואָס פאַר א גוטס קאָן דערפון אַרויסקו־מען? ער וויל נישט, עס זאָל זיך אים דרייען אין קאָפּ!... דאָס האָט ער נישט געזוכט. דאָס איז נישט געווען זיין צוועק. אָ, גאָט, דאָס בעט גייט אַוועק פון אונטער אים! צו וואָס דאָס? צו וואָס?! אָ, האָב רחמנות! איך וועל נישט מער! איך וועל נישט מער!..

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך געווען זייער פינסטער, און דערפילט, אַז די פיס זיינען אים עפּעס מאָדנע שווער. ער האָט זיי אָנגעטאַפּט און פאַרוואונדערט זיך: ער איז גע־שלאָפן אין זיינע שיך. ער האָט זיך ווייטער אַרומגעטאַפּט: יאָ, ער איז געשלאָפן אין זיינע הויזן און אין דער אונטערוועש. נאַ־טירלעך, ער איז געווען אַזוי אומגעדולדיק אין דער קאָפּ־דריי־עניש.

ער איז געוואָרן אינגאַנצן וואַך. דער קאָפּ איז אים געווען שווער, דאָס האַרץ שווער, און ער איז באַפאַלן געוואָרן פון שווע־רע געדאַנקען.

וואָס האָט ער דערגרייכט מיט זיין אָנשיכּורן זיך? וואָס עס איז געלעגן ביי אים אויף דער לונג, איז נישט אַרויסגעקומען אויף דער צונג. ער האָט, דאַכט זיך, גאָרנישט געזאָגט. פאַרוואָס האָט ער גאָרנישט געזאָגט? פאַרוואָס האָט ער נישט געמאַכט קיין סקאַנדאַל, נישט אויסגעשריען זיין גאַנצן עקל און ווידערווילן? און אפשר איז גוט אַזוי אויך. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען זיין אָנ־שיכּורן זיך... ער האָט זיך צווויינט... יאָ, ער האָט זיך צווויינט,

דאָס איז שוין געווען קלאָרע ווערטער... דאָס איז געווען פאַר זיי אַ גוטע לעקציע... זיי זיינען געזעסן ביים טיש, ווי צווישן זיי וואָלט פריער פאָרגעקומען אַ סצענע. מסתמא ווייס דער טאַטע, ווי זי איז נעכטן געקומען אהיים... ווי זיינען זיי געבליבן זיצן, ווען ער איז אַנטלאָפן פון טיש?

ער האָט זיך דערמאָנט: דער טאַטע איז געווען ביי דער טיר, געוואָלט אַריינקומען... צוערשט טאַם, און דערנאָך פּאַפּאַ... פּאַפּאַ האָט עפּעס גערעדט אַ סך — נאָרמאַן האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען וואָס. מאַמאַ אָבער איז נישט צוגעקומען... איז זי נישט? פּיליכט איז זי אויך צוגעקומען, נאָר ער געדענקט נישט. ווי זאָל ער זיך היינט באַנעמען? זאָל ער שווייגן, אָדער זאָגן זיי, פאַרוואָס אים האָט זיך פאַרוואָלט אָנשיכורן זיך? זאָל ער אָדער זאָל ער נישט. עס האָט אויפגעשריען אין אים:

„פאַרוואָס פרעג איך זיך דאָס? אָ, איך בין נישט גוט!"

ער איז נישט גוט. ער טויג נישט. ער איז אַ שוואַכער מענטש. ער האָט נישט קיין מוט. געהאַט קוראַזש אויף אָנצושיכורן זיך און נישט מער. אַט פילט ער, אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט צוריקציען זיך, דערווייטערן זיך, פאַרשטעקן דעם קאָפּ און נישט זען און נישט הערן...

דורך די פענסטער איז אַריינגעקראָכן דער נייער טאָג און באַהעלט די ביכער, וועלכע זיינען געלעגן אויפן שרייב־טיש. נאָרמאַן האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז נאָך נישט פאַרטיק מיט זיין היימאַרבעט פאַרן קאָלעדזש. ווען מאָרי איז צו אים אַריינגעקומען אַביסל נאָך אַכט, האָט ער אים געפונען איבער די ביכער.

„וואָס איז דאָס מיט דיר נעכטן געווען?" האָט מאָרי געפרעגט און שאַרף זיך איינגעקוקט אין דעם זון.

ער האָט געוואוסט דעם ענטפער. ווען נאָרמאַן איז נעכטן אַרויסגעלאָפן פון צימער, האָט ער אַ וואָרף געטאָן זיין האַס־בליק אויף סילוויאַן און שטאַרקער געדריקט מיט די ציין. סילוויאַ האָט דערפילט דעם בליק, אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ מיט דעם איראָניעשמייכל אויף די ליפּן און אין די אויגן און אַ דריק געטאָן מיט די פּלייצעס. דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז זי פאַרשטייט אויך,

פאַרוואָס נאָרמאַן האָט זיך באַטרונקען, אָבער עס אַרט איר נישט. אַ נאַרישער יינגל און דאָס אַלץ!

מאָרי האָט דערויף מיט שיפּנדיקער שׂמים, פּעסט און שׂאַרף, צום דריטן מאָל אַרויסגערעדט: „דאָס מוז אויפהערן!“ און איז אויפגעשטאַנען פון טיש און איז אַרויפגעגאַנגען צו נאָר־מאַנען. נישט אויספרעגן אים, נאָר אויסמוסרן. ווייל באַטרינקען זיך איז שוואַכקייט, און קיין עדאָן האָט זיך קיינמאָל נישט באַ־טרונקען, האָט בכלל נישט געטרונקען, און ער וועט נישט דער־לויבן, אַז דאָס זאָל זיך איבערחזרן.

אַזוי וואָלט ער געטאָן נעכטן אין אָוונט, אָבער היינט אינ־דערפרי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַן אומגעדולד אין אַלע ביינער אָן חשק צו רעדן און צו צושטערן דעם געוויינלעכן גאַנג פון זיינע פרימאָרגנס. אָבער דאָך האָט ער באַזיגט אין זיך די אומגעדולד, איז אַרויס אַביסל פריער פון בעט, כדי ער זאָל קאָנען פאַרלאָזן דאָס הויז צו דער געוויינלעכער מינוט, און איז נאָך פאַר פרישטיק אַריין צו נאָרמאַנען צו פרעגן נאָר איין פראַגע און אַרויסצוגעבן נאָר איין באַפעל.

נאָרמאַן האָט זיך פאַרלאָרן, איז אָפּהענטיק געוואָרן, נישט געקאָנט קוקן דעם טאַטן אין די אויגן.

„איך קאָן מיט דיר איצט נישט רעדן, פּאַפּאַ,“ האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט מיט ווייטיק.

מאָרין איז עס געוועזן ווי געוואונטשן. איצט האָט ער אַרויס־געזאָגט זיין באַפעל:

„מער זאָל עס נישט געשען, נאָרמאַן! אַ גוטן טאָג!“

„אַ גוטן טאָג!“

מאָרי איז אַוועק — צו פאַרגעסן אין זיינע געשעפטן די אומ־אָנגענעמע עפּיזאָדן פון נעכטיקן טאָג, אָבער נאָרמאַן איז גע־בליבן זיצן טרויעריק און פאַרביטערט. פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָגט, וואָס מיט אים איז נעכטן געווען? פאַרוואָס איז געווען מורא אין אים?

ער איז געווען פאַרצווייפלט איבער זיך אַליין.

.5

דעם זונטיק נאָך יענע טעג איז נאָרמאַן געזעסן בײַ אָנקל טשאַרלז, דערציילט אים פון די געשעענישן אין דער היים, און בײַטער אָנגעקלאָגט זיך אין מוטלאָזיקייט און שוואַכקייט, אַרויסגעשריען פון זיך די פאַרצווייפלונג איבער זיך אַליין.

ער האָט נישט באַמערקט, ווי די פאַרב האָט זיך אָפּט געביטן אין אָנקלס געזיכט, נישט געוואוסט, אַז ער האָט די גאַנצע צייט אַרומגערירט אין אַן אַלטער וואונד, וועלכע האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהיילן.

ווען ער האָט געענדיקט זײַן זעלבסטאָנקלאָג און איז געבליבן זיצן בייז און באַליידיקט אויף זיך אַליין, האָט עס געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, ביז טשאַרלז האָט געקאָנט באַזיגן די אויפרעגונג אין זיך און אָנטאָן אויף זײַן שטים די מאַסקע פון רואיקייט. ער האָט גערעדט שטיל און לאַנגזאַם, נישט קוקנדיק אויף נאָרמאַנען, נאָר אַראָפּ צו דער דיל, מיט אַ ווייטן בליק, אין וועלכן עס איז געווען אַ סך ווייטיק און טרויער.

„דעם מענטשנס געדאַנק,‟ האָט ער געזאָגט, „איז שלעכט פון קינדהייט אָן — דאָס האָט נאָך די ביבל געזאָגט. די נייגונג צו טאָן שלעכטס ברענגט ער מיט זיך פון געבורט, אַ ירושה פון מיליאָנען יאָרן, פון דער צייט, ווען דער מענטש איז נאָך געווען אַ חיה מיט אַלע חיות צוגלייך. די נייגונג צו טאָן גוטס איז אַ תורה, וועלכע ער צווינגט זיך אָנצונעמען. בייסן דאַרף ער זיך פון קיינעם נישט אָפּלערנען, פון בייסן דאַרף מען אים ערשט אָפּגעוויינען; קושן אָבער דאַרף ער זיך לערנען, צו קושן דאַרף מען אים ערשט צוגעוויינען. שלעכטסקייט איז אָנגעבאָרנס, איז אינסטינקט; גוטסקייט איז אָנגענומענס, איז נאָך נישט אינסטינקט. אָבער פאַראַן מענטשן, בײַ וועלכע גוטסקייט און מאָראַלישקייט זײַנען שוין אָנגעבאָרנס, שוין געוואָרן אינסטינקט. דאָס זײַנען מענטשן, וועלכע קאָנען שוין נישט טאָן קיין שלעכטס. בײַ זיי הויבט זיך נישט די האַנט אויף צו שלאָגן עמיצן, כאָטש דער עמיץ האָט עס ערלעך פאַרדינט. זיי קאָנען אַפילו נישט געברויכן קיין שטאַרקע ווערטער, ווײַל זיי שעמען זיך, און דאָס שעמען זיך איז אין זיי

אינסטינקט. אזעלכע מענטשן, טייערער נאָמי, ווערן געדעכנט פון זייער אָרום פאַר מוטלאָז און שוואַך און נאַריש, און זיי אַליין ווייסן אָפט נישט זייער מאָראַלישן ווערט און זיינען געניגט צו טראַכטן פון זיך, ווי פון שוואַכע און מוטלאָזע מענטשן, וועלכע טוען נישט קיין שלעכטס, נאָר ווייל זיי האָבן אַ שוואַכן כאַראַקטער..."

ער האָט אָנגעקוקט זיין ברודער־זון מיט ליבע און לאַסקע און אויסגעשטרעקט זיין האַנט און אָנגענומען נאָרמאַנס האַנט און געפּעטשלט מיט געדירטקייט און וואַרעמקייט.

נאָרמאַן האָט נישט געוואָלט גלויבן. אים איז געווען, ווי ער וואָלט עפּעס נישט פאַרשטאַנען.

„אָבער, אָנקל!" האָט ער פאַרוואונדערט אויסגערופן. „וועסט דאָך נישט זאָגן, אַז איך בין איינער פון די דאָזיקע! ווי אַזוי קאָן עס קומען צו מיר?"

„דו ביזט אַן עדאַן, נאָמי," האָט טשאַרלז שטיל געענטפערט. „מיר, די עדאַנס, זיינען אַלע פון „די דאָזיקע", ווי דו זאָגסט."

„אפילו מיין טאַטע!"

„פרעג דעם זיידן, און ער וועט דיר דערציילן וועגן דיין טאַטן."

נאָרמאַן איז געווען צו אומגעדולדיק צו וואַרטן, ביז ער וועט פרעגן דעם זיידן, און טשאַרלז האָט אים דערציילט וועגן זיין טאַטן.

די מצוה כּיבּוד אב ואם איז איינע פון די גרונטליי:דיקע צען געבאָטן, וועלכע דער מענטש האָט זיך אויפגעשטעלט אין דעם קאַמף קעגן דער חיה אין זיך. די יידן האָבן זייט טויזנטער יאָרן נישט אויפגעהערט זי הויך צו שעצן און צו האַלטן פאַר איינע פון זייערע גרעסטע מצוות. ביי די עדאַנס איז זי שוין געלעגן אין בלוט, געוואָרן אינסטינקט, און מאָרי האָט זי שטאַרק אָפּגעהיט.

עס איז געווען זייער שווער צוצוקומען צו מאָרין אין דער איינזאַמקייט פון זיין אָפיס, אָבער נח איז צוגעלאָזן געוואָרן צו אים צו יעדער צייט. עס האָט זיך אפילו געטראָפן, אַז נח איז געקומען, ווען מאָרי איז געזעסן אין אַ וויכטיקער קאָנפערענץ, ווען

זיין סעקרעטארין האָט אים אָנגעזאָגט, אַז מיסטער נח עדאָן איז דאָ, האָט ער איבערגעריסן די קאָנפערענץ און איז אַרויס אויפצונעמען זיין פאָטער.

ער פלעגט גיין דעם טאַטן אַנטקעגן, אויפנעמען אים שטייענדיקערהייט, אויסשטרעקן צו אים די האַנט מיט ליבע און וואַרעמקייט: „ווי גייטס, טאַטע?" אוועקזעצן אים אויפן גרויסן פאָטערשטול, וועלכער איז דאַכט זיך ספּעציעל געשטאַנען אין אָפּיס פאַר דעם טאַטנס וועגן, און, שטייענדיק איבער אים, אויספרעגן, וואָס מאַכט ער און וואָס מאַכט די מאַמע. און האָט נח געהאַט עפּעס צו דערציילן וועגן זיך אָדער וועגן דער מאַמען, האָט מאָרי אויסגעהערט מיט אַ פאַרגעניגלעכן שמייכל אויף זיין געזיכט און קיינמאָל נישט איבערגעריסן דעם טאַטן. דער אומגעדולדיקער מאָרי האָט קיינמאָל זיין געדולד נישט פאַרלאָרן מיטן טאַטן.

אויך צדקה איז איינע פון די מצוות, וועלכע די יידישע עטיק האָט נישט אויפגעהערט צו פּרעדיקן טויזנטער יאָרן, און איז ביי די עדאָנס געוואָרן אַ באַדערפעניש. זיי האָבן געמוזט טיילן צדקה, פּשוט פיזיש נישט געקאָנט אָפּזאָגן אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, אַ קרומען געזיכט, אַ בקשה־וואָרט, און מאָרי איז געווען אַ גרויסער געבער.

ער פלעגט געוויינלעך געבן דורכן טאַטן, און נחס באַזוכן ביי אים אין אָפּיס זיינען שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט עפּעס אַ צדקה־ענין.

אויספרעגנדיק ביים טאַטן, ווי עס גייט אים און דער מאַמען, פלעגט מאָרי אַ פרעג טאָן:

„און איצט — וויפיל?"

„און דו ווילסט טאַקע נישט וויסן אויף וואָס?" האָט נח געפרעגט.

„צו וואָס? איך קאָן זיך שוין פאַרלאָזן אויף דיר."

„איך האָב מורא, אַז דו וואָלסט געגעבן מער, וויפיל איך וועל בעטן, און אויף אַזאַ אופן באַרויב איך די, פאַר וועמען איך בין געקומען בעטן."

„זאָג דיין ציפער."

„איך ווייס, וויפיל איך קאָן געבן. אָבער איך ווייס נישט, וויפל דו קאָנסט געבן.“

„דו וועסט מיך נישט אָרעם מאַכן.“

„קאָנסטו געבן...“

ווי דער טאַטע האָט נאָר אַרויסגערעדט די ציפער, האָט מאָרי אַ דריק געטאָן דעם עלעקטרישן קנאָפּ, אַריינבאַשטעלט צו זיך די סעקרעטאַרין און געהייסן איר אויסשטעלן דעם טשעק.

די עדאָנס זיינען פון נאַטור אויס פּאַציפיסטן. קאָנען זיך נישט שלאָגן, האָבן פיינט צו קריגן און זידלען זיך, און האַסן מלחמות. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט מאָרי זיך אויסגעהיט צו האַנדלען מיט דער אַרמיי. ער האָט אינסטינקטיוו נישט געוואָלט האָבן וואָס צו טאָן מיט דער מלחמה. ערשט איינמאָל נאָך אַ גע־שפּרעך מיט זיין פאָטער, איז ער זיך אַליין קלאָר געוואָרן.

„אַלע מלחמות זיינען רויב און פאַרברעכן,“ האָט נח דע־מאָלט געזאָגט. „דערפאַר האַלט איך מיט די, וואָס זאָגן, אַז נישט אַלץ, וואָס שטייט אין ביבל, איז געגעבן געוואָרן פון גאָט. גאָט, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז מ׳זאָל נישט מאָרדן, האָט נישט געקאָנט הייסן אויסהרגענען גאַנצע פעלקער. גלויב איך טאַקע, אַז די עש־רת הדברות זיינען פון גאָט, אָבער די מלחמה־באַפעלן זיינען אַריינ־געשריבן געוואָרן פון היסטאָריקער, וועלכע האָבן געוואָלט ריינ־וואַשן די אויסשלאַכטונגען, ווי מיר זעען עס איצט אין דער איצטיקער מלחמה. איך האָב שוין דורכגעלעבט אַ סך מלחמות אויף מיין לעבן: די דייטש־פראַנצויזישע, די רוסיש־טערקישע, די רוסיש־יאַפּאַנישע און נאָך אַנדערע און אַלע זיינען זיי געוועזן איינגעוויקלט אין הייליקע ווערטער פון אידעאַליזם, פון רעליגיע און מענטשלעכקייט און גאָט. און איצט אויך. אָבער עס איז בלויז מאָרד... מאָרד און פאַרברעכן...“

מאָרי האָט דערקענט אין זיין טאַטנס ביטערקייט זיין איי־גענעם ווידערווילן.

„איך בין אַ פּאַציפיסט, און האָב עס נישט געוואוסט,“ האָט ער געזאָגט מיט גרויסן ערנסט אין זיינע טיפע אויגן.

נאָרמאַן האָט צוגעהערט דעם פעטערס דערציילונג וועגן זיין פאָטער אויפגערעגט, גערירט, אָפּט מיט אַ פריידטרערן־דרוק

אין האַלז. זיינע אויגן האָבן געברענט, זיינע באַקן האָבן געפלאַמט. ער האָט זיין אייגענעם טאַטן נישט געקענט. איצטער דערקענט ער אים, און געווינט אים, און ווערט אים נאָנט. אָבער — זיין האַרץ האָט זיך ווייטיקדיק צונויפגעדריקט, און עס האָט זיך ביי אים ארויסגעריסן:

,,איז ווי קאָן ער צוזען? ווי קאָן ער שווייגן?..."

ער האָט נישט געענדיקט, נישט ארויסגערעדט, נישט אָנגעד רופן מיטן נאָמען, וואָס ער האָט געוואָלט פרעגן. אָבער טשאַרלז האָט גוט געוואוסט די פראַגע און מורא געהאַט פאַר איר. ער האָט זיך שטענדיק אויסגעהיט צו רעדן וועגן סילוויאַן.

,,דערויף קאָן איך דיר גאָרנישט ענטפערן," האָט ער קוים ארויסגעשעפּטשעט. אָבער אין אים האָט אויפגעציטערט אַן אַלּ־טער שרעק: מאָרי וויים מסתּמא וועגן אים און סילוויאַן, און דער־פאַר שלינגט ער אַראָפּ אַלע ווייטערדיקע באַליידיקונגען. ער האָט זיכער מורא פאַר פּראָצעסן, כּדי עס זאָל נישט אויפגעדעקט ווערן די העסלעכע קרעץ פון דער פאַמיליע עדאַן. טשאַרלז האָט געשווי־דערט ביי דעם געדאַנק, און גאַנץ אָפּט האָט ער מורא געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט מאָרין, צו קוקן אים אין די אויגן. און אָפּט האָט ער געקוקט אין מאָרים אויגן און געזוכט, געזוכט.

אַך, ער וואָלט נאָך געקאָנט אַ סך דערציילן זיין ברודער־זון וועגן די עדאַנס! זיי, ווען זיי באַגייען אַ זינד, אפילו אומוויליק, זיינען זיי אומגליקלעך אויף זייער גאַנץ לעבן...

און ער האָט שווער ארויסגערעדט:

,,יאָ, נאָרמאַן, עס איז שווער צו זיין אַן עדאַן!"

נאָרמאַן איז אַוועק פון אָנקל טשאַרלז מיט דער כּוונה צו גיין אַהיים. ער וועט גיין לאַנגזאַם און איבערטראַכטן, וואָס ער האָט געהערט פון דעם פעטער, און ווען ער וועט קומען אַהיים, וועט ער זיך איינשפּאַרן אין דער איינזאַמקייט פון זיין צימער און נאָכ־מער טראַכטן. אָבער אויפן וועג איז אים איינגעפאַלן צו פאַרקערן צום אָנקל אָסקאַר — וואָס האָט ער צו דערציילן וועגן די עדאַנס און וועגן זיין טאַטן? און אפשר האָט אָנקל אָסקאַר אַ דערקלערונג, פאַרוואָס מאָרי עדאַן מיט זיין אינסטינקטיווער מאָראַלישקייט זעט דעם פאַרראַט פון זיין ווייב און שווייגט.

אזוי האָט געטראַכט זיין קאָפּ, אין האַרץ אָבער האָט ער גע־פילט, אַז ער וועט באַלד זען זעלדען, וועלכע ער האָט נישט געזען שוין אַ פּאָר טעג, און אַז ער האָט ליב צו זען זעלדען, ווייל דע־מאָלט איז אים עפּעס מאָדנע גוט. אָבער ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר דעם סוד פון זיין האַרץ, און געזען צו פאַרטוליען און טיפער צו באַהאַלטן אים, און שטאַרקער צוגעהערט זיך צו די געדאַנקען אין זיין קאָפּ וועגן די עדאַנס און זיין טאַטן און דעם באַלדיקן געשפּרעך מיט דעם פעטער.

אָבער ביי אָנקל אָסקאַר זיינען געוועזן געסט: דאַראַס ברודער אייזיק באַרנעט און זיין פרוי סידי, און אָנקל אָסקאַר און טאַנטע דאָרא האָבן מיט זיי געשפּילט אין ברידזש.

אָסקאַר האָט האַרציק וואַרעם אויסגעשריען זיין באַגריסונג און דאָרא האָט אויסגערופן:

„זעלדאַ, נאָרמאַן איז דאָ!"

פון אַ צווייטן צימער איז אַרויסגעלאָפן זעלדאַ, באַגלייט פון קוזין עלמער באַרנעט, אַ דיקן פעסטגעבויטן ברונעט פון נאָרמאַנס עלטער. זעלדאַ איז צוגעלאָפן צו נאָרמאַנען, וועלכער האָט זי שוין געהאַט געזוכט מיט זיין האַרץ, אַרויפגעוואָרפן די הענט אַרום זיין נאַקן, אַראָפּגעבויגן זיין קאָפּ צו זיך און אַ קוש געטאָן אים אויפן באַק.

„פיין, דו ביסט גלאַט ראַזירט!" האָט זי געזאָגט.

„זע נאָר," האָט טאַנטע סידי געזאָגט מיט אַ שמייכל פון הינטער אירע קאָרטן. „פאַרוואָס האָסטו אַזוי נישט באַגעגנט על־מערן?"

און עלמער האָט אונטערגעשטעלט אַ באַק.

„ווילסטו נישט אויסגעפינען, צי בין איך גלאַט ראַזירט?"

נאָרמאַן האָט זיך געפילט אומבאַקוועם און נישט געוואוסט, וואָס ער דאַרף טאָן אָדער זאָגן.

זעלדאַ האָט אים אַרויסגעהאָלפן. זי האָט געהאַלטן איר האַנט אונטער זיין אָרעם, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן און פאַרוואָרפן אים מיט פראַגן: קומט ער פון דער היים? וואו איז ער געוועזן? איז ער געגאַנגען צופוס? איז עס שיין אין דרויסן?

ער האָט געענטפערט צושטרייט, פויל, מיט האַלבע ווערטער, און ענדלעך האָט זי געפרעגט:

„וואָס איז מיט דיר?"

ווען ער האָט נישט געענטפערט, האָט זי צוגעגעבן:

„קאָנסט מיר נישט זאָגן?"

„קאָנסט איר זאָגן אַלץ," האָט זיך עלמער אַריינגעמישט. „זי איז שוין אַ גרויסע מיידל."

און ער האָט זיך צולאַכט, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ וויץ.

נאָרמאַן האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, עפּעס חושד געווען, דערפילט אַן אומרואיקייט אין זיך און איז רויט געוואָרן.

„פאַרוואָס לאַכסטו?" האָט ער געפרעגט.

„ווייל ער איז נאַריש," האָט זעלדע געענטפערט.

„ניין, ווירקלעך, זי איז קלוג, דאָס קעלבל," האָט עלמער גע־זאָגט, און עס האָט טאַקע געקלונגען זייער נאַריש.

דער חשד איז פאַרשוואונדן פון נאָרמאַנס האַרץ. אָבער די רויטקייט איז נאָר אויף אַ ווײַלע אַראָפּ פון זיין פּנים, באַלד איז זי אַרייגעשטיגן נאָך שטאַרקער.

זעלדאַ האָט אים אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אַליין אַרויפגעזעצט זיך אויף זיינע קני. דאָס איז געווען איר געוואוינ־הייט מיט אים. דאָך איצט, זיינען צוריקגעקומען צו אים עלמערס ווערטער „אַ גרויסע מיידל" און האָבן אַריינגעטריבן די פאַרב אין זיין פּנים. ער האָט זי אָבער נישט אַראָפּגעזעצט פון זיינע קני, נאָר געזוכט צושטרייאונג אין אַ געשפּרעך און דער עיקר אין זיינע געדאַנקען.

ער האָט נישט געפונען קיין געלעגנהייט דורכצורעדן זיך מיט אָנקל אָסקאַר, אָבער דאָך אַוועקגעטראָגן מיט זיך אַ באַקרעפטי־קונג פון דער עדאָן־טעאָריע. ער האָט זי געפונען אין זיין רויט־ווערן.

זיינע חברים האָבן פריי גערעדט פון מיידלעך, פון דעראָבע־רונגען, פון מיידל־דערלעבונגען. ער פלעגט רויט ווערן ביים צו־הערן און קיינמאָל נישט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט. פאַרוואָס? פון וואַנען איז געקומען צו אים אַזאַ שעמעוודיקייט? האָט ער גע־וואוסט ווייניקער פאַר זיינע חברים? אַ, ער האָט געוואוסט מער,

א סך מער. ווער פון זיי האָט געהאַט די זכיה צו זען זיין אייגענע מוטער אין די אָרעמס פון איר געליבטן?

איז נישט אפשר אָט די דאָזיקע זכיה געווען די אורזאַך פון זיין שעמעוודיקייט? ווי ער פלעגט זיך דערנענטערן צו א מיידל, אָדער הערן זיינע חברים רעדן וועגן מיידלעך, פלעגט ער זען זיין מאַמען — אַן אַפּגעדעקטע. פאַר זיינע אויגן פלעגט אַרויפשווימען דאָס בילד, וואָס ער האָט געזען מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט פונאַנדערגעעפנט די שווערע רויטע פאָרטיערן איבער דער טיר פון דעם ביבליאָטעק־צימער.

אָ, איצט ווייס ער די גרונד־סיבה פון זיין שעמעוודיקייט!

ער איז אַן עדאָן! איינער פון דעם שבט, וועלכער ווערט נאָך רויט פאַר שעמעוודיקייט. ווייל מאָראַלישקייט איז ביי אים — אינסטינקט, איינער פון די אויסגעלאַכטע, פאַרשפּייטע, געשטייניקטע, געקרייציקטע און — באַוואונדערטע. איינער פון די נאַראָנים פון דער געזעלשאַפט...

.6

איז געווען א טונקעלער וואָלקנדיקער ווינטער־טאָג, און די לופט אין קלאַס איז געווען א פוילע, א שלעפערדיקע. עלמער באַרנעט, דאָרא עדאָנס ברודער־זון, האָט א צו־שטאַרקן גענעץ געטאָן און גלייך באַשלאָסן, אַז אַזא גענעץ מוז באַגיטיקט ווערן. ער האָט זיך אומגעקוקט נאָך לינקס און דערזען, אַז דעם דיקן דזשין ריטשאַרדס פאַלן־צו די אויגן. האָט ער אים צוגערוקט א צעטעלע: וואָס דענקסט ער וועגן זיין אויפזיין די נאַכט, ווייל אויסגעשלאָפן האָט ער זיך שוין אין קלאַס. דזשין האָט אָפּגעענטפערט אויפן זעלבן צעטעלע, אַז ער האָט גאָרנישט דאַקעגן, ווייל ער האָט נאָך דריי שעה צו שלאָפן אין קאָלעדזש, אָבער פונדעסטוועגן וואָלט ער געוואָלט, עס זאָל זיין זייער טומלדיק ביי דער נאַכט, כּדי ער זאָל קאָנען אויפזיין און נישט איינשלאָפן.

איצט האָט עלמער א קוק געטאָן נאָך רעכטס און זיין בליק איז געפאַלן אויף נאָרמאַן עדאָן, וועלכער האָט דוקא צוגעהערט זיך צום פּראָפעסאָר און געמאַכט נאָטיצן. עלמער האָט זיך צוריק אומגעקוקט אויף דעם דיקן דזשין און צוגעוואָרפן אים א וואונק

און אַ קאָפּ־שאָקל אין נאָרמאַנס זייט: וואָס זאָגט ער, הייסט עס, ווען נאָרמאַן עדאַן אַלס אויף־זייער? דזשין האָט פֿאַרצויגן די נאָז נאָך אויבן, געמאַכט אַ זויערע מינע און גלייך עפּעס איבערגע־לייגט, געביטן די מינע און אַראָפּגעצויגן די נאָז נאָך אונטן: מילא, הייסט עס, זאָל זיין נאָרמאַן אויך.

אויף נאָרמאַנס נאָטיץ־בוך איז פּלוצלונג אַראָפּגעפאַלן אַ צונויפגעוויקלט צעטעלע: וואָס רענקט ער ווען אַ פּראָהיבּישאָן־אָוונט? נאָרמאַן האָט מיט איין אויער צוגעהערט זיך צום פּראָפעסאָר און מיטן צווייטן צו זיך אַליין: וויל ער אָדער וויל ער נישט? זאָל ער אָדער זאָל ער נישט? האָט ער טאַקע נישט געוואָלט און נישט געזאָלט, אָבער אַז ער האָט זיך אומגעקוקט צו עלמערן, האָט יענער פאַר אים באַשלאָסן מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, וואָס האָט געהייסן, אַז נאָרמאַן דאַרף נישט זיין אַזאַ איבערקלייבער און נאָכטראַכטער: אַז מען לאַדט אים איין, דאַרף ער אָננעמען. נאָך עלמערס קאָפּ־שאָקל האָט שוין נאָרמאַן געטראַכט, אַז אייגנטלעך, פאַר וואָס זאָל ער נישט אָננעמען די איינלאַדונג.

אין דער אייגענער צייט האָט דער דיקער דזשין אומגעקוקט זיך אויף דעם לאַנגן מאַרטין פּיליפּס, וועלכער האָט זיך געקלאַפּט אויפן מויל צו באַהאַלטן אַ גענעץ. דזשין האָט אים גלייך צוגע־רוקט אַ צעטעלע, צי וואָלט ער נישט געוואָלט אַראָפּשווענקען דעם גענעץ היינט ביינאַכט. מאַרטין האָט גלייך געענטפערט, אַז דזשין זאָל נישט דענקען, אַז ער איז אָריגינעל: ער, מאַרטין פּיליפּס, האָט עס נאָך פריער באַשלאָסן מיט ראַלף וויז און בען גרין. דזשין האָט אים צוריק אָפּגעשריבן, אַז ער האָט נישט קיין שום פּרעטענזיעס אויף אָריגינאַליטעט, ווייל פאַר אים איז דער גליק־לעכער געדאַנק געקומען פון עלמערן, וועלכער האָט אויך איינגע־לאַדן נאָרמאַנען. נאָרמאַנס נאָמען האָט אויך ביי די אַנדערע אַרויסגערופן אַ פאַרצויגענע נאָז, אַ זויערע גרימאַסע און דערנאָך אַ נאָכגעבעניש: מילא!

נאָך דער פאַרגענעצטער לעקציע איז געקומען די פראַגע: וואו? עס זיינען געווען צוויי אויפטוער פון דעם גליקלעכן געדאַנק, עלמער באַרנעט און מאַרטין פּיליפּס, און יעדער פון זיי האָט געצויגן צו זיך. איז נאַטירלעך געבליבן צו וואַרפן אַ מטבע:

קאָפּ צו אַדלער? איז צוגעקומען עדווין שיפּמאַן, האָט פונאַנדער־געפרעגט, אום וואָס עס האַנדלט זיך, און איבערצייגט זיי, אַז זיי דאַרפן נישט וואַרפן קיין מטבע. די גלייכסטע זאַך איז, אַז מען זאָל זיך צונויפקומען ביי אים, ווייל זיין עולם איז אין פלאָרידאַ, און ער האָט דעם שליסל צום טאַטנס קעלער. דאָס איז געווען זייער איבערצייגנדיק און זייער איינלאַדנדיק. די פריינט האָבן אויפגענומען עדווינס ווערטער מיט אַ הוראַ, און אויפגעהויבן אים אויף די פּלייצעס.

איינער נאָך דעם אַנדערן זיינען זיי אַריינגעקומען אין עדווין שיפּמאַנס עלטערנלאָזן הויז מיט רוישיקער פריילעכקייט און מיט שטאַרקע ווערטער — יונגע יידישע בחורים, ביי וועמען די טרינקעריי און די שיכּורע פריילעכקייט זיינען נישט געלעגן אין בלוט, זייער רוישיקייט איז געווען אַן אַנטרייב, אַן אונטערגעבן זיך מוט צו אַן אַרבעט, וועלכע איז געווען פרעמד זייערע עלטערן און זייערע זיידעס. זיי האָבן זיך געדאַרפט אַרויפטומלען צו דער טרינקעריי, אַריינלאַרעמען זיך אין דער שיכּרות, וועלכע איז זיי געווען פרעמד. זיי האָבן אַ סך געשפּאַסט, אַ סך געלאַכט, און געמאַכט דאָס טרינקען פאַר אַ באַגלייטונג צו דער אונטערהאַלטונג. אַריינגעשמוגלט עס. זיי האָבן נישט געוואוסט, ווי צו טרינקען, ווי אַרויסצוזויגן פון די גלעזער דעם ריכטיקן גענוס. זיי האָבן געטרונקען, ווי עס וואָלט געווען אַ מצווה צו טרינקען, און אַ מצווה, וואָס שווערער זי קומט אָן, אַלץ גרעסער איז זי. אויסגעטרונקען אַ גלאָז און איינגעהאַלטן זיך נישט צו פאַרקרימען זיך, און גלייך אויסגעטרונקען אַ צווייטס, ווי אַריינצוכאַפּן וואָס מער אין דעם מאָמענט, ווען עס געלינגט נישט צו פאַרקרימען זיך. געגאָסן אין זיך איין גלאָז נאָכן צווייטן, און זיינען זייער שנעל באַטרונקען געוואָרן.

דאָס באַטרינקען זיך ווידער איז געווען אַן אַרויפטרייב צו אַ העכערן רייץ: צו אַ שמוציקן געשפּרעך וועגן פרויען. זיי האָבן גערעדט פאַר פּייער און פאַר וואַסער, אַרויסגעמייקעט אַלץ פון דער טיפעניש פון זייער פאַנטאַזיע, דאָס דערלעבטע איבערגעלעבט נאָכאַמאָל און פאַרגרעבערט, דאָס נישט - דערלעבטע פאַרמגושמט און אַרויסגעגעבן פאַר

געשעעניש. עס איז געווען אַ געיעג און אַן איבעריאָגעניש אין עקל און ניבול־פּה. פלאַש נאָך פלאַש פון אַלטן שטאַרקן ווײַן איז אויסגעליידיקט געוואָרן אָן פאַרשטענדעניש פאַר דעם געשמאַק און געגנוס פון דעם געטרונקענעם ווײַן, אַלס שטאַרקונג ביים אי־בערדערציילן אַלטע אַנעקדאָטן, מיט וועלכע די מענער־וועלט האָט פון דורות און געשפּייזט איר זינלעכקייט און איר פרויען־לוסט, און נייע מעשיות וועגן באַקאַנטע מיידלעך, וועלכע האָבן ווי אויסגעפּילט דאָס צימער און ענג געמאַכט די לופט. אמת און ליגן זיינען געווען אויסגעמישט, געמיינע ווירקלעכקייט און שי־כּורע באַרימערייַ, וועלכע האָט זיך באַשטרעבט אַריבערצוויאָגן די געמיינע ווירקלעכקייט.

איין נאָרמאַן האָט געשוויגן. געהערט מיט קלאָפּנדיקן האַרץ אין גרויסער אויפרעגונג, אָבער נישט געהאַט וואָס צו דערציילן, און אויך נישט געקאָנט. ער האָט געהאַט איין דערפאַרונג, און פאַר זיינע שיכּורע אויגן אין דער דיק געוואָרענער לופט פון גראָ־בער זינלעכקייט האָט ער געזען זיין מוטער מיט איר געליבטן. עס האָט אים געצויגן אַרויסצושרייען, וואָס ער האָט געזען, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל. ער האָט געפילט, אַז דאָס וועט זיין די גרעסטע, די גראָבסטע סענסאַציע, פאַר וועלכער זיי וואָלטן אַלע פאַרשטומט געוואָרן, אָבער אַ גרוילעכער שרעק האָט געליימט זיין צונג. דער שרעק, אַז אָט־אָט וועט ער אַרויסשרייען, אַרויסמייקענען דאָס עקל־בילד פון זיין קינדהייט, האָט געווירקט אויף אים אויס־ניכטערנדיק און באַזעצט זיך אין זיינע אויגן.

מאַרטין פיליפּס האָט אים אָנגעקוקט און שיכּורערהייט דער־קענט דעם שרעק אין זיינע אויגן.

„וואָס איז מיט דיר?‟ האָט ער געפרעגט.

די פראַגע איז אַריינגעפאַלן צווישן די לאַרעמדיקע שיכּורים און איינגעשטילט זיי איינער נאָך דעם אַנדערן. זיי האָבן זיך אומ־געקוקט, ווער איז דאָס געפרעגט געוואָרן, און באַלד האָבן זיי אַלע דערקענט דעם שרעק אין נאָרמאַנס אויגן. אַ געלעכטער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ טיטלעניש מיט די פינגער, אַן אומוואָרפעניש פון די שיכּורע קערפּער.

ראַלף ווייז, אַן אַטלעטישער איין־און־צוואַנציק־יעריקער בחור,

האָט זיך אויפגעהויבן און אויסגעקאָמאַנדירט, עס זאָל ווערן שטיל.
עס האָט גענומען אַביסל צייט, אָבער עס איז געוואָרן שטיל.

„איר ווייסט,״ האָט ראַלף געזאָגט, מיט דער מינע פון אַ פּראָקוראָר, „אַז נאָרמאַן האָט גאָרנישט דערציילט. געטרונקען האָט ער, אָבער גאָרנישט דערציילט. געטרונקען, אָבער קיין איין אַנעקדאָט נישט דערציילט. קיין איין מעשה נישט. דאָס איז נישט ריכטיק, איז עס נישט אַזוי? דאָס איז נישט חבריש... דאָס הייסט, גענומען אָבער נישט געגעבן... געטרונקען, אָבער נישט אַמוזירט...״

„דו ביסט גערעכט, ראַ!״ האָט אויסגערופן בען גרין.

„ראַ! ראַ! ראַ!״ האָבן אַרויסגעפּילדערט די איבעריקע פיר.
„גערעכט! גערעכט! גערעכט!״

„איך האָב גאָרנישט וואָס צו דערציילן,״ האָט נאָרמאַן געזאָגט, ווען דער געפּילדער האָט אויפגעהערט. „איך קאָן נאָר איבערחזרן, וואָס איך האָב געהערט פון אייך.״

„דאָס איז נישט אמת!״ האָט געשריען דער דיקער דזשין ריטשאַרדס. „ער האָט אַ סך צו דערציילן.״

„ביי אייך פאַרקערן אַזויפיל אַקטיאָרן און אַקטריסעס,״ האָט געזאָגט עדווין שיפּמאַן. „דאָס איז אַן עולם, פון וועלכן מען קאָן זיך אַ סך אָנהערן און אַ סך אָנדערציילן.״

„איך מיש זיך נישט מיט זיי,״ האָט זיך נאָרמאַן פאַרטיידיקט.

„זאָל ער דערציילן פון זיין מאַמען!״ האָט זיך אַרויסגעריסן ביי עלמער באַרנעט. בען גרין און דזשין ריטשאַרדס האָבן דאָס אויפגעכאַפּט מיט געשרייען: „יאָ! יאָ!״

אין נאָרמאַנען האָט אויפגעקאָכט, און ער האָט איינגעדריקט זיינע הענט אין פויסטן.

„איך וואָלט נישט געוואָלט צווינגען אים דערצו,״ האָט געזאָגט שיפּמאַן, דער עלטסטער און ניכטערסטער אין דער חברותא. „אָבער אויב נאָרמאַן וויל, זאָל ער דערציילן. מיר פאַרשפּרעכן, אַז דאָס וועט בלייבן אַ סוד. נישט אַזוי, פריינט? דאָס וועט בלייבן אַ סוד.״

נאָרמאַן האָט קוים געהערט, וואָס שיפּמאַן האָט גערעדט. ער האָט געקוקט אויף עלמערן מיט רציחה אין זיינע אויגן, ווי איבערלייגנדיק, ווי בעסער אָנצופאַלן אויף אים. און פון זיין אונטערבאַ־

וואוסטזיין איז אַרויפגעקומען די ליגנדיקע געשטאַלט פון דעם געשאָסענעם מאַן. אַ שאָד, וואָס ער האָט בײַ זיך נישט קיין רעוואָלווער. זײַנע אויגן האָבן אַ בלאָנדזשע געטאָן איבערן צימער, ווי ער וואָלט געוואָלט דערזען ערגעץ־וואו אַ רעוואָלווער אָדער אַ ביקס, און זײַנען געבליבן הענגען אויף אַ ווײַן־פלאַש. אָבער ווען ער האָט אויסגעצויגן נאָך איר די האַנט, האָט אים אָפּגעשטעלט די קרעפּטיקע האַנט פון ראַלף ווייז, וועלכער האָט פאַרפאָלגט אַלע זײַנע באַוועגונגען.

,,היט זיך!" האָט ראַלף אויסגערופן, ,,ער וויל וואַרפן אַ פלאַש!"

נאָרמאַן האָט אַרויסגעריסן זײַן האַנט פון ראַלפס האַנט, אַרײַנגעפאָרן אים אין מאָרדע און אָנגעכאַפּט די פלאַש. מאַרטין פיליפּס האָט זי בײַ אים אַרויסגעריסן, און ווען נאָרמאַן האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אַן אַנדער פלאַש, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג. אַ געשלעג פון איינעם קעגן זעקס, אָבער נאָרמאַן האָט זיך געשלאָגן מיט גרויסער רציחה, ווילד און פאַרצווייפלט, מיט דער לוסט צו מאָרדן און דערמאָרדעט צו ווערן. נאָך מער ווי מאָרד איז געווען זעלבסטמאָרד אין אים: קריגן אַזאַ קלאַפּ, וועלכער זאָל אים אַוועקליגן, און ער זאָל נישט קאָנען מער אויפשטיין, נאָר בלײַבן ליגן אויף אייביק. ער האָט זיך געריסן צו עלמערן, געשריען: ,,איך וועל דיך טויטן! איך וועל אײַך אַלעמען טויטן!" און געוואָרט אויף אַ קלאַפּ אין קאָפּ מיט אַ שווערער ווײַן־פלאַש, געוואָלט דעם קלאַפּ — ער וועט געטויט ווערן און דאָס וועט זײַן גוט.

ענדלעך איז ער געלעגן אויף דער ערד, און פיר זײַנען געזעסן אויף אים, און ראַלף האָט צו עמיצן געקאָמאַנדירט:

,,רוף אַרויס אַ טעקסי און מיר וועלן אים אָפּשיקן אַהיים!"

די שיכרות איז אָנגעשטיגן אין אים, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט, און אים האָט נישט געאַרט, וואָס ער ליגט און וואָס מען זיצט אויף אים. עס איז גוט אַזוי, דאָס איז זײַן סוף, ער וועט נישט אויפשטיין מער. פאַרוואָס זאָל ער וועלן אויפשטיין? עס וואָלט געווען גוט, ווען די דיל אונטער אים וואָלט זיך אויפגעעפנט, און ער וואָלט פאַרשוואונדן. זאָלן זיי נאָך שטאַרקער דריקן אויף אים, אפשר וועט די דיל זיך אויפעפענען... עס איז אים זייער שווער גע־

ווען אויפן הארצן, ער וואָלט זיך צעוויינט, אָבער דאָס וועט ער נישט טאָן, בשום אופן נישט. זיי וועלן פון אים קיין טרער נישט זען. און צו וואָס זאָל ער וויינען, אַז ער וויל גאָר שטאַרבן, און אַז ער וועט שטאַרבן, וועט אים זיין אַזוי גוט, אַזוי ליכט? אויסלייזונג, באַפרייאונג... באַפרייאונג פון עפּעס, אַן אויסטאָן זיך פון עפּעס, עפּעס אַראָפּוואַרפן פון זיך — ער האָט נישט געוואוסט גענוי, וואָס דאָס עפּעס איז, אָבער אים וועט ווערן ליכט און גרינג.

ווי אַן אויבערטאָן צו די אַלע געדאַנקען איז געשטאַנען אין אים דאָס וואָרט „מאַמע". וואָס ער האָט נישט געטראַכט, האָט ער געפילט אין זיך דאָס וואָרט „מאַמע", ווי אויך די, מיט וועלכער דאָס וואָרט איז ביי אים געווען פאַרבונדן. ער האָט נישט געזען סילוויאַן פאַר זיך, נאָר געפילט זי ווי אַ וויטן שאָטן. עס האָט זיך געחזרט אין אים „מאַמע", ער האָט געפילט די געשטאַלט הינטער דעם וואָרט, געפילט, אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות צו דער געשטאַלט, און געוואוסט, אַז ער איז געווען גערעכט אין דעם, וואָס איז פאַרגעקומען, כאָטש ער האָט מער נישט געוואוסט גענוי, וואָס עס איז פאַרגעקומען.

„ער איז דאַכט זיך איינגעשלאָפן," האָט עמיצער איבער אים געזאָגט.

„גייט אַראָפּ פון אים," האָט אַן אַנדערער געזאָגט.

פאַרוואָס זיינען זיי אַראָפּגעגאַנגען פון אים? ער וויל נישט די ליכטקייט. זאָלן זיי נאָך זיצן, שווערער מאַכן.

מען האָט אים אויפגעהויבן, אַוועקגעזעצט.

„ער בלוטיקט," האָט עמיץ געזאָגט. „מען דאַרף אים אָרומוואַשן."

עמיץ האָט אים אַרומגעוואַשן, צורעכט געמאַכט אויף אים די קליידער. ער האָט געלאָזן טאָן מיט זיך, וואָס זיי האָבן געוואָלט, און געקוקט מיט שיכּורע, פאַרגולמטע אויגן אין אַ ווייטקייט, וועלכע האָט זיך געדרייט און געקייקלט. אין דעם דאָזיקן געדריי איז אַריינגעטראָטן עלמער באַרנעט, און נאָרמאַן האָט אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער האָט עפּעס אַ זאַג געטאָן אַזוינס, וואָס האָט אויפגעוועקט ביי אים אין זכרון

דעם דערשאָסענעם, און דער דערשאָסענער האָט געדאַרפט זיין עלמער אליין.

,,איך וועל דיך נאָך קריגן,'' האָט ער אַרויסגעשטאַמלט.

,,ער בעט אנטשולדיקונג,'' האָט געזאָגט שיפמאַן. ,,וועסט זיך דאָך אַנטשולדיקן, עלמער?''

,,געוויס,'' האָט עלמער געענטפערט. ,,איך בעט אום אַנטשול־דיקונג. כ'האָב עס נישט געדאַרפט זאָגן.''

,,דו הערסט?'' האָט שיפמאַן געפרעגט.

,,עס מאַכט נישט,'' האָט נאָרמאַן געשטאַמלט. ,,איך וועל אים קריגן.''

,,אָ, דו ביזט צו־שיכּור,'' האָט ראַלף געזאָגט.

נאָרמאַן האָט ווידער געזען פאַר זיך נאָר די ווייטקייט, וועלכע האָט זיך געדרייט, און אויפן האַרצן איז זים געוועזן שווער.

מען האָט אַרויסטעלעפאָנירט: פאַר דער טיר האָט געוואַרט אַ טעקסי. פיליפּס האָט זיך אויסגערופן צו נעמען אים אַהיים.

,,קיינער נישט פון אייך,'' האָט נאָרמאַן אַרויסגעבייזערט. ,,איך האָס אייך אַלעמען! גוד בּיי... ניין, נישט גוד בּיי! גייט צו אַלדי רוחות, דאָס איז וואָס! יאָ, גייט צו אַלדי רוחות!...''

שיפמאַן האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף נאָרמאַנס פּלייצעס:

,,עס טוט מיר לייד, נאָרמאַן! איך פאַרשפרעך דיר, אַז קיינער וועט גאָרנישט דערציילן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דערצייל דו גאָרנישט. פאַרגעס!''

נאָרמאַן האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיינע הענט און איז אַרויסגעלאָפן.

דרויסן האָט אים אויפגענומען אַ פראָסטיקע נאַכט, און עס איז אים געוועזן אָנגענעם אין די קאַלטע כוואַליעס, וועלכע זי האָט אויף אים אָנגעווייט. ער האָט באַצאָלט דעם וואַרטנדיקן טעקסי־מאַן און איז אַוועק אַהיים צופוס, מיט אומזיכערע, וואַקלדיקע און שלע־פּעדיקע טריט, ווי עמיצער וואָלט אים געשטופּט פון הינטן.

ער האָט גאָרנישט געטראַכט, דער פראָסט האָט ווי אויסגע־פּרירט ביי אים יעדע מעגלעכקייט צו טראַכטן. ער האָט געהאַט אַ ציל: די היים — דאָס האָט ער געוואוסט — און איז געשטופּט

געוואָרן צו איר, גאַס נאָך גאַס, נאָר עטלעכע קוואַרטאַלן ביז דער היים. ווען ער האָט דערזען זיין היים, האָט אים עפּעס אַ ריס געטאָן ביים האַרצן, און אין קאָפּ איז אים דורכגעפלויגן: „שוין! אָט דאָ! נישט פיין, נישט פיין... נישט פיין, מיין היים!"

די ווערטער זיינען אים אָנגעקומען צופעליק. ווען ער האָט זיי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, איז אים אויסגעקומען, אַז ער האָט זיי געוואָלט און געזוכט, און זיי זיינען די ריכטיקע ווערטער, וועלכע ער דאַרף זיך זאָגן.

„נישט פיין, מיין היים!" האָט עס אַרויסגעשריען פון אים.

ווען ער איז צוגעקומען צו דער גלעזערנער טיר, האָט ער זיך צוגעדריקט צו איר, אויסגעשפּרייט איבער איר די הענט, איז געבליבן שטיין ווי אַ צלם און האָט אַרויסגעיאָמערט:

„נישט שיין, מיין היים!"

ער איז געשטאַנען לאַנג אַזוי. ווי צוגעפרוירן. דער פראָסט, וואָס האָט אים אַרומגענומען, די צוגעדריקטקייט צו דער טיר, די קאַלטע שויב אונטער זיין שטערן, דאָס אַלץ האָט געווירקט באַרואיקנדיק אויף אים און אָפּגעקילט אין אים יעדן חשק צו באַוועגן זיך. אפשר זאָל ער אַזוי אָפּשטיין די גאַנצע נאַכט? יאָ, ער וועט אַזוי אָפּשטיין די גאַנצע נאַכט, ביז... ביז... ביז די מאַמע וועט קומען... עס האָט אים דורכגעשווידערט איבערן גאַנצן רוקנביין, ער איז שיר נישט אָפּגעפאַלן פון דער טיר. אָבער ער האָט זיך שטאַרקער צוגעדריקט און איבערגעחזרט זיך: יאָ, ביז די מאַמע וועט קומען...ווען וועט זי קומען? „ווען וועסטו קומען, מאַמע? ווען?"... אַ שיכּורע געוויס... אָט ווי אין יענער נאַכט... אָט אַזוי ווי ער איצט... אַ שיכּורע... און מיט איר אין אויטאָ וועט זיצן אַ שיכּורער באַגלייטער... געוויס... געוויס דאָך... „מיט וועמען וועסטו אָנקומען, שיכּורע מאַמע?... מיט וועמען, שיכּורע מאַמאַ?!"

ער האָט דאָס צוערשט אַרויסגערעדט, דערנאָך בעסדיק אַרויסגעשריען. דער פּאָליסמאַן, וועלכער איז דאָ דורכגעגאַנגען זיין שמירה־וועג, איז צוגעגאַנגען צו אים.

„וואָס איז עס? וואָס שרייט איר? פאַרוואָס שטייט איר אַזוי?"

נאָרמאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער טיר, אַרויסגענומען דעם טיר־שליסל און איבערגעגעבן דעם פּאָליסמאַן, וועלכער האָט

אויפגעשלאָסן פאַר אים די טיר און אַריינגעפירט אים אין הויז.

„עס האָט געמוזט זיין אויסגעצייכנטער שטאָף," האָט דער פּאָליסמאַן אים געזאָגט. „און איר האָט געמוזט זיין אין אַ געשלעג אויך... פּראָהיביבישן אַביסל!"

נאָרמאַן האָט זיך צולאַכט, אומגעקוקט זיך אויף דעם פּאָליס־מאַן און צוגעוואונקען אים אַ גוטע נאַכט. דעם פּאָליסמאַנס ווער־טער האָבן אים צושטרויט, אַרויסגעשלאָגן פון זיין קאָפּ די מאַמע און איר אָנקום. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און ווידער צולאַכט זיך: „פּראָהיביבישן אַביסל!"

### 7.

אויף מאָרגן נאָך דעם געשלעג האָט נאָרמאַן געפילט, אַז ער קאָן נישט גיין אין קאָלעדזש. ער קאָן זיך נישט טרעפן מיט זיינע נעכטיקע חברים, קאָן זיי אין די אויגן גלייך נישט קוקן, און זייערע שפּאָט־בליקן הינטער זיין רוקן וועלן אים גאַנץ נערוועז מאַכן, וועלן אים אַריינטרייבן אין משוגעת. די הינט! זיי וועלן דאָך געוויס ווייטער דערציילן, דער סקאַנדאַל און זיין אורזאַך וועט ווערן אַלעמענס סוד, און זיין גאַנג צווישן די פילע ווייסער וועט ווערן אַ יסורים־גאַנג.

האָט ער געפּאַסט אַ באַשלוס, פון וועלכן עס האָט אים פאַר־קוועטשט אין האַרץ, און ער האָט שיר נישט אויפגעיאָמערט. ער וועט נישט מער שטודירן. אוים קאָלעדזש! גוד־ביי... ער וואָלט נאָ־טירלעך געקאָנט אַריבערטראָגן זיך אין אַן אַנדער קאָלעדזש און אפילו אין אַן אַנדער שטאָט. אָבער דאָס וואָלט געווען פאַרבונדן מיט צופיל פראַגן, מיט צופיל נאָכפאָרשונגען. ווען ער הערט אויף אינגאַנצן צו גיין אין קאָלעדזש, האָט ער די בעסטע דערקלערונג. אַ יאָר פאַר ענדיקן קאָלעדזש, האָט ער געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז דער קאָלעדזש גיט אים גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט. דער גאַנצער קאָ־לעדזש איז נאָר צייט־פאַרלוסט. ער איז שוין צוואַנציק יאָר אַלט און וויל זיך באַקענען מיט אַלע געשעפטן פון דער פירמע מאָרי עדאָן. זיין צוקונפט ליגט סיי־ווי־סיי אין דער דאָזיקער פירמע.

ער האָט איינגעחזרט אין זיך די דאָזיקע דערקלערונג, מיט

פּאַרבּיסענע ציין, מיט בּרענענדיקע אויגן, מיט דריקנדיקן האַרץ. די דערקלערונג האָט געמוזט ווערן זיין אמת, דער פונדאַמענט פון אַ נייעם לעבּן.

מאָרי איז נאָר אויף אַ מאָמענט געווען אַבּיסל איבּערראַשט איבּער דעם באַשלוס פון זיין זון, בּאַלד אָבּער איז ער אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד. ער האָט שוין לאַנג געוואָלט האָבּן נאָרמאַנען לעבּן זיך אין זיין אָפיס. און נאָרמאַנס דערקלערונג האָט אים שטאַרק הנאה געטאָן.

,,עס איז גוט, וואָס דו האָסט זיך אַליין דערטראַכט דערצו,'' האָט ער צופרידן געזאָגט, און בּאַלד צוגעגעבּן מיט אַ געוויסער װאַרמקייט: ,,דיין פּלאַץ וואַרט שוין לאַנג אויף דיר.''

דער טאָן פון מאָרים ווערטער, זיין פרייד און צופרידנקייט, האָבּן גוט געטאָן נאָרמאַנס געמיט. עס איז אים פאַרגעקומען, אַז צופעליק האָט ער געטאָן דאָס ריכטיקע, וואָס ער האָט שוין לאַנג בּאַדאַרפט טאָן. די צוגעטראַכטע דערקלערונג איז געוואָרן טאַקע אמתער אמת.

אָבּער סילוויאַ האָט חושד געווען, אַז די דערקלערונג איז אַ צוגעטראַכטע. עפּעס איז פאָרגעקומען, וואָס טרייבּט אים אַרויס פון קאָלעדזש. ווען די דערקלערונג וואָלט געווען אמת, פאַרוואָס רעדט ער אַזוי טרויעריק? פאַרוואָס מיידט ער אויס אירע בּליקן? איז עס נישט דערפאַר, ווייל ער קאָן קיין ליגן נישט זאָגן?

,,איז עס ווירקלעך די אורזאַך?'' האָט זי געפרעגט, שאַרף אָנקוקנדיק אים.

ער איז רויט געוואָרן און געענטפערט מיט אַ פראַגע:

,,דענקסטו נישט, אַז עס איז פאַר מיר גלייכער צו זיין מיט פּאַפּאַ אין געשעפט?''

איצט האָט זי געוואוסט, אַז מיט אים האָט וואָס געטראָפן.

,,קאָנסט מיר נישט זאָגן דעם אמת?'' האָט זי געפרעגט.

נאָרמאַן האָט זי שאַרף אָנגעקוקט, איז רויט און בּלייך געוואָרן.

זי האָט זיך אָנגעשטויסן דעם ענטפער, פאַרלעגן אָפּגעשמייכלט און אַרויסגעשטאַמלט:

,,וואָלטסטו נישט געוואָלט אין אַן אַנדער קאָלעדזש?''

ער האָט געוואָלט זאָגן איר עטוואָס הארבעס, זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט. פארוואָס וויל זי נישט אויפנעמען זיין דער־קלערונג? וואָס פייניקט זי אים? אָבער ער האָט בלויז צוזאַמענגע־ביסן די ציין און בייז ארויסגערעדט:

„ניין.‟

„איז ווי דו ווילסט זיך!‟ האָט זי גלייכגילטיק אָפגעשניטן און אויפגעהערט צו רעדן.

דער זיידע נח און באָבע מערע האָבן זייערע אויערן נישט געוואָלט גלויבן.

„וואָס עפּעס פּלוצלונג? דו האָסט דאָך אַזוי געליבט דאָס שטודירן?!‟

מיט פארגעניגן וואָלט ער זיי ארויסגעפּאַלן אויפן האלז און אויסגעוויינט דעם ווייטיק פון זיין לעבן. אָבער ער האָט זיי נישט געטאָרט אויפדעקן, וואָס פאַר זיי איז געוועזן און געדארפט בלייבן א סוד.

אָבער אָנקל אָסקאר האָט געזאָגט:

„זייער ריכטיק. וואָס פריער דו וועסט אריינקומען אין טאַטנס פירמע, אַלץ בעסער. הויב אָן פון אונטן, גאַנץ פון אונטן. געדארפט דאָס נאָך טאָן, ווען דו ביסט געוועזן זיבעצן, גלייך פון דער הויכשול. וואָס יינגער, אַלץ בעסער. געדארפט אָנהויבן פון א שיק־יינגל — דאָס איז די ריכטיקע שולע. אָבער מיט צוואַנציק יאָר איז אויך נאָך נישט שפּעט. מאָרי עדאַנס זון דארף נישט קיין אוניווערזיטעטן. וועסט ביי דיין טאַטן מער ארויסלערנען, ווי ביי די גרעסטע פּראָ־פעסאָרן. איך גראַטוליר דיר צו דיין באַשלוס‟.

טשארלז האָט גערעדט, ווי ער וואָלט עפּעס געאַנט.

„אַזאַ באַשלוס,‟ האָט ער שטיל געזאָגט, „מאַכט מען, ווען עפּעס איז אין אונז געבראָכן. דער עיקר, ווען מען ליבט אַזוי די בי־כער, ווי דו. דו ווייסט מסתמא, פארוואָס דו טוסט עס.‟

דאָך די גוטע פריילעכע טאַנטע גאָלדי איז געוועזן איראָניש און שטעכיק.

„טאַקע,‟ האָט זי געזאָגט, „א מולטי־מיליאָנערס א זון זאָל שטודירן! די וועלט מוז האָבן איר אויסגלייך: געלט פאַר דעם רייכנס

זון, וויסנשאפט און קענטעניש פאַר דעם אָרימאַנס. ווען דו וואָלסט שטודירט, נאָרמאַן, וואָלסטו נאָך צושטערט דעם דאָזיקן אויס־גלייך.״

צום גליק האָט קיינער נישט באַמערקט זיינע טרערן.

צווייטער קאַפּיטל.

# ל י ב ע.

.1

אַ פּאָר טעג נאָך זיין אַרויסטריט פון קאָלעדזש איז נאָרמאַן געזעסן אויפן גרויסן לעדערנעם פאָטערשטול אין זעלדאַס צימער. און זעלדאַ איז געזעסן ביי אים אויף די קני און האָט געזאָגט:

„איך ווייס, פאַרוואָס דו האָסט פאַרלאָזן דעם קאָלעדזש.“

„ניין!“ האָט נאָרמאַן אויסגעשריען מיט שרעק. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מען זאָל ווייסן, און געריכט זיך, אַז מען וועט ווייסן, און מורא געהאַט פאַר דעם מאָמענט, ווען ער וועט אויסגעפינען, אַז מען ווייס.

„עלמער האָט דערציילט,“ האָט זעלדע רואיק געזאָגט.

„דער הונט! וואָס האָט ער דערציילט?“

„פון דעם געשלעג. זעקס זיינען זיי געוועזן קעגן דיר איינעם. ער האָט געזאָגט, אַז דו האָסט געוואָלט אים דערשלאָגן מיט אַ פלאַש...“

„פאַרוואָס האָב איך עס נישט געטאָן!“ האָט נאָרמאַן כמעט אַרויסגעקרעכצט.

„ווען איינער פון זיי וואָלט נישט באַמערקט אין דער צייט, וואָלסטו אים געוויס דערשלאָגן.“

„ווי ער האָט פאַרדינט.“

„אָבער איינער פון זיי האָט באַמערקט אין דער צייט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג — דו איינער אַנטקעגן זעקס... און עס האָט געדויערט, ביז זיי האָבן דיך געקאָנט באַזיגן און אַוועקלייגן, און זאַלבאַפערט האָבן זיי געמוזט זיצן אויף דיר און צוהאַלטן דיך. אָ, איך האָס עלמערן!“

זי האָט אים אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס און צוגעדריקט זיך צו אים.

„פאַרוואָס האָסטו אים געוואָלט דערשלאָגן?" האָט זי אומשולדיק אַ פרעג געטאָן.

אין נאָרמאַנען האָט אויפגעהעלט.

„האָט עלמער נישט דערציילט?" האָט ער געפרעגט.

„ער האָט געזאָגט, אַז איר זייט געווען שיכּור."

„האָט ער דאָך יאָ דערציילט," האָט נאָרמאַן געזאָגט און נישט געקוקט אויף איר.

„איז דאָס אַלץ?" האָט זי געפרעגט אַנטוישט.

„מיר זיינען געווען אַלע טויט־שיכּור, האָבן נישט געוואוסט, וואָס מיר האָבן גערעדט, וואָס מיר האָבן געטאָן..."

„אָ, איך וואָלט אויך געוואָלט אַמאָל זיין אַזוי שיכּור!" האָט זי אויסגערופן. „דאָס מיז זיין עפּעס גאַנץ הערלעך!"

„רעד נישט קיין נאַרישקייטן!" האָט ער האַרט איבערגעריסן איר באַגייסטערונג. „דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט. דאָס איז נישט בלויז נישט הערלעך, דאָס איז אַפילו עקלהאַפט."

„דאָס איז נישט אַזוי!" האָט זי פּראָטעסטירט. „און אַז דו טוסט עס, מעג איך עס אויך טאָן."

„איך האָב עס געטאָן, אָבער איך האָס עס," האָט ער געזאָגט. „און אויסערדעם בין איך עלטער פאַר דיר, און איך בין אַ מאַנסביל."

„דאָס איז אַלץ אומזין," האָט זי דערווּוּנדערט. „דאָס קאָנסטו זאָגן דער באָבע מערע, אָבער נישט מיר."

ער האָט דערפילט דעם קאָמיזם פון איר ערנסטקייט און אויפגעלאַכט. ער איז אַזש לוסטיק געוואָרן און אָנגעקוקט זי אין זיין לוסטיקייט, אַפּרוקנדיק זי אַביסל פון זיין געזיכט. אויף זיינע קני איז געזעסן אַ יונגע מיידעלע, וואָס האָט געקאָנט אָנגיין אַלס יינגל, ווען נישט אירע מיידלשע קליידער. דין און שמעכטיק, אַטלעטיש בוויגזאַם, די ברוסטלעך אומאַנטוויקלט האָבן זיך קוים אָפּגעצייכנט פון אונטער איר דינער בלוזע, און די האָר, די לאַנגע האָר פון דעם נקבה־מין, זיינען געווען יינגליש אָפּגעשאָרן, זייער קורץ פון הינטן

און אביסל א גרעסערע שעוועליורע פון פאָרנט. ער האָט איצטער ערשט באמערקט, אז זי טראָגט די האָר ווי ער.

,,אָ, דו ליבלינג!" האָט ער געזאָגט און צוגעצויגן זי צו זיך.

זי האָט זיך א צי געטאָן צו זיינע ליפּן און ארויפגעדריקט אויף זיי א קוש.

עס האָט אים פארשווינדלט אין קאָפּ, און ער האָט געמוזט צו־מאכן די אויגן, און עס איז אים געוואָרן אומבאקוועם צו האלטן זי אויף זיינע קני. אָבער ער האָט זיך געשטארקט, באזיגט שווינדל און אומבאקוועמלעכקייט — זי זאָל גארנישט באמערקן.

,,דו ווייסט, אז איך ליב דיך," האָט זי רואיק ארויסגערעדט.

,,געוויס ליבן מיר זיך," האָט ער געענטפערט. ,,מיר האָבן זיך שטענדיק געליבט, פון גאנץ קליין אָן."

,,און מיר וועלן חתונה האָבן, ווערן מאן און ווייב," האָט זי ווייטער גערעדט, א קליין ביסל אויפגערעגט.

זיין מאַמע איז ארויפגעשטיגן פון זיין אונטערבאוואוסטזיין, זיין מאַמע אין דעם ביבליאָטעק־צימער, אָבער ער האָט זיך גע־מאכט נישט זעענדיק און געזאָגט, אויך אביסל אויפגערעגט:

,,דאָך נישט איצט, נישט באלד, דו ביזט ערשט פופצן."

,,שוין פופצן און פינף חדשים," האָט זי אים פארבעסערט, ,,אָבער נאַטירלעך נישט איצטער, נישט גאָר באלד."

,,און ווען עס וועט קומען די צייט, וועסטו מיך אפשר נישט וועלן."

,,רעד נישט קיין נארישקייט! ווען דען וועל איך וועלן?"

,,אָ, דו קאָנסט נאָך ווען אָנטרעפן..."

,,עס הויבט זיך נישט אָן. איך וויל קיינעם נישט אָנטרעפן!"

,,איך בין אן עלטער מאן. מיט פינף יאָר עלטער פאר דיר."

,,פינף יאָר מאכן נישט אויס. עס זיינען פאראן מענער, וועלכע זיינען נאָך א סך עלטער פאר זייערע ווייבער."

,,און דו קאָנסט אָנטרעפן א שענערן פאר מיר."

,,א שענערן פאר דיר? איך וואָלט געוואָלט זען, ווער דאָס איז."

,,וועסט שוין זען."

,,הער אויף צו רעדן! מאכסט מיך אין כעס."

זי האָט אָנגערוקט איר געזיכט און דערווייל אָנגעקוקט נאָר־מאַנען, צו זען, ווי שיין ער איז און צי איז עמיצער שענער פאַר אים, און געפילט זיך אַזוי צוגעצויגן צו אים, אַזוי דערוואַרעמט פון אים — און דערביי געפילט אַזאַ ציענייש אין האַרצן. זי האָט זיך ווידער צוגעצויגן צו זיינע ליפּן און אַרויסגעדריקט אויף זיי אַ קוש און נישט געלאָזן אים אָוועקנעמען זיי.

ער האָט ווידער פאַרשפּירט דעם שווינדל אין קאָפּ און באַהאַלטן אים פון איר אין איר לאַנגן קוש.

„איצט זיינען מיר חתן־כלה," האָט זי ענדלעך געזאָגט. „יאָ?"

„יאָ." האָט ער שטיל געענטפערט.

אוים קוזין און קוזינע — חתן און כלה איצט. ער האָט זי אַראָפּגעלאָזן פון זיינע קני, איז אויפגעשטאַנען. נייע באַציאונגען, נייע געפילן. אָט די, וועלכע האָט זיך מיט אַ שעה צוריק אַזוי אומשולדיק אַרויפגעזעצט אויף זיינע קני, ווי זי וואָלט געוועזן זיינע אַ ייִנגערע שוועסטער, וועט זיין זיין ווייב. מיט איר וועט ער דערלעבן דאָס, וואָס האָט שטענדיק אַריינגעטריבן רויטקייט אין זיין געזיכט, ווען זיינע חברים האָבן גערעדט. מיט איר וועט ער דערלעבן... מערקווירדיק, דאָס זכרון ־ בילד, וואָס האָט אים אויפגערודערט ביי יעדער דערנענטערונג צו אַ מיידל, האָט אים איצט נישט באַאומרואיקט. די מאַמע איז פאַרשוואונדן, זעלדע האָט איצט געמאַכט קלאַפּן זיין האַרץ.

זעלדע... זעלדע וועט עס זיין!... אַביסל האָט ער עס געזאָגט נאָך יענעם זונטיק נאָכמיטיק, ווען עלמער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי איז שוין אַ גרויסע. איצט איז עס שוין באַשטימט. ווי איינפאַך דאָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן! אַ קוש, אַ וואָרט, און אָט!... ווי אַנדערש האָבן איצט זיינע אויגן געקוקט אויף איר! געמוזט אַנדערש קוקן... זיי האָבן עפּעס געזוכט, עפּעס אָנגערירט...

„ווי מאָדנע דו קוקסט אויף מיר," האָט אים זעלדע געזאָגט, „פאַרוואָס אַזוי פאַרלאָרן?"

זי איז צוגעטראָטן האַרט צו אים, האָט אים אַרויפגעקוקט אין די אויגן.

ער האָט געוואָלט אַרויפלייגן אויף איר זיינע הענט און עפּעס נישט דערוועגט זיך, אַראָפּגעלאָזן זיי, פאַרלייגט זיי אויף הינטן.

„איך בין אזוי גליקלעך!“ האָט ער ווייך געזאָגט.

„טאָ זעץ זיך און נעם מיך צוריק אויפן שויס.“

זי האָט אים אַראָפּגעשטופּט צוריק אויף דעם גרויסן שטול, אַרויפגעשפּרונגען אויף זיינע קני, אַרומגענומען אים מיט ביידע אָרעמס.

„אזוי איז בעסער,“ האָט זי געזאָגט. „ווען איך וועל דיך וועלן קושן, וועל איך עס לייכט קאָנען טאָן און נישט דאַרפן ציען זיך אַרויף. דו ביזט אַזאַ הויכער, אָבער איך בין אויך נישט קיין קליינינקע.“

זי איז אַ גרויסע, אָבער וויים גאָרנישט, האָט נאָרמאַן גע־טראַכט, און דאָס איז גוט. וועט זיין אַ סך לייכטער.

ער האָט געוואָלט בלייבן קוזין און עלטערער ברודער אויף אַ לענגערער צייט נאָך.

זי איז געזעסן אויף זיינע קני מיטן קאָפּ אויף זיין ברוסט, אירע אָרעמס אַרום אים און זיינע אָרעמס אַרום איר, און האָט עפּעס געטראַכט און באַלד אָנגעהויבן צו רעדן:

„דו מיינסט, איך וויים נישט...“

ער האָט אויפגעציטערט.

„וואָס מיינסטו?“

„איך וויים! און דו ווייסט עס געוויים, ווייל דו ביזט אַ סך עלטער.“

ער האָט געצווייפלט, צי פאַרשטייט ער ריכטיק, וועגן וואָס זי רעדט. אָבער ער האָט מורא געהאַט צו פרעגן. דאָס זיינען דאָך די געשפּרעכן, וועלכע ער האָט שטענדיק אויסגעמיטן. דאָך זי האָט צוגעגעבן:

„אָבער איך ליב עס נישט, דערפאַר וועלן מיר נאָך נישט חתו־נה האָבן.“

יאָ, זי וויים... איצט איז זי אים געוואָרן אַ שווערע לאַסט אויף די קני, אָבער אָנשטאָט אַראָפּצולאָזן זי, האָט ער זי שטאַרקער צו־געדריקט צו זיך און איינגעגעסן זיך אין אירע ליפּן.

זיי האָבן באַשלאָסן צו האַלטן זייער חתן־כּלהשאַפט בסוד. איינגנטלעך — זי האָט עס באַשלאָסן.

„עס איז גוט צו האָבן אַ סוד," האָט זעלדע געזאָגט. „לאָזן זיי דענקען, אַז איך בין נאָך אַ קליינע שול־מיידל, אָבער איך בין שוין אַ כּלה, און אַז איך וועל ווערן..."

זי האָט אויפגעלאַכט און צוגעדריקט אים צו זיך:

„אָ, עס איז אַזוי גוט!"

אָבער ווען זיי זיינען שבת אַוועקגעגאַנגען פון זייער באַזוך ביי זיידע נח און באָבע מערע, האָט נח אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן מויל און איינגעקלעמט זיינע ליפּן, און מערע האָט אַרויס־געזיפצט: „יאָ!" נח האָט אויף איר אויפגעהויבן די אויגן.

„איך גלויב, אַז מיר טראַכטן דעם זעלביקן געדאַנק," האָט ער געזאָגט.

„ווי געווײנלעך," האָט זי געענטפערט.

„אינטערעסאַנט, וואָס האָסטו אַרויסגעזאָגט?"

„און וואָס האָסטו אַזוי אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן מויל?"

„זאָג עס דו די ערשטע," האָט זיך נח געבעטן.

„אונז וועט דאַכט זיך באַלד קומען אַ מזל־טוב," האָט מערע שטיל אַרויסגערעדט.

„עפּעס איז צווישן זיי, וואָס האָט נישט געדאַרפט זיין," האָט נח אַרויסגעזיפצט.

„גאָר ווי אין די אַלטע דורות," האָט מערע געזאָגט. „יונגע קינ־דער, אַ מיידל פון פופצן..."

„זעלדע איז נישט קיין ווייב פאַר נאָרמאַנען און ער איז נישט קיין מאַן פאַר איר," האָט נח רעזאָנירט. „ער דאַרף האָבן אַ פרוי מיט אַ גוטן האַרץ און אַ גוטער נשמה, און זי דאַרף האָבן אַ מאַן מיט אַ שטאַרקער האַנט."

„אַמאָל האָבן זיי די עלטערן יונג חתונה געמאַכט, היינט מאַכן זיי זיך אַליין יונג חתונה," האָט מערע געטענהט אירס.

„ווייסן עס מאַרי און אָסקאַר, אָדער ווייסן זיי עס נישט?" האָט נח זיך פאַרקלערט.

„געוויס נישט," האָט געענטפערט מערע. „ווען זיי וואָלטן עס געוואוסט, וואָלטן מיר עס אויך געוואוסט. און אויסער דעם, האָסטו דען נישט באַמערקט, אַז נאָרמאַן און זעלדע ווילן עס האַלטן בסוד?"

„ביזטו צופֿרידן מיטן שידוך?״ האָט נח געפֿרעגט.

„און אַז איך בין נישט צופֿרידן?״ האָט מערע אָפּגעענטפֿערט.

„יאָ,״ האָט נח אויפֿגעזיפֿצט. „איך וועל זיך פּרואוון דורכ־רעדן מיט אָסקאַרן.״

„טו עס נישט,״ האָט מערע געזאָגט. „די קינדער האָבן הנאה פֿון זייער סוד, זאָלן זיי אים האָבן.״

און אין דער אייגענער צייט, האָט זעלדע געזאָגט צו נאַרמאַנען:

„איך האָב פֿיינט צו גיין צו זיידע נח און באָבע מערע.״

„פֿאַרוואָס?״ האָט נאַרמאַן כמעט אויסגעשריען, גאַנץ דער־שטוינט.

„זיי האָבן אונדז אַזוי אָנגעקוקט, גלייך זיי וואָלטן געוואוסט.״

„מיר זיינען אויך געווען אַביסל אומפֿאַרזיכטיק,״ האָט נאַר־מאַן געזאָגט.

„אָבער זיי דאַרפֿן גאָרנישט זען,״ האָט זיך זעלדע געבייזערט.

„זיי האָבן טאַקע קיין וואָרט נישט געזאָגט. ווי זיי וואָלטן גאָרנישט באַמערקט,״ האָט נאַרמאַן פֿאַרטיידיקט דעם זיידן מיט דער באָבען.

„ווען זיי וועלן רעדן וועגן אונדז צו אונדזער עולם, וועל איך צו זיי מער נישט גיין.״

„זיי נישט שלעכט!״

„אָ, איך קאָן זיין אַזוי שלעכט!״ האָט זי אויסגערופֿן.

„צו מיר אויך?״

„דו ליבלינג!״ האָט זי געענטפֿערט, און צוגעדריקט זיך צו אים ווי אַ קעצל.

„דו מוזט זיין גוט צו מיר,״ האָט ער געזאָגט. „מוזט מיך שטאַרק ליבן. איך דאַרף עס. מיין האַרץ איז מיר אָפּט אַזוי שווער...״

.2

זיין האַרץ איז אים שטענדיק געווען שווער און איז נאָך שווערער געוואָרן, זייט ער האָט פֿאַרלאָזט דעם קאָלעדזש און אין

אריין צום טאַטן אין אָפיס, ביים פלאַץ, וואָס האָט שוין לאַנג גע־וואַרט אויף אים.

דער טאַטע האָט אים דאָרטן אויפגענומען גוט און פריינטלעך, מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויף זיינע ליפּן. ער האָט זיך אַליין מטריח געווען און דורכגעפירט אים דורך די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון זיין ריזיקן אָפיס און פאָרגעשטעלט אים:

„מיין זון נאָרמאַן!"

עס איז געווען אַפילו שטאָלץ אין דעם טאָן, מיט וועלכן ער האָט פאָרגעשטעלט זיין הויכגעוואַקסענעם שיינעם זון מיט די טיפע פאַרטראַכטע בלויע אויגן, און לאַסקע אין דעם בליק, מיט וועלכן ער האָט אים אָנגעקוקט. און דער צופרידענער שמייכל אויף זיינע ליפּן האָט זיך נאָך ברייטער געמאַכט ביים אָנבליק פון דעם איינדרוק, וועלכן נאָרמאַן האָט געמאַכט אויף דעם עולם. עס איז געווען קענטיק, אַז מאָרי עדאָן ליבט זיין זון.

נאָרמאַן האָט געפילט דעם טאַטנס טאָן, געזען זיין בליק און שמייכל, און אַ גרויסע ווייכקייט איז אריין אין זיין האַרץ. אַמ־בעסטן וואָלט ער גענומען זיין פאָטער אונטערן אָרעם, צוגעדריקט אים צו זיך, און וואָלט מיט אים אַזוי אַרומגעגאַנגען פון אָפּטיילונג צו אָפּטיילונג, ווי אַ געליבטע מיט אַ געליבטן. אָבער ער האָט זיך עס נישט דערוועגט צו טאָן, און אויסערדעם, האָט דעם טאַטנס שטילקייט און וואָרט־קאַרגקייט, ווען זיי זיינען געגאַנגען פון אָפּ־טיילונג צו אָפּטיילונג, געלייגט זיך שווער אויף אים. דער טאַטע האָט אים גאָרנישט וואָס צו זאָגן, האָט פאַר אים קיין פאָטער־וואָרט נישט, איז אים פרעמד...

ווען מאָרי האָט אים ענדלעך צוגעפירט צו דעם שרייב־טיש, וועלכער האָט געוואַרט אויף אים, האָט ער אים געזאָגט:

„די פירמע „מאָרי עדאָן, אינקאָרפּאָרייטעד" האָט אַ סך גע־שעפטן. ביי דעם טיש דאַרפסטו מיט זיי באַקאַנט ווערן. קאָנסט עס טאָן ביסלעכווייז און נישט געאיילט. נעם אויף, וואָס דו ווילסט."

בלייבנדיק אַליין ביי זיין טיש, האָט נאָרמאַן זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזן. ער האָט געבענקט נאָך זיינע ביכער און זיין שטודירן. ער איז נישט פאַר געשעפטן. ער איז פאַר ביכער. פאַר לייענען, פאַר שטודירן, פאַר גאָרנישט טאָן, פאַר אָוועקהרגענען

צייט. ערשט דאָ ביים שרייב־טיש, איבער וועלכן עס האָבן געשוועבט די דריקנדיקע גייסטער פון ריזן־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אַנגעטראָפן צענדליקער און צענדליקער מיליאָנען, האָט ער זיך דערפילט פאַר איבעריק. די גייסטער זיינען ארויסגערופן געוואָרן נישט פון אים און וועלן נישט פון אים געפירט ווערן. זיי וועלן טאָן זייער אַרבעט ווייטער און ווייטער, צי ער וועט זיצן ביים שרייב־טיש אָדער נישט. וועט ער כאָטש די דאָזיקע גייסטער קאָנען אויפ־נעמען און פאַרשטיין? זיי זיינען נאָר מיט דעם, וואָס ליבט זיי. און ער וועט זיי קיינמאָל נישט ליבן. זיי זיינען אים פרעמד, זיי פאָדערן ענערגיע, שטאַרקע האַנט, קאָנצענטרירונג פון קאָפּ און ווילן. ער האָט עס נישט פאַר זיי. זיי זיינען אים צו רוישיק און צו טומלדיק, צו באַפעלעריש און גיריק. זיי דאַרפן אים נישט האָבן, און ער דאַרף זיי נישט. פאַרוואָס איז ער געקומען אַהער?

אָבער ער האָט געפילט אויף זיך צוויי טיפע אויגן מיט אַ בליק, וואָס איז געווען שאַרף ווי די קלינג פון אַ שווערד אין אַ שווערד־פאַרהערלעכנדיקן ליד. זיצן ביים שרייב־טיש און לייענען אַ בוך וועט נישט גיין. ער מוז זיך צוזאַמענגעמען, באַקאַנט ווערן מיט די גייסטער, וועלכע טומלען זיך איבער דעם שרייב־טיש פון אַ מיליאָ־נען ־ פירמע.

זאָל ער אָנהויבן, ווי דער טאַטע, מיט מאַנופאַקטור? אָדער אָנהויבן מיט דעם, צו וואָס דער טאַטע איז לעצטנס ארויפגעשטיגן: מיט וואָלקן־קראַצער־געבוי?

די וואָלקן־קראַצער האָבן פאַרכאַפּט זיין פאַנטאַזיע. עס איז געווען אין דעם עפּעס סימבאָלישעס פאַר אים. איינער, וועלכער פילט זיך פאַר איבעריק, וועט זיך דראַפּען צו די וואָלקנס... יאָ, אזוי וועט עס זיין. ער וועט אָנהויבן מיט זיין פאָטערס לעצטער דער־גרייכונג און וועט ביסלעכווייז און לאַנגזאַם דורכגיין אויף צוריק דעם פאָטערס לאַנגן טריאומף־וועג, אויף צוריק באַקאַנט ווערן מיט אַלע געשעפטן פון זיין טאַטן. גוט, ער וועט זיך נעמען צו שטודירן דעם ענין פון די וואָלקנקראַצער, וועלכע זיין פאָטער בויט איינעם נאָך איינעם. פאַרוואָס טוט עס דער טאַטע? ווי אַזוי זוכט ער זיך אויס די פּלעצער, וואו ער שטעלט זיי אויף? פאַרוואָס בויט ער אין איין פּלאַץ אַ עטלעכע און פערציק שטאָקיקן וואָלקנקראַצער און

אין אַן אַנדערן פּלאַץ אַ פּיל קלענערן? ווי קומט ער צום בויען? ווי מאַכט ער זיינע קאָנטראַקטן?... און נאָך און נאָך פראַגן, אויף וועלכע ער וועט מוזן זוכן אַן ענטפער. דאָס וועט דאַרפן זיין אַ סי־סטעמאַטישע אַרבעט, אַן אַריינאַרבעטן זיך אין דער בראַנזשע מיט אַ סדר און אַ טאַלק...

,,הייליקער גייסט פון וואָלקנקראַצער, שטיי מיר בײַ! לאָז זיך אַראָפּ אויף מיר און באַלויכט מיר מיין וועג! העלף מיר, אַז יענע טיפע אויגן מיט דעם שווערד־שאַרפן בליק זאָלן שיינען צו מיר מיט גנאָד! זײַ מיט מיר אַזוי, אַז איך זאָל פאַרגעסן, אַז איך בין אַן איבעריקער מענטש! אָ, טויזנט מאָל הייליקער גייסט פון וואָלקנ־קראַצער־אינדוסטריע!...''

דאָס איז געווען די תּפילה פון נאָרמאַן עדאָן אין דעם טאָג, ווען ער האָט באַשלאָסן אַריינצוטרעטן און נענטער באַקאַנט צו ווערן מיט דער אָפּטיילונג פון זיין טאַטנס געשעפטן, וועלכע האָט געהייסן: ,,מאָרי עדאָן קאָנסטראָקשאָן קאָמפּאַני'' (מאָרי עדאָנס בוי ־ געזעלשאַפט).

.3

ווידער איז זעלדע געזעסן אויף נאָרמאַנס שויס, אירע הענט אַרום זיין נאַקן, זיינע הענט אַרום איר טאַליע, און זי האָט גע־זאָגט צו אים:

,,אָ, ליבלינג, איך ווייס, פאַרוואָס דו האָסט געוואָלט דער־מאָרדן עלמערן, און עס איז אַרויסגעקומען דער געשלעג!''

ער איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ געביסענער. זי איז איבערראַשט געוואָרן, אָבער האָט נישט אָפּגעלאָזן אירע הענט פון אַרום זיין נאַקן. ער האָט זיי מיט געוואַלד אַראָפּגעריסן פון זיך און אַוועק־געדרייט זיך צום פענסטער אין גרויסער אויפרעגונג.

,,וואָס איז? וואָס אַזוי די אויפרעגונג?'' האָט זי געפרעגט.

,,עס פרייט מיך, וואָס דו פאַרשטייסט נישט,'' האָט ער אַרויס־געבורמט.

,,אַזוי אַפילו,'' האָט זי אויסגערופן כמעט באַליידיקט. ,,איך פאַרשטיי שוין יאָ!''

„איז נאָך ערגער."

„מאַך זיך נישט נאַריש! אַלע ווייסן וועגן דיין מאַמען."

„איך בעט דיך, רעד נישט!"

זיין פּנים האָט געברענט, זיינע הענט האָבן זיך געקרימט.

זי האָט געפילט ווי אין אירע שפּיי־יאָרן: ווען מען האָט אויף איר אָנגעשריען, האָט זי עס נאָך מער געטאָן.

„זיי נישט קיין בייבי," האָט זי געזאָגט. „מען דערציילט זיך אַן אַזעלכע מעשיות וועגן דיין מאַמען..."

ער האָט זיך אומגעדרייט צו איר און אָנגעקוקט זי מיט בייזע אויגן און הארטן געזיכט:

„רעדסטו נאָך אַ וואָרט, אַנטלויף איך און קום נישט ווידער."

ער האָט זיך אויך גלייך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. זי האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

„ניין, ניין! איך וועל נישט רעדן מער!"

אַריבערגעוואָרפן אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז, געלאַשטשעט זיך און אַרויפגעקוקט צו אים מיט זיבן חנען אין אירע אויגן:

„אָ, דו האָסט מיר אַזוי ווי געטאָן!" האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

זי האָט אַרויפגעדריקט אַ קוש אויף זיינע ליפּן און אָנגעהויבן זיך צו בעטן:

„קוש מיך! קוש מיך!"

ער האָט איר אַ קוש געטאָן.

„ניין, שטאַרקער, הייסער!"

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און לאַנג געקושט. זי האָט אים צוגעשטופּט צום שטול, אַראָפּגעדריקט אים און ווידער אַרויפגעזעצט זיך אויף זיינע קני, מיט אירע אָרעמס אַרום זיין נאַקן און זיינע אָרעמס אַרום איר טאַליע.

„און אַזוי האָסטו געוואָלט אַנטלויפן פון מיר."

„דו זאָלסט קיינמאָל צו מיר נישט רעדן פון דעם."

„פון וואָס?"

„פון וואָס דו האָסט אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר."

„פון וואָס האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן צו דיר?"

„דו שלעכטע מיידל!"

„פאַרוואָס ווילסטו מיר נישט זאָגן?"

„זיי נישט אַזוי קלוג און הער בעסער אויף."

„אָ, דו בייבי!" האָט זי אויסגערופן און צולאַכט זיך.

איר געלעכטער האָט אים ווי געטאָן, זיין געזיכט האָט זיך פאַרקרימט.

„ווען דו וואָלסט פאַרשטאַנען, וואָלסטו נישט געלאַכט," האָט ער געזאָגט.

„אָ, איך פאַרשטיי שוין גוט, דערפאַר לאַך איך," האָט זי געענטפערט מיט זיכערקייט.

„דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט!" האָט ער אָפּגעשניטן געררייצט.

„הער דו אויף, מיט דיין דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט!" האָט זי כעסדיק אָפּגעענטפערט. „איך בין נישט קיין בייבי, און דו דאַרפסט עס מיר נישט זאָגן."

„זע, זעלדע," האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ שלום־טאָן, „דו פאַרדאַרבסט מיר מיין באַזוך ביי דיר. איך בין דאָך נישט געקומען צו קריגן זיך מיט דיר. אָדער געפעלט עס דיר אַזוי?"

„ניין, ניין!" האָט זי זיך געלאַשטשעט. „און איך וועל מער גאָרנישט זאָגן."

זי האָט אויפגעזוכט זיינע ליפּן, צוגעמאַכט אירע אויגן און איז געבליבן רואיק ליגן אין זיינע אָרעמס.

ער איז געזעסן שטיל, מיט אַ זיסן געפיל אונטער זיינע פינגער פון דער באַרירונג פון איר וואַרעמען קערפּער, און מיט אַ ביטערקייט אין האַרצן. די זיסקייט האָט גערופן צו פאַרשטאַרקטער צודריקונג, צו פילן מער פון איר ווייכקייט און וואַרעמקייט, פון דער גאַנץ־מערקווירדיקער אָנגענעמלעכקייט פון אירע גלידער, צו באַשיכּורן זיך מער און מער מיט די קושן פון אירע וואַרעמע ליפּן. די ביטער־קייט האָט געקלאָגט אין אים, געדריקט צום אויפשרייען, געטריבן צום אַן אויסברוך פון כעס און פּראָטעסט. די ביטערקייט האָט גע־זיגט און אויפגעעפנט אים זיין מויל:

„און דער הונט האָט דערציילט! איך וועל אים אַריינקריגן."

זעלדע האָט זיך אויפגעזעצט.

„דו מיינסט עלמערן?"

„איך האָב פאַר אים קיין אַנדער נאָמען נישט ווי הונט."

„אָ, ער איז נישט שולדיק!"

„ווער דען איז שולדיק? — מען האָט אים געצוואונגען צו דערציילן?"

„איך האָב אים געמאַכט צו דערציילן."

„ווי אַזוי האָסטו אים געמאַכט צו דערציילן?"

„אָ," האָט זי געענטפערט און אַ דריי געטאָן מיטן נעזל. „איך בין געווען גוט צו אים."

„וואָס מיינסטו מיט דעם?" האָט נאָרמאַן כמעט אויפגעשריען.

„ער איז דאָך אויך מיין קוזין," האָט זי געענטפערט מיט דער נאַאיווסטער אומשולד.

„איז ווי ביסטו געווען גוט צו אים?" האָט נאָרמאַן העפטיק געפאָרשט.

„אָ, איך האָב אים געלאָזן דריקן מיך, און מיר האָבן זיך געקושט..."

נאָרמאַן איז אויפגעשפרונגען, האָט באַפרייט זיך פון איר אומאַרמונג, קרעפטיק אָנגענומען זי פאַר די אויבער־אָרעמס און אַרויסגעשריען, רויט אין געזיכט און אויפגערעגט:

„טוסטו עס נאָכאַמאָל, זיינען מיר אויס חתן־כּלה!"

„ער איז דאָך מיין קוזין," האָט זי געפּרואווט פּראָטע־סטירן.

„הער אויף! דו האָסט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט!"

„געוויס האָב איך געהערט."

„און דו וועסט עס מער נישט טאָן!"

„ווען דו ווילסט נישט, וועל איך עס נישט טאָן!"

„אָ, גאָט!" האָט ער אויסגערופן. „דו שלעכטע מיידל!" און ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און געדריקט צו זיך, אַקוראַט ווי ער איז זיך איצט אויסגעשטאַנען די שרעקלעכע סכּנה צו פאַרלירן זי.

זי האָט זיך געדריקט און געלאַסקעט צו אים און גערעדט מיט ברוגזדיקע ליפּן:

„דו ברענגסט שוין אַריין צופיל „מען טאָר נישט". איך טאָר נישט רעדן און איך טאָר נישט טאָן — איך ליב עס נישט."

מיט זיין באַק אויף איר קאָפּ, האָט ער רואיק געענטפערט:

„ווי דיר באַליבט, דו קאָנסט נאָך חרטה האָבן.“

„דו ליבסט מיך נישט,“ האָט זי געזאָגט מיט ברוגזדיקן גע־זיכץ.

„איך ליב דיך זייער שטאַרק,“ האָט ער געענטפערט. „אָבער וואָס דו דאַרפסט נישט, דאַרפסטו נישט.“

„אפילו מיין טאַטע האָט דאָס מיר קיינמאָל נישט געזאָגט,“ האָט זי געטענהט אָנגערוקטערהייט.

„עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך קאָן נישט העלפן.“

„ביזטו מער וויכטיק ווי מיין טאַטע?“

„איך בין עס, אויב דו ליבסט מיך.“

זי האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט איר ברוגזער מינע און ענדלעך געזאָגט:

„אפשר!“

.4

אויף דעם דרייסיקסטן שטאָק פון אַ זיך בויענדיקן וואָלקנ־קראַצער איז נאָרמאַן אַרומגעגאַנגען, געגעבן באַפעלן, געמאַכט באַ־מערקונגען און געקוקט, ווי געצויגן, געצויגן, געצויגן, אין די אָפּגרונדן פאַר זיינע פיס.

ער איז געווען איצט איינער פון די אַסיסטענט־סופּעראינטענ־דענטס ביי דער הויכער געביידע, וועלכע זיין פאָטער האָט אויפ־געשטעלט. ער האָט געקאָנט אויסקלייבן צו טאָן זיין אַרבעט אויף די אונטערשטע סטאַנציע, אָבער ער האָט דווקא געוואָלט וואָס העכער. ער האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע האָט עס נישט געוואָלט. דער טאַטע האָט זיך קיינמאָל נישט אַרויפדערוואַגט אויף די הויכע סטאַנציע פון זיינע נישט־פאַרטיקע געביידעס, וואו מען האָט געדאַרפט אַרומגיין אויף שמאָלע באַלקנס, מיט אַן אָפענעם ציענדיקן אָפּ־גרונט ביי די פיס, פון וועלכן עס האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם און געשווינדלט אין די אויגן. קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז מאָרי עדאָן האָט מורא אַרויפצוהויבן זיך מיט דעם צייטווייליקן עלעוויטאָר און אַרומצוגיין אויבן איבער די אָפּענע אָפּגרונטן. זיין בליק פון אונטן אַרויף צו די הויכע שפּיצן פון די וואַקסנדיקע געביידעס איז

געוועזן דער בליק פון אַ דערפּאַרענעם און געניטן, פון איינעם, וועל־כער איז ערשט אַראָפּגעקומען פון אויבן. און ווען אפילו ער האָט זיך אויבן קיינמאָל נישט באַוויזן, האָט מען אויבן גלייך געוואוסט, אַז מיסטער עדאַן אַליין איז איצט געקומען צו דער געביידע. דאָס האָט זיך פאַרשפּרייט פון שטאָק צו שטאָק, מיט דער שנעלקייט און גע־נויאיקייט פון אַ טאַם־טאַם אין די וועלדער פון אַפריקע. און או־מעטום, אויף דעם העכסטן שטאָק ווי אין דעם טיפסטן קעלער, האָט זיך געפילט זיין אָנוועזנהייט, ווי ער וואָלט דאָרטן אַרומגעגאַנ־גען. אַלע האָבן געקענט זיין שאַרפן בליק, זיין פאַרשלאָסענעם מויל און זיין שטייפע האַלטונג, וועלכע איז געוועזן ווי אַ קאָמאַנדע־רוף.

אָבער נאָרמאַן האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע איז קיינמאָל נישט געוועזן אויבן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין מוט. ער האָט דאָס געוואוסט פון דער מינע, וועלכע דער טאַטע האָט געמאַכט, ווען ער האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער וועט זיין אַסיסטענט־סופּעראינ־טענדענט אויף די העכערע עטאַזשן. עפּעס האָט אין מאַרין אויפ־געציטערט, זיין האַנט האָט זיך נישט ווילנדיק אַ הויב געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס אָפּשטעלן, נישט דערלאָזן, און זיין שטים האָט געקלונגען אומרואיק, ווען ער האָט געזאָגט:

„פאַרוואָס נישט אונטן, אין די פּאַרטיקע עטאַזשן?"

נאָרמאַן האָט באַמערקט דעם אויפציטער און די באַוועגונג פון דער האַנט, געהערט דעם אומרו אין דער שטים און אויפגע־לאַכט.

„אָ," האָט ער געזאָגט. „איך ליב עס אויבן."

מאַרי האָט נישט גלייך געענטפערט. מסתמא האָט ער זיך אי־בערלייגט, צי זאָל ער נישט זאָגן זיין זון, אַז ער וויל נישט, אַז ער זאָל אַרומלויפן דאָרטן, וואו ער אַליין האָט מורא אַרויפצוגיין. אָבער ער האָט באַשלאָסן, זיין זון זאָל זיין זעלבסטשטענדיק, ווי ער איז געוועזן, און טאָן, וואָס ער וויל, ווי ער האָט דאָס געטאָן, ווען ער איז געוועזן אין נאָרמאַנס יאָרן, האָט ער שטיל אַרויסגעמורמלט:

„טו, ווי דו ליבסט."

נאָרמאַן האָט געלאַכט אין זיך, געוואָלט אפילו אָנקלאַפּן זיין פאָטער איבערן פּלייצע, מעשה חבר. ער איז דאָך טאַקע מענטשלעך, דער עדאַן! מיט מורא אין זיך און אויך מיט ליבע און זאָרג פאַר

דעם ארויסגעקומענעם פון זיין דיך... אָבער נאָרמאַן האָט זיין האַנט אויף זיין טאַטנס רוקן חבריש נישט אַראָפּגעלאָזט, אַזויפיל מענטש־לעכקייט האָט ער זיין טאַטן נישט צוגעטרויט. ווען דער טאַטע וואָלט אונטער זיין האַנט געמאַכט אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג, וואָלט עס אויפגעשרייען אין אים פאַר באַליידיקונג. אָבער אויך דאָס, וואָס ער האָט זיך נישט דערוועגט צו דערלויבן זיך די חברישקייט מיט זיין פאָטער, האָט אים שוין ווי געטאָן.

ער איז געוועזן אַן איינזאַמער, נישט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. ער האָט איבערגעריסן מיט אַלע שול־חברים. ער איז פון זיי אַנטלאָפן און נישט געוואָלט מיט זיי פאַרקערן. זייערע מעשיות, וועלכע זיי דערציילן זיך אַן צווישן זיך וועגן זיין מוטער, זיינען געשטאַנען צווישן אים און זיי. ער האָט נישט גע־צווייפלט, אַז זיי דערציילן זיך אָן מעשיות, איבערטרייבן אַ סך, מאַכן זי שמוציקער, ווי זי איז. אָבער די ערגסטע זאַך, וואָס ער קאָן זיי נישט אָפּלייקענען, די אַלע מעשיות, און אַפילו די שמוציקסטע. ער וואָלט נישט געקאָנט אַריינשפּייען דעם דערציילער אין געזיכט דאָס וואָרט ליגנער, און ווען ער זאָל זיך אַריינוואַרפן אין אַ געשלעג, וועט ער אַטאַקירן איינעם דערפאַר, וואָס יענער האָט געזאָגט דעם אמת. איז גלייכער געווען אויסצוווייכן זיי אַלעמען, איבעררייסן די פריינטשאַפט פון יאָרן, פון געמיינזאַמען שטודירן, שפּילן און טרינקען.

ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן צווישן זיינע נייע באַ־קאַנטע אין אָפיס און ביי דער געביידע, צי איז נישטאָ עמיצער צווישן די יונגע מענטשן, מיט וועמען ער זאָל זיך קאָנען באַ־פריינדן. נאָר אַלע זיינען געווען זייער אָפיציעל מיט אים. מען האָט אים אויך געהאַלטן פאַר אַן איבעריקן.

אַן איבעריקער... דאָס איז ער. ער איז מסתמא טאַטע־מאַמע איבעריק געווען, ווען ער איז געבאָרן געוואָרן. זיי האָבן אים נישט געוואָלט און נישט געדאַרפט, און ער האָט זיי נישט דערפרייט, דער־פאַר האָבן זיי געהאַט פאַר אים אַזוי ווייניק ליבע. גאָט! ווי ווייניק ליבע ער האָט געהאַט! ווען ער לויפט דורך זיינע צוויי צענדליק יאָר, גייט אים דורך אַ שוידער. ווי אַזוי איז דאָס געקומען? די על־טערן האָט גאָרנישט געפעלט, זיי זיינען געווען רייך, ווען ער איז

געבאָרן געוואָרן, און זיינען געוואָרן רייכער און רייכער. און דאָך האָבן זיי אים אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט און נישט געליבט — און ער איז דאָך געווען אַ שיין, גוט און קלוג קינד!

אַן איבעריקער... אומעטום אַן איבעריקער... דאַכט זיך, אויך זעלדען אַן איבעריקער.

ווייל ער האָט גאָר קיין פריינט נישט געהאַט, האָט ער אָנגעהויבן צו קומען צו איר יעדן טאָג. מיט איר האָט ער זיין איינזאַמקייט פאַרגעסן, יעדע באַרירונג אָן איר איז געווען פרייד, יעדע אומאַרמונג — חיותדיקער תענוג. עס איז אים אויך אָנגענעם געווען אַרויסצוהעלפן איר אין אירע שול־אַרבעטן: דאָס האָט אים געבראַכט צוריק צו דער שולע און די ביכער, וועלכע ער האָט נישט אויפגעהערט צו ליבן. אָבער זעלדע האָט אים איינמאָל לעצטנס אַ זאָג געטאָן:

,,דו מיינסט טאַקע צו קומען יעדן טאָג?''

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געזאָגט, און ער האָט טאַקע נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געמיינט.

,,געוויס!'' האָט ער געענטפערט, נייגעריק, וואָס זי וועט ווייטער זאָגן.

,,פאַרשטייסט,'' האָט זי געזאָגט, ,,צוליב דיר קאָן עלמער נישט קומען.''

,,צום טייוול מיט אים!'' האָט ער אויפגעשריען. ,,וואָס גייט ער מיך אָן?!''

,,ער איז דאָך אויך מיין קוזין.''

,איך בין נישט מער דיין קוזין,'' האָט ער שאַרף געזאָגט, ,,און איך קום צו דיר נישט, ווייל איך בין דיין קוזין. אַלס דיין חתן דאַרף איך קומען, ווען איך וויל, און מיך אַרט נישט, אויב איך פאַרטרייב עמיצן.''

,,אָבער איך וויל, אַז ער זאָל קומען,'' האָט זי געזאָגט אַביסל קאַפּריזנע.

,,וואָרום? פאַרוואָס ווילסטו, ער זאָל קומען?'' האָט ער געפרעגט גאַנץ פאַרחידושט.

,,ווייל ער דערציילט מיר אַ סך זאַכן,'' האָט זי נאַאיוו געזאָגט.

עס איז אים געווען ווי זי וואָלט אים געגעבן א זעץ אין הארצן. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פארגרעסערטע אויגן און שארף ארויס־געזאָגט:

,,איך וויל נישט, אז ער זאָל דיר דערציילן ,,א סך זאכן'', דו הערסט!''

,,ווידער א ,,מען טאָר נישט''! וואָרום?''

,,איך וויל נישט, אז דו זאָלסט הערן זיינע זאכן. דו דאַרפסט זיי נישט.''

,,דאָס לאָז איבער צו מיר אַליין,'' האָט זי פעסט ארויסגע־רעדט. ,,איך ווייס אַליין, וואָס איך דארף און וואָס איך דארף נישט.''

,,עס טוט מיר לייד, אויב עס איז אזוי,'' האָט ער געזאָגט מיט א ביטערער איראָניע.

,,ווי דען זאָל זיין?'' האָט זי מיושבדיק גערעדט. ,,זאָג איך דיר, וואָס דו דארפסט און וואָס דו דארפסט נישט?''

,,אויב דו וועסט זען, אז איך גיי טאָן, וואָס איך דארף נישט. מעגסטו מיר עס זאָגן.''

,זאָג איך דיר טאַקע גלייך, אז דו דארפסט זיך נישט מישן אין מיינע געשעפטן.''

ער האָט איינגעזען, אז אויף דעם דאָזיקן וועג וועט ער זיך מיט איר נישט אויסטענהן און אָנגעשלאָגן אַן אַנדער וועג.

,,דו ליבסט מיך נישט, זעלדע.''

,,דאָס איז נישט אמת,'' האָט זי געענטפערט.

,,ווען דו וואָלסט מיך געליבט, וואָלסטו געטאָן, וואָס איך זאָג דיר אָן ויכּוחים.''

,,אומזין! ווען דו וואָלסט מיך געליבט, וואָלסטו מיר עס נישט געזאָגט.''

,,איז נישטאָ וואָס צו רעדן,'' האָט ער רעזיגנירט געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט.

,,א, דו ברויכסט נאָך נישט אַוועקצוגיין,'' האָט זי אויסגערופן. ,,עלמער וועט קומען שפּעטער.''

ער האָט אויפגעציטערט, דאָס בלוט האָט אים אויפגעבוואַליעט אין געזיכט. אָבער ער האָט געזאָגט ווי מעגלעך רואיק:

„ניין, — איך וועל איצט אוועקגיין — און וועל קומען צוריק, ווען דו וועסט מיר לאָזן וויסן, אַז עלמער האָט אויפגעהערט צו קור־מען.‟

„וואָס מיינסטו מיט דעם?‟ האָט זי אויסגערופן.

„אָט דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט אין אַן איינפאַכער שפּראַך.‟

„אָבער עלמער איז דאָך מיין קוזין!‟

„עס גייט מיך נישט אָן!‟

„ער קומט מיט אָנקל און טאַנטע באַרנעט!‟

„וועסטו אין יענעם אָוונט זיין מיט מיר אין טעאַטער!‟

„אָבער דאָס איז אוממעגלעך!‟

„ווי דו ווילסט. האָסט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט.‟

איר געזיכט האָט אָנגענומען אַ האַרטן אויסדרוק, אירע אויגן האָבן אויפגעפלאַקערט.

„אָלרייט!‟ האָט זי געזאָגט. „קום נישט! מיך אַרט נישט.‟

ער וואָלט זי מיט פאַרגעניגן אָנגעפּאַטשט, אָבער ער האָט בלויז אַרויסגערעדט: „איז אַ גוטע נאַכט!‟ און איז אַרויס פון צי־מער. זי האָט אים געלאָזן אַוועקגיין, קיין וואָרט נישט אַרויסגע־רעדט. דאָס האָט אים אַמשטאַרקסטן פאַרדראָסן. כאָטש אַן אויפ־געשריי. גאָרנישט. שטיל, געפּאַסט, ווי עס וואָלט איר טאָקע נישט פאַרדראָסן, וואָס ער גייט אַוועק. און אפשר גאָר ווי זי וואָלט דאָס געוואָלט.

טעג זיינען אַריבער, שבת איז געקומען. עס האָט אים געצויגן צו גיין צום זיידן און צו דער באָבען. ער האָט זעלטן־ווען דורכ־געלאָזן אַ שבת, ווייל די צוויי אַלטע האָבן אים געליבט און ער האָט זיי געליבט, און ער האָט שטענדיק אַביסל אָנגעוואַרעמט זיך ביי זיי, דערמונטערט זיך, אָנגענומען זיך מיט מוט. אָבער לעצטן שבת האָט אים נאָך מער געצויגן אַהין צו זיי, ווייל דאָס וואָלט אים געגעבן די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט זעלדען, וועלכע וועט דאָרט זיין. דאָך האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. איז נישט געגאַנגען. זאָל זעלדע זען, ווי ווייט ער איז אין כּעס. זי וועט דאָך פאַרשטיין, אַז ער איז נישט געקומען, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט טרעפן מיט איר! אָבער אין אָוונט שוין האָט ער געוואוסט, אַז זעלדע איז דאָרטן

נישט געווען. ווי זאָל ער דאָס דערקלערן? האָט זי טאַקע געבראַכן מיט אים? האָט אים אויסגעביטן אויף עלמערן. זעלדע, זיין זעלדע, די צוגעבונדנקייט פון זיין קינדהייט, די ליבע פון זיין דערוואַקסנקייט — אויך פאַר איר איז ער איבעריק געוואָרן!...

ער איז געשטאַנען איבער אַ טיפן אָפּגרונט — אַן עפענונג דורך אַ סך שטאָק. איין באַוועגונג, און ער וועט אַראָפּפאַלן אַראָפּ אויף קיינמאָל שוין נישט אויפצושטיין. עס וועט אַפילו נישט הייסן זעלבסטמאָרד, נאָר אַן אומגליקס־צופאַל. מען וועט זאָגן, דעם מיליאָ־נערס זון האָט זיך געגומען נישט פאַר זיין זאַך, און דער אומגליקס־צופאַל האָט זיך געמוזט מאַכן. מען וועט אפשר דערשפּירן, אַז די וועלט איז געוואָרן מיט איין איבעריקן מענטש ווייניקער. ווער וועט וויינען נאָך אים? דער זיידע נח און די באָבע מערע גאַנץ געוויס. פיליכט אויך דער אַנדער זיידע און די אַנדער באָבע, אויב די פּעט־קייט וועט צולאָזן דעם ווייטיק פון דעם פאַרלוסט צו איר האַרץ. דער טאַטע וועט געוויס נישט וויינען, כאָטש עס וועט אים פאַר־דריסן, פיליכט אויך ווי טאָן. אָבער מאָרי עדאָן וויינט נישט. מאָרי עדאָן איז איבער טרערן. ער האָט זיי גאָרנישט, כאָטש ער איז אַן עדאָן. ער האָט דערגרייכט די הויכע הימלען פון געשעפט, איז איינ־געוויקלט אויף זיין טראָן אין וואָלקנס פון גלייכגילטיקייט צו אַלץ, וואָס איז נישט געשעפט, און קיינעמס טויט קאָן צו אים נישט דער־גרייכן, אויף אַראָפּצוזרייסן אים אין דעם ים פון טרויער. ניין, מאָרי עדאָן וועט נישט וויינען איבער דעם צושמעטערטן קערפּער פון זיין איינציקן זון און יורש. און ער וואָלט גראָד געוואָלט, אַז דער טאַ־טע זאָל יאָ וויינען. טאַטע! טאַטע!

וועט די מאַמע וויינען? מסתמא, יאָ. אָבער ער וועט אירע טרערן נישט גלויבן. זיי וועלן קומען נישט פון אמתן ווייטיק און בראָך און טרויער, נאָר ווייל זי וועט זיי מוזן וויינען. אַ מאַמע מוז וויינען איבער דעם טויטן קערפּער פון איר קינד, און סילוויאַ עדאָן וועט וועלן באַווייזן דער וועלט, אַז זי איז נישט נאָר געליבטע, נאָר אויך מאַמע. האַ־האַ־האַ! צבועצישע טרערן, וועלכע וועלן פאַלן ווי זאַלץ אויף די וואונדן פון זיין צוריסענעם קערפּער. סילוויאַ עדאָן! ער האָט זי פּלוצלונג דערזען אויף דער סאָפע פון דער מאַרקיזע אין זייער ביבליאָטעק ־ צימער. ער האָט אויפגעשווידערט און צו־

געמאַכט די אויגן. פוי! צוליב דעם אַליין האָט ער זיך געדאַרפט אַראָפּוואַרפן אין דעם אָפּגרונט.

ער האָט אויפגעריסן די אויגן און געמאַכט אַן אַנטשלאָסענע באַוועגונג צו דעם אָפּגרונט. אָבער די טיפקייט האָט אים אָפּגעשטעלט. עפּעס ווי אַ האַנט גאַנץ פון אונטן וואָלט אים אָפּגעהאַלטן. דער שרעק פאַר דעם לעצטן שפּרונג! ער האָט פּלוצלונג מורא געקראָגן צו קוקן אַראָפּ און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז דאָ עפּעס צו טאָן. ער האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצובאַוועגן, עפּעס אויסגעמאָסטן מיט זיין לאַנגער יאַרד־מאָס, געפרעגט עפּעס בײַ די אַרומיקע אַרבעטער, און די גאַנצע צײַט געהאַט אין באַוואוסטזיין, אַז ער האָט נישט דערטראַכט זיין פריערדיקן געדאַנק אינגאַנצן און אַז ער דאַרף נאָך דערטראַכטן, צי וואָלט זעלדע געוויינט, ווען ער וואָלט דאָ אַראָפּגעוואָרפן זיך אויף קיינמאָל מער נישט אויפצושטיין. וואָלט זי פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער איז געשטאָרבן? וואָלט זי זיך אויסגעמאַכט פון זיין טויט? יאָ, פאַרשטאַנען וואָלט זי שוין — זי פאַרשטייט איבערהויפּט זייער אַ סך, אָט די קליינע מיידל! אָבער אויסגעמאַכט וואָלט זי זיך נישט. אַ גאַנץ מערקווירדיקער נפש! — ווען זי וואָלט געוועזן אַזוי גוט, ווי זי איז שיין! אַזוי יונג און אַזאַ דעספּאָט! אַ ווילד פערדל, וואָס מוז איינגעבראָכן ווערן. ער האָט זי ליב, ריזיק ליב, אָבער ער מוז זיין שטאַרק מיט איר, אַז נישט וועט זי אים קריכן אויפן קאָפּ. גלייכער ברעכן מיט איר וואָס פריער, און מעג עס ווי ווי טאָן, איידער לאָזן זי קריכן אויפן קאָפּ. וואָס פאַר אַ האַרטקייט אין איר! נישט אַ קרים טאָן זיך, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען... אָ, ניין, זי וואָלט קיין איין טרער נישט פאַרגאָסן, ווען ער וואָלט געשטאָרבן... אָבער וואָס טראַכט ער אַלץ: ווען ער וואָלט געשטאָרבן? האַ! ער גייט דאָך נישט שטאַרבן. אויף דער וועלט זיינען פאַראַן אַזוי פיל איבעריקע, וועט זיין מיט איינעם מער. נעמען זיך אַלע איבעריקע דאָס לעבן? נאָר אַז עס וועט אים אַמאָל גוט שווער ווערן אויפן האַרץ... איז עס נישט מערקווירדיק: דער אָפּגרונט רופט און ציט, און אין דער אייגענער צײַט שרעקט ער אָפּ און לאָזט נישט צו. דאַכט זיך, אַזוי לייכט, איין באַוועגונג נאָר און — „גוד בײַ, לעבן! גוד בײַ, וועלט! גוד בײַ, זעלדע...”

דער עלעוויי טאָר־מאַן האָט אים צוגערופן, אַז אונטן וויל אים

עמיצער זען. נאָרמאַן האָט זיך אוועקגעריסן פון דעם רופנדיקן אָפּגרונט און איז אריין אין עלעוויימאָר, מיט דעם געפיל פון באַטרעטן פעסטן גרונט און אָפּגעראַטעוועט ווערן פון טויט.

.5

אונטן האָט אויף אים געוואַרט זעלדע.

נאָרמאַן האָט אויפגעיובלט, ארומגעכאַפּט זי, געדריקט איר די הענט, געלאָסקעט זי, נישט גערעדט, נישט געפרעגט, ביז טרערן פאַר פרייד און איבעררַאשונג.

זעלדע אַליין האָט אָנגעהויבן אים צו דערקלערן.

אַ שול־פריינדין האָט זי געבעטן נאָך די שול־שטונדן צו גיין מיט איר איינהאַנדלען עפּעס. דער גאַנג האָט זי געבראַכט פאַר דער געביידע, אין וועלכער ער איז באַשעפטיקט, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ער איז דאָ באַשעפטיקט. וועט ער זי ברענגען אַהיים? האָט ער דאָ זיין אויטאָמאָביל?

געוויס. געוויס. ער וועט זיך נאָר ארומוואַשן און איבערטאָן.

„וועסט דאָ וואַרטן?"

„צו וואָס? איך קאָן גיין מיט דיר. דאַרפסט זיך פאַר מיר נישט שעמען איבערצוטאָן זיך."

„שטיוול און הויזן."

„אָ, דו נאַרעשלע! קום! מיר וועלן דאָך דערווייל רעדן."

ער האָט זיך געשעמט צו נעמען זי מיט זיך אין דעם שראַנקצימער, אָבער עס האָט אים הנאה געטאָן פון איר נאָנטקייט און צוגעהעריקייט, און ער האָט זי מיטגענומען. דאָרטן האָט ער געוואונטשן, אַז זי זאָל בעסער אָפּקערן דעם קאָפּ. אָבער זי האָט געקוקט גלייך אויף אים, נישט אָפּגעווענדט די אויגן פון זיינע באַוועגונגען און גערעדט.

„ביזט שטאַרק איבעררַאשט געוואָרן פון מיין קומען... איך האָב נישט געדאַרפט קומען, אָבער איך בין נישט אַזוי שלעכט ווי דו..."

„דו האָסט זיך ווירקלעך פאַרבענקט נאָך מיר?" האָט ער שטראַלנדיק געפרעגט.

„ניין!" האָט זי כלומרשט ברוגזדיק געזאָגט. „איך האָב זיך נישט פאַרבענקט."

,,איז פאַרוואָס ביזטו געקומען?"

,,ווייל איך בין בעסער פון דיר."

,,איך ווייס, פאַרוואָס דו ביזט געקומען."

,,פאַרוואָס?"

,,ווייל דו ליבסט מיך זייער שטאַרק."

,,ניין! איך ליב דיך נישט!"

,,אָבער דו ביזט געוועזן זייער צופרידן צו זען מיך."

,,ווייל דו וועסט מיך ברענגען אַהיים אין דיין קאַר."

,,איז דאָס אַלץ? דו שלעכטע מיידל, פאַרוואָס זאָגסטו מיר נישט, וויפיל דו ליבסט מיך?"

,,איך וועל נישט זאָגן. דו פאַרדינסט עס נישט."

ער איז שוין געווען אָנגעטאָן, פאַרטיק אויף אַרויסצוגיין מיט איר, ווען ער האָט זיך עפּעס דערמאָנט און איז געבליבן שטיין.

,,ווי האָסטו באַשלאָסן וועגן עלמערן?" האָט ער געפרעגט.

,,איך וועל אים מער קיינמאָל נישט זען."

ער האָט זי אַרומגענומען און אַרויפגעדריקט איר אויף די ליפּן דעם ליבסטן קוש.

אין אויטאָ האָט זי אים דערציילט מער.

,,עלמער איז ביי מיר געוועזן צום לעצטן מאָל!"

,,גוט!" האָט עס פריידיק אַרויסגעשריען פון אים.

,,ווייסט, וואָס ער האָט נעכטן געוואָלט פון מיר, דער שוויין?"

,,דער הונט!"

,,איך זאָל זיך אויסטאָן פאַר אים אַ נאַקעטע!"

נאָרמאַנס הענט אויפן ראָד האָבן אַ ציטער געטאָן.

,,איך וואָלט אים דעם קאָפּ צושפּאָלטן!" האָט ער בייז אַרויסגערעדט.

,,ביזט משוגע? האָב איך אים געזאָגט, און ער איז נישט אָפּגעשטאַנען, כמעט אויף די קני געשטעלט זיך. נאָר איין קוק טאָן אויף מיין נאַקעטן קערפּער. אַלע זיינע חברים טוען עס מיט זייערע מיידלעך, האָט ער געזאָגט. ,,איך בין נישט דיין מיידל," האָב איך אים געענטפערט. ,,דו ביזט," האָט ער געזאָגט, ,,נאָר־מאָן קומט נישט מער צו דיר." ,,אז איך וועל וועלן, וועט ער קור־

מען,'' האָב איך אים געענטפערט. בין איך נישט געווען גערעכט, צו זאָגן אים דאָס?''

,,יאָ, און דו האָסט אים ארויסגעטריבן?'' האָט נאָרמאַן אויפ־גערעגט געפרעגט.

,,אָ, ניין. פאַרוואָס? מיר האָבן דאָך בלויז גערעדט. אָבער ער איז באַלד אריבער צו טאַטן...''

,,צו וואָס? צו טאַטן?! ער...''

,,ער האָט מיך געוואָלט אויסטאָן מיט געוואַלט.''

,,אָ, טייוול!''

,,זע, ווי דו טרייבסט די מאַשין!'' האָט זי געזאָגט און ארויפ־געלייגט איר האַנט אויף זיין ציטערנדיקן אָרעם.

,,ווייטער! דערציייל!'' האָט ער ארויסגעבריפעט.

,,איך האָב זיך מיט אים געראַנגלט. איך האָב געפילט, אַז איך האַס אים, און — ווייסטו, איך האָב געוואָלט, אַז די טיר זאָל זיך עפענען און דו זאָלסט אריינקומען... עס וואָלט געשען אַ מאָרד, אָבער ער וואָלט עס פאַרדינט.''

,,איך וועל אים דערהרגענען, דעם הונט!''

,,איצט איז שוין נישט נויטיק. דער טאַטע איז גראָד אריין אין מיין צימער, ווען איך האָב זיך מיט אים געראַנגלט. איך האָב אים דערציילט און ער האָט אים געוויזן די טיר.''

,,און האָט אים נישט אויסגעפאַטשט?''

,,מיין טאַטע — און אויספאַטשן! מיין טייערער טאַטעלע קאָן די האַנט נישט אויפהויבן אויף קיינעם נישט.''

,,אַן עדאָן!... פאַרדאַמט!''

,,ער האָט זיך שפּעטער אַפילו אַנטשולדיקט פאַר דער מאַמען, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבן איר ברודערס זון. אָבער האָסט גע־דאַרפט זען, ווי רויט און בעסדיק זיין געזיכט איז געווען, ווען ער האָט עלמערן אָנגעוויזן אויף דער טיר! עלמער נעבעך האָט זיך ארויסגערוקט ווי אַ געשלאָגענער הונט. ,,זייער רעכט אויף דיר,'' האָב איך אים געזאָגט. ,,זיי נישט קיין שוויין.'' וואָס פאַר אַן איינ־פאַל: צו וועלן זען מיך נאַקעט.''

,,און איצט ביזטו מיינע אינגאַנצן,'' האָט נאָרמאַן געזאָגט מיט באַגערנדיקן האַרץ.

,,איך בין שטענדיק געווען דיינע, ליבלינג,'' האָט זי ווייך גע־זאָגט.

,,אָבער אויך על מערס,'' האָט ער אָנגערוקט ארויסגערעדט.

,,איך בין קיינמאָל נישט געווען עלמערס, אָבער פארוואָס האָב איך נישט געזאָלט האָבן דעם שפּאַס?''

,,אָ, ליבלינג, דו פארשטייסט נישט!''

,,ד ו פארשטייסט נישט!!''

,,אָ, איך וועל איצט נישט אָנהויבן ווידער...''

,,דו ליבלינג!''

זי האָט זיך צוגעדריקט צו אים נאָענט, נאָענט.

ער האָט זי צוגעבראַכט צו איר היים.

,,וועסט ארויפגיין צו מיר,'' האָט זי געזאָגט.

,,ווי אַנדערש!'' האָט ער געענטפערט. ,,איך וויל דיך אָנ־קושן גוט און הארציק.''

א לאַנג ליידנשאַפטלעך קושן, דאָס שטילעניש פון אַן אומ־געדולדיקן הונגער. ביידע גלייך הונגעריק, ביידע גלייך ליידנ־שאַפטלעך.

,,ווייסט,'' האָט זי געזאָגט אין א פויזע צווישן די קושן. ,,פאר דיר וואָלט איך זיך געקאָנט אויסטאָן נאַקעט.''

,,ניין,'' האָט ער געזאָגט. ,,איך וויל עס נישט.''

,,איך וויל עס אויך נישט,'' האָט זי געזאָגט. ,,איך וואָלט עס קיינעם נישט דערלויבט, בלויז דיר, ווען דו וואָלסט עס געוואָלט. איך ליב דיך דאָך אזוי...''

.6

שבת זיינען זיך אַלע דריי אייניקלעך צוזאמענגעקומען ביי זיידע נח און באָבע מערע: נאָרמאַן, זעלדע און טשארלז דזשוניאָר.

דזשוניאָר איז שוין געווען אין דריטן יאָר הויך־שול, אין איין יאָר מיט זעלדען, כאָטש ער איז ערשט געווען פערצן יאָר. הויכ־געוויקסיק, ווי אַלע עדאָנס, און אַנטוויקלט נישט לויט זיינע יאָרן. נאָרמאַן האָט אים געליבט און באַצויגן זיך צו אים ווי צו א דער־וואַקסענעם, אָבער פאַר זעלדען איז ער געווען צו ערנסט, לאַנגווײ־

ליק. זי האָט אים נישט געליבט, ווי זי האָט נישט געליבט דעם גוטן אָנקל טשאַרלז, און דער עיקר נאָך די מומע גאָלדי, וועלכע איז שטענדיק געווען שטרענג מיט איר, כמעט אומפריינטלעך.

זי איז געפאָרן צום זיידן מיט נאָרמאַנען אין זיין אויטאָמאָביל און איז געווען אַביסל אומצופרידן.

„איך ווייס נישט," האָט זי געזאָגט, „ווי לאַנג דאַרפן מיר נאָך אָנהאַלטן די שבת־באַזוכן ביי זיידע נח און באָבע מערע. מיר זיינען שוין נישט קיין קליינע קינדער."

„וואָס איז?" האָט נאָרמאַן זיך געוואונדערט. „דו ליבסט נישט די באַזוכן ביי זיי? איך ליב זיי זייער."

„איך ווייס, אַז דו ליבסט זיי. איך האָב קיינמאָל פון זיי קיין הנאה נישט געהאַט."

„דאָס איז שלעכט," האָט ער געזאָגט מיט פאַרדראָס.

„דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס איך האָב געמוזט נאָכגעבן דעם פּאַפּאַ. בשום אופן, האָט ער געזאָגט, וועט ער נישט צולאָזן אַז דעם עגמת־נפש זיינע עלטערן, אַז זיין קינד זאָל זיי פעלן ביים שבת־טיש..."

„זיי זיינען טייערע אַלטינקע," האָט נאָרמאַן אַרויסגערעדט פול מיט ווארעמקייט.

„איך ליב זיי אויך," האָט זעלדע געזאָגט. „מיין נישט, אַז איך ליב זיי נישט. איך האָב זיי בעסער ליב, ווי זיידע און באָבע באַרנעט, אָבער זיי זיינען מיר דאָך לאַנגווייליק, און איך פיל זיך נישט פריי מיט זיי. עפּעס פיל איך, אַז זיי האָבן נישט ליב מיין אויפפירונג, און איך ציטער פאַר זייער מוסר און באַלערונג, כאָטש זיי זיינען נישט געווענדט צו מיר. איך ווייס אָבער, אַז זיי מיינען מיך."

נאָרמאַן האָט געלאַכט.

„אומגעקערט מיט מיר. איך ליב זייער מוסר און באַלערונגען, הער זיך צו מיט מיין גאַנצן האַרצן, אָבער עס פאַרדריסט מיך, וואָס עס בלייבט נישט אין מיר, וואָס איך מאַך פון דעם נישט קיין געברויך. איך וואָלט אפשר געווען אַן אַנדער מענטש.'

„וואָס איז? צו וואָס דאַרפסטו זיין אַן אַנדער מענטש? דו ביזט אָל־רייט סיי־ווי־סיי."

„עס פרייט מיך דאָס צו הערן פון דיר."

„כאָטש צייטנווייז..."

„אהא!"

„וואָלט איך געוואָלט, זאָלסט האָבן אין זיך אביסל מער פול־וועד."

„אמת, איך וואָלט עס אויך געוואָלט."

„עפּעס מער עזות אין זיך... איך וואָלט געזאָגט, מער גראָב־קייט, אָט כאָטש ווי עלמער..."

„פּיליכט!" האָט ער שטיל געזאָגט און אויפגעלאַכט.

„אָבער איך ליב דיך סיי־ווי־סיי. דו ווייסט, איך בין גאַנץ משוגע פאַרליבט אין דיר."

„עס פרייט מיך צו הערן, מיין ליבלינג."

„דענקסטו לאַנג צו פאַרבלייבן ביי זיידע נח און באָבע מערע?"

„זיי נישט געמיין," האָט ער געענטפערט, „מיר וועלן זיצן ווי מיר זיצן שטענדיק. וואָס איז, דו האָסט עפּעס אַנדערש פאָר?"

„איך ליב צו זיין מיט דיר אליין."

„א דאַנק, ליבלינג!"

זיסע, שמאַכטנדיקע בליקן פון ביידע זייטן, און אַן אויפזיפץ פון איר, ווען ער איז צוגעפאָרן צום זיידנס הויז, און זיי האָבן גע־דאַרפסט אַרויסשטייגן. דער באַזוך איז פאַר איר געווען אַן אָפּקור־מעניש.

אָבער דער זיידע און די באָבע האָבן באַגעגנט אַלע דריי איי־ניקלעך גלייך. מיט דער זעלביקער ליבע, מיט דעם זעלביקן אויפ־שטראַל אין די אויגן, מיט דער זעלביקער צוגעלאָזנקייט, מיט דעם זעלביקן געבן־זיך. באָבע מערע האָט זיי יעדן איינעם צוגעדריקט צו דער ברוסט, געגלעט, האַרציק געפרעגט: „וואָס מאַכסטו טאָכטער־קע? וואָס מאַכסטו, זונעלע?" זיידע נח האָט יעדן אָנגענומען פאַר דער מאָרדעטשקע און איינגעקוקט זיך אין געזיכט: ווי זעט מען עס עפּעס אויס פאַר דער פאַרגאַנגענער וואָך?

דערנאָך איז מען געגאַנגען צום שבת־טיש. נח האָט אָפּגעהיט די יידישע דינים: געוואַשן די הענט מיט צוגעדעקטן קאָפּ, געבענטשט

גאָט פאַרן געבאָט צו וואַשן די הענט און דערנאָך ווידער געבענטשט דעם קעניג פון דער וועלט, וואָס ברענגט אַרויס ברויט פון דער ערד. באַבע מערע און די אייניקלעך זיינען שוין געזעסן ביים טיש — די באָבע ביי דער ברייט פון דעם טיש, אַנטקעגן דעם זיידנס זיץ, רעכטס פון איר ביי דער לענג פון טיש — דזשוניאָר, און לעבן אים זעלדע — לינקס פון זיידן, און נאָרמאַן איז געזעסן אַליין, ביי דער לענג פון טיש, צווישן דעם זיידן און דער באָבען. נח האָט נישט געפאָדערט פון זיי, זיי זאָלן אים נאָכטאָן און נאָכזאָגן נאָך די פאַר־שריפטן פון די יידישע דינים. „זאַכן, וועלכע קומען נישט פון הארצן און גלויבן, דאַרפן נישט געטאָן ווערן," האָט ער געזאָגט. ער אַליין האָט אויפגעהערט צו טאָן אַ סך זאַכן, ווייל זיי זיינען נישט געווען מער מיט זיין האַרץ און זיין גלויבן.

נאָכן טיש האָט נאָרמאַן געפרעגט, צי ווייס דער זיידע אַזעל־כע מענטשן, וועלכע זיינען איבעריק אויף דער וועלט?

„אָ, איך ווייס אפילו אַזעלכע, וועלכע האָבן בעסער געמעגט נישט געבאָרן ווערן," האָט דער זיידע געענטפערט.

זעלדע האָט דאָס באַצויגן אויף זיך און האָט זיך פאַרפלאַמט.

„דאָס זיינען שעדלעכע מענטשן," האָט נאָרמאַן געזאָגט. „אָבער איך מיין מענטשן, וועלכע זיינען נישט שעדלעך נאָר גלאַט אַזוי איבעריק. קיינער דאַרף זיי נישט און עס וועט נישט ווערן קיין לאָך, ווען זיי וועלן פאַרשווינדן."

„צי ווייס איך אַזעלכע מענטשן?" האָט נח געזאָגט. „איך גלויב, אַז מיר טרעפן זיך אָן מיט זיי אויף יעדן שריט און טריט, מיר רייבן זיך אָן זיי אָפּ די זייטן."

„אָ, ניין," האָט זעלדע פּראָטעסטירט און צוגעגעבן: „דו מיינסט עס ערנסט, זיידע?"

זי האָט פּראָטעסטירט, ווייל אַלץ, וואָס דער זיידע האָט גע־זאָגט, האָט זי גענומען פּערזענלעך. דער זיידע רעדט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ער זאָגט מוסר און מיינט דער עיקר זי אָדער נאָרמאַנען.

„פאַרוואָס פּראָטעסטירסטו?" האָט נאָרמאַן געפרעגט. „וואָס גלויבט זיך דאָ דיר נישט?"

,,איך פאַרשטיי איבערהויפּט נישט, וואָס הייסט אַן איבעריקער מענטש,'' האָט זי געזאָגט. ,,ער איז געבאָרן געוואָרן און איז דאָ, איז ער נישט איבעריק. ער איז דאָך זיכער נישט איבעריק זיינע עלטערן?''

נאָרמאַן האָט איראָניש אויפגעלאַכט.

,,איך ווייס, אַז איך בין נישט איבעריק מיין טאַטע־מאַמען,'' האָט זי פעסטער געזאָגט. ,,און ווייטער גייט מיך די גאַנצע וועלט נישט אָן. די גאַנצע וועלט קען מיך דאָך גאָרנישט, און איך קען נישט די גאַנצע וועלט.''

,,דו ביזט גערעכט, זעלדעלע,'' האָט נח געזאָגט. ,,זיין טאַטע־מאַמע, זיין אייגענער פאַמיליע איז זעלטן ווער איבעריק. אָבער דאָס האָט נאָרמאַן נישט געמיינט מיט זיין פראַגע.''

,,אפילו דאָס אויך,'' האָט נאָרמאַן האַרט אַרויסגערעדט.

נח און מערע האָבן זיך פּילדייטיק איבערגעקוקט, און נח האָט ווייטער גערעדט:

,,אָבער איך מיין, אַז אין דעם איז זעלדעלע גערעכט. איך נעם טאַקע דיין פראַגע אין אַ ווייטערן זין. מענטשן, וועלכע זיינען זייער אייגענער פאַמיליע נישט איבעריק און זיינען דאָך איבעריק דעם כּלל, דער געזעלשאַפט, דער מענטשהייט. זיי, זאָג איך, זיינען גאָר אַ סך.''

,,וועמען גייט אָן די מענטשהייט?'' האָט זעלדע אויסגעשריען.

,,זעסטו, זעלדעלע,'' האָט נח געזאָגט, ,,אין דעם אויסרוף דייַנעם ליגט די וואָרצל פון דער איבעריקייט.''

,,איך פאַרשטיי נישט,'' האָט זי געזאָגט.

,,איז אויב דו ווילסט הערן, וועל איך דערקלערן.''

,,אָ, דו וועסט דערקלערן, אפילו ווען איך וועל נישט הערן,'' האָט זי שעלמיש געזאָגט.

,,זעלדע, שעמסטו זיך נישט?'' האָט נאָרמאַן איר פאָרגעוואָרפן.

,,האָב איך דאָס טאַקע ווען געטאָן?'' האָט נח געפרעגט.

,,ניין, ניין, זיידעלע. דאָס האָב איך גלאַט אַזוי. אַנטשולדיק!'' האָט זעלדע זיך אַנטשולדיקט און גלייך צוגעגעבן: ,,וועט עס זיין אַ לאַנגע דערקלערונג?''

גאָרמאַן האָט צוזאַמענגעביסן די ציין, אָבער נח האָט גוטמוטיק און גערולדיק געענטפערט:

„אַז איך וועל דיר ווערן צו לאַנג, דערלויב איך דיר איבער־צורייסן מיך."

„הערלעך!" האָט זי אויסגערופן. ווייל זי האָט געמוזט האָבן דאָס לעצטע וואָרט. „אַלזאָ, די וואָרצל פון דער איבעריקייט."

„יאָ, די וואָרצל פון דער איבעריקייט," האָט נח גערולדיק גע־זאָגט. „די וואָרצל פון דעם, וואָס די צאָל פון די איבעריקע מענטשן האַלט אין איין וואַקסן, ליגט אין דעם, וואָס אַלץ מער און מער הערט מען דעם אויסרוף: „וועמען גייט אָן די מענטשהייט?" די אַלטע יידישע קלוגהייט האָט געלערנט, אַז אַלץ, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, האָט זיך זיין צוועק און ציל. יעדע חיהלע און יעדע פליגעלע טראָגט מיט זיך גאָטס כוונה. מיר ווייסן נישט גאָטס כוונה, אָבער ער האָט זי זיכער געהאַט. ער וואָלט דאָך געוויס נישט אוועק־געלייגט אַזוי פיל קונסט אויף צו באַשאַפן, זאָגן מיר, אַ מאָסקיטאָ, אויב ער וואָלט דערביי נישט געהאַט עפּעס אַ כוונה. און די אַלע חיות און אינסעקטן לעבן נאָך גאָטס פּלאַן און כּונה. מיר ווייסן, אַז זינט די וועלט שטייט, האָבן זיי זיך נישט געענדערט. דער לייב טוט זיין אַרבעט, דער לעמפּערט זיין אַרבעט, און די מאָסקיטאָ און די פליג און די בין און די מוראַשקע — זייערע אַרבעטן. זיי ענדערן זיך נישט, ווי זיי ענדערן נישט זייער הויט. זיי טוען און פירן זיך אויף, ווי גאָט האָט זיי באַשאַפן און אָנגעזאָגט זיי, זיי זאָלן טאָן און אויפפירן זיך. נאָר דער מענטש אַליין לעבט נישט, ווי גאָט האָט געוואָלט פון אים, פירט זיך נישט אויף לויט גאָטס כוונה."

„דער שלעכטער מענטש!" האָט זעלדע שטיפעריש אַריינגע־וואָרפן.

„יאָ, דער שלעכטער מענטש!" האָט נח גערולדיק אויפגענו־מען איר צווישנרוף. „אין אַלע באַשעפענישן, אין די גרויסע ווי אין די קליינע האָט גאָט אַריינגעטאָן אינסטינקטן. אַזוי ווייל איך זאָלט איר לעבן, נאָך די אינסטינקטן, וואָס איך טו אין אייך אַריין, זאָלט איר זיך אויפפירן. אָבער אין דעם מענטש האָט ער אויך אַריינגע־טאָן פאַרשטאַנד און ווילן. דאָס הייסט, אינסטינקטן אויך, אָבער צו די אינסטינקטן צוגעגעבן פאַרשטאַנד און ווילן און אַ נשמה,

וואָס אַלע אַנדערע באַשעפענישן האָבן נישט. נאָך זיינע אינסטינקטן האָט דער מענטש געדאַרפט זיין אַ חיה מיט אַלע חיות צוגלייך, אָבער גאָט האָט אים געזאָגט: „זע, איך בלאָז אין דיר אַריין אַ נשמה, גיב דיר פאַרשטאַנד און טו אין דיר אַריין אַ ווילן, כדי דו זאָלסט די שלעכטע חיהשע אינסטינקטן אין דיר באַקעמפן און זאָלסט זיך אויפהויבן צו דער הויכער שטופע מענטש. דאָס איז געווען גאָטס גרויסע כוונה אין באַשאַפן דעם מענטש.״

„פון וואַנען ווייסטו גאָטס כוונה?״ האָט זעלדע געפרעגט.

„אָבער, זעלדע!״ האָט נאָרמאַן אויסגעשריען.

„דאָס איז אַ גערעכטע פראַגע,״ האָט אים דער זיידע באַרו־איקט. „און דאָס באַווייזט, אַז זעלדעלע הערט זיך צו מיט קאָפּ. איך האָב פריער געזאָגט, מיר ווייסן נישט גאָטס כוונה, און איצט האָב איך געזאָגט: דאָס איז געווען גאָטס כוונה, דאָס הייסט, אַז מיר ווייסן יאָ גאָטס כוונה. איז דאָס טאַקע אַ ווידערשפּרוך.״

נאָרמאַן האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו זעלדען, אַ דריק צו טאָן איר האַנט אין אַנערקענונג פון איר קלוגהייט. נח האָט ווייטער גערעדט:

„אָבער די זאַך איז די: יעדער מין באַשעפעניש ווייס גאָטס כוונה אין באַשאַפן אים. יעדער מין פאַר זיך ווייס זי. דער מענטש וויים נישט, צוליב וואָס די מאָסקיטאָ איז באַשאַפן געוואָרן, די מאָסקיטאָ אָבער ווייס, צוליב וואָס זי איז באַשאַפן געוואָרן. גאָט האָט עס אין איר אַריינגעטאָן און זי לעבט, ווי צוליב וואָס זי איז באַשאַפן געוואָרן. די מאָסקיטאָ בלייבט זיך און גאָט געטריי. און אַזוי אַלע באַשעפענישן, די גרויסע און די קליינע — יעדער מין וויים גאָטס כוונה, פאַרוואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן, ווייס אָבער נישט, צו וואָס די אַנדערע מינים זיינען באַשאַפן געוואָרן. אַזוי אויך דער מענטש. ער וויים נישט גאָטס כוונה מיט באַשאַפן די מאָסקיטאָ און די שפּין, אָבער ער קאָן זייער גוט ווייסן, וואָס גאָט האָט געוואָלט מיט אים. ווען ער וויל נאָר, וועט ער שוין דערגיין, וואָס איז געווען גאָטס כוונה מיטן מענטש.״

„וואָס איז געווען גאָטס כוונה מיטן מענטש?״ האָט זעלדע געפרעגט.

„זעסטו, אז דו ווילסט וויסן, פרעגסטו,“ האָט נח געענטפערט מיט אַ שמייכל. „אַ סך מענטשן האָבן זיך דערצו אַליין דערטראַכט, די אַנדערע פרעגן ווען זיי ווילן וויסן. אָבער דעם ענטפער האָב איך דיר שוין פריער געגעבן: גאָטס כּוונה איז, אַז דער מענטש זאָל אין זיך באַזיגן די חיה און אויפהויבן זיך צו דער הויכער שטופע מענטש. דערצו דאַרף דער מענטש בלויז זיך שטענדיק פרעגן, צו וואָס לעבט ער אויף דער וועלט, וואָס איז דאָס ציל פון זיין לעבן. לעבט ער נאָר אום צו עסן און צו טרינקען, און פוטבאָל אָדער טע־ניס אָדער קאָרטן צו שפּילן, צו מאַכן געשעפטן און צו קלייבן געלט? ער דאַרף נאָר שטענדיק געדענקען, אַז ער איז אַ מענטש, געדענקען גאָטס כּוונה, וועט ער באַלד פאַרשטיין, אַז ער לעבט נישט בלויז פאַר זיך, פאַר זיינע פאַרגעניגנס און תּענוגים, נאָר אַז ער לעבט, אום די חיה אין זיך צו באַזיגן. זיין וועג איז אַ שווערער, אַ וועג באַרג אַרויף, און אַ גאַנץ געפערלעכער וועג באַרג אַרויף. וואָס טוען מענטשן, ווען זיי שטייגן אַרויף אַ געפערלעכן באַרג? זיי בינדן זיך אָן מיט שטריק איינער אָן דעם אַנדערן, און איינער העלפט דעם אַנדערן. דער, וואָס גייט פאָראויס, שלעפּט דעם, וואָס גייט הינ־טער אים, און דער, וואָס גייט הינטער אים, פאַרהיט דעם פאָרענטסטן, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן אין אָפּגרונט, וואָס ליגט פאַר אים. אין אַזאַ צוזאַמענקלעטערן איז נישטאָ קיין איבעריקער מענטש. אומגעקערט: וואָס מער מענטשן, אַלץ פריילעכער און זי־כערער איז דער וועג. אַזוי דאַרף זיין אונזער גאַנץ לעבן אויף דעם וועג אַרויף צו דער הויכער מדרגה פון מענטש, און ווען מענטשן וועלן אַזוי לעבן, וועלן נישט זיין מער קיין איבעריקע מענטשן. אַלע וועלן לעבן מיט אַן אַלגעמיינעם ציל פאַר זייערע אויגן, און אַלע וועלן זיין נוצלעך.“

נח האָט געענדיקט און אָנגעקוקט זיינע אייניקלעך. אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט אויף זעלדען נישט געמאַכט קיין איינדרוק. פרעמדע געדאַנקען, וועלכע האָבן צו איר קיין שייכות נישט גע־האַט. מענטש־אידעען וועלכע זיינען איר נישט אָנגעגאַנגען, אין איין אויער אַריין, פון צווייטן אַרויס. גאַרמאַן אָבער איז געזעסן מיט אַן אָנגערוקטן שטערן און איבערגעטראַכט דאָס געהערטע. ער האָט געפילט אַן אמת, צו וועלכן ער האָט נאָך קיין צוטריט נישט געהאַט,

געהויבענע מענטש־אידעען, וועלכע זיינען נאָך נישט פאַר אים, מוזן ווערן פאַר אים אויך.

אַליין דזשוניאָר האָט עפּעס געהאַט וואָס צו זאָגן:

,,איך שטים איין מיט די מענטש־אידעען. עס איז אַזוי. איינער פאַר אַלעמען און אַלע פאַר איינעם. אַזוי דאַרף זיין. אַלע זאָלן קלעטערן צוזאַמען צו אַ בעסערער מענטשהייט. דאָס איז גרויס! אָבער איך האָב צו הערן, אַז דאָס וויל גאָט אַזוי. איך גלויב נישט אין גאָט. פאַרוואָס זאָל דיין גאָט צולאָזן אַזוי פיל יסורים אויפן שווערן וועג פון דעם קלעטערן? דאָס גאַנצע פון עוואָלוציע ברענגט זיי מיט זיך, אָבער אויף וואָס דאַרף זיי גאָט?''

זעלדע האָט צוגעשעפּטשעט נאָרמאַנען:

,,לאָמיר פאָרן, ליבלינג. עס ווערט לאַנגווייליק.''

נח האָט געקוקט אויף איר, פאַרשטאַנען איר שעפּטשען. ניין, זי איז נישט בלויז גלייכגילטיק צו זיינע אידעען, זי האַסט זיי אַפילו און האָט מורא פאַר זיי. זיי פּאַסן איר נישט צו דעם לעבן, וואָס זי וויל לעבן. דער אַלטער האָט אויפגעקרעכצט. דאָס האָט אים ווי גע־טאָן אַ סך מער, ווי דזשוניאָרס אַטעאיזם.

אין אויטאָמאָביל איז נאָרמאַן געזעסן ביים ראָד אַ לענגערע ווײַלע שווייגנדיק.

,,פאַרוואָס שווייגסטו?'' האָט זעלדע ענדלעך געפרעגט.

,,איך טראַכט וועגן דעם, וואָס דער זיידע האָט געזאָגט.''

,,איך האָב געוואוסט. אומזין!''

,,אָ, ניין!''

,,עס איז אַן אומזין. איך זאָג: וואָס אַרט מיך, אַז איך בין איבעריק ביי עמיצן אין די אויגן? אַרט דען דעם עמיצן, אַז ער איז איבעריק אין מיינע אויגן? ביי זיך אַליין איז קיינער קיינמאָל נישט איבעריק.''

,,דאָס ווייסטו נישט,'' האָט ער טרויעריק געזאָגט.

,,אָדער ער איז אַ נאַר,'' האָט זי אָפּגעשניטן.

ער האָט זיך ווי איינגעקאָרטשעט פון אַ שמיץ, און זי האָט ווײַ־טער גערעדט:

,,דער זיידע זאָגט, אַז יעדער דאַרף זיך פרעגן, צוליב וואָס לעבט אַ מענטש. איך האָב זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ לאַנ־

גער דעבאטע, אָבער איך וואָלט אים געזאָגט: אַ מענטש לעבט צו־ליב פאַרגעניגונגען. אַלע מענטשן אַזוי. די רייכע און די אָרעמע. די רייכע זיינען רייך, האָבן זיי מער פאַרגעניגונגען, די אָרעמע זיינען אָרעם, האָבן זיי ווייניקער פאַרגעניגונגען. דאָס איז אַלץ. אָבער יע־דער לעבט נאָר פאַר זיינע אייגענע פאַרגעניגונגען, און אַ יעדער מענטש האָט זיי. און אַז יעדער האָט זיי, קאָן ער זיך נישט פילן פאַר אַן איבעריקן. דאָס איז אַלץ.״

„ביזט אַ גאַנצער פילאָזאָף,״ האָט ער אויפגעלאַכט.

און זי האָט צוגעגעבן:

„די כוונה פון גאָט, האַ! — די כוונה פון גאָט, וועלכע דער זיי־דע אליין נאָר וויים, און מער קיינער נישט. אָבער — איז עס נישט געוועזן קאָמיש?—איז געקומען דזשוניאָר און האָט אָפּגעלייקנט גאָט. אָ, איך וואָלט אים געקאָנט אַ קוש טאָן דערפאַר, ווען ער וואָלט מיר נאָר נישט געוועזן אַזוי לאַנגווייליק.״

דעם קומענדיקן שבת האָבן זיי זיך ביידע נישט באַוויזן ביים זיידנס שבת־טיש און נח האָט געזאָגט:

„איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט אַזוי זיין.״

און נאָך שבתים זיינען פאַרגאַנגען, און זיי האָבן זיך נישט באַוויזן, און נח האָט געזאָגט:

„אָט אַזוי ווערט אַלץ צובראָכן און צובראָקלט. די זין און די שניר האָבן מיר שוין לאַנג נישט אַרום זיך, איצט האָבן מיר די אייניקלעך אויך נישט.״

און מערע האָט אים געטרייסט:

„לאָמיר זיין צופרידן,״ האָט זי געזאָגט. „דאָס איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז זיי אַלעמען גייט גוט. וואָרום ווען שליסט מען זיך ענגער צוזאַמען? ווען עס גייט שלעכט. דו ווייסט דאָך, דיר דאַרף איך דאָך די מעשה נישט דערציילן. אין די טעג פון דעם מבול זיינען אַלע געוועזן אין נחס תבה ווי איין פאַמיליע — מענטשן און חיות, אַלע ענג צוזאַמענגעשלאָסן. ווי דער מבול איז אַריבער, האָבן זיך אַלע צושפּרייט אין אַלע פיר ווינטן און איינער האָט שוין נישט גע־קענט דעם אַנדערן. די טויב, ווי זי האָט נאָר אויסגעפונען, אַז דער מבול איז פאַריבער, האָט זי אפילו פאַרגעסן, אַז זי האָט עמיצן אין דער תבה — זיי זיינען דאָך דאָרט געוועזן פאַרוויז — און האָט

זיך מער נישט אומגעקערט צוריק. וואָלסטו געוואָלט, אַז די קינדער זאָל גיין שלעכט, אַבי זיי זאָלן זיין אַרום דיר? אָדער זאָלן מיר נישט צופרידן זיין, וואָס זיי גייט אַלעמען גוט, אַז טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע זיינען גאַנץ איבעריק?"

נח אָבער האָט נישט געוואָלט געטרייסט ווערן. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט גוטע אויגן און געזאָגט:

„און דו מיינסט, אַז דו קאָנסט מיך דערמיט טרייסטן? אָדער דו ווילסט מיך נאַרן? איך טראַכט, אַז די מענטשהייט דאַרף ענגער צוזאַמענגעבונדן ווערן, און דאָ זע איך, אַז אַפילו די פאַמיליע ווערט צופאַלן, איז עס נישט לוסטיק?"

7.

איינמאָל אין אַ פרייטיק אין אָוונט איז נאָרמאַן געקומען צו זעלדען, און זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ פאַראַדנעקייט, וואָס האָט געדאַרפט פאַרראַטן, אַז זי האָט עפּעס אויסטערלישעס פאָר. נאָכ־דעם, ווי זיי האָבן געשטילט זייער בענקעניש פון אַ גאַנצן טאָג נישט זען זיך מיט לאַנגע ליידנשאַפטלעכע קושן, האָט זי צוגע־מאַכט די צימער־טיר, וואָס איז נישט געווען גוט צוגעמאַכט, און פאַרשלאָסן זי אַפילו. נאָרמאַן האָט זיך פאַרוואונדערט, איז אומ־רואיק געוואָרן.

„פאַרוואָס פאַרשליסטו די טיר?"

„איך האָב וואָס פאַר דיר," האָט זי סודותדיק אַרויסגערעדט.

ער האָט געקאָנט דענקען נאָר פון איין זאַך, און מורא געהאַט פאַר דעם. ביז איצט האָט ער זיך גובר געווען בײַ אַלע אויפבוואַליונ־גען פון זיין בלוט. אָבער זי האָט אים שטענדיק געהאָלפן אין דעם קאַמף מיט דעם, וואָס, ווי זי האָט געזאָגט, זי האָט „עס נישט גע־ליבט". אָבער איצט, ווען זי פאַרשליסט די טיר...

„ניין, זעלדע," האָט ער פּראָטעסטירט. „מיר דאַרפן עס נישט טאָן."

„אַ, ניין, דו ווייסט נישט, וואָס איך האָב פאַר דיר!" האָט זי געזאָגט און געלאַכט.

„פאַרוואָס האָסטו פאַרשלאָסן די טיר?"

זעלדע איז צוגעגאַנגען צו איר קליידערשראַנק, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ פלאַש קאָניאַק און אויפגעהויבן זי מיט טריאומף.

„וואָס איז דאָס?" האָט ער דערשטוינט געפרעגט.

„אַ פלאַש פון דעם בעסטן קאָניאַק פון פאַר פּראָהיבישאָן!" האָט זי אויסדעקלאַמירט.

„און דו ווילסט, מיר זאָלן זי ביידע טרינקען? ביסטו משוגע? איך וועל דיך נישט לאָזן טרינקען," האָט ער געשריען.

„ניין, איך וועל נישט טרינקען," האָט זי געזאָגט. „איך האָב עס, אָבער דו וועסט טרינקען."

„וואָס עפּעס פּלוצלונג?"

„איך וויל זען, ווי דו וועסט שיכּור ווערן."

„זעלדע, דו ביזט נישט ביים זין."

„דו ליבסט צו טרינקען, איך ווייס עס. און דו האָסט שוין לאַנג נישט געטרונקען, אפילו אויף מיין געבורטס־טאָג האָסטו זיך איינגעהאַלטן. און איך וויל זען, ווי דו וועסט זיך באַטרינקען."

„וואָס פאַראַ שרעקלעכע איינפאַלן דו האָסט, זעלדע!"

זי האָט זיך צוגעדריקט צו אים, אַרויפגעקוקט אים אין די אויגן אַזוי זיס און ליב.

„וואָס אַרט עס דיך? דו ליבסט דאָך קאָניאַק — איך האָב דאָך עס געזען אויף מיין געבורטס־טאָג־פּאַרטי — און ליבסט צו באַטרינקען זיך, און איך וועל האָבן מיין שפּאַס."

„קיין בעסערן שפּאַס קאָנסטו זיך נישט צוטראַכטן?"

„היינט וועט עס זיין מיין בעסטער שפּאַס."

אַלץ איז געווען צוגעגרייט: קאָניאַק, גלאָז און פּראָפּן־ציער. זי האָט אַליין אויפגעעפנט די פלאַש און אָנגעגאָסן דאָס גלאָז. אָבער נאָרמאַן איז געווען איינגעשפּאַרט.

„אויסערדעם, וואָס איך וויל נישט טרינקען, בין איך חושד, אַז עפּעס ביזטו מיט דעם אויסן."

„אָבער נאָרמאַן," האָט זי זיך געבעטן, „איך פאַרזיכער דיר, אַז איך בין גאָרנישט אויסן. עס איז מיר איינגעפאַלן בלויז: דו וועסט האָבן דיין גוטן טרונק, און איך וועל האָבן מיין שפּאַס אין צוזען, ווי דו וועסט שיכּור ווערן."

נאָרמאַן איז טרויעריק געוואָרן.

„איך זאָג דיר, זעלדע," האָט ער געזאָגט, „אַז איך האָב זיך באַטרונקען, נאָר ווען מיר איז זייער שווער געווען אויפן האַרצן.

אָבער זינט אונזער ליבע, זינט אונזער חתן־כּלהשאַפט, איז מיר מער קיינמאָל נישט שווער אויפן האַרצן, און איך האָב זיך מער קיינמאָל נישט באַטרונקען."

„נאָר דאָס איינע מאָל," האָט זי זיך געבעטן און געלאַשטשעט.

„וואָס פאַר אַ שפּאַס קאָנסטו דאָ האָבן? ווי איך וועל אויסזען נאַריש? ווי איך וועל זיך אפשר צווויינען?"

זי האָט זיך צופּאַטשט אין די הענט.

„איי, דאָס וועט זיין גרויסאַרטיק!"

„זעלדע, דו ביזט נישט נאָרמאַל!"

ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן זיין „מאָרדלוסט": ווי ער האָט געוואָלט דערשיסן זיין מאַמעס געליבטן דוקא פון הינטן דורך דעם הינטער־קאָפּ. עס האָט אים פאַרקוועטשט ביים האַרץ, זיין גע־זיכט האָט זיך פאַרפינסטערט.

„איצטער זעסטו אָבער אויס, ווי איינער, וועלכער דאַרף דעם טרונק," האָט זי געזאָגט און אונטערגעטראָגן אים דאָס גלאָז צו די ליפּן.

„משוגע, זעלדע!" האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

„אָ, טרינק! טרינק!" האָט זי זיך געבעטן.

ער האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז, און זי האָט געפּאַטשט אין די הענט און געלאַכט. זי האָט ווידער אָנגעגאָסן דאָס גלאָז און אַרויפגעזעצט זיך אויף זיינע קני, אָבער זי איז גלייך אַראָפּגעשפּרונ־גען צוריק.

„איך וועל זיצן אַנטקעגן," האָט זי געזאָגט. „וועל איך בע־סער קאָנען קוקן."

ער האָט זי אַרויפגעצויגן צו זיך צוריק.

„ניין, צוערשט וועלן מיר זיך גוט אָנקושן."

ער האָט זי געקושט ווילד, מיט אַ טרערן־אויפגעשריי אין אים, געוואָלט אויסקושן זיין שווער געמיט. ווען ער האָט אויפגעהערט צו קושן, האָט ער אויסגעטרונקען דאָס צווייטע גלאָז.

זי איז געשטאַנען אַנטקעגן און נאָכגעקוקט נאָרמאַנס יעדע באַוועגונג.

„ווען דו וועסט ווערן שיכּור," האָט זי געזאָגט, „וועל איך

דיך נישט אוועקשיקן אהיים, נאָר דו וועסט בלייבן שלאָפן דאָ, אויף דער סאָפע.״

ער איז אויפגעשפרונגען.

„איצט פארשטיי איך דיך!״

„דו מאכסט א טעות, דו פארשטייסט שלעכט,״ האָט זי צו־ריקגעשריען.

„איך וועל נישט טרינקען קיין איין טראָפּן מער!״ האָט ער געזאָגט, צוריק אוועקזעצנדיק זיך.

„איך שווער דיר, אז איך האָב נישט קיין שום הינטער־געדאנק,״ האָט זי געזאָגט און געשטעלט זיך פאר אים אויף די קני, מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּארט אָן זיינע קני. „ווען איך וואָלט געוואָלט דאָס, וואָס דיר איז איינגעפאלן, וואָלט איך דיך געדארפט אָנשיכּורן דערצו? אויך מיר א פארגעניגן! איך בין מער גארנישט אויסן, ווי צו זען דיך, ווי דו ווערסט שיכּור. דאָס מאָל און מער קיינמאָל נישט. און דווקא דיך וויל איך זען, אַן אנדערער וואָלט מיך נישט אינטערעסירט. אַט ביזטו שוין אזוי פארפלאָמט, און דיינע אויגן ברענען אזוי, און אין דיר מוז עס אזוי היים זיין... איך טרינק קיינמאָל נישט... איך האָס עס... איך קאָן עס קוים אראָפּ־שלינגען... אָבער איך ווייס, אז עס ברענט... עס ברענט שוין אין מויל... און דו האָסט שוין צוויי גלעזער אין זיך... טאָ, טרינק דאָס דריטע!״

זי האָט אָנגעגאָסן דאָס גלאָז.

„דו שפּילסט זיך מיט פייער, זעלדע,״ האָט נאָרמאַן זי געוואָרנט.

„וואָרום?״

„ווען איך וועל שיכּור ווערן, וועל איך נישט פאראנטוואָרט־לעך זיין פאר דעם, וואָס איך וועל טאָן.״

„איך וועל אָבער נישט זיין שיכּור.״

ער האָט זי ארומגעכאַפּט.

„דו קליינער טייוול, דו ווייסט נישט, וואָס דו טוסט מיט מיר!״

זי האָט אים באַקושט זיין גאַנץ געזיכט און צוגערעדט בשעת מעשה:

„איך טו גאָרנישט מיט דיר... מיט מיין מאַן, מעג איך זיך דערלויבן, וואָס איך וויל.“

זי האָט אים צוגעטראָגן דאָס פולע גלאָז צו די ליפּן, און ער האָט עס אויסגעטרונקען.

די דריי פולע גלעזער האָבן זיך אָנגעהויבן געבן צו פילן. אין קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן צו שווינדלען, דאָס צימער איז געוואָרן באַוועגלעך, און דער עיקר, זעלדע האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַזוי נאָנט, ווי זי וואָלט אָנגעטראָגן געוואָרן אויף אים פון ערגעץ ווייט און אָט וועט זי אַרויפפאַלן אויף אים ווי אַ שווערע משא. עס וועט געשען אַ צוזאַמענשטויס... אַ מערקווירדיקער צוזאַמענשטויס... ער דאַרף זי אויפכאַפּן...

ער האָט אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען, דערפילט זיך באַאומרואיקט און מיט געוואַלד עפּעס אָראָפּגעטרייסלט פון זיך.

„איך גלויב, איך האָב גענוג,“ האָט ער געזאָגט. „דו האָסט געזען, וואָס דו האָסט געוואָלט, און איצט וועל איך בעסער אַוועק אַהיים.“

„דו ביזט אָבער שרעקלעך,“ האָט זי פּראָטעסטירט. „ווילסט מיר פאַרדאַרבן מיין שפּאַס.“

„איך וויל אָבער נישט בלייבן שלאָפן דאָ.“

„דאָס וועט דאָך זיין מיין גרעסטער שפּאַס! איך וועל דיך אויסטאָן, וועל דיך אַוועקלייגן און איינדעקן — דו וועסט זיין גאַנץ אומבאַהאָלפן, וועסט זיין ווי אַ ביובי... דאָס וועט זיין דאָס איינציקע מאָל אין אונזער לעבן, שפּעטער וועל איך עס דיר קיינמאָל נישט דערלויבן. ווען דו וועסט זיך דערוועגן צו קומען אַהיים אַ שיכּורער, וועל איך דיר וואַרפן אין קאָפּ אַריין אַלץ, וואָס מיר וועט זיך מאַכן אונטער די הענט.“

ער האָט געזוכט עפּעס אין זיין פאַרנעפּלטן מאַרך און געפונען.

„וואָס וועלן זאָגן אָנקל אָסקאַר און טאַנטע דאָראַ?“

„זיי וועלן גאָרנישט זאָגן. זיי גלויבן מיר. זיי ווייסן, אַז צווישן אונז וועט גאָרנישט פּאַרקומען, ביז מיר וועלן ווערן מאַן און ווייב.“

ער האָט געקוקט אויף איר מיט ברענענדיקע אויגן. זיין קערפּער האָט געליטן פון אַן אומבאַקוועמער היץ.

,,ניין. איך וועל שלאָפן אין אַן אַנדער צימער,'' האָט ער געזאָגט.

,,רעד נישט, נאַרעלע!'' האָט זי אים געלאַשטשעט. ,,דו וועסט שלאָפן דאָ אויף דער סאָפע, איך האָב שוין אָנגעגרייט דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט. איך גיי שוין אַפילו מאַכן גלייך דיר דאָס געלעגער אויף דער סאָפע.''

עפּעס איז אַרויפגעשוואומען אין זיין פאַרנעפּלטן זכרון, און ער האָט זיך צולאַכט. לאַכנדיק האָט ער זיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז און גלייך אויסגעטרונקען. ער האָט זיך נאָך מער צולאַכט און ווידער אָנגעגאָסן אַ גלאָז און גלייך אויסגעטרונקען.

זעלדע האָט נאָכגעקוקט יעדע באַוועגונג מיט ווייט־פונאַנדער־געעפנטע אויגן, אויפגענומען זיין געלעכטער מיט קלאַפּנדיקן האַרץ. אָט הויבט זיך עס אָן, וואָס זי האָט געוואָלט זען. ער ווערט שוין גוט שיכּור. ווי ער לאַכט! לאַכט ער? דאַכט זיך, ער וויינט! ער ווערט היסטעריש. זעט ער זי? דערקענט ער זי? דאַכט זיך, ער זעט זי נישט. ער לאַכט, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט, אַז זי שטייט פאַר אים אָנגעשפּאַרט אויף זיינע קני...

זי האָט זיך אָפּגערוקט, אַראָפּגעלאָזן זיך אויף דער ערד מיט די הענט אויפן טעפּיך און אָנגעקוקט אים מיט גיריקע אויגן.

ער האָט זי טאָקע נישט געזען, ער האָט זי טאָקע פאַרגעסן.

,,די סאָפע,'' האָט ער אַרויסגעלאַכט מיט אַ שיכּורער שטימע.

,,די סאָפע אין אָנבליק פון די ביכער... די ביבליאָטעק־סאָפע!...''

זי האָט זיך פאַרוואונדערט.

,,וואָס רעדסטו, נאַרמאַן? וואָס פאַר אַ ביבליאָטעק־סאָפע?''

ער האָט אָנגעהויבן אַרומצוואַרפן מיט די הענט און מיטן גאַנצן קערפּער אין זיין געלעכטער־היסטעריע:

,,אָ, דו ווייסט נישט! דו וועסט עס אויך נישט וויסן! דאָס ווייס איך נאָר אַליין!''

,,אָ, זאָג מיר! זאָג מיר!'' האָט זי זיך געבעטן. זי האָט זיך ווידער צוגערוקט צו אים און גענומען אים טרייסלען: ,,זאָג!''

ער האָט אויפגעהערט צו לאַכן, שווערע טרערן זיינען געשטאַנען אין זיינע אויגן. זי האָט צוגערוקט צו אים איר געזיכט און געבעטן:

,,אָ, ליבלינג, זאָג מיר, וואָס האָסטו געלאַכט וועגן דער ביבליאָטעק־סאָפע?"

ער האָט שוין דאָס נישט געדענקט, איצטער האָט ער געזען זיין זעלדעס געזיכט פאַר זיך.

,,איך ליב דיך, זעלדע," האָט ער אָנגעהויבן. ,,איך ליב דיך משוגע ווילד... וואָס וואָלט איך נישט געטאָן פאַר דיר... דו ביסט מיר מיין אַלץ... ווען נישט דו, זעלדע, ווען נישט דו..."

ער האָט זיך ביטער צעוויינט, מיט טרערן פון טיפער עלנד. זעלדע האָט צוערשט עס צוגעזען מיט נייגער, אָבער באַלד דער־שראָקן זיך. זי האָט דערפילט, אַז עפּעס איז אין די טרערן מער ווי שיכּרות און האָט זיך שיר נישט צעוויינט.

,,הער אויף, געליבטער, הער אויף!" האָט זי רירנדיק געבעטן. ,,איך ליב דיך דאָך אויך אַזוי משוגע ווילד. וואָס וואָלט איך נישט געטאָן פאַר דיינעטוועגן?"

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך דער פלאַש, זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אים אָפּצושטעלן. עס איז גענוג, זי האָט שוין באַפרידיקט איר נייגער. אָבער זי האָט אים געלאָזט אויסטרינקען נאָך אַ גלאָז. ער האָט אויפגעהערט צו וויינען, איז געבליבן זיצן פאַרגולמט, שיכּור צושמייכלענדיק צו איר.

איצט איז זי נייגעריק געוואָרן:

,,וואָס האָסטו פריער געלאַכט פון דער ביבליאָטעק־סאָפע? וואָס פאַר אַ ביבליאָטעק־סאָפע?"

ער האָט אָפּגעשמייכלט.

,,אָ, יאָ... איך וועל דיך נישט אָנרירן... דו ביזט מיין פלאַם, זעלדע, מיין פייער, מיין גאַנצע ליבע און ליידנ־שאַפט... מיין פייער... יאָ... מיין פייער... אָבער איך וועל דיך נישט אָנרירן... אויב דו האָסט מיך געוואָלט אויספּרובירן, איז אָט האָסטו די פּראָבע... יאָ, די פּראָבע... איך וועל דיך נישט אָנרירן... ניין... בשום אופן נישט אָנרירן... איך בין שיכּור און וואָלט געקאָנט טאָן מיט דיר אַלץ... אַלץ... פאַרשטייסטו? אַלץ... אָבער איך וועל דיך נישט אָנרירן... איך וועל בעסער גיין אַהיים!..."

ער איז אויפגעשטאַנען און געלאָזט זיך צו דער טיר. קרום, אין זיגזאַג, שיר נישט פאַלנדיק. זי האָט זיך צולאַכט. איצט האָט זי

געהאַט אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט זען. ווי קאָמיש ער האָט זיך געלאָזט גיין! ווען ער איז געווען ביי דער טיר, האָט זי אים אָפּגע־האַלטן.

„דו וועסט נישט גיין אַהיים. איצט וועל איך דיך אַוועק־ליגן שלאָפן. זיץ נאָר אַ ווײַלע אויפן שטול ביז איך וועל דיר מאַכן דעם געלעגער אויף דער סאָפע."

זי האָט אים געפירט צוריק צום שטול און געלאַכט איבער דער דערפאַרונג, וועלכע זי האָט געמאַכט אין פירן אַ שיכּור.

און בשעת זי האָט געמאַכט אים דעם געלעגער אויף דער סאָפע, האָט ער גערעדט:

„אָלרייט... מאַך מיר דעם געלעגער... אָבער איך וועל דיך נישט אָנרירן... דו וועסט זיין מיין ווייב, אָבער איצט וועל איך דיך נישט אָנרירן... דו ווילסט עס נישט... איך וויל עס נישט... ניין, איך וויל עס... אָבער נישט אָנרירן..."

פאַרטיק ווערנדיק מיט דעם געלעגער, האָט זי אים צוגעפירט צו דער סאָפע. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט, און זי האָט אים אָנגע־הויבן אויסצוטאָן. צוערשט האָט ער נאָך געהאָלפן: מיט ציטערנדי־קע הענט זיך אָפּגעקנעפּלט, מיט די פיס אַראָפּגעשטופּט פון זיך די שיך, וועלכע זי האָט פונאַנדערגעשנירט. דאָך דער שווינדל אין קאָפּ האָט זיך פאַרגרעסערט, עס איז געווען אַזוי אָנגענעם רואיק צו ליגן, און ער איז געבליבן ליגן אָן באַוועגונג. ער איז אויך גלייך איינ־געשלאָפן. אָבער איר האַרץ האָט געקלאַפּט, אירע באַקן האָבן גע־ברענט, און אירע הענט האָבן געציטערט פאַר אויפרעגונג. ווען זי האָט אים אָנגעהויבן אויסצוטאָן גאַנץ נאַקעט, איז זי שיער נישט אומ־געפאַלן פון האַרץ־קלאַפּונג ביים אָנבליק פון דעם נאַקעטן לעבעדיקן מענלעכן קערפּער. זי איז געשטאַנען ווי געבלענדט, און פּלוצלונג האָט זי זיך פאַרשעמט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט מיט דעם געפיל, אַז עמיצער האָט זי געזען. זי האָט געוואָלט אים אָנטאָן דעם טאַטנס פּיזשאַמעס, וועלכע זי האָט אים אָנגעגרייט, אָבער דאָס איז איצט געווען צופיל פאַר איר. האָט זי אים אויף גיך צוגעדעקט, אויסגע־דרייט די עלעקטריע און אַריינגעוואָרפן זיך צו זיך אין בעט, ציטערנ־דיק אין אַלע אבֿרים. זי איז געלעגן איינגעדעקט אונטער די דעקן און געקוקט אין דער פינסטערניש צו דער סאָפע, וואו איר נאַקע־

טער צוק־נפטיקער מאַן איז געלעגן, און עס האָט איר געוואָרפן א צאָן אָן א צאָן. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעדרייט אויף דער אַנדער זייט, אַריבערגעדעקט זיך איבערן קאָפּ און געשריען צו זיך: „פוי! פוי! פוי!...‟

פאַרטאָג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, דערזען זיך נאַקעט און האָט זיך פאַרפלאָמט. ער האָט א קוק געטאָן אויף דעם בעט אין דער אַנדער זייט פון דעם גרויסן צימער און קוים געקאָנט דער־קענען די אָפּצייכענונג פון זעלדעס קערפּער אונטער דער קאָלדרע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. זיינע קליידער זיינען געלעגן צושטרויט לעבן דער סאָפע, לעבן אים אויף דעם געלעגער זיינען געלעגן א פּאָר פּיזשאַמעס. ער האָט זיי שנעל אָנגעטאָן און אַוועקגעלייגט זיך צוריק. ער האָט געוואָלט ווידער איינשלאָפן, אָבער נישט געקאָנט. ווער האָט אים אויסגעטאָן? האָט ער זיך אַליין, אָדער זי? אויב זי... נאַריש־קייטן, זי וועט דאָך זיין זיין ווייב! עס איז ווירקלעך צייט, ער זאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך זיין זיידנס און באָבעס צניעות, די עדאָנישע שעמעוודיקייט... וואָס האָט אים אַזוי דערשראָקן זיין נאַקעטקייט? וואָס האָט אין אים אויפגעציטערט, אויב חס ושלום זי האָט אים אויסגעטאָן און געזען אים נאַקעט?... די עדאָנישע צניעות!... וואָס ליגט ער דאָ, ווי דער ריינער נאַר? פאַרוואָס זאָל ער נישט אַריבער־גיין אַהינצו, וואו זעלדעלע ליגט אַזוי וואַרעם צוזאַמענגעדרייט אונ־טער דער קאָלדרע, פּיליכט אויך א נאַקעטע?...

ער האָט זיך דאָס געפרעגט און נישט גערירט זיך פון אָרט... ער האָט אָנגעשטעלט א הונגעריקן בליק אויף דעם צוזאַמענגע־קנוילטן קערפּער אונטער דער קאָלדרע.

„זעלדעלע!‟ האָט ער אַרויסגעבענקט פון זיך אין כריפּנדיקן געפּליסטער. זיין שטים האָט אים דערמאָנט אָן דעם נעכטיקן אָוונט. וואָס איז דאָס געווען? וואָס פאַר א משוגעת איז דאָס געווען פון איר, צו וועלן זען אים שיכּור? וואָס פאַר א שוואַכקייט איז עס גע־ווען פון אים נאָכצוגעבן איר? ביידע גאַנץ אומנאָרמאַל! ביידע — פערווערז! ער האָט א׳יפגעשווידערט, עס איז אים געוואָרן וואַרעם אין קאָפּ. ער האָט מער נישט געקאָנט איינליגן. אַמבעסטן וואָלט ער זיך איצט צושריען. אַרויסשרייען א שרעק, א פאַרצווייפלונג, אַן אומגלויבלעכקייט. א געשריי האָט אים געשפּאַרט אין האַלז

אריין. ער האָט שנעל אָנגעהויבן אָנצוטאָן זיך. מיט רעש. מיט קלאַפּעריי. ער האָט געוואָלט פאַרטומלען אין זיך דעם געשריי.

פון אונטער אירע קאָלדרעס אויפן בעט האָט זיך באַוויזן זעלדעס קאָפּ מיט אירע צוויי גרויסע אויגן — נישט אויסגעשלאָפענע, דערשראָקענע, פאַרשעמטע.

„אָ, דו ביזט שוין אויף?"

„ווי דו זעסט!"

„עס איז דאָך נאָך אַזוי פרי."

„איך מוז האָבן לופט, לופט, לופט!"

„קער זיך אָפּ, וועל איך זיך אויך אָנטאָן, און מיר וועלן גיין צוזאַמען."

ער האָט זיך אויטאָמאַטיש אָפּגעקערט, פאַרטזעצנדיק זיין גאַרדעראָבע. זי איז אַרויס פון בעט.

„איך בין כמעט ווי נישט אויסגעטאָן," האָט זי געזאָגט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. זי איז געווען באָרוועס, אָבער אין איר העמד און הויזלעך.

„איך בין געווען צו מיד אויסצוטאָן זיך, און איצטער בין איך אַזוי מיד אָנצוטאָן זיך. כ'בין כמעט ווי נישט געשלאָפן."

„איז וואָס טוסטו זיך אָן? גיי שלאָפן."

„ניין, איך וויל זיין מיט דיר."

ער האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט טאַקע אויסגעקוקט מיד און נישט־דערשלאָפן. ער האָט אויף איר רחמנות געקראָגן.

„גיי צוריק אין בעט, זעלדע!"

„ווען דו וועסט בלייבן דאָ מיט מיר."

„אָלרייט. איך וועל איבערוואַרטן, ביז דו וועסט אַנטשלאָפן ווערן."

זי איז צוריק אריין אין בעט.

„קום, זעץ זיך לעבן מיר אין בעט."

„דו דאַרפסט שלאָפן."

„איך וועל איינשלאָפן, ווען דו וועסט זיצן לעבן מיר. מיר האָבן זיך דאָך נאָך נישט צוקושט."

ער איז צוגעגאַנגען צום בעט מיט מידע, שלעפּעדיקע טריט,

פירנדיק זיך מיט דער האַנט דורך די האָר, רייבנדיק זיך דעם שטערן.

„דו ביזט מיט מיר ברוגז,“ האָט זי געזאָגט.

„מיט זיך אַליין,“ האָט ער אַרויסגעברומט.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן בעט און אוועקגעלייגט זיין מידן קאָפּ אויף איר צוגעדעקטן אַקסל.

„פאַרוואָס קושסטו מיך נישט?“ האָט זעלדע געפרעגט.

„אָ, איך בין אַזוי מיד!“ האָט ער געזאָגט. „צו וואָס האָסטו עס געטאָן, זעלדע? צי וואָס האָסטו עס געדאַרפט?“

„אָבער עס איז דאָך געווען שפּאַס.“

„דאָס איז געווען נישט גוט!“

„געדענקסטו אַלץ?“

„דאַכט זיך. איך געדענק בלויז נישט, ווי איך האָב זיך אויס־געטאָן.“

זי האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע, פאַרדעקט זיך דאָס געזיכט.

„דו ביזט שלעכט, זעלדע.“

זי האָט אָפּגעדעקט איר געזיכט.

„געדענקסטו אַלץ, וואָס דו האָסט גערעדט?“

„דאַכט זיך. וואָס האָב איך אַזוינס גערעדט?“

„געדענקסטו, ווי דו האָסט זיך צולאַכט?“

„איך האָב געלאַכט און געוויינט.“

„דו האָסט דערמאָנט אַ ביבליאָטעק־סאָפע און געלאַכט, גע־לאַכט.“

ער איז אויפגעשפּרונגען, ווי ער וואָלט געביסן געוואָרן.

„וואָס האָב איך געזאָגט וועגן דער ביבליאָטעק־סאָפע?“

„גאָרנישט. נאָר דערמאָנט זי און געלאַכט. וואָס איך האָב דיך נישט געפרעגט, האָסטו מיר נישט געענטפערט, נאָר געלאַכט און דערנאָך געחזרט אַלץ, אַז דו וועסט מיך נישט אָנרירן...“

„דאָס געדענק איך.“

„פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געוואָלט ענטפערן?“

ער האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויפן בעט און אוועקגע־לייגט זיין קאָפּ אויף איר אַקסל.

„אָ, דאָס איז אַ מיאוסע געשיכטע."
זי האָט זיך אָנגעכאַפּט:
„אָ, דערצייל מיר!"
„שעמסט זיך נישט, דו אומפאַרשעמטע!"
„אַז דו ווייסט, פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן?"

ער האָט איר דערציילט וועגן דער מאַרקיזע, וועלכע פלעגט אויפנעמען אירע געליבטע אויף דער סאָפע אין איר ביבליאָטעק־צימער. דערביי האָט ער געטראַכט, אַז ער דערציילט איר נישט דעם אמת, און געטראַכט וועגן זיין מאַמען, און זיין האַרץ האָט אים ווי געטאָן, און ער האָט זיך געפילט גאַנץ עלנד און דערשלאָגן.

זי האָט געלאַכט, ווען ער האָט דערציילט, און אַז ער האָט גע־ענדיקט, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

„ביי דיין מאַמען שטייט אויך אַ סאָפע אין דעם ביבליאָטעק־צימער..."

ער איז שיר נישט אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי. אָבער ער איז געבליבן ליגן, שוועד אָטעמענדיק, און האָט ביז ווייטיק אריינ־געביסן די ציין אין זיין אונטערשטער ליפּ. זאָל זי מיינען, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געזאָגט.

אָבער זי האָט דערפילט, אַז זי האָט עס נישט געדאַרפט זאָגן, און צוגעהערט זיך מיט שרעק צו זיין שטילקייט, געפילט זיין שווער אָטעמען. ווען זיין שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן, האָט זי זיך אויפ־געהויבן און איבערגעבויגן זיך איבער אים.

ער האָט געוויינט. שטילע, זודיקע טרערן האָבן זיך געקייקלט פון די אויגן צו די אויערן צו און זיינען פאַרשוואונדן אין די פאַלדן פון איר קאָלדרע. זי האָט אויפגעשריען מיט ווייטיק און חרטה און איז צוגעפאַלן צו אים מיט קושן, איינגעגעסן זיך אין זיינע ליפּן, געוואָלט און געבעטלט זיין קוש.

ער איז געלעגן מיד און מיט יאָמער אין זיין האַרץ, האָט נישט אויפגעהויבן קיין האַנט אָפּצוטריקענען זיינע טרערן און נישט גע־געבן איר דעם קוש.

„אַנטשולדיק!" האָט זי אויסגעוויינט.

„היינט פאָרן מיר אָבער צום זיידן באַשטימט," האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ ווייטער שטים.

„יאָ,‟ האָט זי געענטפֿערט, אונטערטעניק און איבערבעטנדיק.

.8

דער זיידע און די באָבע האָבן זיי באַגעגנט, גלייך ווי זיי וואָלטן נישט געווען אוועקגעבליבן אַ היפּשע צאָל שבתים. עס איז געווען פֿרייד אין זייערע ווערטער און אויף זייערע געזיכטער, אָבער נישט איבערראַשונג. עס איז געווען, ווי די ביידע אַלטע וואָלטן זיך געזאָגט, אַז איינמאָל מוזן דאָך זייערע פֿאַרפֿרעמדטע אייניקלעך צו זיי קומען, גאָר אינגאַנצן אוועקוואַרפֿן און פֿאַרגעסן האָבן זיי דאָך דעם אַלטן זיידן און די אַלטע באָבע נישט. און אָט איז געקומען דאָס איינמאָל, דאָס געהאָפֿטע, קיינמאָל נישט אויפֿגעגעבענע. נאָרמאַן און זעלדע האָבן אַפֿילו אויסגעפֿונען, אַז מען האָט זיך געריכט אויף זיי, און עס זיינען געקאָכט געוואָרן זייערע געליבטע שפּייזן.

„ווי האָסטו געוואוסט, אַז מיר וועלן קומען?‟ האָט נאָרמאַן געפֿרעגט די באָבע.

„איך האָב נישט געוואוסט, אַז איר וועט קומען,‟ האָט די באָבע געענטפֿערט אויף איר רואיקן אופֿן.

די פֿאַרפֿרעמדטע אייניקלעך האָבן זי געהאַלזט און געקושט.

„דו ביזט אַ טייערע באָבע!‟ האָט זעלדע אויסגערופֿן מיט אַנטציקונג.

„עס איז דערפֿאַר, וואָס איך ליב אייך אַזוי, קינדערלעך,‟ האָט די אַלטע גערירט געזאָגט.

נישט דער זיידע און נישט די באָבע האָבן נישט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זיי זיינען נישט געקומען, אָבער די ביידע אַלטע האָבן געמוזט באַמערקן, אַז ביידע קינדער, דער עיקר נאָרמאַן, זעען אָנגעגריפֿן אויס. נאָרמאַן האָט געהאַט רענדער אונטער די אויגן, ווי פֿון נישט דערשלאָפֿן. נח האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געמוזט פֿרעגן:

„פֿילסטו זיך עפּעס נישט גוט, נחומקע? אַרבעטסטו צופֿיל ביי די וואָלקנקראַצערס?‟

„איך בין די נאַכט שלעכט געשלאָפֿן,‟ האָט נאָרמאַן אָפּגעענטפֿערט פֿאַרלעגן.

די פאַרלעגנהייט אין זיין טאָן האָט געבראַכט דערצו, אַז זעלדע איז נישט געפרעגט געוואָרן וועגן איר מידן אויסזען. זי האָט געפילט, אַז די ביידע אַלטע האָבן שוין דעם תּירוץ, און זי האָט זיך פאַררויטלט.

נאָך דעם טיש, האָט זעלדע זיך געפילט אַזוי מיד, אַז זי האָט זיך געמוזט צולייגן שלאָפן אין באָבע מערעס בעט. די באָבע מערע האָט זי איינגעדעקט און אָנגעקושט.

„זאָל איך דיר דערציילן אַ מעשהלע?‟ האָט מערע געפרעגט מיט אַ שמייכל.

„ניין,‟ האָט זעלדע געזאָגט, „איך וועל שוין איינשלאָפן אָן אַ מעשהלע. אָבער אַז דו וועסט בלייבן זיצן ביי מיר, וועט עס מיר זייער אָנגענעם זיין.‟

מערע איז געווען העכסט גליקלעך, ביז טרערן גליקלעך. פון זעלדען האָט זי עס קיינמאָל נישט דערוואַרט. זי האָט ליבפול און זייער רואיק און לאַנגזאַם געגלעט מיט איר האַנט זעלדעס שטערן, אַראָפּגעפירט זי אויך אויף דעם איינציקלס אָפּגעשאָרענעם קאָפּ, און ווען זי האָט דערפילט, אַז זעלדע שלאָפט שוין, האָט זי איר שטיל אַ קוש געטאָן, געקוקט אויף דער שלאָפנדיקער מיידל, געוואַכט אַ ווײַלע איבער איר. דערנאָך איז זי אַרויסגעגאַנגען און באַלד געקומען צוריק מיט אַ גרויסן סידור, האָט צוגעטראָגן אַ שטול צום בעט, אַוועקגעזעצט זיך און אָנגעהויבן צו זאָגן דאָס לאַנגע בענטשן נאָכן עסן.

אונטן אין גרויסן צימער איז געזעסן נח מיט זיינע ביידע איי־ניקלעך נאָרמאַן און דזשוניאָר און געפירט אַ געשפּרעך, אויף וועלכן נאָרמאַן האָט אָפּגעצילט.

„זיידע,‟ האָט ער אָנגעהויבן, „לערן מיך רעליגיע.‟

נח האָט שיר נישט ווייט פאַרנאַנדערגעעפנט זיין מויל פון אומ־דערוואַרטעטקייט, אָבער האָט בלויז גוטמוטיק אָפּגעענטפערט.

„שוין מיט דעם, וואָס דו ווילסט זי לערנען, האָסטו זי.‟

„דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס, זיידע,‟ האָט נאָרמאַן געזאָגט. „איך האָב נישט קיין רעליגיע, איך גלויב אין גאָרנישט.‟

„און פונדעסטוועגן בין איך גערעכט,‟ האָט נח דערווידערט. „די באַדערפעניש פון רעליגיע איז שוין רעליגיע. ווען דו האָסט די

באַדערפעניש, ווערסטו שוין דערלערנען, וואָס עס איז דאָ צו דער־לערנען.״

„איך ווייס נישט, צי איך האָב די באַדערפעניש צו רעלי־גיע,״ האָט נאָרמאַן זיך מתוודה געווען. „איך ווייס נאָר, אַז עפּעס איז שלעכט מיט מיר, און רעליגיע וואָלט מיר, אפשר געקאָנט העלפן.״

דזשוניאָר האָט געהאַט אויף זיין געזיכט אַ ברייטן שמייכל. ער האָט געוואוסט בעסער: זיין עלטערער קוזין זוכט זיין רעטונג אין אַ פאַלשער ריכטונג. אָבער ער האָט באַשלאָסן פאַרלויפיק נישט אריינצומישן זיך אין דעם געשפּרעך. ער האָט דעם ענטפער געהאַט; אינטערעסאַנט דאָך, ווי דער זיידע וועט ענטפערן.

נח האָט אַ פּאָר מאָל דורכגעפירט זיין האַנט דורך זיין גרויער באָרד, אריינגעטראַכט זיך אין דעם ענין און ענדלעך געזאָגט:

„וואָס איז שלעכט מיט דיר, זונעניו? דעק עס מיר אויף. אפשר וועל איך דיך בעסער פאַרשטיין און וויסן, וואָס צו זאָגן דיר.״

נאָרמאַן איז געווען בלאַס, האָט געקוקט אויפן זיידן מיט פאַרטונקלטע אויגן און טרויעריק מיד גערעדט:

„עס איז אַ פּוסטקייט אין מיר, אָפט פאַלט אויף מיר אָן אַ פאַרצווייפלונג. איך האָב דיך איינמאָל געפרעגט וועגן איבעריקע מענטשן — דאָס האָב איך געמיינט זיך אַליין. איך ווייס נישט צו־ליב וואָס איך לעב אויף דער וועלט. איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך. די אַרבעט, וואָס איך טו ביי די וואָלקנקראַצערס, איז נאָר צייט־הריגה, און איך נעם נאָך אַוועק דאָס ברויט ביי איינעם, וואָס וואָלט געהאַט דעם פּלאַץ, ווען איך פאַרנעם. אָט די פּוסטקייט און די איבעריקייט מוזן מיך פירן צו שלעכטע מידות, צו שוואַכ־קייטן, צו צולאָזנקייט. דוכט זיך מיר, אַז רעליגיע וואָלט מיר גע־קאָנט העלפן.״

„דאָס איז אַ שיינער וידוי, מיין זון,״ האָט נח געזאָגט.

דזשוניאָר איז געזעסן מיט זיינע הענט הינטער זיך, האָט אומ־געוואָרפן מיט די פיס און צוגעשמייכלט צו זיינע אייגענע געדאַנ־קען. אָ, ער האָט שוין וואָס צו זאָגן זיין עלטערן קוזין!

נח האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין יינגסטן אייניקל און געזאָגט צו נאָרמאַנען:

„דזשוניאָר, ווייזט אויס, האָט פאַר דיר אַ רעצעפּט. אָבער איך בין עלטער, און מיין שיטה איז עלטער, וועל איך צוערשט רעדן."

„געוויס, זיידע," האָט דזשוניאָר דערווידערט. „איך האָב גאָרנישט געזאָגט."

„אָבער איך וויל טאַקע, אַז דו זאָלסט זאָגן."

„אַ דאַנק, זיידע, איך וועל געוויס וואָס זאָגן."

עס איז געוועזן אַ גרויסע זיכערקייט אין אים, און ער האָט נישט אויפגעהערט אומצוואַרפן מיט די פיס.

„מיין שיטה איז זייער אַן אַלטע," האָט נח ווידער זיך געווענדט צו נאָרמאַנען. „טווינזנטער מיט יאָרן. זי האָט געפונען איר אויסדרוק אין דעם ביבל־שפּרוך: „ליב דיין חבר, ווי זיך אַליין"."

„דאָס איז דאָך ווידער דיין מענטש־אידעע," האָט נאָרמאַן איבערגעריסן. „זי זאָגט מיר גאָרנישט, באַפרידיקט מיך נישט. איך וויל רעליגיע, איך וויל גאָט."

דזשוניאָר האָט נאָך שטאַרקער צושאָקלט זיינע פיס, דער שמייכל אויף זיין געזיכט האָט זיך פאַרוויטערט צו אַן אויפלאַך.

„ווייל דו האָסט גערעדט פון פוסטקייט," האָט נח געזאָגט צו נאָרמאַנען, „האָב איך גלייך אין אָנהויב געוואָלט דיר אָנווייזן, ווי דו קאָנסט זי אויספילן. אָט די מענטש־אידעע איז פון גאָט, איז גאָטס כוונה. ליב דיין חבר ווי זיך אַליין, איז גאָטס גרעסטער געבאָט."

„לערן מיך דעם וועג צו גאָט," האָט נאָרמאַן געזאָגט.

„דער בעסטער וועג צו אים איז דורך מענטש און מענטשלעכקייט. די יידישע נביאים האָבן עס שוין אָנגעוויזן."

אָבער דאָס איז נישט געוועזן, וואָס נאָרמאַן האָט געזוכט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז רעליגיע געפינט זיך אין די קירכן און סינאַגאָגן און דער וועג צו גאָט איז דורך די טירן פון די דאָזיקע געביידעס. אַליץ, וואָס דער זיידע האָט געזאָגט, איז פאַר אים נישט געווען רעליגיע. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו וואונדערן, וואָס דער פרומער,

רעליגיעזער אַלטער ייד פאַרשטייט אים נישט און צייגט אים נישט דעם ריכטיקן וועג. ער האָט געמוזט דייטלעכער רעדן.

,,דו דאַוונסט דאָך,'' האָט ער געזאָגט. ,,דו גייסט דאָך אין דער סינאַגאָגע. איז דאָס נישט רעליגיע?''

,,וואָלסטו געוואָלט גיין אין דער סינאַגאָגע און אָנהויבן צו דאַווענען?'' האָט זיך נח געחידושט.

,,פאַרוואָס נישט? געוויס!'' האָט נאָרמאַן דערפרייט געזאָגט: ענדלעך האָט דער זיידע באַגריפן! ,,געוויס וואָלט איך געוואָלט גייז אין דער סינאַגאָגע און אָנהויבן צו דאַווענען.''

,,דזשי!'' האָט דזשוניאָר זיך נישט איינגעהאַלטן. ,,איך האָב דאָס איין מאָל געטאָן און מער נישט!''

,,אויב דיר איז ליב, איז מיר ניחא,'' האָט נח געזאָגט נאָר־מאַנען. ,,אויב דאָס וועט דיר העלפן אויסצופילן דיין פוסטקייט, בין איך צופרידן.''

,,דאָס וועט מיך אויספילן מיט גאָט,'' האָט נאָרמאַן געזאָגט, ,,און וועט מיר זיכער ברענגען באַרואיקונג.''

,,הלואי, זונעניו!'' האָט נח פרום געזאָגט. ,,איך וועל גאָט בעטן, דו זאָלסט געפינען די באַרואיקונג, וועלכע דו זוכסט. און וואָס האָסטו געהאַט צו זאָגן?'' האָט ער זיך געווענדט צו דזשו־ניאָרן.

,,איך וועל וואַרטן,'' האָט דזשוניאָר זיגעריש געזאָגט.

אין נחס אויגן האָט זיך אָנגעצונדן התפעלות צו זיין ייִנגסטן אייניקל, אָבער אין דער אייגענער צייט האָט זיין קאָפּ געטראַכט, וואָס ער זאָל טאָן מיט זיין עלטסטן. ווי ברענגט מען אים צו גאָט, וועלכן ער וויל דערגרייכן, פון וועלכן ער וויל אויסגעפילט ווערן. ער האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז זיין שול איז נאָר פאַר די שטאַרקע אין גאָט, נישט פאַר די שוואַכע און נישט פאַר די זוכער. די שול איז אַ טראַדיציע און אַ געוואוינהייט, אָבער וואָס וועט זי געבן דעם ניי־אָנקומער? וואָס וועט אים געבן די עדה יידן, וועלכע מורמלען זייערע תפילות אונטער טלית און תפילין, און נישט זייער קאָפּ און נישט זייער האַרץ זיינען אין זייערע געבעטן? עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אַזוי שטענדיק מסכים געווען מיט נאָר־מאַנס וואונטש. געדאַרפט אים אָפּרעדן, אפשר באַלערנען אים,

שטארקן אים, באקאנט מאכן אים מיט דער טראַדיציאָנעלער יידי־שער פרומקייט, און דערנאָך ערשט אריינפירן אים אין אַ שול.

„דער וועג פון דעם פרומען ייד צו זיין גאָט,“ האָט ער אָנגע־הויבן, „איז אויסגעלייגט מיט דינים און מנהגים...“

„איך וויל נישט ווערן קיין פרומער אָרטאָדאָקסישער ייד,“ האָט אים נאָרמאַן איבערגעריסן. „איך וויל נאָר גאָט. ווערסט דאָך נישט זאָגן, אַז די רעפאָרם־יידן האָבן נישט גאָט, אָדער די קריסטן האָבן נישט גאָט?“

נח האָט ארויפגעלייגט די האנט אויפן מויל און איינגעקלעמט די ליפן, אינטענסיוו געטראכט.

„וואַרט!“ האָט ער אויסגערופן אין אַ ווײַלע אַרום. „האָסט אַ ביבל אין דער היים?“

„אויב זי איז נישטאָ, וועל איך זי קריגן.“

„קריג זי, מיש דאָרטן אויף דעם תהלים און לייען אים — ניין, לייענען איז נישט קיין וואָרט דערפאַר! ' — זאָג אים, זיי אים מתפלל מיטן גאַנצן האַרצן און דער גאַנצער כוונה, און אי־בערמאָרגן שבת קום צו מיר אינדערפרי און מיר וועלן גיין אין שול.“

„אָפּגעמאַכט!“ האָט נאָרמאַן אויסגערופן דערפרייט: ער איז אויפן וועג צו גאָט און צו זיין באַרויִקונג.

דזשוניאָר האָט געוואָרפן מיט די פיס און ברייט גע־שמייכלט.

אויבן אין שלאָפצימער האָט זעלדע אויפגעעפנט די אויגן און געזען די באָבען באַוועגנדיק שטיל אירע ליפן איבער אַ זייער דיקן בוך. זי האָט זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט, דערוואַרעמט און גערירט וואָס די אַלטע איז נישט אַוועקגעגאַנגען און האָט געוואַכט איבער איר, און עס איז געוואָרן ליב צו דער באָבען אין זעלדעס אויגן.

„וואָס לייענסטו דאָרטן, באָבע?“ האָט זי ווייך געפרעגט.

„אָ. דו ביזט שוין אויף!“ האָט די אַלטע געזאָגט און צוגע־מאַכט דעם סידור. „האָסטו גוט אָפּגערוט?“

„איך פיל זיך דערפרישט,“ האָט זעלדע געזאָגט. „און דו ביזט דאָ געזעסן די גאַנצע צייט?“

„איך האָב געהאַט הנאה פון דיין שלאָף.“

,,וואָס האָסטו געלייענט?"

,,איך האָב נישט געלייענט, נאָר גאָט געדאַנקט און גע־בענטשט פאַר דאָס גוטס, וואָס ער טוט מיט אונז, וואָס ער גיט אונז געזונט און פּרנסה און גוטע אייניקלעך, וועלכע פאַרגעסן נישט זייער זיידע און באָבע..."

,,אָ," האָט זעלדע אויסגערופן מיט פאָרוואורף אויף אירע ליפּן און אין אירע אויגן. ,,דאָס גיסטו מיר א שטאָך פאַר נישט־קומען?"

,,ניין, קינדערלע," האָט מערע געזאָגט. ,,איך האָב אים טאַקע געדאַנקט פאַר דיין קומען."

זעלדע האָט אַרומגענומען די באָבען, און זיי האָבן זיך האַר־ציק צוקושט.

אויפן וועג אהיים אין נאָרמאַנס אויטאָמאָביל האָט זי גע־זאָגט:

,,היינט האָב איך זיי טאַקע זייער שטאַרק ליב געהאַט."

און נאָרמאַן האָט געזאָגט:

,,איך בין צופרידן, וואָס מיר האָבן זיי היינט באַזוכט. איך דערוואַרט, אַז דער היינטיקער באַזוך וועט א סך אויפטאָן."

,,וואָס איז עס אַזוינס?" האָט זעלדע נייגעריק געפרעגט.

,,ווייסטו," האָט ער געענטפערט מיט א פראַגע, ,,אַז מיר ביידע זיינען שלעכט, זיינען אומנאָרמאַל, פערווערז און גאָטלאָז?"

,,אומזין!" האָט זי אָפּגעשניטן.

ער האָט איר מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך נאָך נישט געפילט שטאַרק גענוג צו דעבאַטירן מיט איר. ער האָט נאָר אויפ־געלאַכט און געזאָגט:

,,אָבער דו האָסט זיך גוט אויסגעשלאָפן!"

,,אויסגעצייכנט. לאָמיר עפּעס היינטיקע נאַכט וואו פאַר־ברענגען... לאָמיר פאָרן צו פּיער עסן אָוונטברויט און טאַנצן."

## .9

נאָרמאַן האָט אויף זיין מוטערס אַנטיק־פּאָליצעס אין דעם ביבליאָטעק־צימער קיין ביבל נישט געפונען. די מאַרקיזע איז

מסתמא מער באהאווגט געוועזן אין דער ביבל, ווי סילוויא ערדאַן, און האָט מסתמא יאָ געהאַט אַ ביבל אויף אירע ביכער־פּאָליצעס צוליב די פילע זינדיקע ליבשאַפטן, וועלכע געפינען זיך דאָרט און זיינען פאַרהייליקט געוואָרן. אָבער סילוויא ערדאַן האָט געוואוסט, אַז די ביבל איז אַ פרום און הייליק בוך, פון וועלכן עס שטאַמען אַלע „מען טאָר נישט", און דרך־ארץ געהאַט, און אפילו מורא געהאַט פאַר איר. זי האָט זיך פשוט נישט דערוועגט ארויפצושטעלן זי אויף די פּאָליצעס אַנטקעגן דער בּאַרימטער סאָפע.

נאָרמאַן האָט געמוזט קויפן אַ ביבל. פאָרנדיק אהיים מיטן „באָס", האָט ער אַריינגעקוקט אין איר. זיין אויג האָט זיך אָנגעטראָפן גאָר צו אָפט מיט דעם נאָמען פון דעם גאָט, וועלכן ער האָט געזוכט, אָבער ער האָט געמישט די בלעטער, ביז ער האָט אויפגעמישט דעם תהלים. ער וועט אים אַ לייען טאָן, אַזוי צום צייט־פאַרטרייב אין דעם לאַנגזאַמען אָמניבוס. שפּעטער נאַטירלעך וועט ער אים לייענען, ווי דער זיידע האָט אָנגעזאָגט.

אין קעפּל פון דעם ערשטן קאַפּיטל איז אָנגעגעבן זיין אינהאַלט: „די גליקזעליקייט פון די גאָטזעליקע: די גליקלאָזיקייט פון די גאָטלאָזע". דאָס איז אים געפעלן געוואָרן. דאָס איז דאָך וואָס ער זוכט. ער וויל גאָט, ווייל ער וויל גליקזעליקייט, בּאַרואיקונג, און די פרייד פון אַ נשמה, וואָס האָט געפונען איר בּאַרואיקונג.

ער האָט איבערגעלייענט דעם ערשטן קאַפּיטל און איז געבליבן אַנטוישט. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געלייענט. דאַכט זיך ענגלישע ווערטער, אָבער עפּעס שווערע אַזוינע, געדאַרפט זיך גאָר אַריינטראַכטן אין זיי און זייער פירוש. האָט דער תהילים־זינגער נישט געקאָנט זיין איינפאַכער? אָ, מסתמא איז דער אָמניבוס שולדיק. דאָס איז נישט קיין פּלאַץ פאַר תהילים־זאָגן. אָדער — וואָס וויים ער! — אפשר איז אַזוי די גאָט־שפּראַך. די גאָט־שפּראַך קאָן נישט זיין פשוט, געוויינלעך און וואָכעדיק. די קאַטאָליקן בעטן צו גאָט גאָר אינגאַנצן אויף לאַטייניש.

ער האָט נאָכאַמאָל שנעל דורגעלייענט. די אַנטוישונג איז געבליבן די זעלביקע. נישט בלויז די שפּראַך, אויך דער אינהאַלט

האָט אים נישט אימפּאָנירט. מוסר, באַלערונג. אַ קאַפּיטל זיידע. נאָר איז דער זיידע פאַרשטענדלעכער, צוגענגלעכער און אָנגענע־מער אַפילו מיט זיין פרעמדן אויסלענדישן אַקצענט און מיט זיין אָפּט גרייזיקן ענגליש.

ער האָט אַ בלעטער געטאָן ווייטער, אַריינגעקוקט אין אַן אַנדער קאַפּיטל און איז אויפמערקזאַם געוואָרן. אַן אומרואיק הארץ האָט דאָרט גערופן צו גאָט, געבעטן דערהערונג. דאָס איז גוט. דאָס האָט ער געזוכט. יאָ, דאָס וועט ער היינט ביינאַכט זאָגן מיט דער פולער כוונה און מיטן גאַנצן הארצן. ער האָט צוגעמאַכט די ביבל, אַרויסגעקוקט פון אָמניבוס־פענסטער אויף דער רוישיקער עוועניו, און זיין הארץ איז געוועזן אין דעם צוגעמאַכטן בוך. אויי־טאָס, אויטאָס, אויטאָס און מענטשן, מענטשן, מענטשן... ענג די גאַס, ענג די טראָטואַרן. מענער און פרויען אין געשטויס און געשטופּ, געטריבן פון ערגעץ נאָך ערגעץ, אָבער קיינ־מאָל נישט פריי פון געשלעכט־באַוואוסטזיין. די פרויען אין קליידונג און האַלטונג שטענדיק די רייצערינס, די מענער שטענדיק גרייט געדרייטע צו ווערן. דאָס האָט ער אָפּט געטראַכט אין די גאַסן פון ניו־יאָרק, אָבער איצט האָט ער עס געטריבן פון זיך. ער האָט בעסער געטראַכט פון דער ביבל. יאָ, אָט דאָס הייסט אויסגעפילט זיין מיט גאָט. אָט אַזוי וואָלט ער אויך געוואָלט אויסגעפילט זיין פון אים און רעדן צו אים. „גאָט, הער־צו מיין געבעט. איך וויל באַרואיקונג, גאָט. איך פיל זיך עלנד און איבע־ריק, און האָב אַ שווער הארץ...“

אין אָמניבוס איז אַריינגעשטיגן אַ יונגע שיינע מיידל, בלאָנד און צאַרט און פּיקאַנט. עטלעכע מענער־בליקן האָבן זי גיריק אַריינבאַגלייט פון טראָטואַר; עטלעכע מענער־בליקן האָבן זי גיריק אויפגענומען אין דעם אָמניבוס. נאָכמאַן האָט זי אָנגעקוקט און פאַרלאָרן דעם פאָדעם פון זיינע געדאַנקען.

אין דער היים האָט ער אַוועקגעלייגט די ביבל ביי זיך אין צימער אויפן בעט־טישל. ווען ער וועט קומען ביינאַכט פון זעל־דען, וועט ער זי אויפעפענען און טאָן, ווי דער זיידע האָט אָנ־געזאָגט: נישט לייענען, נאָר זאָגן און מתפלל זיין אין דעם תהילים מיט דער גאַנצער כוונה און מיטן גאַנצן הארצן.

ביים טיש האָט ער געקוקט אויף זיין מוטער מיט אַ ליכטיקן, לוסטיקן שמייכל אין די אויגן. ווען זי וואָלט געוואוסט, אַז איר זון וועט היינט ביינאַכט זאָגן תּהילים... ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן עפּעס מער קאָמישעס: זיין מאַמע און תּהי־לים־זאָגן!

אָך, יאָ, ווען ער וועט דערגרייכן, וואָס ער זוכט, וועט ער אויסבעטן, אַז זיין זכרון זאָל באַפרייט ווערן פון דעם מוטער־בילד, וואָס ער האָט ארויסגעטראָגן פון דעם ביבליאָטעק־צימער.

סילוויאַס שטים האָט אים ארויסגעריסן פון זיינע געדאַנקען.

„הער אויף צו קוקן אויף מיר אַזוי, נאָרמאַן! איך קאָן נישט עסן, ווען דו קוקסט מיך אַזוי אָן. וואָס איז די מער?"

10.

זעלדען האָבן ווי געטאָן די פיס פון די לעצטע צוויי נעכט טאַנצן, האָט זי זיך אויסגעטאָן באָרוועס און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער סאָפע, געמאַכט זיך זייער באַקוועם מיט אירע שול־ביכער. נאָרמאַן האָט געמוזט זיצן פאַר איר אויפן טעפּיך, גוט באַקושן אירע פיס, האַלטן זיי, גלעטן זיי ביז אריבער די קני און העלפן איר אין די שול־אַרבעטן. דערביי האָט ער געטראַכט, אַז זעלדע האָט אים שוין געזען גאַנץ נאַקעט, און ער זי — נאָך נישט. זיין בלוט האָט אויפגעכוואַליעט — אָט וועט ער נעמען און אויסטאָן זי גאַנץ נאַקעט. אָבער אין זיינע געדאַנקען האָט זיך כּסדר געמישט די ביבל, וועלכע ער האָט היינט געקויפט און וועלכע וואַרט אויף אים ביי אים אויפן בעט־טישל, איז ער אָפּ־געניכטערט געוואָרן און האָט באַזיגט אין זיך דעם רוף פון זיין בלוט. ער האָט אַפילו אַ פּאַטש געטאָן איבער אַ נאַקעטער ליטקע און רעזאָליוט אָפּגעלאָזן אירע פיס און איז אויפגעשטאַנען. אָבער זעלדע האָט פּראָטעסטירט.

„אָ, ניין!" האָט זי געזאָגט. „איך ליב עס!"

אַז זעלדע ליבט עס, האָט ער נישט געקאָנט זיין מער אַזוי אַנטשלאָסן, און ווען זי האָט עס געזאָגט נאָכאַמאָל, האָט ער זיך ווידער אראָפּגעלאָזן אויף דער דיל און געגלעט און געלאַשטשעט אירע נאַקעטע פיס ביז אריבער די קני. אָבער אויך די ווייטער־דיקע אויפכוואַליונגען פון זיין בלוט האָט ער באַזיגט. ער האָט גע־

דענקט די ביבל, וועלכע ער האָט געקויפט און וועלכע האָט גע־וואַרט אויף אים ביי אים אויפן בעט־טישל.

זעלדע האָט אוועקגעוואָרפן דאָס בוך, וואָס זי האָט שטודירט, אויסגעצויגן זיך, צוגעמאַכט די אויגן, צוגעהערט זיך צו דער לאַש־טשענדיקער האַנט אויף אירע נאַקעטע פיס. הנאה געהאַט דערפון און אין זיסער רואיקייט אריינגענומען אין זיך די הנאה. ער האָט אויך צוגעמאַכט די אויגן אין רואיקן גענוס. פלוצלונג האָט ער אוועקגענומען זיין האַנט און איז אויפגעשפּרונגען.

„איצטער וועל איך גיין אַהיים!"

זי האָט ווייט פאַרנאַנדערגעעפנט די אויגן, גיריק אָנגעקוקט אים און הונגעריק מיד אַרויסגערעדט:

„ניין, דו וועסט בלייבן דאָ."

„עס ווערט שוין צו שפּעט," האָט ער געזאָגט מיט אַ פלאַפּנדיקן האַרץ.

זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און אויסגעצויגן אַ האַנט.

„דו וועסט בלייבן דאָ, די גאַנצע נאַכט..."

„זעלדע!" האָט עס אויסגעשריען פון אים, ווי נישט מיט זיין קול.

ערגעץ־וואו זיינען געלעגן איבערלייענישן, צוריקהאַלטונגען, אַפּוואַרטונגען, עדאַגיזמען — אַ שטורם־ווינט האָט זיי אוועקגע־בלאָזן.

— — — — — — — —

אָסקאַר איז אין יענער נאַכט געקומען ווי געוויינלעך שפּעט אַהיים. ער איז געווען צופרידן פון דעם אָוונט און עס האָט זיך אים געזונגען אַ פריילעך לידל. עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט נאָמינירט ווערן פאַר סופרים־קאָורט ריכטער, און דאָס איז אַ כבוד, פון וועלכן ער האָט זיך קוים דערוועגט צו טרוימען. אַלס פּרנסה איז עס נישט — ער פאַרדינט אַלס אַדוואָקאַט כפל כפלים דאָס געהאַלט פון אַ ריכטער. אָבער אַלס כבוד — אַלס כבוד איז עס פולשטענדיק ווערט דעם געלט־פאַרלוסט. און עס גייט אויף אַ גאַנג, ער וועט דעם כבוד קריגן. ער, אָסקאַר עדאָן, דער זון פון אַן אימיגראַנט, וועט קריגן די נאָ־מינאַציע און נאַטירלעך אויך אויסגעקליבן ווערן אַלס ריכטער

פון דעם העכסטן געריכט פון דעם גרעסטן שטאַאַט, פון דעם גרעסטן לאַנד אויף גאָטס שטאָלצעסטן פוסבענקל, וואָס הייסט ערד. הערלעך!

עס האָט אַרויסגעזונגען און אַרויסגעלאַכט פון אים דער שטאָלץ מיט דעם כבוד, צו וועלכן ער האָט זיך דערלעבט, אָבער נאָך מער די פרייד, וואָס ער טראָגט מיט זיך אַזאַ בשורה צו זיין געליבטער ווייב און זיין פאַרגעטערטער טאָכטער. זיין ווייב וועט ער זיכער אויפוועקן, אָבער ער וואָלט אויך זיין טאָכטער אויפגעוועקט. דאָך, זיין טאָכטער שלאָפט אפשר נאָך נישט. אפשר זיצט נאָך ביי איר דער אויסגעצייכנטער יונג נאָרמאַן, דער זון פון זיין ברו־דער, דעם מולטי־מיליאָנער מאָרי עדאַן. גאָרנישט קיין שלעכטער שידוך פאַר זיין טאָכטער, ווי? זיין ברודער האָט הויך דערגרייכט, אָבער ער האָט אויך דערגרייכט. קיין בעסערן שידוך האָט מאָרי זיך נישט געקאָנט ווינטשן פאַר זיין בן־יחיד. זעלדע, די גראַ־טענע, וואונדער־שיינע טאָכטער פון דעם סופרים־קאָורט־ריכטער אָסקאַר עדאַן. דאָס איז עפּעס, זאָל איך מיינען. שוין איינמאָל אַ שידוך! ביידע מחותנים פון גלייכן יחוס, הע־הע־הע, און ביידע אַרויפגעשטיגן הויך אויף דער געזעלשאַפטס־לייטער מיט אייגענע כּוחות... האַ־האַ! הלוואַי זיצט נאָך איצטער דער הערלעכער נאָרמאַן ביי זיין אַלערהערלעכסטער זעלדע, און ער וועט זיי ביידן אָנזאָגן די גרויסע בשורה...

ער האָט זיך דערנענטערט צו דער טיר פון זעלדעס צימער מיט אַ האַרץ, וואָס האָט שטאַרק געקלאַפּט מיט ליבע צו די וועזנס, וועלכע געפינען זיך דאָרטן, הינטער דער טיר. ער איז צוגעגאַנ־גען שטיל אויף די שפּיץ פינגער און צוגעהערט זיך. דאָרטן, אויף יענער זייט טיר איז געווען שטיל. נאָרמאַן איז שוין אַוועקגע־גאַנגען, האָט אָסקאַר זיך געזאָגט, און זעלדע־גאָלדיקע שלאָפט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין געלענק־זייגער. אָ, עס איז שוין זייער שפּעט, ער האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז עס איז שוין אַזוי שפּעט. נאָרמאַן איז שוין מסתמא לאַנג אַוועקגעגאַנגען, און זעל־דעלע, האַרציקע זעלדעלע, אַלערשענסטע זעלדעלע, שלאָפט. שלאָף, שלאָף, ליבלינג דו, דו פריידנס־קינד דו, דו ליכטיקע זון אויף דעם העלן וואָלקנלאָזן הימל פון דעם סופרים־קאָורט־ריכטער אָסקאַר עדאַן!

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט אויף צוצוטראָגן זי צו די ליפּן, אָבער עס האָט אים געצויגן אַריינצוקוקן אין צימער. אפשר הערט ער נישט גוט, און די ביידע זיצן זיך דאָרטן גאַנץ געמיטלעך. ער האָט פאַרזיכטיק אָן עפן געטאָן די טיר. אין צימער איז געווען שטאָק־פינסטער. יאָ, זיס־האַרציקע שלאָפט — אַזוי שטיל, אַזוי רואיק. ער וועט זי נישט אויפוועקן, זי וועט זיך געווים דערשרעקן. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ ליבפולן בליק אין דער זייט פון איר בעט, צוגעשיקט דעם האַרציקסטן קוש, וועלכן ער האָט אַרויס־געפּרעסט אויף זיינע פינגער. שלאָף, מיין ליבלינג! שלאָף, מיין האַרציקסטס! — און זייער פאַרזיכטיק צוגעמאַכט די טיר און איז אַוועקגעגאַנגען מיט פריידיקן, ליבפולן און שטאָלצן האַרץ צו זיין דאָראַן.

— — — — — — — — — — — — —

זייער שטיל איז געוואָרן אין דעם הויז פון דעם גליקלעכן אַסקאַר עדאָן. צוויי פּאָר אויערן האָבן זיך איינגעהערט אין דער דאָזיקער שטילקייט, און צוויי פּאָר ליפּן האָבן זי איבערגעריסן מיט שטילן שעפּטשען.

„האָט זיך דאָ פריער נישט אָן עפן געטאָן די טיר?"

„פּאַפּאַ איז עס געווען."

„פאַרוואָס האָט ער אויפגעעפנט די טיר?"

„איך ווייס נישט."

„עפנט ער שטענדיק אויף דיין טיר, ווען ער קומט אַהיים?"

„איך גלויב, קיינמאָל נישט."

„פאַרוואָס האָט ער איצט אויפגעעפנט?"

„איך ווייס נישט, טייערער."

„זיינען מיר געווען רויִשיק?"

„סיידן ער האָט דערהערט דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ, ליבלינג."

„און פון מיין האַרץ, זיסע דו!"

„אָדער דעם צוזאַמענשטויס פון אונזערע ציין ביי אונזערע קושן."

„אָדער גאָר דעם יובל־געזאַנג, וואָס פילט אונז אָן."

„אָדער דאָס גליקלעכע לאַכן, וואָס שטייט מיר אין האַלז."

די צווײ פּאָר ליפּן זײַנען אַנטשווויגן געוואָרן, צוזאַמענשליסנ־דיק זיך אין אַ לאַנגן קוש. שטיל, שטיל, און שווערער אָטעם אין דער שטילקייט. ענדליך ווידער די שעפּטשעניש פון די צווײ פּאָר ליפּן.

„אָ, פּאַפּאַ האָט געוויס דערהערט דעם אויפגעשרײ פון אונ־זער לײדנשאַפט, דעם געזאַנג פון אונזערע קערפּער!"

„יאָ, געליבטע. אָדער דעם שרעק פון מײַן האַרץ."

„דעם שרעק?!... וואָס רעדסטו דאָרטן?"

„מיר האָבן עס נישט געדאַרפט טאָן."

„מיר וועלן דאָך סײ־ווי־סײ זײַן מאַן און ווײַב."

„האָבן מיר געדאַרפט חתונה האָבן."

„מיט זעכצן יאָר פאַרהייראַט זײַן! אָ, ניין!"

„דאָס וואָלט געווען גלײַכער."

„עס הויבט זיך נישט אָן."

„וואָס, אויב פּאַפּאַ האָט געזען?"

„ער האָט גאָרנישט געזען. זעסט דאָך, ער איז אַוועקגע־גאַנגען."

„פאַרוואָס האָט ער אויפגעעפנט די טיר?"

„איך וועל אים מאָרגן פרעגן."

„אויב ער האָט וואָס באַמערקט אָדער געהערט, וועלן מיר גלײַך חתונה האָבן."

„איך וועל אים זאָגן, אַז דאָס איז נישט זײַן זאַך."

„פאַרוואָס ווילסטו נישט חתונה האָבן?"

„ווײַל איך וויל נאָך נישט זײַן קיין פאַרהייראַטע פרוי!"

„דו ביזט דאָך שוין פאַרהייראַט."

„איך ליב דעם סוד."

„דו מערקווירדיקסטע, זיסעסטע מיידל מײַנע!"

„ווייסט, וואָס איך טראַכט?"

„וואָס, געליבטע?"

„דעם שבת וועלן מיר נישט גיין צו זיידע נח און באָבע מערע."

דאָס האָט איר עפּעס דערמאָנט. די שטילקייט האָט פאַר־נומען אַ שטיל פאַרלעגן אויפלאַכן: „הום"!

„אָ, ניין, ליבלינג, איך בין נישט שלעכט צו זיי, אָבער איך האָב מורא פאַר זייער קלוגקייט, וועלכע דעקט אויף סודות.“

„דו ביזט גערעכט, געליבטע. איך האָב עס מיר אויך אַזוי געטראַכט.“

„שפּעטער מיט דער צייט וועלן זיי אויף אונז נישט קאָנען דערקענען. דעמאָלט וועלן מיר ווידער גיין צו זיי.“

„דו ביזט גערעכט, זיסעסטע!“

„עס איז אַזוי זיס דער סוד!“

„אויב דיין פּאַפּאַ וויים אים שוין נישט.“

„איך בין זיכער, אַז ער ווייס אים נישט.“

„דער סוד פון אונזער חתן־כלהשאַפט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן.“

„אָ, איך האָב אים נישט געוואָלט לאַנג אָנהאַלטן.“

„ער איז אונז געקראָכן פון די אויגן.“

„ד ע ם סוד וועלן מיר האַלטן גוט פאַרשלאָסן!“

„אָבער אויב דער סוד זאָל בלייבן, מוז איך זיך איצט אוועקגנבענען.“

„אָ, ניין!“

„איז אוים סוד!“

„דאָס איז שרעקלעך. איך וויל נישט זאָלסט אוועקגיין.“

„לאָמיר חתונה האָבן, וועל איך נישט דאַרפן אוועקגיין.“

„ניין. ליג נאָר נאָך אַ ווײַלע. דריק זיך צו צו מיר. נעם מיך.“

אומאַרמונגען און קושן און אַ שעפּטשעניש פון זיסע ווערטער און שטילקייט. דערנאָך באַוועגונגען און ארומגיין אין דער פינסטער.

„מאַך דאָך ליכטיק, וועסטו זען, ווי אָנצוטאָן זיך.“

„וועט דאָס ליכט אונז נישט פאַרראַטן?“

„ווער קאָן אונז זען, נאַרעלע?“

אַן עלעקטרישע לאָמפּ האָט אויפגעלויכטן. נאָרמאַן און זעלדע האָבן זיך דערזען, אויפגעלאַכט, אויפגעיובלט אין רירנדיקער גליקלעכקייט, ארומגענומען זיך, געדריקט זיך אין וואַרעמסטע אומאַרמונגען מיט די ברענענדיקסטע קושן.

א לאַנגזאַם אָנטאָן זיך מיט איבעררייסונגען דורך אומאַר־מונגען און קושן. א שווער צושיידן זיך. די עלעקטריע איז אויסגעדרייט געוואָרן, און אין דער פינסטער האָט נאָרמאַן צום אָפּשייד ווילד געקושט זעלדעס נאַקעטן קערפּער און ענדלעך ארויסגעגנבעט זיך פון צימער און פון הויז.

.11

אַלץ האָט געזונגען אין אים, און זיינע טריט זיינען געווען טאַנץ. ער האָט נישט געהאַט וויט צו גיין, אָבער ער וואָלט נישט באַמערקט אפילו דעם וויטסטן מהלך. עפּעס אזוי שנעל צוגעקומען צו דער היים — איז ער דען געגאַנגען? גוטע נאַכט, שלאָפנדיקע קאָרידאָרן פון מיין פאָטערס הויז! איר האָט נאָך קיינמאָל נאָרמאַנען אזוי פריילעך נישט געזען!"

ער איז ארויפגעפאָרן צו זיין צימער מיט דעם עלעוויטאָר און אויסגעמיטן די באַגעגענונג מיט דעם ביבליאָטעק־צימער, וואָס וואָלט אים אָן עפּעס דערמאָנט. אין דעם עלעוויטאָר האָט ער אויך געזונגען: „גוטע נאַכט דיר, עלעוויטאָר! האָסטו מיך ווען אזוי גליקלעך געזען?" און ווען ער איז אריין צו זיך אין צימער, האָט ער זיך גענומען דרייען אין קרייז מיט טאַנץ און שפּרונג.

זיין בליק איז געפאַלן אויף דער ביבל, וועלכע האָט געוואַרט אויף אים אויף זיין בעט־טישל.

ער האָט זיך פאַרנויגט פאַר איר אין שטיפערישער פריילעכקייט.

„נישט געפידלט!" האָט ער געזאָגט.

ער האָט זי אויפגענומען און צוריק לייכט א וואָרף געטאָן.

„ליג אין פרידן!"

און פּלוצלונג האָט ער אויפגעלאַכט.

ניין, ער וועט די ביבל נישט לאָזן ליגן דאָ. ער האָט פאַר איר א בעסערן פּלאַץ.

ער האָט אראָפּגעטראָגן די ביבל אין ביבליאָטעק־צימער און אריינגעשטעלט זי צווישן די ביכער אויף א פּאָליצע אין פולער באַאויגונג פון דער סאָפע. „שטיי, דו הייליק בוך! פון היינט אָן, אז איך

וועל זיך דערמאָנען אויף דאָס דאָזיקע צימער, וועל איך נאָר גע־דענקען, אַז דו שטייסט דאָ, און אָנשטאָט שרעק און ווידערווילן וועל איך דערשפּירן פריילעכן געלעכטער.״

ביים רויטן פאָרהאַנג, וואָס האָט פאַרשטעלט די טיר, האָט ער זיך אומגעווענדט צו דער סאָפּע און מיט פאַרבויגונג און גראַציעזער האַנט־באַוועגונג פאָרגעשטעלט איר די ביבל אויף דער ביכער־פּאָליצע. „סאָפּע, דו ביזט מיר נישט מער שרעק־לעך!״ און צוריק צו זיך אין צימער מיט געזאַנג און טאַנץ אין אַלע גלידער.

ער האָט נישט געוואוסט זיין מוטערס פאַרבסיסטעם אין די ביכער־רוקנס אויף די פּאָליצעס פון איר ביבליאָטעק. די בי־כער זיינען אויסגעשטעלט געוועזן לויט זייער קאָליר, אַזוי, אַז די גאַנצע וואַנט איז געוועזן אַ קונסטפולע פאַרבן־סימפאָניע. סילוויאַס אויג האָט זיך אָפּט געוואָרעמט אויף איר. עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט, און סילוויאַ האָט דערקענט אויף איינער פון די פּאָליצעס אַ שוואַרצן פלעק. פּלוצלונג אַ שוואַרצער פלעק צווישן רויט און גרין. ווער האָט עס צושטערט דאָרטן די האַרמאָניע? זי איז צו־געגאַנגען איינשטעלן צוריק די האַרמאָניע. אין דער נאָענט האָט זי איבערגעלייענט: „האָלי בייבל״.

ווער האָט עס אַריינגעשטעלט אַהער אַ ביבל? זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ביבל אין איר ביבליאָטעק. וועמעס שפּאַס איז דאָס געוועזן? ווער האָט זיך דערלויבט דעם וויץ?

זי האָט אַריינגערופן דעם באָטלער.

„ווער האָט עס דאָ אַריינגעשטעלט די ביבל?״

„איך וויים ווירקלעך נישט, מאַדאַם.״

זי האָט אים אַוועקגעגעבן די ביבל.

„נעם זי דיר און לייען און ראַטעווע דיין נשמה.״

„אויב מיין נשמה קאָן נאָך געראַטעוועט ווערן,״ האָט דער באָטלער געלאַכט.

ביי זיין אַוועקגיין האָט זי נאָך צוגערופן:

„פרעג אויס עלסין. אפשר וויים זי. זי קלייבט דאָך דאָ צו.״

דער באָטלער, אַ שווייצער פון זשענעווע, האָט אונטערגעלעבט

מיט דער קעכין, א פארהייראטע אירלענדערין. צו איר האט ער געבראכט די ביבל.

„די מאדאם שיקט עס דיר. לייען, האט זי געזאגט, און ווער א פרומע בעטערין."

די קעכין האט זיך פארמאסטן א ווארף צו טאן איס די ביבל אין קאפ.

„איך גלויב," האט זי געזאגט, „אז מאדאם דארף דאס בוך נישט ווייניקער פון מיר."

דערנאך איז זי צוגעשטאנען צום באטלער:

„וואס זאל איך טאן מיט איר? וואו זאל איך זי פארשטעקן? נעם עס בעסער אוועק פון מיר מיט גוטן."

„גיב זי אוועק מרס. בלענדער."

מרס. בלענדער איז געווען אן אלטע שניידערין, וועלכע פלעגט קומען צו סילוויאן צו טאן טאג-שניידעריי. זי האט אנגע-קוקט די ביבל און א צוק געטאן מיט די פלייצעס.

„אויף וואס דארף איך זי? איינע וואלגערט זיך ערגעץ ביי מיר אין שטוב. קיינער קוקט נישט אריין."

„א, נעם זי!" האט אויסגערופן די קעכין מיט הארץ און האט צוגעלייגט צו דער ביבל א האלבן טארט, וועלכן זי האט יע-נעם טאג אויסגעבאקן.

און אזוי איז דאס הויז פון סילוויא עדאן ווידער ביבל-ריין געווארן.

* * *

שבת אינדערפרי האט נארמאן אויפגערופן דעם זיידן:

„דערוואַרט מיך נישט, פארגעס אונזער געשפרעך."

נח איז געווען אנטוישט, אבער נישט איבערראשט. ער האט געוואלט זיין אייניקלס באקערונג צו גאט, אבער נישט דערווארט, אז דאס וואונדער וועט געשען.

„ניין איז ניין," האט ער געלאסן געענטפערט. „דער גע-שפרעך איז שוין פארגעסן. וועסט דאך אבער קומען מיט זעלדען צום עסן."

„מיר וועלן היינט נישט קומען. גיב דער באבען א קוש און נעם זיך איינעם."

„אַ דאַנק, זונעניו!“

און ביים שבת־טיש איז דער אַלטער געווען טרויעריק. ער האָט זיך גערינכט אויף עפּעס, און איצטער האָבן אים נאָרמאַן און זעלדע געפעלט מער ווי שטענדיק.

דזשוניאָר האָט טריאומפירט:

„איך האָב געוואוסט, אַז ער איז אויף אַ פאַלשן וועג. אַז איך וועל וועלן שטאַרק, וועל איך מיט אים רעדן. נאָר אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט־אָרדנונג ליגט היילונג פאַר דעם איינצלנעם ווי פאַר דעם כלל.“

.12

די גרויסע פרייליכקייט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן אין נאָרמאַנען. דער געוויסן, דער עדאָניזם, ווי ער האָט עס אָנגערופן, האָט אים אָנגעהויבן צו פּלאָגן.

פאַרוואָס גנבענען? פאַרוואָס גענומען מיט אַ ציטער אין האַרצן? צוליב וואָס דער סוד? ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם, ווען ער האָט גערעדט מיט אָנקל אָסקאַר און טאַנטע דאָראַ — וואָס וואָלטן זיי געזאָגט, ווען זיי וואָלטן געוואוסט דעם אמת? ער האָט געמוזט אויסשניידן אַ סך שבתים און נישט זען דעם זיידן מיט דער באָבען, וועלכע וואָלטן זיך דאָך אַזוי שטאַרק גע־פרייט מיט זיין פרייד. צו וואָס דאָס אַלץ? קיינער און גאָרנישט איז אין זייער וועג. פאַרוואָס זאָלן זיי נישט חתונה האָבן?

זעלדע האָט נישט געוואָלט וויסן דערפון. זי האָט נישט גע־וואָלט ווערן קיין „מרס“ מיט זעכצן און אַ האַלב יאָר. זי האָט ליב געהאַט די גנבה. זי האָט זיך געפילט גליקלעך מיט איר סוד. זי איז געזעסן אויף דער שול־באַנק, אַ יונגע מיידל צווישן יונגע מייד־לעך, אַ הויכשול־מיידל גלייך מיט זיי, און דאָך אַזוי ווייט איבער זיי. איר סוד האָט זי אַרויסגעהויבן. די פאַרבאָרגענע דערלעבע־נישן פון די נעכט, פון די פאַרגאַנגענע און די קומענדיקע, האָבן גע־זונגען אין איר, געיובלט אין איר, אָבער זיי אַלע אַרום איר האָבן נישט געוואוסט פון דעם געזאַנג און דעם יובל. ווי אָרעם זיי זיינען! און נאָך אינטערעסאַנטער איז עס געווען מיט די חבר־

טעם, וועלכע האָבן געטראָגן אין זיך דעם געזאַנג און נישט געקאָנט מאַכן פון דעם קיין סוף, נאָר גערעדט און דערציילט איינע די אַנ־דערע. נאַרישע מיידלעך! זיי גנבענען און דערציילן פון דער גנבה. מאַכן צו די טיר און רייסן אויף די פענסטער... זי האָט זיי געלאָזן דערציילן, דאָך אַליין גאָרנישט דערציילט. אָבער אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט טריאומף, און אירע חברטעס האָבן איר מקנא גע־ווען מיט איר שווייגן.

נאָרמאַן האָט עס געהאַלטן פאַר קינדיש, און ווען ער איז געווען אַליין, פלעגט ער זיך אָפּט מוסרן:

„נאָרמאַן עדאַן, דו שטיק גאָרנישט, ביזטו אַ מאַן אָדער אַ נאַסע שמאַטע? פאַרוואָס טוסטו שטענדיק, וואָס זי וויל, פאַרוואָס מאַכסטו זי נישט צו טאָן, וואָס דו ווילסט? זי איז אַ קליינע מיידל, און דו ביזט שוין אַ דערוואַקסענער מאַן! שעמסטו זיך נישט, נאָרמאַן עדאַן? דו ווייסט דאָך, וואָס איז ריכטיק! דו האָסט דאָך אַ געוויסן. דו עדאַן, דו... עדאַן, דו, עדאַן, דו! פאַר־וואָס טוסטו נישט דאָס ריכטיקע?...”

אָבער אַז ער איז געווען מיט זעלדען, האָט ער גערעדט צו איר זיין ווילן און געטאָן איר ווילן. און דערנאָך ווידער דער גע־שריי פון זיין געוויסן. ער האָט זיך געפילט גאַנץ אומגליקלעך.

אויף זומער איז זי אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ קעמפּ פאַר מיידלעך. זי איז געווען גליקלעך, געפרעשט זיך, געווען פאַרטאָן מיט דער רייזע; אים האָט עס שיר נישט צובראָכן זיין האַרץ.

„ווען מיר וואָלטן געווען פאַרהייראַט, וואָלטן מיר זיך נישט געדאַרפט צעשיידן אויפן גאַנצן זומער,” האָט ער זיך געקלאָגט.

„און איך וויל זען, ווי איך וועל זיך פילן אָן דיר,” האָט זי געענטפערט מיט באַגייסטערונג.

„דו ליבסט מיך נישט.”

„רעד נישט קיין נאַרישקייט. איך וויל בענקען נאָך דיר.”

„איך בענק נאָך דיר יעדן טאָג, די אַלע שעה, ווען איך בין נישט מיט דיר.”

„איך וויל בענקען, שטאַרק בענקען...”

„דו ווילסט פאַרגעסן... דו ליבסט מיך נישט.”

„הער אויף צו רעדן!״

„קום, לאָמיר חתונה האָבן און אוועקפאָרן צוזאַמען אויף אונזער האָניג־חודש.״

„מיר וועלן דאָס נישט אָנווערן.״

„מיר וועלן פאָרן נאָך אייראָפּע... אין פּאַריז...״

„מיר וועלן עס זיכער טאָן אויף אונזער האָניג־רייזע.״

„איז לאָמיר חתונה האָבן.״

„נישט איצט.״

„דער קעמפ איז דיר טייערער פאַר מיר.״

„אומזין!״

„אָ, איך ווינטש, אַז ווען דו וועסט צוריקקומען, זאָלסטו מיך נישט געפינען.״

„פאַר דאָס וועל איך דיך היינט מער נישט קושן.״

האָט ער טאַקע אַ גאַנצן אָוונט געבעטלט אַ קוש.

דעם גאַנצן זומער האָט ער שטאַרק געבענקט און געשריבן איר לאַנגע בריוו, אין וועלכע ער האָט אַנטוויקלט די פּאַרגעניגונגען, וועלכע עס דערוואַרטן זיי, ווען זיי וועלן חתונה האָבן. זי פלעגט ענטפערן מיט בילדער־קאַרטלעך. נאָר אַ פּאָר ווערטער מיט גרויסע אותיות פון אַ קינדערשער האַנט־שריפט. אַ לאַסקענאָמען עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אָדער אַ קורצע ליבע־דערקלערונג מיט אַ סך אויסרוף־צייכנס, אָדער שורות מיט צלמלעך, וועלכע האָבן באַדייט קושן. ער האָט געקוקט אויף די קאַרטלעך, געבענקט נאָך מער ווערטער, געוואָלט אַז ענטפער אויף זיינע בריוו. אָבער ווען זי האָט אים איינגעלאַדן צו קומען זי באַזוכן, האָט ער זי באַשטראָפט און איז נישט געפאָרן. ער איז אַליין נתפּעל געוואָרן פון זיין כאַראַקטער־שטאַרקייט. דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט צו טראַכטן, אַז ווען זי וועט קומען צוריק, וועט ער באַשטיין דערויף, אַז זיי מוזן גלייך חתונה האָבן, און זי וועט אים מוזן פאָלגן. ענדלעך וועט ער זיין שטאַרק.

זי איז געקומען — און עס איז געבליבן ווי עס איז געווען.

„איך וויל צוערשט ענדיקן די הויך־שול,״ האָט זי דערקלערט.

.13

אָנקל און טאַנטע באַרנעט האָבן געיומטובט זייער זילבער־נע האָכצייט. די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך געגרייט צו דעם יום־טוב, אָבער נאָרמאַן האָט נישט געוואָלט, אַז זעלדע זאָל גיין.

„דאָס איז אוממעגלעך," האָט אים זעלדע דערקלערט, „איך בין נישט געגאַנגען צו אָנקלס געבורטס־טאָג און צו טאַנטעס, אָבער די זילבערנע האָכצייט איז נאָר איינמאָל אין 25 יאָר."

„אויף וואָס דאַרפסטו זיי האָבן? דו מאַכסט זיך סיי־ווי־סיי נישט אויס," האָט נאָרמאַן געפּרוּווט זיך איבערצורעדן זי.

„אוממעגלעך!" האָט זי ווידער געזאָגט. „מאַמאַ באַשטייט אויף דערויף, אַז איך זאָל גיין..."

„מאַמאַ!" האָט ער זיך אָנגעכאַפּט. „ווען מאַמאַ באַשטייט אויף זאַכן, וועלכע דו ווילסט נישט, העלפט איר אַ סך איר באַ־שטיין."

„דענקסטו, אַז איך וויל גיין?"

„איך בין זיכער."

„פאַרוואָס זאָל איך וועלן גיין?"

„איך ווייס נישט."

„טרעפן זיך מיט עלמערן?"

„פּילייכט."

„פאַרשפּרעך איך דיר, אַז עלמער וועט דאָרט פאַר מיר נישט עקזיסטירן. איך וועל אים אפילו נישט אָנקוקן."

„ווי וועסטו עס מאַכן?"

„איך וועל מאַכן, אַז ער וועט זיך נישט דערוועגן צוצוקומען צו מיר.

„ווי?"

„פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר."

„וועסטו עס מיר ווירקלעך פאַרשפּרעכן?"

„געוויס. אָבער עס געפעלט מיר, וואָס דו ביזט אייפערזיכ־טיק."

„איך האָס דעם דאָזיקן הונט."

„איך האָס אים אויך."

,,ער וועט צו דיר צושטיין.״

,,ער וועט קריגן איבער די הענט.״

,,ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן.״

,,זאָל ער ווערן צודרינגלעך, וועל איך אַוועקגיין... וועל איך קומען צו דיר.״

דאָס איז געווען גרויסאַרטיק. דער דאָזיקער פֿאַרשפּרעך האָט אים אויפגעלעבט. ער האָט אים באַזיגלט מיט אומאַרמונגען און קושן. אָבער ווען זיי האָבן זיך צושיידט, איז אים זיין האַרץ אומרואיק געוואָרן. עס איז אים געווען, ווי ער וואָלט זי פֿאַרלאָרן. אַזוי האָט אפשר געפילט דניאלס פרוי, ווען איר מאַן איז אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער לייבן־גרוב.

זעלדע — דניאל, און עלמער — דער לייב, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט אין דער מאָסע געסט, וועלכע זיינען זיך צונויפגעקומען צו דער זילבערנער חתונה פון מר. אייזיק באַרנעט און זיין פרוי עלאַ, האָבן זיך אָנגעקוקט צוערשט מיט ברוגזע אויגן און אָנגערוקטע פּנימער און פּלוצלונג זיך צולאַכט. פאַרוואָס? פאַרוואָס? וואָס האָט זיי אַ קיצל געטאָן? די אָנגערוקטקייט אויף זייערע פּנימער איז געווען אַן איבערגעטריבענע, און דאָס איז זיי פאָרגעקומען קאָמיש, און זיי האָבן זיך צולאַכט. עלמער איז גאָר קיינמאָל נישט ברוגז געווען מיט זעלדען — דאָס האָט דאָך דער אָנקל באַוויזן אים די טיר. אָבער אויך זעלדע האָט אייגנטלעך געוואוסט, אַז זי איז אויף אים קיינמאָל נישט בייז געווען. עס איז אַפילו געווען פיקאַנט, וואָס דער קרעפּטיקער שיין־אויסזעענדיקער בחור האָט געוואָלט זי זען נאַקעט.

,,ביזטו אויף מיר נישט אין כּעס?״ האָט ער געזאָגט.

זי האָט געדענקט דעם פאַרשפּרעך, וועלכן זי האָט געגעבן נאָרמאַנען, און געענטפערט:

,,איך בין. דו ביזט אַ מיאוסער יונג, און איך וויל מיט דיר נישט האָבן וואָס צו טאָן.״

,,דו ביזט גערעכט,״ האָט ער געזאָגט. ,,ווען אָנקל אָסקאַר האָט מיר באַוויזן די טיר, האָב איך דיך געדאַרפט אַוועקטראָגן מיט זיך, ווי אַ הייל־מענטש.״

,,דו וואָלטסט נישט, ווייל איך וואָלט זיך נישט געלאָזן.״

„דו וואָלטסט.‟

„האָב איך זיך געלאָזן אויסטאָן נאַקעט?‟

„איך בין געוועזן אומגעשיקט.‟

„וואָס וואָלט דיר געהאָלפן געשיקטקייט?‟

„אָ, איך האָב פון דעמאָלסט אָן אַ סך געלערנט.‟

„צום ביישפיל?‟

„ווען מיר געבן די געלעגנהייט, וועל איך ציינן.‟

„ווען לאַנג וואַרטן.‟

„וועל איך לאַנג וואַרטן.‟

„אינגיכן וועלן מיר חתונה האָבן, איך און נאָרמאַן.‟

„דאָס וועט מיר נישט שטערן.‟

„דו ביסט אַ מנוול.‟

„וואו צווי בין איך אַ דריטער.‟

„נאָרמאַן האַסט דיך.‟

„אָבי דו נישט.‟

„איך וועל זיין געטריי נאָרמאַנען און וועל דיך אויך האַסן.‟

„פונוואַנען וועל איך עס וויסן? איך וועל מוזן קומען צו דיר אַזוי אָפט ווי מעגלעך נאָך מיין פּאָרציע האַס.‟

„איך וועל עס דיר שיקן פּער פּאָסט.‟

„האַס, ווי פּאָרנאָגראַפיע, איז אַ פאַרבאָטענער אַרטיקל. די פּאָסט נעמט אים נישט אָן.‟

„דו ביזט מיר געוואָרן צו קלוג.‟

„דאָס איז, וואָס איך זאָג: איך האָב פאַר דער צייט אַ סך געלערנט.‟

ער האָט געוואונען אין דער ווערטער־שלאַכט, ווייל זיין געגנערין האָט נישט געוואָלט געווינען. עס איז איר געפעלן גע־וועזן, וואָס דער יונגער מענטש, וואָס רעדט צו איר אַזוי, שלינגט זי מיט די אויגן, און דער שמייכל אויף אירע ליפּן און אין אירע אויגן האָט צו אים גערעדט פון אַ סוד, פון דעם, וואָס זי האָט „געלערנט פאַר דער צייט‟. און אַ פראַגע האָט זי אינטערעסירט: דערקענט ער? קאָן ער דערקענען? וועט ער דערקענען? און זי האָט זיך געפילט שטאַרקער און גליקלעכער פאַר אים, ווייל ער האָט גאָרנישט דערקענט. זי האָט אים כמעט פאַראַכטעט דערפאַר.

זיי האָבן אַ סך געטאַנצט צוזאַמען. ווען ער האָט זיך דערלויבט פרייהייט, האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר פאַרשפּרעך און אָנגעזאָגט אים, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן, אַז נישט וועט זי פון אים אוועקגיין אינמיטן טאַנץ.

„אָ, זיי נישט שלעכט צו מיר!" האָט ער געבעטלט.

„און דו זיי נישט פרעך!" האָט זי געענטפערט.

„אַז מען האָט אַזאַ זיס נפשל אין די אָרעמס!"

„איך בין אַ זיס נפש נישט פאַר דיר."

„זאָל ער עסן דעם האָניג, איך וועל זיך באַגנוגענען מיט לעקן — אָפּגעמאַכט?"

„וועסט נישט קריגן דעם קלענסטן לעק."

„מעג איך אָנהויבן צו קומען צו דיר?"

„פּאַפּאַ האָט דיך אַרויסגעטריבן."

„איך וועל אים זאָגן, אַז דו ווילסט, איך זאָל קומען."

„וועסטו זאָגן אַ ליגן."

„דאָס זאָגסטו איצטער אַ ליגן. איבעריקנס, וועל איך אָנקל אָסקאַר גאָרנישט דאַרפן זאָגן, ווייל ער זעט צו ווי מיר טאַנצן. און שמייכלט..."

„לאָז מיך אָפּ."

„ווען די מוזיק וועט אויפהערן."

„דו ביזט אַ חיה."

„וועל איך דיך אויפפרעסן, סיידן דו וועסט מיר געבן אַ קוש."

„ווי דערוועגסטו זיך!"

„ווער עס דערוועגט זיך, קריגט."

„וועסט ביי מיר קריגן אַ מיאוסן אָפּשניט."

„קאָנסט מיך מאָרגן אין אָוונט דערוואַרטן ביי זיך."

„מאָרגן וועט דעם גאַנצן אָוונט זיין ביי מיר נאָרמאַן."

„וועל איך קומען איבערמאָרגן אין אָוונט."

„נאָרמאַן איז ביי מיר יעדן אָוונט."

„וועל איך קומען ביי טאָג."

דער טאַנץ האָט אויפגעהערט.

„איך קום איבערמאָרגן נאָכמיטיק."

„איך ווייס נישט, צי איך וועל זיין אינדערהיים."

ער האָט זי צוגעפירט, וואו דאָרא איז געזעסן אין געשפּרעך מיט אַן אַנדער דאַמע, דערציילט די וואונדער פון דעם נייעם שאָפער, וועלכן זי האָט איצט: גאָר עפּעס אַ זעלטנהייט. הלואי זאָל ער זיך נאָר האַלטן!

„טאַנטע דאָרא,‟ האָט עלמער זיך געווענדט צו איר. „איך זאָג זיך אָן אויף איבערמאָרגן נאָך מיטיק אויף טיי.‟

דאָרא האָט געצווייפלט, צי זאָל זי אויפנעמען איר ברודערס זון.

„וואָס איז איבערמאָרגן?‟ האָט זי געפרעגט און אָנגעקוקט איר טאָכטער פון דער זייט.

„פּריוואַט,‟ האָט עלמער געענטפערט.

דאָרא האָט נישט געקראָגן קיין הילף פון איר טאָכטער, וועלכע האָט געקוקט אין אַלע זייטן און געמאַכט זיך נישט הערנדיק.

„גוט,‟ האָט דאָרא ענדלעך געזאָגט. „אויב אַנקל אָסקאַר וועט נישט האָבן דאַקעגן.‟

„ער וועט נישט,‟ האָט עלמער זוּוערדיק פאַרזיכערט.

זעלדע איז אָפּגערופן געוואָרן צום טעלעפאָן. נאָרמאַן איז עס געווען. ער איז געזעסן ביי זיך אין צימער און האָט געוואַרט אויף איר. ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט איבערלאָזן דעם באַל און קומען צו אים, עלמער אָדער נישט עלמער. ווען ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, האָט ער זי אָנגערופן.

„ווי איז עס, טייערע?‟

„אָ, אַ גרויסער באַל!‟

„איך מיין צווישן דיר און עלמערן!‟

„גאָרנישט.‟

„איז ער צוגעקומען צו דיר?‟

„עס איז דאָ רוישיק. איך הער דיך שלעכט.‟

זעלדע האָט נישט געוואָלט הערן. נאָרמאַן האָט עס פאַרשטאַנען, זיין האַרץ איז אים איינגעפאַלן. ער האָט איבערגעחזרט די פראַגע, שאַרפער, דייטלעכער, מיט קלאָרער שטים. זעלדע האָט דערווייל אָפּגעטראַכט וואָס צו ענטפערן.

„ער איז צוגעקומען,‟ האָט זי געענטפערט. „געוויס איז ער

צוגעקומען. געפרעגט, צי בין איך ברוגז. איך האָב אים געענטפערט, אַז ער איז אַ מיאוסער יונג, און איך וויל מיט אים נישט האָבן וואָס צו טאָן.״

„ליבלינג! און מער האָסטו זיך מיט אים נישט צוזאַמענגעטראָפן?״

„אָ, איך קאָן נישט הערן, וואָס דו זאָגסט דאָרטן!״

איז דאָס געווען אַלץ, וואָס איר האָט גערעדט?״

„איך הער דיך נישט. וועסט שוין פרעגן מאָרגן.״

„רעד דו, דערציייל, איך קאָן דאָ אַלץ הערן.״

„מאָרגן! מאָרגן!״

„האָסט מיך ליב?״

„דו ווייסט.״

„לאָז איבער דעם באַל, קום צו מיר.״

„אוממעגלעך.״

„פאַרוואָס אוממעגלעך?״

„עס איז אוממעגלעך.״

„דו ווילסט נישט.״

„גיי שלאָפן. אַ גוטע נאַכט.״

„איך וועל האָבן אַ שלעכטע נאַכט.״

„איך קאָן נישט העלפן.״

„דו קאָנסט, אויב דו זאָלסט וועלן.״

„איז וויל איך נישט! אַ גוטע נאַכט!״

זי האָט אויפגעהאַנגען דעם הערער. נאָרמאַן איז געבליבן זיצן ביים טעלעפאָן מיט שווערן האַרץ, געפילט זעלדען ערגעץ וואו אין דער ווייט אויף יענער זייט פון דעם דראָט, געפילט זי אַ לאַכנדיקע, פריילעכע, אויפגעלייגטע, אָבער פאַרשווינדנדיקע און פרעמדע, און איז געווען זייער אומגליקלעך.

עלמער האָט אָפּגעוואַרט זעלדען.

„איך קאָן טרעפן, מיט וועמען דו האָסט גערעדט.״

„נישט דיין געשעפט.״

„ער איז געווען איפּערזיכטיק און בייז און דעספּאָטיש און האָט געפאָדערט רעכנשאַפט...״

„זאָגסט נאָך אַ וואָרט, גיי איך אַוועק.״

„וועל איך זיין שטיל און גוט און פרום. לאָמיר טאַנצן.״
„איך וויל נישט.״

ער האָט זי אַנגענומען אונטערן אָרעם. זי האָט געמאַכט אַ פּראָטעסט־באַוועגונג, אָבער ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, אַרומ־גענומען מיט דער אַנדער האַנט און ביידע זיינען אַריינגעפאַלן אין טאַקט פון דער מוזיק.

אויפן וועג צו זיין „דזשאָב״ האָט זיך נאָרמאַן אַריינגע־כאַפּט צו אָנקל אָסקאַר, אָבער אַלע זיינען נאָך דאָרטן געשלאָפן. אין אַ שעה אַרום האָט ער טעלעפאָנירט פון זיין „דזשאָב״. זעלדע איז אומווילליק צוגעקומען צום טעלעפאָן.

„איך קאָן מיט דיר איצט נישט רעדן,״ האָט זי אומגעדול־דיק געזאָגט. „איך איין זיך אין דער שולע.״
„אַ פּאָר ווערטער נאָר,״ האָט ער זיך געבעטן.
„ווילסט דאָך נישט, איך זאָל אַוועקגיין אין דער שולע אַ הונגעריקע?״
„איין וואָרט נאָר.״
„גוד ביי!״
„אָלרייט! גוד ביי! זאָג דער מאַמען, אַז איך וועל קומען צו אָוונטברויט.״

איר נישט וועלן רעדן איז שוין געווען אַן ענטפער אויף וואָס ער האָט געוואָלט פרעגן און אויסגעפינען. זעלדע האָט איר וואָרט נישט געהאַלטן, צווישן איר און עלמערן איז פאָרגעקומען אַ דערנענטערונג. וועט עלמער ווידער אָנהויבן אַריינצוקומען צו אָנקל אָסקאַר? איצט וועט ער מוזן באַשטיין, אַז זיי זאָלן חתונה האָבן. די שוועל פון זיין הויז וועט דער הונט נישט אַריבער־טרעטן.

זעלדע האָט אים איבערראַשט. זי איז פון דער שולע פאַר־פאָרן צו אים אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. עס האָט אויפגעשריען אין אים פאַר פרייד, און ער איז גלייך אַוועק מיט איר צו איר אַהיים, כאָטש זיין „דזשאָב״ האָט עס אים נישט דערלויבט.

„זעסטו, ווי איך ליב דיך!״ האָט זי אים געזאָגט.
„איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געבענקט נאָך דיר, ווי היינט,״ האָט ער זיך מודה געווען.

„ליבלינג!"

„דערציי̇ל מיר."

„וואָס?"

„דו ווייסט. וועגן נעכטן. וועגן עלמערן."

„וואָס אַרט עס דיך?"

„ווי הייסט? עס אַרט מיך שוין זייער שטאַרק."

„דו זעסט דאָך, ווי איך ליב דיך."

ער האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי האָט אים איבערראַשט מיט איר קומען. זי האָט אים געוואָלט פאַרגיטיקן פאַר איר שלום מיט עלמערן, אונטערקויפן אים, מאַכן אים גוט געשטימט פאַר איר פאַרראַט. עס האָט אויפגעקאָכט אין אים.

„איך וועל נישט צולאָזן, אַז עלמער זאָל ווידער ווערן אַן אַריינגייער," האָט ער בייז אַרויסגערעדט.

„דו קאָנסט דאָ גאָרנישט טאָן. ער איז מיין מאַמעס ברודער־זון.

„וועלן מיר חתונה האָבן!"

„נאַטירלעך וועלן מיר."

„און באַלד!"

„ווען איך וועל גראַדויִרן."

„איך וויל נישט וואַרטן אַזוי לאַנג."

„וועסט וואַרטן."

ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ווען זיי זיינען אָנגעקומען אַהיים אין איר צימער, האָט ער פאַרגעסן צו קושן זי.

„אָ, זיי נישט אַזוי אויפגערעגט," האָט זי אים געזאָגט. „קוש מיך."

ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און ליידנשאַפטלעך באַקושט, ווי ער וואָלט געווען אין געפאַר צו פאַרלירן זי.

„אָ, דו ווייסט נישט, ווי דו האָסט מיר וויי געטאָן," האָט ער געזאָגט. „פאַרוואָס האָסטו נישט געהאַלטן דיין פאַרשפּרעך? דו האָסט מיר אַזוי פעסט פאַרשפּראָכן..."

„עס איז געווען נאַריש פון מיר, צו פאַרשפּרעכן ריד אַזאַ זאַך, און נאָך נארישער פון דיר, צו פאָדערן פון מיר דעם פאַר־שפּרעך," האָט זי דערווידערט. „שטעל דיר פאָר, אויף שריט און

טריט האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן, האָבן מיר סוף כּל סוף געמוזט אָנהויבן צו רעדן. און אַז מיר האָבן אָנגעהויבן צו רעדן, און ער האָט אָנגעזאָגט דער מאַמען, אַז איבערמאָרגן קומט ער אויף טיי, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. ער איז דאָך איר פּלימעניק.״

„הייסט עס, איבערמאָרגן קומט ער אויף טיי,״ האָט נאָרמאַן כּמעט אַרויסגעקרעכצט.

„ער האָט געוואָלט קומען אין אָוונט, האָב איך אים געזאָגט, אַז די אָוונטן זיינען אַלע דיינע. דאָס האָב איך דאָך גוט געטאָן.״

„איצט וועלן מיר חתונה האָבן,״ האָט ער רעזאָלוט געזאָגט.

„גאָרנישט האָט זיך נישט געענדערט, און מיר דאַרפן זיך נישט באַאיילן,״ האָט זי פּונקט אַזוי רעזאָלוט אָפּגעענטפערט.

„איך האָס זיינע באַזוכן און וויל נישט, דו זאָלסט זיך מיט אים באַגעגענען.״

„און איך האָס באַפעלן און וויל נישט, דו זאָלסט האַנדלען ווי אַ דעספּאָט.״

ער האָט געוואָלט אויפשטיין און אַוועקגיין מיט דעם אָנזאָג, אַז ער וועט קומען צוריק, ווען ער וועט וויסן, אַז עלמער האָט אויפגעהערט צו קומען, ווי ער האָט דאָס שוין איינמאָל געטאָן. אָבער ער איז געבליבן זיצן מיט אַ שרעק אין אַלע אברים, באַדעקט מיט קאַלטן שוויים. ער קאָן עס נישט טאָן... איצט קאָן ער דאָס נישט טאָן מער... ער וואָלט געוועזן אַ הונט, ווען ער וואָלט עס געטאָן! זי איז זיינע, זיין ווייב, מער ווי זיין ווייב. ער וואָלט געקאָנט אוועקגיין פון איר, ווען זיי וואָלטן געוועזן פאַרהייראַט. אָבער איצט וועט עס הייסן, אַז ער האָט זי פאַרפירט, אויסגעזויגן און פאַרלאָזן...

מאַכטלאָז! איצט איז ער מאַכטלאָז!... וואָס קאָן ער טאָן?

„אָ, זייַ נישט אַזוי ווי אַ שטיק אומגליק!״ זי האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף זיינע קני. „דאַרפסט זיך נישט קיין געדאַנקען מאַכן און דאַרפסט נישט וועלן אויספירן דיינס. איך ליב דיך, און נאָר דיך אַליין. איך וועַר משוגע נאָך דיר... קוש מיך! קוש מיך!״

ער האָט געוואָלט זיין ברוגז, האָט געמאַכט אַ כעסדיק געזיכט.

„אָ, ניין!" האָט זי געזאָגט. „דו וועסט נישט זיין אין כעס אויף מיר. קום אויף דער סאָפע, יאָ?"

.14

עלמער האָט אָנגעהויבן אריינצוקומען אָפט. עלמער האָט אָנגעהויבן אריינצוברענגען זיינע חברים. עטלעכע פון די חברים האָבן צונויפגעפירט זעלדען מיט זייערע פריינדינס, פון וועלכע נאָרמאַן האָט געוואוסט העסלעכע מעשיות, וועלכע די חברים האָבן אַליין דערציילט. זעלדע האָט אָנגעהויבן איינצוטיילן די אָוונטן צווישן אים און עלמערן און די חברים. אויף נאָרמאַנס פּראָטעסטן האָט זי דערהווידערט, אַז זי קאָן זיך נישט אָפּשליסן מיט אים פון דער גאַנצער וועלט, ווייל ער איז ברוגז מיט דער גאַנצער וועלט, ווייל ער האָט אַמאָל געהאַט אַ געשלעג. און ער דאַרף נישט איפּערזיכטיק זיין. גאָרנישט וועט געשען, ווייל זי ליבט דאָך נאָר אים. אויב ער וויל, קאָן ער שלום מאַכן מיט אַלע זיינע אַמאָליקע פריינט און אָנטיילנעמען אין אַלע זייערע פאַר־ווילונגען. אָבער ער דאַרף איר נישט פאַרבאָטן. אפילו נאָך דער חתונה וועט זי אים אויך נישט דערלויבן צו פאַרבאָטן איר. איצטער געוויס נישט. ער מאַכט נאָר, אַז זי זאָל וועלן אָפּלייגן די חתונה אויף וואָס שפּעטער.

זיינע אָוונטן מיט זעלדען זיינען געוואָרן לאַנגע שטונדן פון איבערוואָרפעניש, כעס, טרערן און ווילדער ליידנשאַפט. זיינע אומאַרמונגען זיינען געוואָרן געבעט, אָבער אויך דער פאַרלאַנג צו דערשטיקן זי. זיין ליידנשאַפט־עקסטאַז איז געווען דער וואונטש נישט צו ווערן, אויפגעלייזט צו ווערן מיט איר צוזאַמען.

זיינע טעג זיינען געווען טעג פון אומדרואיקסטע געדאַנקען. שטענדיק איין פראַגע: וואָס זאָל ער טאָן? ער ליבט זי גאַנץ משו־גע, און דאָך וואָלט ער געבראָכן מיט איר, ווען נישט זייער צוזאַ־מענגלעבן. ווען זי זאָל אפילו וועלן, טאָר ער זי איצט נישט אָפּ־לאָזן, אויב ער האָט עפּעס פון אַן ערלעכן מענטשן אין זיך. אָבער זי האָט עס געוויס נישט געוואָלט. זי האָט אים געליבט, און אפילו זייער שטאַרק, נאָר זי האָט געגלויבט, אַז זי קאָן זיך אַלץ דערלויבן.

איר פריהייט צו טאָן אַלץ, וואָס עס פאַלט איר איין, איז ביי איר געשטאַנען איבער אַלע געפילן. און זי איז פערוועגן. זייער שטאַרק פערוועגן. איר פערווערזיטעט טרייבט זי צו עלמערן און זיינע חברים. ווען ער, נאָרמאַן, זאָל מיט איר ברעכן, וועט זי אַפילו נישט פאַרשטיין פאַרוואָס.

ער האָט אָנגעהויבן צו זען אין זעלדען נאָכאַמאָל זיין מו־טער. אָבער ער איז נישט זיין טאַטע! ניין, ער איז נישט זיין טאַ־טע. ער וועט נישט צוקוקן און שווייגן, מאַכן זיך נישט ווויסנדיק.

די פיגור פון דעם דערשאָסענעם מאַן אויפן טראָטואַר פון דער פינפטער עוועניו, די בלוטיקע דערינערונג פון זיין קינדהייט, האָט אָנגעהויבן אַרויפצושווימען אין זיין זכרון. געדאַנקען פון מאָרד און זעלבסטמאָרד, פאַר וועלכע ער האָט זיך געשראָקן. ער האָט זיך אָפט געריבן דעם שטערן, ווי ער וואָלט וועלן פאַרטרייבן פון דאָרטן אַן אויפשטייג פון משוגעת.

זיין צושטאַנד איז נישט געבליבן פאַרבאָרגן פון די ליבנדי־קע אויגן פון זיידע נח און באָבע מערע.

„נאָרמאַן לעבט איבער עפּעס זייער שווערעס," האָט נח גע־זאָגט צו מערען. „האָסטו עס געמערקט?"

„עס קומט עפּעס פאַר צווישן אים און זעלדען," האָט זי דערהויידערט. „זי לאַכט און קוועלט און ווערט שענער פון טאָג צו טאָג, און ער ליידט און גייט איין."

„וואָס קאָן מען דאָ טאָן?"

מערע האָט אויפגעקרעכצט, און נח האָט זיך געענטפערט:

„יאָ, דאָ קאָן מען גאָרנישט טאָן."

און ווידער, ווי מיט אַ סך יאָרן צוריק מיט טשאַרלזן, האָט נח נישט אויסגעהאַלטן און געווענדט זיך צו נאָרמאַנען:

„עפּעס איז מיט דיר, מיין קינד. קאָנסטו מיר אפשר זאָגן?"

נאָרמאַן האָט זיך פאַרפלאָמט, און נח האָט צוגעגעבן:

„אויב דו קאָנסט נישט, דאַרפסטו נישט. איך וויל דיר בלויז העלפן, אויב איך קאָן."

„דו קאָנסט נישט, זיידע," האָט נאָרמאַן שטיל אַרויסגע־רעדט. „קיינער קאָן מיר נישט העלפן. אויף דער וועלט קאָנען זיין גליקלעך נאָר גאַנצע און שטאַרקע מענטשן — גאַנצע צדיקים

אָדער גאַנצע רשעים. האַלבע און שוואַכע מענטשן מוזן זיין אומ־צופרידן און אומגליקלעך.״

,,זאָל גאָט דיר העלפן, מיין זון!״ האָט נח ארויסגעקרעכצט.

גאָט?! אָ, פאַרוואָס האָט ער זיך אָפּגעווענדט פון זיין גאָט־זוכן?! אפשר וואָלט ער געהאַט איצט זיין רו... גאָט, העך צו מיין געבעט... איך וויל באַרואיקונג, גאָט!... איך האָב אַ שווער האַרץ און שווערע געדאַנקען... באַפריי מיך, גאָט, העלף מיר ארויס!...

פּוסטער קלאַנג. ער האָט נישט געפילט דעם, צו וועמען ער האָט דאָס ארויסגעשריען.

ער האָט זיך געווענדט צו אָנקל אָסקאַר, ער זאָל פאַרבאָטן עלמערן צו פאַרקערן מיט זעלדען.

,,דאָס וועט צו גאָרנישט ברענגען,״ האָט אָסקאַר דערקלערט. ,,העכסטנס קאָן איך אים פאַרבאָטן צו קומען אין מיין הויז. וועסטו בעסער מאַכן, אַז זעלדע וועט גיין צו אים? און זעלדען פאַרווערן ווייסטו דאָך... אַז דו קאָנסט ביי איר נישט אויספירן, וועל איך אָדער די טאַנטע געוויס נישט. אָבער דו פייניקסט זיך גלאַט אומזיסט. דו דאַרפסט פאַר קיינעם און פאַר גאָרנישט נישט מורא האָבן. זעלדע האָט נאָר איין ליבע. זי איז, דאַכט זיך, געבאָרן גע־וואָרן מיט איר. קיינער קאָן ביי איר נישט ארויסרייסן איר ליבע צו דיר. און זי איז אויך אַן עדאַן, דאַרפסטו נישט פאַרגעסן. די עדאַנס זיינען מאָנאָגאַמיסטן, דאָס ווייסטו דאָך מסתמא. און זי האָט אין וועמען געראָטן צו זיין פון ביידע זייטן — דו האָסט דאָך נישט פּאַראיבל, ווען איך זאָג עס. דו ווייסט דאָך מיין דאָראָן — דער קלענסטער פלעק נישט. האָט עס זעלדע אין זיך דאָפּלט... דאַרפסטו גאָרנישט מורא האָבן... אָבער לחלוטין נישט מורא האָבן... מיט דיין אייפערזוכט און דיינע פאַרבאָטן קאָנסטו זי בלויז צורייצן... טאָ זיי בעסער רואיק... זי וועט גראַדואירן און — עס וועט זיין גוט!...״

אָ, ער וועט זיך מוזן אַליין העלפן! ער וועט שוין געפינען אַ וועג, אַז די חתונה זאָל זיך נישט פאַרציען אַזוי לאַנג!...

דריטער קאַפּיטל.

# ב ר א ק.

.1

רואיק און פרידלעך איז געפלאָסן דאָס לעבן פון דאָרא עדאָן. אַזוי רואיק און פרידלעך און פול צופרידנקייט, אַז סילוויאַ האָט זי דערפאַר פיינט געהאַט און גערופן קו. סילוויאַ האָט אַפילו שטאַרק חשק געהאַט אַראָפּצופירן דאָראַן פון וועג. זאָל די קו נישט זיין אַזוי מאַיעסטעטיש רואיק! נאָר נאָך דעם געשפּרעך מיט אָסקאַרן אין איר גאַלוואַני־צייט האָט זי געהאַלטן וואָרט און אָפּגעזאָגט זיך פון דעם געדאַנק אויסצומענטשלען איר שווערגערין. זאָל זי שוין בלייבן אַ קו! ווען ווער זי שוין פאַרגאָסן ווערן מיט פעטס פון לויטער רואיקייט און צופרידנקייט?

אָבער דאָרא איז נישט דיק געוואָרן, און האָט זיך געהאַלטן יונג, און דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט איר צופרידנקייט און גליקזעליקייט. וואָלטן זיך נאָר די שאָפערס ביי איר געהאַלטן, וואָלט גאָר קיין סוף נישט געווען צו איר רואיקייט און גליקלעכקייט.

אַ מערקווירדיקע זאַך: אַלע מענטשן האַלטן זיך ביי איר יאָרנלאַנג, נאָר צו די שאָפערס האָט זי קיין מזל נישט. אָדער זיי ווערן אַוועקגעשיקט, ווייל זיי זיינען נישט גוט, אָדער זיי גייען אַוועק, ווייל עפּעס געפעלט זיי נישט, כאָטש אי אָסקאַר אי זי באַהאַנדלען די שאָפערס, ווי מ'קאָן נישט בעסער.

הלוואי זאָל דער נייער שאָפער זיך לאַנג האַלטן! עס וואָלט געווען אַן עבירה אים צו פאַרלירן. קודם־כל איז ער אַ וואונדערבאַרער טרייבער. אַז מען פאָרט מיט אים, קאָן מען שוין זיכער זיין, אַז עס וועט זיך גאָרנישט טרעפן, כאָטש ער טרייבט זייער שנעל. אַ קרעפטיקע זיכערע האַנט, אַ שאַרף אויג און אַ קלוגער קאָפּ —

מען איז מיט אים, ווי אויף אַן אײַזערנער בריק. און צווייטנס איז ער טאַקע זייער אַ שײנער — עס איז דאָך אָנגענעם, ווען פאָרנט בײַם ראָד זיצט אַ שײנער שאָפער. דער אויטאָמאָביל אַליין קריגט עפּעס אַן אַנדער אויסזען. ער איז כמעט אַזוי הויך ווי אָסקאַר, אַביסעלע נאָר קלענער, אָבער דערפאַר אַ סך ברייטער אין די פּלייצעס און קרעפּטיקער. ער איז אַ דײַטש און איז געווען אין דער דײַטשער אַרמיי און אין דער מלחמה. ער האָט פֿיינט אַ סך צו דערציילן פון זיך, אָבער ער איז געווען אַן אָפיציר. אפילו ווען ער זאָגט עס נישט, קאָן מען עס אויף אים דערקענען. זײַן גאַנצע האַלטונג איז פון אַ קאָמאַנדיר. אפשר שטאַמט ער נאָך אָפּ פון דײַטשע באַראָנען אָדער גראַפן. נאָז און מויל און אויערן און שטערן אַזוי פײַן, אַזוי נאָבל, אַזוי אַריסטאָקראַטיש... אפילו זײַנע בלאָנדע האָר זעען עפּעס אויס צו זײַן די האָר פון אַן אַריסטאָקראַט. ער איז פינפאונדרײַסיק יאָר אַלט און יעדער קער און בויג זײַנער רעדט פון קרעפּטיקער מענלעכקייט. אָבער דאָס הערלעכסטע אין אים זײַנען זײַנע אויגן: גרויסע גרויע אויגן, מיט אַ גאַנץ מערקווירדיקן קוק. עפּעס פון דעם קוק פון מאָרי עדאָן. אָבער מאָרי עדאָן דערשרעקט מיט זײַן קוק, דערווייטערט פון זיך, און פראַנסיס, פאַרקערט, ציט צו ווי מיט עפּעס אַ מאַגנעט. עס ווילט זיך אין זיי קוקן! אפילו זעלדע ליבט אין זיי צו קוקן.

אָך, הלוואי האַלט ער זיך! אָבער ער וועט זיך געוויס נישט האַלטן. ער איז נישט לאַנג אין לאַנד, און שאָפערײַ איז בײַ אים נאָר אַן איבערגאַנגס־באַשעפטיקונג. עס וועט זײַן אַ פאַרדראָסיקע זאַך, ווען ער וועט זיי פאַרלאָזן. זי האָט זיך געשעמט צו דערציילן, ווי שטאַרק עס וועט איר פאַרדריסן, ווען ער וועט אַוועקגיין, ווי זי האָט זיך געשעמט צו דערציילן, אַז אָפט בײַ זײַנעם אַ בליק פילט זי עפּעס אַ גאַנץ מאָדנע סענסאַציע אין איר קערפּער. אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורכגעגאַנגען, אַן אויפציטערונג, אַן אויפפלאַטערונג און — אַן אויפפלאַקערונג. דערבײַ אַ שוואַכקייט, ווי זי וואָלט געווען אין זײַנע אָרעמס. ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערשפּירט דאָס אין זיך, האָט זי זיך דערשראָקן און פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין. אין יענעם טאָג איז זי גאַנץ באַזונדערס ליב געווען צו אָסקאַרן. איבערגעלעבט מיט אים אַ יונגע שעה,

אָבער דאָך נישט געפונען די פאַרגעסנקייט, וועלכע זי האָט גע־וואָלט. פראַנסיסעס בליק איז נישט אַוועק פון אירע אויגן. אויף מאָרגן האָט זי אים שוין געזוכט, און ווידער עלעקטרישער שטראָם, אויפפלאַטער און אויפפלאַקער — אויפכוואַליונג פון אַלע בלוטן. באַלד זיינען יענע פּראָצעסן אין איר קערפּער געוואָרן ביי איר אַ צערנדיקע בענקעניש.

פראַנסיס האָט זיך געהאַלטן. אַ חודש איז אַריבער און צוויי און דריי. ער האָט שנעל אַנטדעקט, אַז זי זוכט זיין בליק. ער האָט געפילט איר אויפציטער און געמאַכט זיינע בליקן מער רעדעוודיק, דורכדרינגנדיק, באַגערנדיק.

זי איז אומרואיק געוואָרן. וואָס איז עס מיט איר? עס טאָר אַזוי נישט אָנגיין... עס איז אוממעגלעך... זי איז דאָך נישט משוגע... זי מוז זיך נעמען אין די הענט... זי וועט אַוועקשיקן פראַנסיסן!...

זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל צו מאַכן איר טעגלעכן שפּאַציר־פאָר. פראַנסיס האָט אַרויפגעלייגט אויף אירע קני די וואַרעמע דעקע, איינגעפּאַקט אירע פיס אין וואַרעמקייט. צאַרט און פיין געטאָן עס. ליבפול באַגלעט די דעקע מיט די לאַנגע פינגער פון זיינע שיינע קרעפטיקע הענט. אירע קני האָבן אויפגעציטערט, זי האָט צוגעמאַכט די אויגן מיט אַן אויפקלאַפּנדיקן האַרץ. ער האָט באַמערקט דעם אויפציטער פון די קני און ווידער אַרומגענומען זיי מיט אַן איינפּאַקנדיקער באַוועגונג. פאַמעלעכדיק, קוים באַמערקבאַר אַ דריק געטאָן זיי. ביים צומאַכן די טיר פון אויטאָמאָביל האָט ער אַ וואָרף געטאָן אויף איר אַן אויפגערעגטן בליק, זיין געזיכט איז געווען בלאַס. ער איז אַוועק צו זיין פּלאַץ ביים ראָד, אַוועקגעזעצט זיך, נישט אַ קוק טוענדיק אויף איר, און געלאָזן דעם אויטאָמאָביל גיין. ער האָט שווער געאָטעמט, זיינע הענט האָבן זיך צונויפגעקריעמפּט אויפן ראָד, די מוסקולן פון האַלז און געזיכט זיינען געווען אָנגעצויגן.

אויך זי האָט שווער געאָטעמט. איר קאָפּ האָט געברענט. איר קערפּער איז געווען פייער, זי האָט זיך געביסן די ליפּן ביז ווייטיק.

„איך בין משוגע!‟ האָט זי הייזעריק אויסגערופן. „פראַנ־סיס, האַלט!‟

פראַנסיס האָט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל. זיי זיינען געווען אין פּאַרק.

„איך וויל אַריבערגיין צו אייך,‟ האָט זי געזאָגט.

ער איז אַרויס און האָט אויפגעעפנט די טיר, אַרויסגענומען זי פון דעם אויטאָמאָביל, אַריינגעזעצט זי אויף דעם פאָרנטסטן זיץ. ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, געגעסן זיך מיט די אויגן, אויפגערעגטע. ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים ראָד, האָט זי זיך האַרט צו־געדרוקט צו אים, צוגעטוליעט זיך. ער האָט זי אַרומגענומען און ליידנשאַפטלעך אַ קוש געטאָן אויף די ליפּן.

צו פערציק יאָר האָט דאָראַ זיך דערוואוסט, וואָס עס הייסט אַלץ פאַרגעסן מאַכנדיקע ליידנשאַפט, און דאָך האָט זי זיך נישט גאַנץ פאַרגעסן. זי איז נישט געוואָרן פראַנסיסעס געליבטע, נישט פאַרשוועכט איר מאַנס בעט. נאָר ווען איינמאָל שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך אָסקאַר אַריינגעגנבעט אין שלאָף־צימער, גאַנץ באַזונדערס שטיל און פאָרזיכטיק, ווייל דאָראַ האָט ביים אָוונט־ברויט געהאַט קאָפּ־ווייטיק און נישט געקאָנט עסן, האָט אין צימער געהערשט אַ גאַנץ מערקווירדיקע שטילקייט, גלייך ווי אַ שלאָפנדיקע פרוי וואָלט אין אים נישט געאָטעמט רואיק און גלייכמעסיק. אָבער אָסקאַר איז נישט צוגעגאַנגען צום בעט אַ טאַפּ טאָן אָדער איינ־צוהערן זיך, כאָטש אים איז געווען אַביסל מאָדנע: גלייך ווי אַ טויטער וואָלט דאָ געלעגן. ער האָט אָנגעהויבן פאָרזיכטיק אויס־צוטאָן זיך, און גראָד דאָס מאָל איז אים אַרויסגעפאַלן אַ שוך פון די הענט. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, צוגעהערט זיך, אַ שמייכל געטאָן: אָבער דאָס הייסט שלאָפן! ווען ער איז אַריין אין בעט, האָט זיין לינקע האַנט, וועלכע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן זיין קישן, דערפילט אונטער זיך אַ שטיק פּאַפּיר. אָבער ער האָט רואיק געדריקט די האַנט אויפן פּאַפּיר, אַריינגעדריקט עס טיפער אין קישן און צוגערוקט זיך צו דאָראַן מיט זיין בענטשנדיקן גוטע־נאַכט־קוש. אָבער דאָראַ איז נישט געווען אין בעט.

גרויסע פאַרוואונדערונג, ציטערנדיקע הענט, ליכט — דאָס פּאַפּיר אויפן קישן האָט אים אַלץ דערקלערט. דאָראַ האָט געשריבן,

אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין זייער שאָפער, אין פראַנסיסן, אַז ביידע ליבן זיך מיט דער ברענענדיקסטער ליבע, און זיי האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. דאָס איז משוגעת גאַנץ געוויס; זי פאַרשטייט, אַז דאָס איז משוגעת. אָבער זי קאָן זיך נישט העלפן, סיידן צו מאַכן זיך אַ טויט. אָבער איר ליבע־משוגעת צו פראַנסיסן איז אַזוי גרויס, אַז זי קאָן זיך נישט מאַכן קיין טויט. איז געבליבן צו אַנטלויפן. זי וואָלט לייכט געקאָנט ווערן פראַנסיסעס געליבטע, אָבער זי וויל עס נישט, און פראַנסיס וויל עס נישט. זיי ווילן זיין ערלעך צו זיך און אים. זיי ווילן נישט קיין גנבה און פאַרראַט. זיי ווילן זיך געהערן אינגאַנצן. ער, דער טייערער אָסקאַר, זאָל נישט מאַכן קיין שום פאַרזוך אומצוקערן זי צוריק. דאָס וועט אים נישט געלינגען. זי וויל אַ גט פון אים, זי זאָגט זיך אָפּ פון זעלדען, וועלכע דאַרף זי סיי ווי סיי נישט האָבן. זי זאָגט זיך אָפּ פון טאָכטער און מאַן מיט בלוטיקן האַרץ און ימים פון טרערן, אָבער — זי איז משוגע, און קאָן נישט אַנדערש האַנדלען, ווי זי האַנדלט.

אָסקאַר האָט געלייענט און איבערגעלייענט דאָראָס לאַנגן בריוו. „דאָראַ!'' האָט ער געקרעכצט, האַלטנדיק דעם בריוו מיט ביידע הענט, נישט גלויבנדיק זיינע אויגן און פיבערנדיק אין גאַנצן קערפּער. „דאָראַ!''—אַ טיפּהאַרציקער אויפגעשריי פון נישט־וועלן גלויבן. „דאָראַ!''—אַ פאַרוואונדערטער אויפגעשריי פון אַ טויטלעך־פאַרוואונדעטן דורך אַ האַנט, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר דער געטריישטער האַנט. און ענדלעך „דאָראַ!'' — אַן אויפגעשריי פון פאַרצווייפלונג מיט אַן אויסברוך פון ביטערע זודיקע טרערן.

.2

איידער אָסקאַר האָט נאָך אויסגעוויינט אַלע זיינע טרערן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף עפּעס טאָן: אויפוועקן די טאָכטער, אויפהויבן די גאַנצע שטוב אויף די פיס, אויספרעגן, אַרויסשרייען זיין שרעק און פאַרצווייפלונג, די גאַנצע אומגלויבלעכקייט פון דער געשעעניש. ער איז אַרויסגעלאָפן פון זיין שלאָףצימער, געמאַכט ליכטיק אין קאָרידאָר און אַרומגעקוקט זיך — די אוממעגלעכקייט פון דער געשעעניש האָט אים געמאַכט

ארומצוקוקן זיך: אפשר שטייט דאָרא הינטער דער טיר און לאַכט איבער דעם שפּאַס, וועלכן זי האָט זיך דערלויבט מיט אים, און איבער דעם שרעק, וועלכן ער האָט איבערגעלעבט. אין קאָרידאָר איז קיינער נישט געווען, דאָרא איז דאָרט נישט געשטאַנען און געלאַכט, אָבער דאָס האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט נישט נאָכגעקוקט, צי עס פעלן אירע זאַכן. ער האָט אַריינגעאיילט צוריק אין זיין שלאָפצימער. אין איר שראַנק זיינען געהאַנגען כמעט אַלע אירע זאַכן: קליידער, מאַנטלען, בלוזן — ער האָט נישט געקאָנט וויסן, וואָס עס פעלט. דער פונק פון האָפנונג האָט זיך שטאַרקער צוברענט: גאַנץ מעגלעך, אַז זי האָט זיך דערלויבט אַ שפּאַס, אַביסל שפּיל אין דעם איינערליי, דער מאָנאָטאָניע פון איר לעבן. ער האָט שיר נ׳ישט אויפגעלאַכט פאַר פרייד. אָ, דאָס איז זייער און זייער מעגלעך: אַך, דאָרא! דאָרא! בין איך מיאוס אַריינגעפאַלן — איך האָב זיך דאָך אַזוי צורעוועט — האָב אָנגענומען דעם וויץ פאַרווירקלעכקייט... האָך דאָס צירונגס־קעסטל איז נישט געווען — דאָס צירונגס־קעסטל מיט רינגען, בראַסליעטן, בראָשן, עטלעכע פאָר אויריינגלעך, פאַרשיידענע שנירלעך קאָראַלן, אַלע אירע געבורטסטאָג־מתנות, און קריסטמעס־געשענק, און גלאַט אַזוי געשענק, וועלכע זי האָט געקראָגן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן פאַר די גאַנצע צוואַנציק יאָר פון זייער צוזאַמענלעבן. זיין האַרץ איז אים ווידער איינגעפאַלן, ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט טיפן טרויער אין די אויגן. איצט האָט ער באַמערקט, אַז איר פוץ־טיש איז ליידיק. עס האָבן געפעלט אַלע אירע טואַלעט־אַרטיקלען. זי איז נישטאָ... זי איז אַנטלאָפן... ער האָט אויפגעהויבן דעם בריוו, נאָכאַמאָל איבערגעלייענט, און טרערן, גרויסע ברענענדיקע טרערן זיינען אים גערונען איבער די באַקן.

ניין, ער וועט קיינעם נישט אויפוועקן. וואָס קאָן זעלדעלע העלפן? פאַרוואָס זאָל ער צושטערן איר דעם שלאָף? זי וועט האָבן גענוג שרעק און יסורים, ווען זי וועט אויפשטיין. עס וואָלט אים נאַטירלעך געווען אַ סך אָנגענעמער, ווען ער וואָלט איצט געהאַט זיין טעכטערל לעבן זיך און וואָלט אויסגעוויינט פאַר איר זיין גאַנצע פאַרצווייפלונג. זי וואָלט געוויינט און ער וואָלט געוויינט, און די געמיינזאַמע טרערן וואָלטן ענגער צוזאַמענגעבראַכט פאָ־

טער און טאָכטער. דאָס צובראָכענע לעבן וואָלט אַביסל פאַרריכט געוואָרן, פאַרקלעפּט, צוזאַמענגענייט געוואָרן, די ביטערע בלוטי־קע טרערן וואָלטן נישט אַזוי שאַרף געברענט... אָבער ער וועט נישט זיין אַזאַ עגאָאיסט. ער וועט לאָזן זיין קינד שלאָפן. זאָל זי רוען. ער וועט שווין אַליין ווי עס איז איבערטראָגן די דריקנדיקע משא פון דער שרעק־נאַכט.

אויך דער באָטלער און די קעכין און די פיר דינסטמיידלעך וועט ער נישט אויפוועקן. וואָס וועט אים העלפן דאָס אויפוועקן? דאָס וועט אים דאַראַן נישט ברענגען צוריק. און ער וועט אויך גאָרנישט טאָן אויף צו ברענגען זי צוריק. וואָס קאָן ער דען טאָן? סיידן וויי־נען פאַר איר... קריכן פאַר איר אויף די קני, בעטן רחמים...

ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן ווענטל פון בעט — אָן דעם שיינעם מיט דער האַנט געטאַקטן און געשניצטן ווענטל פון דעם גרויסן, ברייטן בעט, וואָס זי אַליין האָט אויסגעקליבן און געקויפט — מיט ברענענדיקע, שמאַרצנדיקע פאַרטרערטע אויגן געקוקט אין דעם העל־באַלויכטענעם רוים פון דעם פאַרעלענדטן שלאָף־צימער און מיט געבראָכענעם האַרץ געטענהט צו דאַראַן:

דאַראַ! דאַראַ! ווי האָט זי דאָס געקאָנט טאָן? דאַראַ! זיי האָבן זיך דאָך אַזוי געליבט! באַלד צוואַנציק יאָר אָפּגעלעבט צוזאַמען אין אַזוי פיל ליבע און איינקייט! ווי האָט זי דאָס געקאָנט!... און איצט גראָד, ווען ער האָט די נאָמינאַציע פאַר סופרים־קאָורט ריכטער אַזוי גוט ווי אין קעשענע. ווייס זי, וואָס זי האָט אים אָפּגעטאָן? זי האָט דאָך רואינירט זיין לעבן. אויסער דעם, וואָס ער וועט זי נישט האָבן, וועט ער אויך די נאָמינאַציע נישט קריגן. נאָך אַזאַ סקאַנדאַל, ווען זיין פרוי איז אַנטלאָפן מיט זיין שאָפער, וועט ער באַשטימט נישט קריגן די נאָמינאַציע. איינער מיט אַזאַ סקאַנדאַל אין זיין לעבן איז אַ שלעכטער קאַנדידאַט. דאַראַ, וואָס האָסטו געטאָן! וואָס האָסטו גע־האַט צו מיר? מיט וואָס האָב איך דאָס פאַרדינט ביי דיר? מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? ווי אַזוי האָסטו געקאָנט האַנדלען אַזוי אכזריותדיק? האָסט דאָך מיך אינגאַנצן רואינירט און דערשלאָגן! דאַראַ, קום דאָך צוריק!... דאַראַ, איך גיי אויס

נאָך דיר... איך וועל עס נישט איבערטראָגן אָן דיר... דאָראַ! דאָראַ!...

און אזוי די גאַנצע נאַכט. ער האָט מיט קיין אויג נישט צוגע־מאַכט — האָט זיך גאָר געשעמט צו שלאָפן. ווי קאָן מען זיך לייגן שלאָפן נאָך אַזאַ טראַגעדיע?

ער האָט געטריבן פון זיך דעם שלאָף מיט וועקן אין זיך דיעם ווייטיק. ער האָט פונאַנדערגעוויקלט די צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן מיט דאָראַן, ווי אַ גרויסן קנויל פון גליק און פרייד און ליבע, אויסגעשפרייט דעם דאָזיקן קנויל ווי אַ קישן צוקאָפּנס, ווי אַ פּע־רינע איבער זיך, געפילט זיך אַרומגעוויקלט פון אים. גאָט, אַזוי פיל ליבע און פרייד און גליקלעכקייט—און דאָס אַלץ אויסגעביטן אויף אַ שאָפער! אים, דעם רייכן באַרימטן אַדוואָקאַט, וועלכער וואָלט געווים געווען אַ סופרים־קאָורט־ריכטער, אויסגעביטן אויף אַ נישט־ווירדיקן פינפאונדרייסיק יעריקן מענטש, וואָס זיין גרעסטע דער־גרייכונג איז צו זיין אַן אויטאָמאָביל־קנעכט ביי אַ רייכן מענטשן. דאָס איז דאָך ריינע משוגעת!... דאָס זאָגט זי אויך אַליין: משוגעת! זי האָט געמוזט משוגע ווערן... דער מאַן האָט זי געווים פאַרהיפּנאָ־טיזירט... יאָ, פאַרהיפּנאָטיזירט! באַשטימט, דאָס קאָן דאָך גאָר אַנדערש נישט זיין... אַ קרימינעלע פאַרפירונג!... ער וועט איבער־געבן די זאַך אין די הענט פון דעטעקטיוום. זיי וועלן מוזן אויסגע־פינען די איינצלהייטן פון דעם שאָפערס לעבן. אפשר איז עס עפּעס אַ פאַרברעכער, אַ תפיסה־מענטש... זי האָט זיכער גע־האַנדלט אונטער זיין איינפלוס. ער האָט אָפּגעזען אויף איר געלט. אפשר האָט ער שוין אָוועקגענומען ביי איר אַלץ, וואָס זי האָט גע־האַט ביי זיך, און געלאָזן זי ערגעץ אַליין, אַ פאַרנאַרטע, אַ פאַר־וואָרפענע, אַן אומגליקלעך־עלנדע... זי זאָל זיך חס ושלום עפּעס קיין מעשה נישט אָנטאָן!... דאָראַ! דאָראַ! ניין! לעב, לעב, קום צו מיר צוריק! קום דאָך! קום!

ווען דער העלער אַפּריל־טאָג האָט זיך לוסטיק אַריינגעפרי־לינגט דורך די גרויסע אָפענע פענסטער פון דעם שלאָף־צימער, האָט אָסקאַר שווער און מיד זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז אַרויס פון זיין שלאָף־צימער. פאַרבייגייענדיק פאַרביי זעלדעס צימער, האָט ער זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. זאָל ער זי אויפוועקן,

אָדער לאָזן זיי אויף צולעצט? ער האָט באַשלאָסן, צו לאָזן זיי אויף צולעצט. עס איז נאָך געווען זייער פרי, ערשט זעקס אזייגער, זי שלאָפט איצט איר בעסטן שלאָף.

ער איז אַריין אין זאַל אויפן צווייטן שטאָק. אינמיטן דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר איבער דעם פייער־פּלאַץ איז געהאַנגען דאָס בילד פון דאָראַן מיט זעלדען, וואָס דער באַרימטער מאָלער האָט געמאַכט. דאָראַ אָנגעטאָן אין העל־בלוי, און די זיבן־יעריקע זעלדע, אָנגעטאָן אין העל־רויז, זיינען געשטאַנען אויף די קני אויף אַ גרינעם טעפּיך און אויפגעשטעלט אַ געביידע פון ציגל־פאַרביקע קלעצלעך. זייערע שמייכלענדיקע גליקלעכע געזיכטער זיינען געווען צוגעווענדט צום אומגעזעענעם צושויער, וועלכער האָט געוויס באַוואונדערט זיי און זייער אַרבעט.

דער אָנבליק פון דעם בילד האָט אַרויסגערופן אַן אויפכליפּ. ער האָט זיך צעוויינט, ווי מען באַוויינט אַ טויטן, איז צוגעפאַלן צו דעם פייערפּלאַץ אונטערן בילד און געיאָמערט, טרייסלענדיק זיך אין גאַנצן קערפּער. אַ לאַנגער אָנפאַל פון געוויין. און ווען ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם פייער־פּלאַץ און מיט זיין טאַשן־טיכל געטריקנט זיך די אויגן אויפן וועג צום עס־צימער, האָט ער געוואוסט, אַז ער האָט נאָך נישט אויסגעוויינט אַלע טרערן. ער האָט אפילו געפילט, אַז ער וועט זיך צעוויינען, ווען ער וועט רעדן מיט זיין דינערשאַפט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס טאָר נישט געשען, ער טאָר נישט וויינען פאַר זיין דינערשאַפט, אָבער ער וועט זיך נישט קאָנען איינהאַלטן. ער איז בכלל לייכט געווען אויף טרערן און האָט אָפט אויסגענוצט זיין טרערן־לייכטקייט אַלס אַדוואָקאַט און אַגיטאַטאָר, דער עיקר נאָך אין דער מלחמה־צייט. איצטער וואָלט ער זיי געוואָלט אָפּשטעלן, אָבער דער בראָך איז צו גרויס, דער ווייטיק — צו טיף.

3.

אַ פאַרוויינטער האָט ער צונויפגערופן די דינערשאַפט אין עסצימער. פאַרשלאָפענע האָבן זיי אים אָנגעקוקט גאַנץ נשתומם און אָנגעגרייט זייערע געזיכטער צו הערן די בשורה

פון טויט אין דער פאַמיליע. קוים איינהאַלטנדיק די טרערן, האָט ער אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ געבראָכענער שטים:

„מיין ווייב, מרס. עדאַן... איז אַנטלאָפן מיט פראַנסיסן...״

די זעקס פּערזאָנען האָבן אויפגעשריען אין כאָר אַ זייער פאַרוואונדערטן „וואָס?!״ אָבער אין קיינעם פון זיי האָט נישט אויפגעציטערט מיטגעפיל מיט מר. עדאַן, ווי דאָס וואָלט אויפגעציטערט, ווען ער וואָלט זיי אָנגעזאָגט אַ טויט־בשורה. נאָך דעם אויפגעשריי פון איבערראַשונג און פאַרוואונדערונג האָט זיך צו־שמייכלט אין זיי דאָס באַוואוסטזיין פון דעם קאָמיזם פון דער געשעעניש, דער קיצל, וואָס רופט שטענדיק אַרויס געלעכטער ביי דער בשורה, אַז עמעצנס ווייב איז אַנטלאָפן מיט דעם שאָפער אָדער מיט דעם אייז־מאַן. די זעקס האָבן זיך געמוזט אָנטאָן אַ כוח צו אונטערדריקן דעם שמייכל, ער זאָל זיך נישט באַווייזן אויף זייערע געזיכטער.

„ווען איז עס געשען?״ האָט דער באָטלער געפרעגט.

„דאָס האָב איך געוואָלט אויסגעפינען פון אייך,״ האָט אָסקאַר געענטפערט.

זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט. זיי האָבן געזען די מאַדאַם אוועקגיין — עס איז געווען אַזייגער ניין — אָבער זי האָט נישט געזאָגט, וואוהין זי גייט. זיי האָבן אויך נישט באַמערקט, אַז זי האָט עפּעס אַרויסגעטראָגן. עס איז איבערהויפּט גאָרנישט געווען צו באַמערקן אויף איר. האָט ער עפּעס באַמערקט אויף איר ביים אוונטברויט? אָ, יאָ, זי האָט געהאַט אַ גרויסן קאָפּ־שמערץ און נישט געקאָנט עסן. דעם קאָפּ־שמערץ און די אַפּעטיטלאָזיקייט האָט זי לעצטנס גאַנץ אָפט געהאַט. איצטער האָבן זיי געוואוסט, וואָס זיי האָבן באַדייט און פאַרוואָס זי האָט נישט געוואָלט זען דעם דאָקטאָר.

„האָט ווער פון אייך עפּעס באַמערקט אין זייערע באַציאונגען?״ האָט אָסקאַר געפרעגט.

אַ נאַרישע פראַגע, וועלכע ער וואָלט נישט געפרעגט, ווען ער וואָלט נישט געווען אַזוי דערשלאָגן. ער האָט געקאָנט דערוואַרטן, אַז אַלע וועלן זיי ענטפערן ניין, אַפילו ווען זיי האָבן יאָ באַמערקט.

די שיינע יונגע סאַרווערין, וועלכע האָט געפּרואווט אַ פּאָר מאָל אָן דערפאָלג אויפמערקזאַם מאַכן פּראַנסיסן אויף אירע שיינ־קייטן, וועלכע זיינען געווען פריי פאַר אים, האָט איצטער געזאָגט באַליידיקט און פאַרעכטלעך:

„און ער האָט נאָך געשפּילט די ראָלע פון אַ הייליקן צדיק, דער צבועק!“

אויך די אַנדערע מיידלעך האָבן זיך געפילט געקריוודעט פון דעם שיינעם פּראַנסיס. ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן פון וויטן, נישט געמישט זיך מיט זיי, געשפּילט דעם איינזאַמען און שטרענגן.

„ער האָט געצילט אין גרעסערן פאַנג,“ האָט געזאָגט דאָראַס צאָפּע.

אַ גלאָק האָט זיך צוקלונגען. זעלדע האָט דאָס געקלונגען צו איר צאָפּע, וועלכע דאַרף איר העלפן ביים אָנטאָן זיך. די דינער־שאַפט האָט זיך איבערגעקוקט צווישן זיך. דאָס איז געווען גע־שפּאַנטקייט און נייגער, ווי זעלדע וועט אויפנעמען די בשורה. אָסקאַרס געזיכט האָט זיך פאַרפינסטערט, ער האָט אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען, ווי ער וואָלט געוואָלט באַזיגן אין זיך אַן אויפ־געוויין, אָבער ווען זעלדעס צאָפּע האָט אים אָנגעקוקט מיט פרעגנ־דיקע אויגן, האָט ער איר געזאָגט:

„איך וועל צוערשט אַרויפגיין,“ און איז אַוועק מיט דעם אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, זיכער, אַז די דינערשאַפט באַגלייט אים מיט בליקן פון רחמנות און געריזטקייט.

ווען ער איז אַרויס פון צימער, האָט זיך דער איינגעהאַלטע־נער שמייכל אַרויסגעשטופּט אויף אַלע געזיכטער, און דער באָטלער, אַ הויכער אַלטער מאַן, וועלכער פלעגט אָפט דערציילן פון זיינע דעראָבערונגען אין זיינע יונגע יאָרן, האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ קרעכץ:

„אַ שאָד, וואָס איך בין נישט עטלעכע און דרייסיק.“

די סאַרווערין האָט אָבער בייז געזאָגט:

„איך בין זיכער, אַז ער האָט נאָך עפּעס אַנדערש צוגעגנבעט, דער צבועק, און מען וועט אים כאַפּן, און ער וועט נאָך פאַרפוילט ווערן אין פּריזאָן. אונזער מיסטער וועט אים שוין אַזוי פאַר־פּאַקן!...“

זעלדעס צאָפּע האָט אַרויסגעשעפּטשעט:
„אָ, איך בין אַזוי איבערראַשט! איך וואָלט עס געגלויבט אויף דער טאָכטער, אָבער קיינמאָל נישט אויף דער מוטער.”
„שטילע וואַסער!” האָט דאָראַס צאָפּע דערקלערט.

.4

אָסקאַר איז צוגעקומען צו זעלדעס צימער און האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.
זעלדע האָט דערקענט פּאַפּאַס אָנקלאַפּן.
„פּאַפּאַ? קום אַריין!” האָט זי פריילעך אויסגערופן.
אָסקאַרן האָט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ ביי איר פריילעכער שטימע. ער האָט זיך געשטאַרקט, אויפגעעפנט די טיר, איז אַריין און — האָט נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך ביטערלעך צעוויינט.
זעלדע האָט זיך מיט שרעק אויפגעזעצט אין בעט, קוים אַרויסגערעדט:
„וואָס איז געשען?”
ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט מיט דאָראַס בריוו פאַראוים און איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער האַנט, געבלענדט פון זיינע טרערן.
זעלדע איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און איבערגענומען דעם בריוו. אָסקאַר האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול, באַהאַלטן זיין געזיכט אין טאַשן־טוך און געוויינט אומגליקס־טרערן, דערוואַרטנדיק יעדן מאָמענט צו דערהערן דעם האַרץ־ברעכנדיקן אויפגעוויין פון זיין ליבלינג.
אָבער זעלדע האָט נישט אויפגעוויינט. אַ כעס איז אויפגעשטיגן אין איר און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט צאָרנדיקע פלאַמען.
„וואָס וויינסטו?!” האָט זי אַכזריותדיק אויסגעשריען.
„וואָס וויינסטו, דו נאַר!”
אָסקאַר האָט זיינע אויערן נישט געגלויבט, איינגעהאַלטן זיין געוויין און אָנגעקוקט די טאָכטער גאַנץ נשתומם.
„וואָס וויינסטו?!” האָט זי איבערגעחזרט צום דריטן מאָל, קוקנדיק אים שאַרף אין די אויגן. „אַ פרוי, וואָס האָט זיך דערלויבט צו אַנטלויפן מיט אַן עלנדן שאָפער, ווערט נישט באַוויינט!”

„האָסטו גאָרנישט געליבט מאמאן?" האָט ער דערשטוינט געפרעגט.

„אַז זי האָט געקאָנט איבערלאָזן מיך און אנטלויפן מיט איר קנעכט, האָב איך פאר איר קיין שום געפיל נישט. זי האָט זיך אָפּגע־זאָגט פון מיר, זאָג איך זיך אָפּ פון איר. ווי די מאמע אַזוי די טאָכטער!"

„אָ, זעלדע!" האָט ער מיט שרעק ארויסגעיאָמערט.

„נישטאָ וואָס צו שרייען: אָ, זעלדע!" האָט זי נאָכגעקרימט.

„אויך דו האָסט נישט געדארפט אזוי וויינען. א פרוי, וועלכע האָט דיך געקאָנט אויסבייטן אויף אַ איך ווייס נישט וועמען, פארדינט נישט קיין טרער. האָסטו אויך פאר דער דינערשאפט געוויינט?"

„אָ, איך האָב נישט געקאָנט..." האָט ער ארויסגעיאָמערט.

„איך שעם זיך פאר דיר!" האָט זי אויסגעשריען. „דו ביזט ערגער פאר איר... זי האָט לכל הפחות באַוויזן כאראקטער, אַז זי האָט געקאָנט טאָן אזא זאך. אָבער דו שטעלסט זיך ארויס פאר א שוואכלינג, פאר א וויינקינד. שעמען זאָלסטו זיך! וואָס האָסטו געטאָן אויסער וויינען?"

„וואָס זאָל איך טאָן? וואָס קאָן איך טאָן?"

„האָסטו אַלץ נאָכגעזען? אפשר האָט ער דיך באַגנבעט, און דו קאָנסט אים אריינשפּאַרן אין געפענגעניש."

„מאמא האָט נאָר צוגענומען איר צירונג."

„דו שפּאַר אים אריין אין פריזאָן סיי־ווי־סיי. דיר דאַרף עס זיין ליכט."

„וואָס וועל איך דערמיט דערגרייכן?"

„אַז ער וועט זיצן אין פריזאָן!"

„וואָס וועט מיר ארויסקומען דערפון? מאמא ליבט אים..."

„טאָקע דערפאַר! זאָל זי אים נישט האָבן!... דו דאַרפסט נקמה נעמען. דאָס איז אַלץ, וואָס דו דאַרפסט טאָן: דו דאַרפסט נקמה נעמען, די שווערסטע נקמה!"

אָסקאר האָט אָנגעקוקט זיין טאָכטער מיט ווייט פונאנדער־געריסענע אויגן.

„דו האָסט קיינמאָל מאמאן נישט געליבט!" האָט ער ארויס־געאָטעמט.

„אומזין!" האָט זי שאַרף אָפּגעשניטן, „איך בין נאָר נישט אַזאַ באַביצע ווי דו!"

אָסקאַרס האַרץ איז נאָך שווערער געוואָרן. ער האָט זיך גע־ריכט אויף אַ הויכפּונקט אין זיין געוויין איבער זיין אומגליק. דער יאָמער פון זיין טאָכטער האָט געזאָלט באַפעסטיקן זיין בראָך. אָנשטאָט דעם לאַכט גאָר זיין טאָכטער פון אים, און אירע אויגן בלייבן טרוקן. זיינע טרערן שטופּן זיך נאָך דרויסן, אָבער זי האָט אָנגעלייגט שטיינער אויף זיי, פאַרשטאָפּט זייער אַרויסגאַנג, פאַר־קירצט זיין אָטעם און געמאַכט אים נאָך אומגליקלעכער, ווייל ער האָט נישט געפונען קיין מיטגעפיל ביי דער, ביי וועלכער ער האָט דערוואַרט מיטליידן, מיט־געפייניקט ווערן.

„דו מאַכסט מיך נאָך מער אומגליקלעך, טאָכטער מיינע," האָט ער קוים אַרויסגעפּליסטערט.

„מיט וואָס?" האָט זי אויסגערופן. „ווייל איך וויל, דו זאָלסט זיין שטאַרק?"

„דו האָסט עפּעס גאָר קיין האַרץ נישט."

„פאַרוואָס זאָל איך? פאַרוואָס זאָלסטו? זי האָט פאַרלאָזן מיך, פאַרלאָזן דיך... נישט געזוכט אפילו די געלעגנהייט גוט אָנ־צוקושן מיך... האָט זי געהאַט אַ האַרץ?"

„וויין איך טאַקע איבער איר האַרצלאָזיקייט. ווי אַזוי האָט זי דאָס געקאָנט טאָן?"

„האַרצלאָזיקייט באַשטראָפט מען, אויב מען קאָן. און דו דאַרפסט עס קאָנען. דו מיט דיין שטעלונג, מיט דיינע פאַרבינדונ־גען דאַרפסטו קאָנען באַשטראָפן דעם גנב, דעם באַנדיט. וואָס וואָלסטו געראַטן אַן אַנדערן אין דיין לאַגע, ווען יענער וואָלט זיך געווענדט צו דיר, ווי צו דעם באַרימטן לאָיער?"

דאָס איז אַ קלוגע פראַגע, האָט אָסקאַר דערפילט, און פאַר־טראַכט זיך. וואָס וואָלט ער געטאָן, ווען... זיינע טרערן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן אין זיין אומגליק און ביטערקייט האָט אויפגעבליצט שטאָלץ מיט זיין זייער קלוגער טאָכטער.

זעלדע האָט באַמערקט די ווירקונג, וועלכע איר לעצטע פראַ־גע האָט געהאַט אויפן טאַטן, און געוואוסט, אַז איצט וועט זי אים ווייטער פירן.

„גיי,” האט זי געזאגט. „איך וויל זיך אנטאן און דו באווייז וואס פאר א גוטער לאיער דו ביזט, דו צוקינפטיקער סופרים־קאורט־ריכטער!”

אסקאר האט אויפגעציטערט ווי פון א קלאפ.

„סופרים־קאורט־ריכטער!” האט ער געזאגט מיט א ביסיקן חוזק, אויפשטייענדיק פון ארט. „מיט דעם סקאנדאל אויף מיינע הענט, מעג איך זיך אפזאגן פון יעדער מעגלעכקייט נאמינירט צו ווערן און געוויס שוין אויסגעוויילט צו ווערן. עס וועט זיין נאריש פון מיר אפילו צו וועלן די נאמינאציע!”

זעלדע האט זיך נאך מער אנגעצונדן.

„און דו האסט נאך געוויינט!” האט זי אויסגעשריען און א שמיץ געטאן אויף אים דאראס צוזאמענגעקנייטשטן בריוו.

ער האט אויפגעהויבן דעם בריוו.

„גיי!” האט זי אנגעשריען. „איך קאן דיך נישט אנקוקן!”

ער איז אוועק ווי אן אפגעשמיסענער יינגל.

„שיק ארויף לאליאן!” האט זי אים נאכגעשריען.

.5

זעלדע איז געבליבן אליין מיט איר כעס און איר שרייענדיקן הארץ. א, זי וואלט עפעס צובראכן, צוריסן, עמיצן די אויגן אויסגעדראפעט. ליאליא, איר צאפע, וועלכע איז געגאנגען צו איר מיט דערוואַרטונג פון אומאנגענעמלעכקייטן, האט אויפגעציטערט, ווען זי האט דערזען זעלדעס געזיכט.

„פארוואס ביזטו נישט געקומען, ווען איך האב אנגעקלונגען?” האט זעלדע אויסגעשריען.

„פאפא האט מיך נישט געלאזט!” האט זיך די מיידל אנטשולדיקט.

„דאס איז געווען נישט זיין געשעפט!” האט זעלדע זיך געבעסט. „אז איך האב אנגעקלונגען, האסטו געדארפט ארויפקומען!”

„איך האב נישט געקאנט העלפן,” האט די צאפע זיך ווייטער אנטשולדיקט, שטייענדיק פאר איר אויף די קני און אנטועענדיק איר די שיך.

פלוצלונג האָט זעלדע זי אַ שטויס געטאָן.

,,דו נישט לאַך!'' האָט זי געשריגן, נישט מיט איר קול.

די צאַפּע איז געפאַלן אויף איר רוקן און האָט געקוקט אויף זעלדען מיט איבערראַשונג.

,,ווי דערוועגסטו זיך צו לאַכן!'' האָט זעלדע געשריגן. ,,איך וועל דיר צופּאַטשן דיין צורה!''

לאָלאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אויף איר געזיכט האָט געברענט דער כּעס.

,,ווער האָט געלאַכט? ביזט משוגע!'' האָט זי געשריגן.

,,דו האָסט געלאַכט!'' האָט זעלדע געשריגן אירס. ,,איר אַלע לאַכט. איך וויל קיינעם פון אייך דאָ נישט האָבן. גיי, איך דאַרף דיך נישט. קאָנסט איינפּאַקן דיינע זאַכן.''

,,אָלרייט, איך וועל איינפּאַקן מיינע זאַכן,'' האָט לאָלאַ צו־ריקגעשריגן, שטייענדיק אין דער טיר. ,,אָבער דו טאָרסט מיך נישט שטויסן!''

זי האָט צוגעמאַכט די טיר מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ. זעלדע האָט געכאַפּט אַ שוך און אַ שמיץ געטאָן נאָך איר אויף דער טיר.

,,איך זאָל דיך מער נישט זען!'' האָט זי געשריגן.

איר כּעס איז נישט געשטילט געוואָרן. דער שוך האָט נאָר גע־טראָפן די טיר. דאָס האָט קיינעם נישט וויי געטאָן, און זי האָט גע־וואָלט עמיצן וויי טאָן. דער עיקר, די לאַכער. זי האָט זיך אַריינ־געוואָרפן אין בעט און אין איר כּעס איינגעביסן זיך אין אַ קישן מיט אַ פאַרשטיקטן געשריי און כּאָרכל. אַ לענגערע צייט איז זי אַזוי געלעגן און דערנאָך אויפגעזעצט זיך מיד און קראַפּטלאָז, און מיד און קראַפּטלאָז האָט זי פאַרטגעזעצט איר אָנטאָן זיך.

אָסקאַר האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַריין.

,,וואָס איז דאָ געווען צווישן דיר און לאָלאַן?''

זעלדע איז ווידער געקומען צו די כּוחות.

,,זי זאָל זיך איינפּאַקן און אַוועק. אַלע זאָלן זיי אַוועק!'' האָט זי אויסגעקאָמאַנדירט.

,,פאַרוואָס?'' האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט. ,,איך גלויב זיי, אַז זיי האָבן פון גאָרנישט געוואוסט.''

„פארשטייסטו נישט, אז זיי מוזן גיין?!" האָט זי זיך צו־שריען. „פארשטייסטו נישט, אז זיי לאַבן?! גייען ארום און לאַבן! שטעקן צונויף זייערע קעפּ און לאַבן!"

לאַבן! דאָס וואָרט איז אריין ווי אַ מעסער אין אָסקארס האַרץ. אין דעם אָנפאַל פון ווייטיק און טרערן האָט ער נישט אָפּגע־שטעלט זיך גוט אַ טראַכט צו טאָן. איצטער האָט ער עס דערזען זייער דייטלעך. קיינער וועט מיט אים נישט האָבן קיין מיטלייד, נאָר אַלע וועלן לאַבן. ער וועט ווערן אַ ציל־ברעט פאַר וויץ און גע־לעכטער: „אָט גייט דער מאַן, וואָס זיין פרוי איז אַנטלאָפן מיטן שאָפער." וואָס פאַר אים איז אַ טראַגעדיע, וועט זיין פאַר אַלעמען די לוסטיקסטע קאָמעדיע. ווען מען וועט זיך דערוויסן פון זיין פאַר־צווייפלונג און זיינע טרערן, וועט דער געלעכטער נאָך גרעסער זיין. אָ, יאָ, אַלע וועלן לאַבן... זיינע אָנגעשטעלטע אין זיין אָפיס וועלן לאַבן, זיינע פריינט אין דעם פּאָליטישן קלוב וועלן לאַבן, די חברים אין די פארשיידענע עקזעקוטיוועס, וואו ער איז מיטגליד, וועלן לאַבן. וואו ער וועט זיך באַווייזן... זיין גאַנץ לעבן... ווי אַ שאָטן וועט עס אים באַגלייטן: „דער מאַן, וואָס זיין פרוי איז אַנט־לאָפן מיט דעם שאָפער"...

עס האָט אים געוואָרפן אין היץ און אין קעלט. דער מוח האָט אים געברענט. איז עס ווירקלעכקייט? פּיליכט איז דאָס אַלץ אַ בייזער חלום! פאַרוואָס האָט עס אים געדאַרפט טרעפן? פאַרוואָס קומט עס אים? דאָרא! דאָרא! ווי האָט זי גאָר קיין רחמנות נישט געהאַט!

זעלדע איז געשטאַנען פאַר אים אַן אָנגעטאָנענע.

„זיין נישט ווי אַ שטיק אומגליק," האָט זי געזאָגט. „קום און זיי אַ מאַן. האָסטו אָפּגעטראַכט, וואָס דו וועסט טאָן?"

„מיט דער דינערשאַפט?"

„מיט דער דינערשאַפט האָב איך שוין אָפּגעטראַכט און באַ־שלאָסן. איך וועל זיי אַוועקשיקן."

„אַז דו וועסט זיי אַוועקשיקן, וואָס וועסטו דיר העלפן?" האָט ער געזאָגט מיט ביטערניש. „די נייע דינערשאַפט וועט דען נישט לאַבן? די גאַנצע וועלט וועט דאָך לאַבן! ווער וועט דען נישט לאַבן?"

„קיינער וועט נישט לאַכן, ווען דו וועסט זיך באַנעמען ווי אַ מאַן. מוזט קאָנען נקמה נעמען, גוט און שטאַרק נקמה נעמען. דער־וואַרט נישט קיין רחמנות, וויין נישט ווי אַ באַביצע, וועט קיינער נישט לאַכן פון דיר. וואָס האָסטו אָפּגעטראַכט וועגן דיין פרוי און איר שאָפער, דאָס וויל איך וויסן!״

„איך קאָן איצטער נישט טראַכטן,״ האָט ער אַרויסגעזיפצט.

„איך קאָן נישט טראַכטן.״

„קום צו פרישטיק!״ האָט זי אויסגעקאָמאַנדירט.

ער האָט זיך ווי דערשראָקן. עסן! ווי קאָן ער זיך אַוועקזעצן און עסן? ווער האָט אַפּעטיט? עס וועט גאָר זיין אומווירדיק פון אים, ווען ער זאָל זיך איצטער אַוועקזעצן רואיק און עסן.

„ניין,״ האָט ער געזאָגט, „איך וועל נישט קאָנען עסן.״

„דו וועסט יאָ קאָנען,״ האָט זי פעסט געזאָגט. „דו וועסט גיין מיט מיר צו פרישטיק און וועסט עסן — וועסט נאָך נעמען אַ „הויי־באָל״, וועסטו קומען צו זיך און געפינען דיין קאָפּ.״

זי האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אַרויסגעפירט אים פון צימער. פאַרבייגייענדיק פאַר דער אָפענער זאַל־טיר, האָט זי דערזען דאָס בילד פון איר מיט דער מוטער און ווידער אויפגע־פלאַקערט אין אַ כעס־פייער.

„זאָלסט הייסן אַראָפּנעמען דאָס בילד און באַהאַלטן!״ האָט זי אויסגערופן. „אַז נישט וועל איך עס צושניידן אויף פיץ־פיצלעך!״

ער האָט אַ קוק געטאָן מיט רחמנות אויף דאָס בילד. נאַטיר־לעך וועט ער עס הייסן אַראָפּנעמען, דאַרף זאָל קיינעם נישט זיין קיין דערינערונג. אָבער ער וועט עס נישט באַהאַלטן. ער וועט עס אויפהענגען ביי זיך אין שלאָף־צימער... אַך, אויך דאָס בילד אויף זיין שרייב־טיש אין אָפיס וועט מוזן פאַרשווינדן. אָבער די פאָטאָ־גראַפיע, וועלכע ער טראָגט אַרום אין זיין בוזים־קעשענע, די וועט ער ווייטער אַרומטראָגן און אָנקוקן זי פון צייט צו צייט און פרעגן ביי איר: ווי האָט זי עס געקאָנט? פאַרוואָס האָט זי עס געטאָן? דאַרף! דאַרף!

.6

די דינערשאפט איז געווען פארקליבן אין קיך און אויסגעהערט לאלאס בעסדיקע דערציילונג. זיי זיינען געווען אויפגערעגט, די זעקס, אבער אין דער אייגענער צייט האט זיי שטארק אימפאנירט זעלדעס שארפזין. זיי האבן דאך געוואוסט, אז זיי האבן געלאכט און געוויצלט זיך, און זעלדע האט דאס דערשפירט אויבן ביי זיך. א בראנד א מיידל!

,,און זי האט נישט געוויינט!'' האט זיך געחידושט די קעכין.

,,געוויינט!'' האט לאלא געזאגט מיט חוזק. ,,יא, מיט ברענענדיקע טרוקענע רוצח־אויגן, אז איך האב זיך פאר איר דערשראקן!''

,,זי איז נישט ווי איר טאטע,'' האט געזאגט די וועשערין.

,,ביי איר וועט דער מאן אנטלויפן פון איר,'' האט געזאגט דאראס צאפע.

,,ניין, זי וועט אנטלויפן,'' האט לאלא בייז געזאגט. ,,אבער נישט מיט איין שאפער נאר מיט צוויי.''

,,ניין, זי וועט אנטלויפן מיט א באטלער,'' האט געזאגט דער באטלער.

אבער דער פלאץ איז געווען א צו גוטער, מען זאל אים וועלן פארלירן. ביסלעכווייז זיינען זיי אלע אריינגעפאלן אין א שלעכטער שטימונג.

,,מיר האבן נישט געמאכט קיין גענוג טרויעריקע געזיכטער,'' האט געזאגט דער באטלער. ,,מיר האבן געדארפט מיטוויינען מיט אים!''

ער האט געזען איצטער אניאגן, וואס ער האט פארנאכלעסיקט, און ער האט אריינגעטראגן דאס פרישטיק מיט אן ערנסטן פארפינסטערטן מיטליידיקן געזיכט.

,,עס טוט מיר זייער לייד, מיס זעלדע!'' האט ער רחמנותדיק געזאגט, מיט מיטפילנדיקן קאפשאקל.

,,רעד נישט צו מיר!'' האט זעלדע אויסגעשריען.

,,איך פארשטיי,'' האט ער אויסגעזיפצט.

,,איך זייט אַלע פאַררעטער,'' האָט זעלדע ווייטער געביי־ זערט זיך. ,,ברענג אַלעמען אַריין!''

ווען אַלע זעקס זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָט זעלדע זיי דערקלערט, אַז זיי זיינען פריי.

,,איר האָט אַלע געוויס געוואוסט, וואָס עס קומט פאַר,'' האָט זעלדע דערקלערט.

,,איך שווער ביי מיין לעבן, אַז איך האָב גאָרנישט גע־ וואוסט,'' האָט געזאָגט דער באַטלער.

די קעכין, די סאַרווערין און די וועשערין האָבן זיך אויך געשוואָרן, אָבער דאָראַס צאָפע, וועלכע האָט געוואוסט, אַז זי האָט איר שטעלע סיי ווי סיי פאַרלאָרן, האָט שאַרף אַרויסגערעדט:

,,און אַז מיר וואָלטן אפילו געוואוסט!... אונזער זאַך איז צו זען, הערן און שווייגן!''

און לאָלא האָט גיפטיק אַריינגעוואָרפן:

,,ווען מיר וואָלטן שטענדיק דערציילט, וואָס מיר ווייסן!''

דאָס האָט אַריינגעשאָסן אין זעלדען. זי איז אויפגעשפרונ־ גען.

,,אדרבא, דערצייל, וואָס ווייסטו דאָ נאָך אין דעם הויז!'' האָט זי געשריען.

,,אָבער מיר דערציילן נישט,'' האָט לאָלא געענטפערט.

,,אדרבא, דערצייל,'' האָט זעלדע געשריען. ,,דערצייל, אַז מיין צוק־נפטיקער מאַן זיצט ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט מיר אין מיין צימער! דערצייל, אַז ער האָט אַ פּאָר מאָל גענעכטיקט אין מיין צימער! דערצייל!''

איר אָפּנקייט האָט אַרויסגעשלאָגן די וואָפן פון לאָלאַס הענט. זי האָט טאַקע מער גאָרנישט געוואוסט, אָבער זי האָט גע־ קאָנט אינסינואירן.

,,און דאָס איז אַלץ?'' האָט זי גיפטיק געזאָגט מיט אַ טאָן פון אָנצוהערעניש.

,,דו גיי אַרויס,'' האָט דער באַטלער זיך צושריען אויף לאָ־ לאַן, באַווייזנדיק איר די טיר. אויך די קעכין און די וועשערין און די סאַרווערין האָבן אויפגעהויבן זייער פּראָטעסט קעגן לאָלאַן.

„איר ווייסט דאָך אַלע!" האָט לאָלאַ געגיפּטיקט. „איר פאַר־דאַמטע פייגלינגס!"

„דו ביזט אַ פאַרדאַמטע ליגנערין," האָט דער באַטלער אויס־געשריען, און כּאָר מיט די דריי פרויען.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיש האָט אַלעמען איינגעשטילט. אָסקאַר איז געשטאַנען אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרויס, מיט ברענענדיקע צאָרנדיקע אויגן. גאָרנישט אויף אים פון זיין פריי־ערדיקער דערשלאָגנקייט און פאַרווייניטקייט, נאָר בייזקייט און שטרענגקייט אין יעדער באַוועגונג פון צייג־פינגער, וועלכן ער האָט געשאָקלט צו לאָלאַן:

„דערוועגסטו זיך צו זאָגן אַ וואָרט אויף מיין טאָכטער, וועט דיין נעכסטע שטעלע אין אַן איינזאַמער פּריזאָן־קאַמער!"

דאָס איז געווען אָסקאַרס דערוואַכונג. דאָס האָט אים אַזוי אַרויסגעריסן פון זיין פאַרלאָרנקייט, אַז ער האָט געקאָנט אפילו עסן. ער האָט אין דעם מאָמענט פאַרגעסן דאַראַן. ער האָט נאָר געדענקט, אַז עמיצער האָט געוואָלט באַליידיקן זיין טאָכטער. ער האָט זיך געפילט קרעפטיק און שטאַרק, דער בעל־הבית איבער דער סיטואַציע.

„אַזוי האָב איך דיך האָלט צו זען," האָט זעלדע אים אַ זאָג געטאָן.

אירע ווערטער האָבן שיר נישט קאַליע געמאַכט. ער האָט זיך דערמאָנט זיין פאַרצווייפלונג, און אָט וועט ער דאַכט זיך ווידער אַריינפאַלן אין דערשלאָגנקייט. אַ סעקונדע נאָר, אפילו פון זעלדען נישט באַמערקט. די שוואַכקייט איז פאַרשוואונדן, אָסקאַר איז געבליבן בייז און שטרענג.

אָט אַזוי אָ, מיט דער מינע וועט ער אַריינגיין צו זיך אין אָפיס, און אַלע דאָרטן וועלן וויסן, אַז עס וועט זיין געפערלעך פאַר זיי דער קלענסטער אויפבליץ פון אַ שמייכל. מיט דער מינע איז ער אויך צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן אָנצוזאָגן זיינע ברידער און זיינע עלטערן, וואָס עס האָט פּאַסירט.

אויף אַ ווײַלע האָט ער זיך געהאַט פאַרלאָרן. ווייל ווען ער האָט פריער געטראַכט וועגן אָנזאָגן זיי די ברוטאַלע, העסלעכע בשורה, האָט ער געטראַכט דערפון מיט טרערן און געהערט, ווי

ער וועט ווייַנען בײַם טעלעפֿאָן. איצטער האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט פֿריער געטראַכט, און טרערן האָבן זיך גענומען באַ־וועגן פֿון זײַן ברוסט־ברונען אַרויף צום האַלז און צו די אויגן. אָבער ער האָט פֿאַרקערט זײַן געדאַנק צו זעלדען און צו דער גע־מיינער אינסינואַציע, און גלײַך זײַנען די טרערן פֿאַרשוואונדן. דאָך, ווי וועט ער רעדן? ער האָט מורא געהאַט פֿאַר דאָס רעדן. ווי ער וועט עפֿענען זײַן מויל, וועט ער זיך צורעווען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זעלדען, וועלכע איז מיט אים געוועזן בײַם טעלעפֿאָן. אפֿשר זאָל ער זי לאָזן רעדן? ער האָט מורא געהאַט אָנצובאָטן איר דאָס. זי וועט זיך זיכער צובייזערן. ניין, ער וועט איר באַווײַזן, אַז ער קאָן זײַן שטאַרק.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט בײַם טעלעפֿאָן מיט אַ מינע פֿון אַ סופֿרים־קאָורט־ריכטער, וועלכער דאַרף אַרויסגעבן אַ גע־משפּט זײַן טויט־אורטייל. ערנסט און געפּאַסט, און דאָך טרויע־ריק, און מיט דעם זעלביקן טאָן, מיט וועלכן ער וואָלט געערדט צו אַ טויט־פֿאַראורטיילטן, האָט ער אויך אויפֿגערופֿן צענטראַל און איבערגעגעבן דעם נומער פֿון טעלעפֿאָן.

.7

ער האָט צוערשט טעלעפֿאָנירט צו מאָרי, פֿאַר וועלכן ער האָט שטענדיק געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט.

„ברודער,” האָט ער געזאָגט, „עפּעס אומגלויבלעכס איז גע־שען: מײַן דאָרא איז אַנטלאָפֿן...”

„וואָס?” האָט מאָרי געפֿרעגט און אָנגעקנייטשט דעם שטערן. ער האָט נישט גאַנץ אויפֿגעפּאַסט די ווערטער: זײַן קאָפּ האָט גראָד געאַרבעט איבער אַ שטיקל נײַעס, וואָס ער האָט אַרויסגעלייענט אין דער פֿינאַנץ־אָפּטיילונג פֿון זײַן צייטונג.

אָסקאַר האָט זיך אָנגענומען מיט אָטעם און געזאָגט מיט דעם פֿריערדיקן טאָן:

„מײַן דאָרא איז אַנטלאָפֿן מיט מײַן שאָפֿער.”

מאָרי האָט נאָך מער אָנגעקנייטשט זײַן שטערן, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּרוקן אין אַ זייט דאָס וויכטיקע שטיקל צייטונגס־

נייס און פארשטיין די באדייטונג פון דעם מערקווירדיקן שטיקל נייס, וואס זיין ברודער האט אים אנגעזאגט.

„איז עס מעגלעך?‟ האט ער פארוואונדערט ארויסגערעדט, נאך נישט גאנץ באגרייפנדיק די פולע וויכטיקייט פון דער בשורה.

אסקאר האט נישט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. ער האט דערוואַרט אן אנדער טאן, אנדערע ווערטער, אן אנדער פאר־וואונדערטקייט. איז עס מעגלעך, אז זיין ברודער האט אים גאר־נישט וואס צו זאגן? איז עס מעגלעך, אז דאס איז דאס גאנצע געשפרעך ביים אנזאגן א בשורה, אז א ווייב איז אנטלאפן מיט א שאפער?

מארי האט א ווײַלע געוואַרט אויף אן ענטפער אויף זיין פארוואונדערונג. ווען דער ענטפער איז נישט געקומען, האט ער זיך געכאפט, אז אייגנטלעך דארף ער עפעס מער זאגן.

„ווען איז עס געשען?‟

אהא, דער ברודער הויבט אן צו באווייזן מער פאראינטער־רעסירטקייט.

„נעכטן ביי דער נאכט,‟ האט אסקאר געענטפערט לעבעדי־קער אביסל. „איך בין געקומען אהיים פון קלוב, האב איך זי נישט געפונען, נאר א בריוו...‟

„מערקווירדיק... מערקווירדיק...‟ האט מארי געזאגט.

„איז עס נישט?‟ האט אסקאר געפרעגט, ווארטנדיק איצטער אויף א טרייסט־וואָרט.

„יא, גאנץ מערקווירדיק,‟ האט מארי איבערגעחזרט. „דא־רא גאר!‟

ער האט ארויסגערעדט די לעצטע צוויי ווערטער און חרטה געהאט, וואס ער האט זיי געזאגט. ליגט נישט אין זיי אן אנווייז אויף דעם, וואס עס קומט פאר אין זיין פאמיליען־לעבן? ד א ר א ג א ר, ווען טאן האט דאס געדארפט סילוויא. איבעריקע צוויי ווערטער...

אסקארן האבן געריצט די דאזיקע צוויי ווערטער, ער זאל זיך צורעדן וועגן דעראן, ווי געטריי און איבערגעגעבן זי איז גע־ווען. אבער ער האט זיך באצייטנס געכאפט, אז מיט מארין דארף מען נישט רעדן וועגן געטרייקייט פון א ווייב. די איינציקע זאך,

וואָס האָט ער געקאָנט טאָן, איז ארויסצוברומען: „הם" — אַ צייכן, אַז ער האָט געהערט, וואָס דער ברודער האָט געזאָגט און וואונדערט זיך אויך: דאָראַ גאָר!

מאָרי האָט דערויף ווידער געזאָגט:

„מערקווירדיק! מערקווירדיק!"

און אָסקאַר האָט אָפּגעענטפערט:

„איז עס נישט?"

ווידער אַ פארלעגנהייטס־שווייגן. אָסקאַר וואָלט גערעדט און גערעדט, אָבער פארוואָס רעדט מאָרי נישט? האָט דער ברודער אים גאָרנישט וואָס צו זאָגן? נאַטירלעך, דאָס וואָרט מערקווירדיק, נאָך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, איז שוין אַליין זייער אַ סך, ווען עס קומט פון מאָרי עדאָן. אָבער אָסקאַר האָט געוואָלט מער און געפילט זיך געקרענקט און פארדראָסיק. ער וואָלט אויפגעהאַנגען דעם הערער, אָבער ווי זאָגט מען עפּעס פּלוצלונג „גוד־באַי"?

זעלדע האָט אים ארויסגעהאָלפן.

„פרעג אים, צי נאָרמאַן איז אין אָפיס," האָט זי אונטער־געזאָגט.

דאָס איז מאַקע געווען אַ גוטער ארויסהעלף. ווען מאָרי האָט געענטפערט, אַז נאָרמאַן איז נאָך נישטאָ, אָבער ער דאַרף אריינ־קומען יעדע מינוט, האָט אָסקאַר צוגעגעבן שוין פון זיך אַליין:

„זאָג נאָרמאַנען, ער זאָל אונז אָנרופן."

זעלדע האָט צוגעפּליסטערט:

„זאָל ער אים גלייך שיקן אַהער."

און אָסקאַר האָט איבערגעחזרט אין טעלעפאָן:

„ניין, זעלדע וויל, ער זאָל גלייך קומען אַהער. גוד־באַי, מאָרי!"

אין מאָרין איז עפּעס ווייך געוואָרן. ער האָט דערפילט, אַז ער האָט געדאַרפט מער רעדן.

„גוד־באַי, אָרימער יונג!" האָט ער געזאָגט. „פון וואַנען טעלעפאָנירסטו איצטער?"

„פון דער היים."

„אָ, יאָ! אַז דו וועסט זיין דאַון טאַון, קום אריין."

„אַ דאַנק, איך וועל."

דאָס איז געוועזן מער, וויפיל אָסקאר האָט דערוואַרט פון מאָרי עדאָן, און עטוואָס פון זיין אייגענער וויכטיקייט און באַ־דייטונג איז געלעגן אויף זיין געזיכט, ווען ער האָט אָנגעגעבן דער טעלעפאָניסטין דעם נומער פון טשאַרלזעס טעלעפאָן.

מיט דעם זעלביקן טרויער־טאָן פון אַ טויט־אורטייל האָט ער אויך מודיע געוועזן טשאַרלזן:

,,טשאַרלז, עפּעס אוממעגלעכס, אומגלויבלעכס איז מיר געשען...''

,,וואָס איז עס?'' האָט טשאַרלז באַאומרואיקט געפרעגט.

,,דאָראַ איז נעכטן ביי דער נאַכט אַנטלאָפן...''

,,וואָס?!'' האָט טשאַרלז אויסגעשריען.

,,אַנטלאָפן מיט מיין שאָפער!'' האָט אָסקאר געענדיקט. און זיין האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט. ענדלעך רעדט ער צו אײ־נעם, וואָס וועט אים מיטפילן, מיט אים מיטליידן.

און טשאַרלז אויף דער אַנדער זייט פון טעלעפאָן האָט גע־שריען:

,,ניין! וואָס רעדסטו דאָרט? דאָס איז דאָך אוממעגלעך! ניין! אומזין!''

געפּאַסט און קרעפּטיק האָט אָסקאר געזייט די ווערטער:

,,עס איז, ווי איך זאָג דיר. דאָראַ איז אַנטלאָפן מיט פראַנ־סיסן, מיט מיין שאָפער.''

,,אָ, ניין, ניין, ניין! אוממעגלעך!'' האָט טשאַרלז פּראָטעס־טירט.

גאָלדי איז צוגעקומען און געפרעגט, וואָס עס איז געשען. און אָסקאר האָט געהערט, ווי טשאַרלז האָט איר איבערגעחזרט מיט אַ זייער אויפגערעגטער שטים, אַז דאָראַ איז אַנטלאָפן מיטן שאָפער, און גאָלדי האָט קוים אַרויסגערעדט, ווי עמיצער וואָלט זי געשטיקט פאַרן האַלז: ,,ניין, דאָס איז אוממעגלעך!''

,,אוממעגלעך!'' האָט איבערגעחזרט נאָך איר טשאַרלז און געווענדט זיך צו אָסקאַרן:

,,פונוואַנען רעדסטו איצטער?''

,,פון דער היים.''

„איך קום צו דיר גלייך אריבער, און גאָלדי אויך," האָט ער צוגעגעבן.

אָסקאַר האָט געפילט גרויסע גערירטקייט איבער טשאַרלזס אויפרעגונג. טרערן האָבן אָנגעהויבן אויפצושטייגן, אָבער איינמאָל פאַר אַלע מאָל, ער וועט מער נישט וויינען. דער עיקר נאָך, ווען זעלדע לאָזט פון אים נישט אַראָפּ די אויגן. אָך, איצט קומט דאָס ערגסטע. ער וויל טעלעפאָנירן צו די עלטערן. איצט וועט ער זיך געוויס צעוויינען. זעלדע אָדער נישט זעלדע. איז אפשר זאָל ער זיי נישט טעלעפאָנירן? ער האָט זיך מיישב געווען מיט זעלדען:

„זאָל איך טעלעפאָנירן דעם זיידען מיט דער באָבען?"

„וועלכע?" האָט זעלדע געפרעגט.

אָ, יאָ, ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דאָרט האָט אויך אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, און זיי דאַרף מען אויך אָנזאָגן די בשורה. אָבער דאָס וועט אים זיין זייער לייכט. מיט זיי וועט ער אפילו רעדן קורץ און שאַרף. דאָס איז דאָך זייער טאָכטער! און ער דערקלערט זעלדען, אַז דער זיידע און די באָבע באַרנעט אינטע־רעסירן אים זייער ווייניק, אָבער ווי זאָגט מען אָן די בשורה דעם זיידן נח און דער באָבען מערע?

„אויב דו ווילסט, וועל איך עס זיי אָנזאָגן," האָט זעלדע גע־זאָגט.

געבענטשט זאָל זי זיין, די טייערע מיידל! זיין געזיכט האָט אויפגעלויכטן.

„יאָ, טו עס! אָבער וואַרט, וועט עס נישט זיין צו שטאַרק פאַר זיי?"

„זיי וועלן זיך עס דערהוויסן סיי־ווי־סיי," האָט זעלדע גע־ענטפערט.

„דו ביזט גערעכט, ליבלינג! נאַ, טעלעפאָניר."

ער האָט איר איבערגעגעבן דעם טעלעפאָן און איז שנעל אַרויס פון צימער. אין דעם דערבייאיקן צימער האָט ער באַהאַלטן זיין געזיכט אין זיין טאַשנטיכל און אויסגעוויינט זיך. קורץ און בגנבהדיק, און גלייך אויסגעווישט זיך גוט די אויגן, אויסגע־שנייצט זיך, אָנגענומען זיין געפּאַסטע, שטרענגע מינע און איז צוריק אַריינגעגאַנגען צו זעלדען. זעלדע אָבער האָט נאָך נישט

געהאַט געקראָגן דעם נומער. צוערשט איז דער דראַט געווען באַזעצט, דערנאָך איז עס געווען אַ פאַלשע פאַרבינדונג און איצט, איז אויב נישט קיין פאַלשע פאַרבינדונג, וועט זי זיי קריגן.

„העלאָ!" און זעלדע האָט צוגעווענדעט צו אים אַ דערשראָקן געזיכט און אַרויסגעשעפּטשעט: „די באָבע!"

אָסקאַר איז אײַנגעפאַלן דאָס האַרץ. ער וואָלט איצט נאָך אַמאָל אַנטלאָפן פון צימער. די מאַמע! אָנזאָגן דער מאַמען אַזאַ בשורה! אפילו זעלדעלע האָט זיך דאָך פאַרלאָרן.

מערעס שטים איז געווען זייער טרויעריק:

„ווער איז עס?"

זעלדע האָט געענטפערט ווייך און צאַרט:

„איך, באָבע! זעלדע!"

מערע האָט אַרויסגעגעבן אַ טאָן פון אָנשפּאַרנדיקע טרערן, וועלכע ווערן אײַנגעהאַלטן.

זעלדען איז עס פאַרגעקומען פאַרדעכטיק, אָבער זי האָט נישט געוואַרט און אָנגעהויבן צו רעדן:

„באָבע, די מאַמע..."

מערע האָט זי איבערגעריסן, צאַרט און טרערנדיק:

„איך ווייס, טאָכטערקע, איך ווייס... אָנקל טשאַרלז האָט אונז אָנגעזאָגט די בשורה..."

„זי ווייס שוין," האָט זעלדע צוגעפליסטערט אָסקאַרן... „אָנקל טשאַרלז..."

„ער וועט דאָ באַלד זײַן, אָנקל טשאַרלז," האָט מערע ווײַטער גערעדט. „און מיר קומען אַלע צוזאַמען..."

זי האָט נישט געקאָנט מער רעדן און צוגאָסן זיך אין טרערן.

דאָס איז שוין געווען צופיל פאַר זעלדען. עס איז געקומען פּלוצלונג איבער איר ווי אַן איבערפאַל. זי האָט נישט געקאָנט פאַרכאַפּן און נישט געקאָנט קאָנטראָלירן. זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמער. מיט די הענט אין די האָר, דאָס געזיכט באַהאַלטן אין די אָרעמס.

איצט איז געווען די צײַט פאַר אָסקאַרן אויסצוווייַנען דעם גאַנצן יאָמער, וועלכן ער האָט נאָך אין זיך געטראָגן. ער האָט דאָך אַזוי געוואָלט צוזאַמענגיסן זײַן געוויין מיט זעלדעלעס. אָבער

זעלדעלעס פלוצלונגדיקער צוזאַמענבראָך האָט אים דערשראָקן, פאַרהאַלטן אין אים די טרערן. דער פאַרלאָרענער און אָפּהענטי־קער איז געוואָרן טרייסטער און באַרואיקער. ער האָט ארומגע־נומען זעלדען, געגלאַשטשעט זי, געקושט און געזוכט ווערטער פון באַרואיקונג.

„מיר ביידע, ליבלינג... מיר וועלן זיך בלייבן געטריי, טייע־רע... דו ביזט איצט מיין איינציקס... מיין אַלץ און מיין לעבן... פון דיינעטוועגן וועל איך באַזיגן אַלע שוועריקייטן און אומאַנ־גענעמלעכקייטן, וועלכע דאָס אומגליקלעכע אַנטלויפן האָט אָנגע־לייגט אויף מיין וועג... איך וועל שטייגן, טאָכטער מיינע, דו וועסט זיין שטאָלץ אויף דיין טאַטן... מיר וועלן פאַרגעסן... אַלץ פאַר־געסן... על כל פנים וועלן מיר זיך באַמיען צו פאַרגעסן... מיר וועלן זיך העלפן איינס דעם אַנדערן... צו פאַרגעסן, ווי מען פאַר־געסט אַ בייזן חלום... יאָ, יאָ... אַ בייזער חלום... זאָלן מיר טעלעפאָנירן טאַנטע סילוויאַן?“

זעלדען האָט אַ הויב געטאָן פון אָרט. כעס האָט אָפּגעשטעלט די טרערן.

„ניין!“ האָט זי בייז אויסגעשריען. „די וועט זיך דאָך צו־לאַכן!“

„איז ווילסטו אָפּרופן זיידע און באָבע באַרנעט?“

„ניין!“ האָט זי ווידער געזאָגט מיט דער זעלבער בייזקייט. „איך וויל זיי נישט קענען, קיינעם נישט פון זיי! זיי זיינען מיר מער גאָרנישט!“

„וועל איך אַליין.“ ער האָט אָנגענומען דעם טעלעפאָן און טרויעריק ארויסגערעדט: „און באָבע מערע האָט שוין געוואוסט די בשורה...“

„אָ, ווי זי האָט עס געזאָגט,“ האָט זעלדע אויסגערופן מיט טרערן. „זי האָט מיר צובראָכן מיין האַרץ.“

„טייערע אַלטע מאַמינקע! דאָס צו דערלעבן...“

די אַלטע מאַמע און דער אַלטער טאַטע האָבן זיך אין דעם מאָמענט אריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל מיט זייער זון טשאַרלז און זייער שנור גאָלדי. מיט איבערראַשטקייט אין די אויגן, מיט נשתוממדיקייט אין אַלע באַוועגונגען. זיי האָבן קיין ווערטער נישט

געפונען, האָבן גאָרנישט געקאָנט זאָגן, נאָר פון צייט צו צייט א באוועגונג פון אומגלויבלעכקייט מיט דער האַנט.

„דאָס קומט דערפון,‟ האָט גאָלדי ענדלעך איבערגעריסן דאָס שווערע שווייגן, „וואָס מענטשן ווייסן נישט וואָס צו טאָן מיט זיך. וואווילטיק און לײדיק גיין. אַלץ, וואָס איר האָט געפעלט, איז אַ גוטער שאָפער... איצט האָט זי אים... צולאָזנקייט און מער נישט!‟

„אַ פרוי אין דעם געפערלעכן עלטער,‟ האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

„יעדער עלטער איז געפערלעך,‟ האָט גאָלדי דערווידערט. „אָבער פאר וואווילטיק און צולאָזנקייט קריכט מען אפילו אויף גלייכע ווענט.‟

„און דאָך קאָן איך עס נישט פארשטיין,‟ האָט נח שטיל ארויסגערעדט. „דאָרא איז אַזוי אָנגעהאנגען אָן אָסקאַרן, אזוי איינס געוועזן מיט אים...‟

און מערע האָט געזאָגט, מיט איבערראַשטן בליק אין דער ווייטנס פון דער רוישיקער עווניו, וועלכע זי האָט נישט געזען:

„זיצט אַ מענטש אין זונשיין און ווארעמקייט און פּלוצלונג פאַלט אים איין: ער וויל שטורם און רעגן!‟

פארלאָרן און דערשלאָגן האָבן זיי זיך אַלע באַגעגנט, די ביידע פארלאָזענע און די פיר טרייסטער, נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן און וואָס צו רעדן. אָסקאַר האָט נישט געוואוסט, צי זאָל ער וויינען, אָדער ווייזן כעס און פעסטקייט אָדער גאָר שמייכלען איבער אַ ווייַ, וואָס דאָס לעבן האָט זיך דערלויבט מיט אים. זיין פּנים האָט דאָס אַלץ אָפּגעשפּיגלט און איז געוועזן גרימאַסע. זעלדעס געזיכט איז געוועזן האַרט, אירע ליפּן צונויפגעדריקט, און איר ברוסט איז געגאַנגען שנעל ארויף און אראָפּ פון שנעלן אָטעמען. זי האָט אויפגענומען די קושן, וועלכע די אָנגעקומענע האָבן איר געגעבן, און נישט געענטפערט אויף זיי. ווען דאָס שווייגן איז געוואָרן פיינלעך, האָט זי ארויסגעשריען:

„אָ, זאָגט דאָך עפּעס!‟

„איך ווייס וואָס צו זאָגן, ווען איך קום אריין אין הויז פון

אָן אָבל,״ האָט נח געזאָגט. „וועלכע ברכות איך דאַרף מאַכן און וועלכע טרייסט־ווערטער איך דאַרף געברויכן. אָבער...״

ער האָט נישט געענדיקט און פאַרלאָרן פאַרנאַנדערגעפירט מיט די הענט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרנאַנדערפרעגעניש, ווי און ווען. וואו איז אָסקאַר געווען און וואו איז געווען זעלדע. מען האָט זיך געוואונדערט, ווי ווייניק אַ מענטש ווייס, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. אָסקאַר האָט פאַרבראַכט דעם אָוונט אין זיין פּאָליטישן קלוב און גאָרנישט חושד געווען, ווי ער האָט בכלל גאָרנישט חושד געווען די גאַנצע צייט. זי האָט זיך די לעצטע צייט געפילט אַביסל נישט גוט — איז מאַלע מען פילט זיך אַביסל נישט גוט. זעלדע האָט פאַרבראַכט דעם אָוונט אין פריילעכער געזעלשאַפט מיט עלמער באַרנעט און זיינע פריינט, אָבער זי האָט אפילו נישט געוואוסט, אַז די מאַמע פילט זיך לעצטנס עפּעס נישט גוט. ווער וואָלט בכלל געקאָנט פאַרקלערן אַזאַ זאַך?

אָסקאַר האָט זיי איבערגעגעבן דאָראַס צוקנייטשטן בריוו. טשאַרלז האָט אים אָנגעהויבן פאַרצולייענען.

„אָ, איך קאָן נישט הערן!״ האָט זעלדע אויסגעשריען און אַ לאָז געטאָן זיך צו דער טיר.

.8

אין דער טיר האָט זי זיך צונויפגעטראָפן מיט דעם אָנקומענדיקן נאָרמאַן.

„אָ, דו!״ האָט זי אויסגערופן און אָנגעכאַפּט אים פאַר דער האַנט. „קום!״

„וואוהין?״

„צו מיר אין צימער.״

„איך וואָלט געוואָלט זען פּאַפּאַ און די איבעריקע.״

„שפּעטער. קום! איך האָב מיט דיר וואָס צו רעדן!״

נאָרמאַנס געזיכט האָט נישט באַוויזן קיין שום פאַרלאָרנקייט, איז אפילו געווען פריי פון דער אָנגערוקטקייט, וועלכע האָט לעצטנס פאַרפינסטערט זיין געזיכט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס

איז זייער נישט שיין פון אים, אָבער אים האָט באַהעלט דער גע־דאַנק, אַז דער גאַנצער באַרנעט־צווייג פון דער משפּחה וועט איצ־טער אָפּגעשניטן ווערן, און ער וועט פּטור ווערן פון דעם עלמער־קאַשמאַר.

אָנקומענדיק אויבן אין צימער, האָט ער זי צערטלעך אַרומ־גענומען און זייער האַרציק אָנגעקושט, דערנאָך געגלעט, געקוקט אויף איר ליבפּול און זיכער, און גענומען אויספרעגן וועגן דאָראָס אַנטלויפן, ווי און ווען.

זי האָט אים געהאַלטן פּאָר ביידע לאַצן, געקוקט אים שאַרף אין די אויגן און געזאָגט:

„דאָס איז נישט וויכטיק. זי איז אַנטלאָפן, נישטאָ מער און פאַרטיק. איך האָב מיט דיר וואָס אַנדערש צו רעדן."

„וואָס איז עס?"

„דו ביזט אַ פיינער מענטש!"

„וואָס איז שלעכט מיט מיר?"

„דו האָסט אָפּגעטאָן אַ שיינע זאַך."

„וואָס אַזוינס?"

„דו ווייסט נישט!... ווי האָסטו זיך דערוועגט? דאָס איז גע־ווען געמיין פון דיר!"

זי האָט אים דורכגעבערענט מיט איר בליק. ער האָט אַרונ־טערגעדריקט זיין אויפרעגונג, באַהאַלטן די אויפשטראַלונג פון זיינע אויגן, אַראָפּלאָזנדיק זיי אויף דעם פּאַפּיראָס, וועלכן ער האָט פאַררויכערט, און רואיק געזאָגט:

„איז איצט וועלן מיר חתונה האָבן."

„נאַטירלעך," האָט זי געזאָגט. „אויב דער דאָקטאָר וועט נישט העלפן."

„וואָס?!" האָט ער אויסגעשריען.

„איך האָב זיך שוין געזען מיט עטלעכע דאָקטוירים. זיי ווילן פּאַפּאַס דערלויבעניש. איינער, וועלכער וויל נישט פּאַפּאַס דערלויבעניש, בעט אָבער אַ גרויסע סומע געלט — עטלעכע טויזנט דאָלאַר. איך קאָן איצט נישט רעדן מיטן טאַטן וועגן געלט. וועסטו מיר דאַרפן העלפן."

„קיינמאָל נישט!"

„דו וועסט!"

„מיר וועלן חתונה האָבן!"

„דו האָסט עס לכתחילה געטאָן, כּדי צו צווינגען מיך חתונה צו האָבן, אָבער איך וועל זיך נישט לאָזן צווינגען."

„דו וועסט נישט גיין צו קיין דאָקטאָר."

„איך וויל נישט האָבן קיין קינד בּאַלד נאָך אונזער חתונה!"

„מיר קאָנען מאַרגן חתונה האָבן."

„איך וויל נישט האָבן קיין קינד צו אַכצן יאָר."

„פאַרפאַלן!"

„עס איז נישט פאַרפאַלן. איך וועל טאָן אַלץ..."

„איך וועל דיר נישט העלפן."

„דו וועסט."

„ניין."

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט שפּיזן, און נאָך שטעכעדיקער און שאַרפער זיינען געווען אירע ווערטער:

„וועל איך בּעטן עמיצן אַנדערש מיר אַרויסצוהעלפן."

ער איז אויפגעשפּרונגען, ווי פון אַ בּיס:

„דו וועסט זיך נישט דערוועגן!"

„געוויס וועל איך עס זיך דערוועגן," האָט זי בּייז געזאָגט.

ער האָט אָנגעהויבּן אַרומצוגיין איבּערן צימער, געטריבּן פון כּעס און דעם בּאַוואוסטזיין פון מאַכטלאָזיקייט. דאָס, וואָס זי וויל זיך אַרויסהעלפן און איז געגאַנגען צו דאָקטוירים, האָט אים נישט אַזוי געאַרט, ווי דאָס, וואָס זי האָט זיך איצט דערוועגט צו זאָגן. ער האָט נישט געדאַרפט פרעגן, ווער דער אימיצער איז. און אַז זי האָט זיך דערוועגט אויפצוהויבּן אויף אים די עלמער־בּייטש, וויסנדיק, ווי פאַרהאַסט עלמער איז אים, האָט ער גע־דאַרפט זיין מער מאַן, בּאַווייזן איר מער כּאַראַקטער. זי איז שלעכט און פאַרדינט אַ שטרענגע בּאַהאַנדלונג. אָבער ער ווייס נישט, ווי צו בּאַהאַנדלען זי. ער איז שוואַך און מאַכטלאָז. ער איז ווערט־לאָז. גאַנץ ווערטלאָז. נישט ווערט, וואָס ער לעבּט אויף דער וועלט. בּיידע נישט ווערט, וואָס זיי לעבּן אויף דער וועלט...

זי האָט רואיק געזאָגט:

„דו וועסט מיר העלפן, און אַז איך וועל ווערן פריי, וועלן

מיר אפשר באַלד חתונה האָבן, אויב איך וועל פילן, אַז איך וויל עס.״

„ניין, ניין, ניין!״ האָט ער געשריען מיט צונויפגעדריקטע ציין, און עס האָט אים געוואָרפן פאַר כּעס.

„איבעריקנס,״ האָט זי געזאָגט, „ווייס איך נאָך נישט, אפשר איז עס אַ פאַלשער אַלאַרם. איך וועל נאָך אָפּוואַרטן אַ פּאָר טעג. דו דערוויל גיב אַ טראַכט וועגן פינף ביז צען טויזנט דאָ־לאַר, וועלכע איך וועל דאַרפן. ווילסטו איצט זען פּאַפּאַ און די איבעריקע?״

## 9.

נאָכמיטיק זיינען אָנגעקומען עטלעכע צייטונגס־רעפּאָרטערס, וועלכע מען האָט פּשוט אַרויסגעטריבן. אַנדערע רעפּאָרטערס האָבן געבעטן טעלעפאָניש אינפאָרמאַציע און באַקומען אַ שאַרפן אָפּזאָג. אָבער די שפּעטערע אויסגאַבן פון די אָוונט־צייטונגען האָבן אויף זייער ערשטער זייט מיט די גרעסטע אותיות געבראַכט די נייס, אַז די פרוי פון דעם באַקאַנטן קאָרפּאָריישאָן־לאָיער אָס־קאַר עדאָן איז אַנטלאָפן מיט איר שאָפער. ווי אַזוי איז עס אַזוי שנעל געקומען אין די צייטונגען? ווער האָט פאַרראַטן און פאַר־קויפט דאָס שטיקל נייס? אָסקאַר איז שיר נישט געפאַלן אין חלשות, ווען ער האָט דערזען די צייטונגען, און זעלדע איז אַריינ־געפאַלן אין אַ העלישן כּעס. זי האָט געפאָדערט פון פּאַפּאַ, ער זאָל אָנקלאָגן אַלע צייטונגען, געוואָרפן זיך, געליאַרעמט, נישט געלאָזט זיך איינשטילן און צולעצט אויסגעבראָכן היסטעריש:

„איך קאָן עס נישט איבערטראָגן! איך קאָן עס נישט אי־בערטראָגן!״

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר נאָרמאַנען אַרומצונעמען זי און אָפּפירן זי צו זיין אויטאָמאָביל און אַוועקנעמען זי אויף אַ לאַנגן שפּאַציר — עטוואָס צו וואָס מען האָט זי נאָך פריער אין מיאַג צוגערעדט און זי האָט נישט געוואָלט הערן און זען.

ער האָט זי געפירט דורכן פּאַרק צו „ריווערסייד דרייוו״ און דערנאָך אַרויף אין שטאָט און איבער בראָדוויי צו יאָנקערס,

אַליץ ווייטער פון דער שטאָט מיט די בייזע דערלעבענישן און גע־מיינע באַליידיקונגען. זיי האָבן נישט גערעדט. זי איז געזעסן איינ־געדעקט, ווי עס וואָלט זי געפראָרן, געקוקט פאַר זיך אין שווערן שווייגן, באַדריקט פון דעם פעם אָדן דעם האַס, וועלכן זי האָט גע־פילט צו דער גאַנצער וועלט. פון צייט צו צייט האָבן זיי ביידע פאַררויכערט, אָבער זי האָט דאָס געטאָן מעכאַניש, ווי נישט זיי־ענדיק דערביי. אַ פאָר צי, און אַוועקגעשמיסן דעם פאַפּיראָס מיט בייזקייט.

„ווי פילסטו זיך?” האָט ער זי איינמאָל געפרעגט.

„אָ, רעד נישט!” האָט זי בייז אָפּגעשניטן.

אַ היפּשע ווײַלע שפּעטער האָט ער ווידער געפרעגט:

„ווי פילסטו זיך איצטער?”

„אָ, איך האַס די גאַנצע וועלט,” האָט זי אַרויסגעשיפּעט.

„אויב דאָס קאָן דיר נאָר גרינגער מאַכן,” האָט ער געזאָגט.

„ניין! דאָס מאַכט נישט גרינגער,” האָט זי אַרויסגעביי־זערט.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געזאָגט:

„האָסט געזאָגט, אַז דו נעמסט מיך אַרויס אויף אַן אויטאָ־מאָביל־פאָר, אָבער דו קריכסט בלויז.”

„איך פאָר, ווי דו זעסט, איבער דער געזעצלעכער שנעל־קייט.”

„נישקשה, מעגסט זיך דערלויבן צו טרייבן נאָך שנעלער. אַז מען וועט אונז אָפּשטעלן, וועלן מיר דערקלערן, אַז מיר לויפן נאָך אַן אַנטלאָפענער ווייב און מוטער. דאָס איז אַ גוטע אַנטשולדיקונג.”

עס איז געלעגן בלוטנדיקער ווייטיק אין אירע ווערטער, און אין דעם טרוקענעם טאָן, מיט וועלכן זי האָט זיי אַרויסגערעדט, און אין אירע אויגן, וועלכע האָבן פאַרגלייווערט געקוקט אין דער אַנטקעגן־איילנדיקער ווייטקייט. נאָרמאַן האָט דאָס דערפילט און איז גערירט געוואָרן ביז טרערן. ער האָט איינגעביסן די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ און צוגעגעבן שנעלקייט.

„דו קריכסט,” האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגעקרעכצט.

„עס טוט מיר לייד,” האָט ער געזאָגט און צוגעגעבן נאָך מער שנעלקייט.

„איך קאָן עס נישט אַריבערטראָגן,‟ האָט זעלדע אַרויס־געשריען. „לאָז מיר טרייבן די קאַר.‟

„וואָס?‟ האָט ער שטרענג געזאָגט. „איך טרייב די קאַר שוין צו שנעל.‟

„לאָז מיך טרייבן.‟

„דו וועסט נישט.‟

„איך קאָן זייער גוט טרייבן.‟

„דו האָסט נישט קיין לייסנס.‟

„איך דאַרף נישט קיין לייסנס. מיין פּאַפּאַ איז מיין בעסטע לייסנס.‟

„אומזין.‟

„איך בין מיט עטלעכע טעג צוריק אָפּגעשטעלט געוואָרן אין עלמערס קאַר פאַר צו שנעל פאָרן, אָבער גאָרנישט איז געוואָרן דערפון, כאָטש איך האָב געטריבן אָן לייסנס.‟

עלמערס נאָמען האָט אים אויפגעבראַכט.

„דערציייל מיר נאָך מער וועגן דיינע דערפאַרונגען מיט עלמערן,‟ האָט ער גערייצט געזאָגט.

„איך האָב דיר נישט וואָס צו דערציילן,‟ האָט זי בעסדיק אָפּגעענטפערט. „לאָז מיך טרייבן די קאַר.‟

„דו וועסט נישט.‟

„לאָזסט מיך נישט, שפּרינג איך אַרויס פון קאַר.‟

זי האָט אָנגענומען דאָס טיר־הענטל.

„דו ביזט משוגע,‟ האָט ער בייז געזאָגט.

„מעגלעך. מען קאָן שוין ווערן משוגע,‟ האָט זי אַרויסגעזייט פון צווישן די צוזאַמענגעדריקטע ציין.

„אַ משוגענער טרייבט נישט קיין קאַר,‟ האָט ער געזאָגט.

זי האָט אָן עפן געטאָן די טיר און אַ שאַר געטאָן זיך אויף אַרויסצושפּרינגען. ער האָט זי קוים דערכאַפּט מיט דער רעכטער האַנט און אָפּגעשטעלט די קאַר.

„דו קאָנסט זי האָבן,‟ האָט ער געזאָגט, אַרויסגייענדיק פון דער קאַר, „אָבער איך וועל נישט זיין מיט דיר.‟

„טו, ווי דיר באַליבט,‟ האָט זי געזאָגט און פאַרנומען דעם פּלאַץ ביים ראָד.

ער האָט גלייך חרטה געקראָגן, פאַרוואָס ער האָט דאָס געזאָגט. ער איז נישט געווען זיכער, אַז זי קאָן טרייבן די קאַר. ווען ער לאָזט זי אַליין, וועט זיכער קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע.

„דו ווילסט באַגיין זעלבסטמאָרד,‟ האָט ער געזאָגט.

„פאַרוואָס טאַקע נישט?‟ האָט זי געענטפערט.

„פאַר איך מיט דיר. זאָל עס זיין מאָרד אויך.‟

ער איז אַריין אין אויטאָ, אַוועקגעזעצט זיך לעבן איר, אַן אויפגערעגטער, אַ פון כעס צוריסענער, און ביידע זיינען זיי געווען שטיל און שטום.

זי האָט זיך צולאָזן אין גרעסטער געשווינדקייט, אַריבעריאָגנדיק אויטאָ נאָך אויטאָ, עטלעכע מאָל נאָר דורך ריין גליק אויסגעמיטן אַ צוזאַמענשטויס מיט אַנטקעגנאַיילנדיקע אויטאָמאָבילס. זי האָט געוואוסט ווי צו טרייבן די קאַר. מסתמא געהאַט אַ סך פּראַקטיק. דאָך האָט אין אים געציטערט די נשמה. אָבער ער האָט איר אַ וואָרט נישט געזאָגט. זאָל זי טרייבן. טויט איז טויט. ווען זיי אַרויסקומען לעבעדיק פון אַזאַ יאָגעניש, וועט ער וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן. דאָס איז דער סוף צווישן אים און זעלדען. ווען זיי וועלן אָנקומען צוריק אין שטאָט, אויב זיי וועלן אָנקומען, וועט ער זי צופירן אהיים, אַרויסלאָזן פון קאַר און אַוועק פון איר אָן אַ „זיי געזונט‟ און אָן אַן אָפּשייד־קוש. אַרויס פון זיין לעבן...

זיין אָטעם איז אים שטיין געבליבן. שיר ווידער אַ צוזאַמענשטויס — אַ האָר די ברייט. וואו זיינען דאָס די פּאַרקער־פּאָליסלייט? איז נישטאָ ווער עס זאָל זי אָפּשטעלן? ער אַליין וועט זי נישט אָפּשטעלן. ער האָט אפילו נישט געקוקט אין איר זייט.

אָבער זי האָט אויך נישט געקוקט אין זיין זייט. זי האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם ראָד, די גאַנצע קראַפט פון אירע האַנטמוסקולן זיינען אַריין אין אים, און איר בליק האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער ווייטקייט פון דעם וועג פאַר איר. די ציין צוזאַמענגעביסן, די אויגן איינגעפאַלן און ברענענדיק, דאָס געזיכט אויסגעצויגן און פאַרפּלאָנטערט, איז זי געפלויגן, געפלויגן אָן געדאַנקען אין קאָפּ, פריי פון אירע שווערע איבערלעבענישן פון דעם טאָג, און דאָך מיט אַ טרייבנדיקן געפיל, אַז זי דאַרף פון עפּעס

אנטלויפן, עפּעס לאָזן הינטער זיך און נישט אומקערן זיך מער צו דעם.

עס איז געוואָרן גוט טונקל, די אנטקעגנקומענדיקע אויטאָ־מאָבילס האָבן געבלענדט די אויגן מיט זייערע לאָמפּן, די שנעל־קייט איז געוואָרן ווירקלעכער מאָרד און זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך נישט באַוועגט, נישט געזאָגט „גענוג!" און זי האָט זיך נאָך מער איבערגעבויגן איבערן ראָד, דורכגעשטאָכן די טונקעלע ווייט־קייט מיט אירע אויגן.

אַ שטויס אָן עפּעס! אַן אויפגעשריי. אַ קערפּער האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין דער לופט, אַ שווערער פאַל האָט אָפּגעהילכט.

נאָרמאַן האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט, ארויסגעקוקט פון דעם הינטער־פענסטער, כאָטש ער האָט גאָרנישט געקאָנט זען.

„האַלט איין!" האָט ער אויסגעשריען. „דו האָסט עמיצן איבערגעפאָרן."

אָבער זי האָט געיאָגט, געיאָגט...

„האַלט איין, זאָג איך דיר!" האָט ער ארויסגעשריען גאַנץ אויסער זיך, און צרויפגעלייגט די האַנט אויף דער ראָד.

„לאָז אָפּ!" האָט זי ווילד אויסגעשריען און אראָפּגעוואָרפן זיין האַנט.

עס האָט געקאָכט אין אים פאַר כעס, זיינע הענט האָבן גע־קרעמפּט. ער האָט זיך ארויפגעוואָרפן אויפן ראָד, אנגעהויבן אראָפּרייסן אירע הענט.

דער אויטאָמאָביל איז ארויף אויף אַ בוים און איז צושמע־טערט געוואָרן אויף שטיקלעך.

ווען מען האָט זיי געפונען, האָט זי נאָך געהאַלטן דאָס אָפּגע־בראָכענע ראָד. אויף אַ ווייטער שטרעקע פון זיי, האָט מען געפו־נען אַ דערהרגעטן אַלטן פאַרמער.

.10

אין יענעם איונט האָבן מאָרי און סילוויא געהאַט ביי זיך אַ גאַסט צום טיש אָסקאַרן.

ווען אָסקאַר האָט אָנגעזאָגט סילוויאן די בשורה פון דאָראַס אנטלויפן, האָט סילוויא זיך געהאַלטן זייער קאָרעקט. נאָ־

טירלעך, ער האָט נישט געזען, צי זי האָט געלאַכט אָדער נישט,
אָבער איר קול איז געווען זייער פריינטלעך און סימפּאַטיש, און
אירע ווערטער — גוטע, שוועסטערלעכע. צוערשט האָט זי אויך
נישט געוואָלט גלייבן, אַז זי הערט ריכטיק, און דאָס אַנטלויפן
איז איר פאָרגעקומען אוממעגלעך, אָבער אַז ער האָט איר פאַרזי־
בערט, אַז זי הערט ריכטיק און דאָס אַנטלויפן איז אַ משוגענע
געשעעניש, האָט זי ווייך און צאַרט געזאָגט, אַז עס טוט איר זייער
לייד, זי פאַרשטייט זייער גוט, וואָס דאָס מיינט פאַר
אים, און געבעטן אים, ער זאָל אַריבערטראָגן דאָס טרויע־
ריקע ווי אויך דאָס לעבערלעכע פון דער געשעעניש ווי
אַ מאַן. דאָס זיינען געווען די וואַרעמסטע ווערטער,
און דווקא פון סילוויאַן, פון וועלכער ער האָט זיך געריכט אויף
זיי אַמווייניקסטן. ווען סילוויאַ האָט אים איינגעלאַדן צו זיי צו
פאַרברענגען מיט זיי דעם אָוונט, האָט ער נאָך אַ קליינער איבער־
לייגונג אָנגענומען די איינלאַדונג, כאָטש ער האָט געדאַרפט אָפּ־
זאָגן זיך פון די עלטערנס איינלאַדונג, וועלכע ער האָט געהאַט
פריער אָנגענומען. ער האָט דערפילט, אַז ער וויל זיין לעבן סיל־
וויאַן, צייגן איר, אַז ער טראָגט אַריבער די געשעעניש ווי
אַ מאַן. אין דער היים האָט ער איבערגעלאָזן אַן אָנזאָג פאַר זעל־
דען, אַז זי זאָל אויך אַריבערקומען צו אָנקל מאָרי און טאַנטע
סילוויאַ.

סילוויאַ איז געווען זייער ליב, און אַפילו מאָרי איז געווען
רעדעוודיק. זיי האָבן געזען צו צושטרייען אים, באַשעפטיקן אים
מיט אַ נישט־אויפהערלעכן געשפּרעך. אָבער עס איז זיי נישט
געלונגען אַרויסצוטרייבן פון זיינע אויגן דעם פאַרוואונדערטן
און פאַרוואונדעטן בליק. ער האָט מער צוגעהערט, ווייניק גע־
רעדט, און אַלץ געוואונדערט זיך, צי האָט אים ווירקלעך גע־
טראָפן אָט דאָס אומגלויבלעכע. אפשר איז עס אַן אויסדרוכטע־
ניש? ס'איז דאָך אוממעגלעך, אַז אים זאָל דאָס טרעפן! קאָן
דאָך זיין, אַז דאָס האָט גאָרנישט פּאַסירט. אפשר איז דאָראַ איצט
אין דער היים. דאָראַ, נאָך וועלכער זיין האַרץ ווערט צוריסן.
דאָראַ, זיין בענקעניש, וועלכע טרייבט אַריין זודיקע טרערן אין
זיינע אויגן. עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז זי האָט פאַרלאָזן אים

און די וואונדערבארע טאכטער און די שיינע היים. דאס איז דאך לעבערלעך. זי האט עס דאך נישט געטאן. ער האט געהאט א געפיל, אז ער דארף צוגיין צום טעלעפאן און אויפרופן זיין היים, און דארט וועט דארטן זיין, און ער וועט זיך צולאכן, וואך ווערן, פארטרייבן א בייזן חלום. ער איז אומרואיק געווארן, געוואוסט, אז דאס איז נאריש, נישט געקאנט איינזיצן און גע־מוזט מיט א קלאפנדיקן הארץ אנטעלעפאנירן אהיים, אבער ער האט געפרעגט דעם באטלער, וועלכער האט געענטפערט דעם טעלעפאן, צי איז זעלדע שוין געוועזן אין דער היים.

ניין, מיס זעלדע איז נאך נישט געוועזן אין דער היים. ווען זי וועט קומען, וועט מען איר זאגן, וואו ער ווארט אויף איר.

„און — גארנישט — מער?" האט אסקאר פארזיכטיק געפרעגט, מיט א פונק פון גארנדיקער האפענונג.

„גארנישט מער. דער טעלעפאן הערט נישט אויף צו קלינ־גען. וויל ער הערן די נעמען?"

ער האט זיך געלאזן אויסרעכענען א לאנגן צעטל מיט נע־מען. אויסגעהערט ווידער מיט דעם פונק פון גארנדיקער האפע־נונג. טאמער א נאמען פון א מענטש, וואס האט אים עפעס צו זאגן וועגן דאראן. פיליכט איינער, וועלכער וועט אים אנזאגן אין דאראס נאמען, אז זי האט חרטה און וויל קומען צוריק. אבער דאס זיינען אלץ געוועזן נעמען פון פריינט און באקאנטע, וועלכע האבן געוויס געוואלט אויסדריקן זייער אומגלויבן און איבערראשונג און באדויערונג. הם־הם!...

„און זעלדע איז נאך נישט געוועזן און נישט טעלעפאנירט?"

„ניין. זי האט נישט טעלעפאנירט."

זיי האבן זיך שוין געוואונדערט, וואס מען הערט גארנישט פון די קינדער. נארמאן, געוויינלעך, איז פינקטלעך. ווען ער קאן נישט קומען צום עסן, טעלעפאנירט ער. אבער — יוגנט! זוכט און געפינט פארגעסנקייט גאר געשווינד. מסתמא אין א „מואווי". מ'האט זיך געזעצט עסן אן זיי. ארום ניין אזייגער האט זיך אסקאר דערפילט זייער מיד — ער האט זיך דער־מאנט, אז ער האט נאך פון נעכטן אן מיט קיין אויג נישט צו־געמאכט. ער וועט גיין אהיים. ער האט אויפגעשווידערט. ווי וועט

ער זיך אַריינלייגן אין בעט? דאָס איז דאָך שרעקלעך. ער וועט ווייטער וויינען. ער וועט זיך צורוקן צו איר זייט בעט און וויינען, וויינען. אָ, גאָט! ער קאָן אפילו אין הויז נישט אַריין. ער וועט צוזאַמענברעכן, ווען ער וועט אויפעפענען די טיר. ניין, ער וועט שוין בעסער אַפּוואַרטן זעלדען.

דער טעלעפאָן האָט זיך צוקלונגען, געבראַכט די בשורה פון דער קאַטאַסטראָפע. די אויטאָמאָביל - לייסנס האָט אַרויס־געגעבן דעם נאָמען פון נאָרמאַן עדאָן. ביים טעלעפאָן איז געווען טאָם דער באַטלער. ער האָט זיך אַזוי פאַרלאָרן, אַז ער האָט אָנגע־הויבן צו שרייען:

,,וואָס?!... וואָס זאָגט איר?... גאָט! אָ, גאָט!... די מיידל אויך?!... דזשיזוס קרייסט!...״

די דריי עלטערן זיינען צוגעלאָפן צו אים. ער איז געווען בלייך און געטרייסלט זיך אין אַלע גלידער, און טרערן זיינען אים גערונען איבער די באַקן.

,,דאָס זיינען די עלטערן... פוןביידן...״ האָט ער געשטאַמלט אין טעלעפאָן. ,,ביידע געהרגעט געוואָרן,״ האָט ער צוגעגעבן, אויפהויבנדיק אויף זיי אַ בליק פון טויט - שרעק.

אָסקאַר האָט זיך צושריען ווי אַן אָקס מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, איז פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן און אַ פאַל־געטאָן, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים. סילוויאַ האָט היסטעריש אויפגעשריען און איז געפאַלן אין חלשות, מאַרי איז געבליבן זיצן ווי באַנומען, עס האָט אים געוואָרפן אַ צאָן אָן אַ צאָן, און ער האָט שווער געאָטעמט, נישט אַרויסגעבנדיק קיין טאָן, נאָר זיינע הענט האָבן געפרעגט: ווי? פאַרוואָס? און זיין האַרץ אין אים האָט בלוטיק געשריען: ,,נאָרמאַן! נאָרמאַן! נאָרמאַן!״

## .11

ווען אָסקאַר איז געשטאַנען איבער דעם טויטן קערפּער פון זיין קינד און שווער געקרעכצט: ,,מיין קינד! מיין קינד! מיין זעל־דעלע! מיין איינציקס!״ האָט ער נאָך דעמאָלט פון זעלבסטמאָרד נישט געטראַכט, כאָטש מען האָט מורא געהאַט, ער זאָל זיך עפּעס

נישט אָנטאָן, און די נאַכט האָבן איבער אים געוואַכט די עלטערן, טשאַרלז און גאָלדי. אָבער ווען אויף מאָרגן, נאָך דעם פּאַלמעסן, האָט אים דער מעדיצינישער באַאמטער אָנגעזאָגט, אַז זיין טאָכטער איז געווען טראָגעדיק, גאָר, גאָר אין אָנהויב, העכסטנס אין צווייטן חודש, האָט ער דערפילט, אַז ער וויל נישט לעבן מער.

נאָך דער דאָפּלטער לויה, ביי וועלכער ער האָט היסטעריש געוויינט איבער דעם דאָפּלט-קבר, אין וועלכן מ'האָט באַגראָבן „די געליבטע און די זיסע, וואָס זיינען אין לעבן און טויט נישט צושיידט געוואָרן״, האָט ער אָנגענומען דעם בליק, וועלכער האָט גע־קוקט אין אַ ווייטער ווייטקייט און נישט געזען די נאָנטע אַרום אים. ער האָט געקוקט אַריבער אַלעמען, און זיין מויל, וואָס האָט שטענדיק פריילעך גערעדט, איז געווען שטום. ער האָט קיינעם נישט געענטפערט, אַפילו זיין טאַטן און זיין מאַמען נישט, ווי ער וואָלט קיינעם נישט געהערט. מען האָט מורא געהאַט, אַז ער איז נישט ביים זינען.

אָבער ער האָט געהערט אַלץ און אַלץ פאַרשטאַנען. ער האָט זיך נאָר נישט גערעכנט מער צווישן די לעבעדיקע און שוין אָנ־גענומען אויף זיך דאָס אייביקע שווייגן.

ער מוז שטאַרבן. זיין ווייב אַנטלאָפן פון אים, זיין טאָכטער דערהרגעט געוואָרן אַ טראָגעדיקע — און טראָגעדיק איז זי געווען פון עלמערן. אין דעם האָט ער נישט געצווייפלט. נאָרמאַן וואָלט עס נישט געטאָן. און האָט נישט נאָרמאַן געבעטן זיך ביי אים, אַז ער זאָל פאַרוואַרן עלמערן צו פאַרקערן מיט זעלדען? איז נישט נאָרמאַן אַרומגעגאַנגען אַן אומגליקלעכער? און ער האָט אים נאָך פאַרזיכערט, אַז ער דאַרף נישט מורא האָבן. זעלדע איז אַן עדאָן און איז אויך געראָטן אין איר געטרייער מאַמען. איז האָסטו דיר! אַזוי געגאַרט זיין אין דער טאָכטער און אין דער מאַמען. ווען ער האָט דאָס פאַרזיכערט דעם ערלעכן נאָרמאַן, דעם אמתן עדאָן, האָט די מאַמע זיך שוין פאַרקוקט אויף איר שאָפער און די טאָכטער האָט געהאַט באַציאונגען מיט עלמערן!... פוי, עקלהאַפט! עקל־האַפט!

מוז אָסקאַר עדאָן שטאַרבן. נישט אין זיין ווייב און נישט אין זיין טאָכטער האָט ער אַריינגעפלאַנצט געגוג אַכטונג און ליבע

און ערלעכקייט, זיי זאלן נישט טאן, וואס זיי האבן געטאן. עס איז זיין שולד, אינגאנצן זיין שולד. דארף ער נישט לעבן מער. מוז ער שטארבן. ער קאן נישט לעבן מער, מיט דעם באוואוסטזיין פון אזוי פיל עקלהאפטיקייט.

ער האט נאר געוואלט זען עלמערן, אויספאטשן אים, פיליכט גאר דערשיסן. ווען ער וואלט זיך געזען מיט עלמערן, וואלט על־גאר מער אים דערקלערט און באשווארן, אז ער מאכט א טעות. ער האט טאקע געוואלט זעלדען און געמאכט פארשיידענע פארזוכן, נאר זעלדע איז אים ווידערגעשטאנען, ווייל זי האט געליבט נארמאנען און איז אים געווען געטריי. דאס וואלט געווען א שטיקל טרייסט פאר אסקארן, ווען ער וואלט עלמערן געגלויבט, אבער ער האט זיך מיט עלמערן נישט געזען. ווייל ער האט נישט געוואלט נאך מער סקאנדאלן. אינדערפרי האט מען אים געפונען אן אויפגעהאנגענעם אין זעלדעס צימער.

אז ער איז געווען ביים פולן זינען, האט באוויזן זיין צוואה, וועלכע ער האט אויפגעשריבן פאר זיין טויט. ער האט איבערגעלאזן דאראן א יערלעכע איינקונפט פון צוועלף טויזנט דאלאר, כל זמן זי וועט לעבן, „פאר די צוואנציק גליקלעכע יאר, וועלכע זי האט מיר געשענקט", און אויסגעטיילט צדקה אויף פארשיידענע חברות און אנשטאלטן אין זעלדעס נאמען. „גארנישט זאל גיין אין מיין נאמען," האט ער אריינגעשריבן, „ווייל איך האב פארלארן די אכטונג צו זיך אליין." די איינציקע ווערטער אין דער צוואה, וועלכע מען האט זיך נישט געקאנט דערקלערן.

---

די נייס וועגן דעם דרייפאכן טויט האט געפונען דאראן אין דעטראיט. זי איז געווארן היסטעריש, געשריען, געריסן זיך די האר, בלינד געשלאגן מיט די פויסטן פראנסיסן, וועלכער האט אנגענומען אירע קלעפ, אן א פארזוך אפצושטעלן זי. זי האט זיך געריסן צוריק קיין ניו־יארק. זי מוז פארן גלייך צוריק קיין ניו־יארק.

„צו וואס? צו וועמען?" האט פראנסיס געפרעגט. „דו וועסט זיי דאך נישט לעבעדיק מאכן."

„איך וויל באַגיין זעלבסטמאָרד אויף די קברים פון די, וועל־כע איך האָב דערמאָרדעט,‟ האָט זי געענטפערט.

„קום,‟ האָט ער רואיק געזאָגט. „און איך וועל באַגיין זעלבסטמאָרד לעבן דיר.‟

„דו וועסט זיך נישט דערוועגן צו פאַראומווירדיקן זייערע קברים,‟ האָט זי געשריען.

„דו קאָנסט מיר נישט פאַרווערן צו באַגיין זעלבסטמאָרד לעבן דער, וועלכע איך ליב,‟ האָט פראַנסיס דערווידערט.

ער האָט עס געזאָגט אַזוי צאַרט און ווייך, אַז די ווערטער זיינען אין איר אַריין, ווי אַ באַרואיקנדיק מיטל. זי האָט זיך דער־פילט מיד און שוואַך און אויסגעבראָכן אין אַ לאַנגן שטילן געוויין.

ער האָט זי אַרומגענומען, צערטלעך געגלעט און נשמהדיק געקושט, מיט טרערן און האַרץ־אויסגייענדיש, און איבער איר קערפּער איז דורכגעגאַנגען דער זיסער שווידער פון דער ווילדער ליידנשאַפט, אין וועלכער זי האָט איצט געלעבט.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט זי געזאָגט:

„איך וועל זיין ירושה נישט אָננעמען. אויב דו ליבסט מיך באמת, וועלן מיר זיך דורכשלאָגן מיט דעם געלט, וואָס מיין צי־רונג וועט מיר אַרייַנברענגען, און מיט דעם, וואָס דו וועסט פאַר־דינען. אויב דו ביזט מיט מיר אַנטלאָפן צוליב געלט־אויסזיכטן, קאָנסטו מיך גלייך פאַרלאָזן און איך וועל זיך שוין דורכשלאָגן אַליין, ווי איך וועל קאָנען. דאָס ריכטיקסטע פון מיר וואָלט געווען צו באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָר איך וויל נאָך שלעפן, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען. אָבער איך ווייס, אַז שטאַרבן וועל איך אויף זייערע קברים.‟

.12

מאָרי, וועלסער האָט געזאָגט אויף זיך „איך בין געשעפט‟, איז שטיין געבליבן. נאָך נאָרמאַנס טויט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט פאַרלאָרן דאָס ציל, צוליב וועלכן ער האָט געשעפטלט און געשאַפן אַלע זיינע יאָרן. צוליב וועמען און צוליב וואָס איצט? אַזוי האָט ער געטראַכט אין די טעג פון די

לוויות, ווען ער האָט פּלוצלונג געקראָגן וואַקאַציע פון אַלע זיינע געשעפטן. ער, וואָס האָט שטענדיק געטראַכט וועגן געשעפטן און איז אויף אַ מינוט נישט פריי געווען פון זיי, האָט אין יענע טעג אַפילו פאַרגעסן צו קלערן וועגן זיי. אַקוראַט ווי ער וואָלט נישט געווען קיין קאַפּיטאַן פון אַ גרויסן געשעפט־שיף, וועלכער האָט זיך קיינמאָל נישט דערלויבט אָפּצוטרעטן פון ראָד. ער האָט זיך פּלוצלונג פאַרטראַכט, וואוהין גייט די רייזע און צוליב וואָס איז זי.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון נאָרמאַנס און זעלדעס לויה, איז ער נישט געבליבן מיט משפחה און פריינט, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט צו טרייסטן אים און צו צושטרייען, נאָר איז אַוועק אין נאָרמאַנס צימער. ער איז אין אים נישט געווען זינט זיין באַזוך אויף מאָרגן פון דעם אָוונט, ווען נאָרמאַן האָט זיך באַטרונקען ביים טיש. איצט האָט אים געצויגן אַהער. איצט האָט ער געוואָלט זיין נאָענט צו זיין זון, און ער האָט זיך דאָרטן געפילט, ווי ער וואָלט געהאַט זיין זון ערגעץ־וואו אַרום זיך. זיי האָבן זיך אַזוי ווייניק געזען אין דער היים, אַז ער האָט ווירקלעך נישט געפילט זיין אָפּוועזנהייט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין צימער. דאָס איז זיינס, נאָרמאַנס. אָט־אָ־דאָ איז ער געוואַקסן, אויסגעוואַקסן, אָבער נישט דאָ געשטאָרבן... געשטאָרבן... ווי איז עס מעגלעך, אַז ער איז געשטאָרבן? ווי אַלט איז ער געווען? ערשט צוויי־און־צוואַנציק און היינט איז געווען זיין לויה. יאָ־־אָ!

ער האָט געזוכט מיט די אויגן נאָרמאַנס אַ פאָטאָגראַפיע. האָט ער ווען עס איז געזען נאָרמאַנס אַ פאָטאָגראַפיע? ער האָט זיך דאָך זיכער לעצטנס פאָטאָגראַפירט, אָבער מסתמא האָט ער דעם טאַטן קיינמאָל נישט באַוויזן זיין בילד, ווייל ער האָט געדענקט, אַז דער טאַטע איז נישט פאַראינטערעסירט. צוויי ווענט פון דעם צימער זיינען געווען פאַרנומען מיט פּאָליצעס. און ביכער! ביכער! ביכער! ער האָט ליב געהאַט ביכער, און איז דאָך אַוועק פון קאָלעדזש. וואָס האָט דעמאָלט געקאָנט פּאַסירן? עפּעס האָט דאָך געוויס פּאַסירט... יאָ, וואָס ווייס ער איבערהויפּט פון זיין זונס לעבן!...

אויף א דריטער וואנט זיינען געווען די פלאגן פון די שולן, אין וועלכע נאָרמאַן האָט זיך געלערנט, עטלעכע דרוק־בילדער. די פערטע וואנט — א פענסטער־וואנט, אָן קיין שום פארפוצונג. ערגעץ נישט א בילד פון אים, אָבער אויפן טיש איז געשטאַנען זעלדעס פאָטאָגראפיע. מאָרי האָט זיך איינגעקוקט אין זעלדעס בילד און עס איז אים עפּעס געוואָרן ווייך אין הארצן. האָט ער דען טרערן? ער איז אוועק פון זעלדעס בילד און האָט אריינגע־קוקט אין נאָרמאַנס שלאָף־צימער. אויך דאָרטן האָט ער נישט גע־פונען קיין שום בילד פון נאָרמאַנען. ער וועט פרעגן סילוויאַן — אפשר וויים זי. זעלדע האָט זיכער געהאַט נאָרמאַנס בילד. אָדער פיליכט ליגט א בילד ערגעץ אין א טיש־קעסטל. ער וועט באַקאַנט ווערן מיט דעם אינהאַלט פון נאָרמאַנס שרייב־טיש. דאָ אין דעם גרויסן טיש־קעסטל וועט ער זיכער געפינען עפּעס מער פון נאָר־מאַנס לעבן. דאָ וועט ער אָניאָגן, וואָס ער האָט פארנאכלעסיקט. א שליסל צו זיין זונס לעבן. בריוו, נאָטיצן, עטוואָס אינטימעס. די קעסטלעך פון א שרייב־טיש זיינען סעקרעטאַרן, סודות־האַלטער. דער שרייב־טיש איז געווען פארשלאָסן—דאָס האָט דערהעכערט מאָרים דערוואַרטונגען. מען האַלט דאָך נישט פארשלאָסן א שרייב־טיש, אויב ער באַהאַלט נישט קיין סודות. ער האָט ארויפגערופן דעם באַטלער, ער זאָל אים אויפעפענען דעם טיש.

„צווישן נאָרמאַנס זאַכן מוז זיך געפינען דער שליסל,״ האָט דער באָטלער געזאָגט.

די זאַכן! מאָרי האָט אויפגעשווידערט. די קליידער, וועלכע נאָרמאַן האָט געטראָגן אויף זיין לעצטער רייזע.

„וואו זיינען די זאַכן?״

„אונטן.״

„ברענג זיי ארויף.״

טאָמס אויגן זיינען פארלאָפן געוואָרן מיט טרערן, ווען ער האָט אָנגערירט נאָרמאַנס בלוט־באַפלעקטע הויזן, און מיט קענטיקן ווייטיק און ווידערווילן האָט ער ארייגעלייגט די האַנט אין דער הויזן־קעשענע, וואו די שליסלעך זיינען געלעגן. עס איז אים געווען, ווי ער וואָלט נאָך דאָרטן געפילט די וואַרעמקייט פון דעם יונגן קערפּער, וועלכער האָט געטראָגן די הויזן. מאָרי האָט צוגע־

קוקט מיט ברענענדיקע אויגן און צוזאַמענגעביסענע ציין. און ווען טאָם האָט אים איבערגעגעבן די שליסעלעך, האָט ער נישט געאײַלט אויפצועפענען דעם שרייב־טיש, נאָר איז געבליבן שטיין איבער די צוריסענע פאַרבלוטיקטע קליידער אין אַ פּאַראַליזירנדיקער אויפרעגונג. ער האָט זיי באַרירט מיט די פינגער, און אין זײַנע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. נאָרמאַן האָט געמאַכט אַ טעות אין יענעם טאָג, ווען ער איז געשטאַנען איבער דעם אָפּגרונט אויפן דרייסיקסטן שטאָק פון דעם וואָלקנקראַצער. זײַן פאָטער מאָרי עדאָן האָט אים באַוויינט. נישט ווען ער איז געשטאַנען צום ערשטן מאָל איבער זײַן צוריסענעם טויטן קערפּער און נישט בײַ דער לויה. דעמאָלט איז מאָרי עדאָן נאָך געווען איבער טרערן. נאָר ווען ער איז איצט געשטאַנען אַליין איבער די צוריסענע, אין בלוט דורכגעווייקטע קליידער פון זײַן זון, האָט ער זיך צעוויינט. און שווער און האַרצברעכנדיק האָט עס אַרויסגעיאָמערט פון אים: „נאָרמאַן!” אָבער דאָס האָט אים דערשראָקן, און ער האָט אַרויס־געכאַפּט זײַן טאַשן־טיכל און שנעל זיך אויסגעווישט די טרערן, ווי עמיצער וואָלט געשטאַנען הינטער אים און ער האָט געאײַלט צו באַהאַלטן פון יענעם זײַן שוואַכקייט.

ער האָט זיך שנעל צוגעווענדט צום שרייב־טיש, אַוועקגע־זעצט זיך, אויפגעעפענט די שופלאָד, און געפונען, וואָס ער האָט געזוכט.

בילדער. אַ סך בילדער. שנעל־פאָטאָגראַפיעס פון נאָרמאַנען אַליין, פון נאָרמאַנען מיט זעלדען, פון זעלדען אַליין. מאָרי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, פאַרגעסן צו דערשרעקן און פאַרשע־מען זיך, געוויינט לאַנג און ביטער, געריסן די מיט טרערן פאַר־לאָפענע אויגן אויף די בילדער און נאָך שטאַרקער געוויינט, גע־וואָרפן זיך מיטן גאַנצן קערפּער.

מיט טרערן נאָך אין די אויגן האָט ער ווייטער אָנגעהויבן צו זוכן אין טיש־קעסטל און גלייך ווידער וואָס געפונען.

אַ העפט. און אויף דער ערשטער זײַט פון דעם העפט איז געווען אָנגעשריבן „ט אָ ג ־ ב ו ך”.

מאָרי האָט אויפגעציטערט ביז אונטער די וואָרצלען פון זײַ־נע האָר. איצט וועט ער וויסן אַלץ וועגן זײַן זון! ער האָט איבער־

געקערט דאָס בלאַט און איז געבליבן אַנטוישט. נאָר אַ האַלב זייטל איז געווען באַשריבן, די איבעריקע זייטן זיינען אַלע געווען ליידיק. אַן אַנטוישטער האָט ער זיך אומגעקערט צו די באַשריבע־בענע שורות.

גאָרמאַן האָט געשריבן:

„ניין, איך וועל קיין טאָגבוך נישט שרייבן.

„איך האָב היינט פאַרלאָזן קאָלעדזש און בין אַריינגעטראָטן אין דער גרויסער פוסטקייט, וואָס וועט פון היינט אָן הייסן „מיין לעבן". איך האָב געוואָלט פאַרשרייבן, פאַרוואָס איך האָב פאַרלאָזן קאָלעדזש און מיין שטודיום, וועלכן איך האָב געליבט, אַרויסשרייען אויפן פאַפיר מיין ווייטיק און מיין פאַרצווייפלונג.

„אָבער צו וואָס זאָל איך עס טאָן? מיינע איבערלעבונגען וועל איך געדענקען, כל זמן איך וועל לעבן. איז צוליב וואָס אַיבערגעבן דעם פאַפיר זאַכן, פון וועלכע זיין ווייסקייט קאָן רויט ווערן? אַ, מוטער! מוטער!"

מאָרי האָט בייז אויפגעקרעכצט און געלייענט ווייטער.

„נאָר פאַרשרייבן מוז איך און אונטערוויירען און אונטערוויירען און אונטערוויירען: איך בין אַ פייגלינג, אַ מיאוסער פייגלינג, ווייל איך האָב נישט קיין מוט צו מאַכן אַ סוף צו מיין אייגענעם לעבן, ווי איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו מאַכן אַ סוף צו דעם לעבן פון געוויסע מאַמעס באַזוכער אין איר ביבליאָטעק־צימער.

„אַ פייגלינג! אַ פייגלינג! אַ פייגלינג!..."

ביי די ווערטער וועגן סילוויאַס באַזוכער האָט מאָרי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מיט אַ בייזן שמייכל. ער האָט נישט געוואוסט אויף זיכער, וואו זיין ווייב נעמט אויף אירע געליבטע, איצט ווייס ער.

ער האָט זיך בייז צולאַכט, מיט פאַרסקריעטע ציינער, און דערשראָקן זיך פאַר זיין געלעכטער, ווי פריער פאַר זיין יאָמער. ער האָט אָפּגעהאַקט זיין געלעכטער מיט אַ געפּיל, אַז ער האָט דאָ עמיצן באַליידיקט. יאָ, זיין זון, זיין גאָרמאַנען... ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי גאָרמאַן וואָלט געשטאַנען ערגעץ־וואו הינטער

אים. ער האָט דערזען די קליידער, וועלכע זיינען געלעגן אויף דער סאָפע, אָנגעקוקט זיי מיט אַ פאַרגליווערטן בליק און אַ קלאַפּנדיקן האַרץ. עס איז אים אויפגעקומען אין קאָפּ: ער וועט זיי האַלטן לעבן זיך, די קליידער מיט דעם בלוט פון זיין זון, וועט זיך מיט זיי קיינמאָל נישט צושיידן, אָבער מיט עמיצן אַנדערש וועט ער זיך צושיידן.

טאָם האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר: אוּונטערברויט.

מאָרי האָט צוריק אַריינגעלייגט דאָס העפט, פאַרשלאָסן דאָס טיש־קעסטל און איז אַראָפּגעגאַנגען אַראָפּ. ביים טיש האָט ער אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר עטלעכע מאָל אָנגעקוקט די אין טרויער אָנגעטאָנענע סילוויאַ מיט אַזאַ בליק, אַז עס איז איר קאַלט געוואָרן. זי האָט אויפגעשוידערט און געבעטן אַ שאַל.

די נאַכט איז מאָרי געשלאָפן אין נאָרמאַנס צימער מיט נאָרמאַנס קליידער לעבן זיך. ווען ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער זיך געפרעגט, צי איז ער משוגע.

„איך ווייס, וואָס איך טו,“ האָט ער זיך געזאָגט. „בין איך קלאָר אָדער נישט?“

איז דער פאַרלאַנג צו שלאָפן דאָ לעבן די מיט בלוט־שמעקע־דיקע קליידער דער פאַרלאַנג פון אַ קלאָרן, צי פון אַ משוגענעם? אויב דאָס איז דער פאַרלאַנג פון אַ נישט־נאָרמאַלן מענטשן, איז ער דאָס היינט אַראָפּ פון זינען אָדער איז ער שטענדיק געווען משוגע, זיין גאַנץ לעבן משוגע?... איז עס געווען די האַנדלונג פון אַ קלאָרן מענטשן און צו ווייסן און צו שווייגן? יאָרן און יאָרן צו ווייסן און צו שווייגן... נאָרמאַן האָט זיך אָנגערופן פייגלינג — וואָס איז ער, מאָרי?... אים איז אַפילו נישט אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז ער דאַרף עמיצן באַשטראָפן... איז ער געווען ביים זינען?... אפשר איז דער איצטיקער פאַרלאַנג אין אים דער איינציקער קלאָרער, וועלכן ער האָט ווען געהאַט, ווייל ער פילט דעם מענטש אין זיך!... און דאָס, וואָס ער גייט טאָן, איז דאָך דאָס איינציק ריכטיקסטע, וואָס ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט טאָן. גלייך אין אָנהויב געדאַרפט טאָן, און וואָלט פאַרשפּאָרט יסורים א י ם, איבער וועמענס פאַרבלוטיקטע קליידער ער וואָלט איצט געקאָנט רעווען!..

אָסקאַרס זעלבסטמאָרד האָט פאַרהאַלטן אויף אַ פּאָר טעג דאָס, וואָס מאַרי האָט באַשלאָסן צו טאָן. אָבער שפּעט אין אָוונט אין דעם טאָג פון אָסקאַרס לויה האָט ער אַריינגערופן סילוויאַן צו זיך אין נאָרמאַנס צימער. זי איז געגאַנגען און געביסן זיך די ליפּן אין געדאַנקען — זי האָט דערוואַרט עפּעס זייער ערנסטעס, געוועזן זיכער, אַז זי ווייס, אויף וואָס ער רופט זי, וואָס ער האָט איר צו זאָגן, און איז געוועזן געפאַסט אויף אַלץ. אָבער נישט אויף דעם אָנבליק פון נאָרמאַנס צימער. זי איז שיר נישט אומגעפאַלן און האָט זיך שנעל צעוויינט.

ווען זי האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט ער איר געגעבן איבערצוליייענען נאָרמאַנס טאָג־בוך־שורות.

זי איז אַביסל רויט געוואָרן אין געזיכט, האָט אָבער אַרונ־טערגעדריקט די אויפרעגונג און געפאַסט געזאָגט:

„צו וואָס האָסטו עס מיר באַוויזן? מיר ווייסן דאָך, אַז ער האָט געוואוסט.”

„דו ביזט ערגער...”

„אָ, מאַרי עדאָן!” האָט זי אים איבערגעריסן אין זיין כעס־אויסברוך. „ווער נאָר נישט אַזוי פּאַטעטיש! מיין לעבן איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, און איך האָב עס קיינמאָל נישט געוואָלט באַהאַלטן. אויב דו האָסט נישט געוואוסט, האָסטו נישט געוואָלט וויסן. אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר דערציילן פון אָנהויב ביזן סוף...”

„איך ווייס גענוג!”

„אָבער נישט אַלץ. פאַראַן אַ פּאָר סודות, איך קאָן זיי דיר אויפדעקן...”

„מיר וועלן פאַרן קיין רינאָ.”

„געפּועלט. אונז האָט קיינמאָל גאָרנישט צוגויפגעבונדן. אונזער זון אויך נישט...”

„מיר וועלן פאָרן איבערמאָרגן.”

„אַזאַ איילעניש! איך וועל זיך וועלן זען מיט אַ לאָיער.”

„דו קאָנסט שטעלן באַדינגונגען.”

„און איך וועל זיך טאַקע מתוודה זיין פאַר דיר.”

„גישט נויטיק.”

„ניין, דו מוזט אַלץ וויסן. ווער איז מיין ערשטער געווען און ווער איז פאַרלויפיק מיין לעצטער.‟

„דאָך נישט אין דעם צימער,‟ האָט ער אויסגעשריען מיט בייזקייט.

זי האָט זיך ארומגעקוקט און אויפגעשוידערט:

„דו ביזט גערעכט. וועסט מיר אָבער מוזן געבן די געלעגנהייט צו דערציילן דיר אַלץ. איך וויל דיר אויפדעקן, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן. אפשר טראָגסטו א היפש ביסל די שולד. אפשר וואָלט עס ביי אונז נישט געשען, ווען דו וואָלסט נישט געווען אזוי פאַרחתונהט מיט ביזנעס.‟

„גאַנץ מעגלעך,‟ האָט ער טרוקן דערווידערט. „איך וועל עס נעמען אין באַטראַכט ביים אויסמאַך פון די באַדינגונגען.‟

„אָבער עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט עס געטאָן סיי־ווי־סיי, ווען דו וואָלסט אפילו געווען אַנדערש...‟

„האָב נישט קיין מורא, איך וועל דאָס נישט נעמען אין באַטראַכט...‟

אין אירע אויגן האָט אויפגעבליצט כעס, אָבער זי האָט בלויז געזאָגט:

„איז די אוידיענץ געשלאָסן?‟

„דו קאָנסט גיין.‟

„א דאַנק. דאָס איז געווען אכזריותדיק פון דיר ארויסצוקומען דערמיט גראָד היינט נאָך אַזעלכע שרעק־איבערלעבונגען. אָבער איך גיב צו, אַז איך פאַרדין די באַהאַנדלונג. א גוטע נאַכט.‟

„א גוטע נאַכט.‟

אין טיר האָט זי נאָך אויפגעלאַכט:

„רינאָ! איצט וועל איך אָבער דערגרייכן דעם שפּיץ פון דער געזעלשאַפט!‟

ער האָט אויפגעצוקט, אויסגעשטשירעט די ציין און צוזאַמענגעפּויסט די הענט.

* * *

ווען ער האָט זיך אריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל צו פאָרן צום וואָקזאַל, האָט מאַרי געהייסן דעם שאָפער צופאָרן אפריער צו משאַרלזעס אָפיס. דאָרט האָט ער געדאַרפט איבערוואַרטן א פאַ־

ציענט, וועלכער איז געוועזן אין טשארלזעס צימער. מאַרי איז אומ־געדולדיק געוואָרן. ער וועט פאַרלירן דעם צוג אָדער מוזן אוועקפאָרן נישט זעענדיק זיך מיט טשארלזן. ווען ער האָט זיך שוין אויפגע־הויבן אוועקצוגיין, האָט זיך טשארלז באַוויזן אין דער טיר. מאַרי האָט געמאַכט אַ שנעלן שפּריז, אַריינגעשטופּט דעם ברודער אין צימער און צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר. ער האָט נאָר אַ סעקונדע אָנגעקוקט מיט זיינע טיפע אויגן דעם פאַרוואונדערטן טשארלזן און דערנאָך בייסיק אַרויסגערעדט:

„איך וועל זיך צוגטן מיט סילוויאַן און פאָר מיט איר נאָך רינאָ, און דאָ האָסטו מיין אָפּפאָר־געשאַנק.”

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט, אַראָפּגעלאָזן דעם ברודער אַ פּאַטש און איז אַרוים.

אַ רגע איז טשארלז געשטאַנען גאַנץ מבולבל, די האַנט אויף דער פלאַמענדיקער באַק. וואָס איז עס געוועזן? ער האָט אָבער באַלד באַגריפן: דאָס איז געוועזן באַשטראָפונג. טרערן האָבן אויפ־געשיינט אין זיינע אויגן, טרערן פון פאַרשעמטקייט און טרויער, אָבער אויך פון דערלייכטערונג. ווען מאַרי וועט קומען צוריק, וועט ער אַ קוש טאָן די האַנט, וועלכע האָט אים געפּאַטשט, און בעטן מחילה. סילוויאַ וועט שוין דעמאָלט זיין אַ פרעמדע — אַרוים פוןביידנס לעבן.

„גוט! גוט! גוט! גוט!...”

אָן אָן אויפהער אַזוי געשעפּטשעט. דער פּאַטש איז געוועזן באַפרייאונג: דער דריקנדער סוד פון זיין לעבן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ סוד. איצט וועט ער קאָנען קוקן זיין ברודער גלייך אין די אויגן.

„גוט! גוט! גוט!...”

.13

געוועזן טרויעריק ביי נחס שבת־טיש. שוין דער צווייטער שבת, אַז די קעבין האָט נישט געקאָכט פאַר נאָרמאַנען און זעלדען, צי זיי וועלן קומען אָדער נישט. שוין דער צווייטער שבת, ווי דער זיידע און די באָבע ווייסן אויף געוויס, אַז די ביידע עלטערע איי־

ניקלעך וועלן נישט קומען. נאָר דזשוניאָר אַליין ביים טיש. די איינציקע טרייסט פון זיידע־באָבע, אַ בחור׳ל אין זיין זעכצנטן יאָר, און אַלע זיינע יאָרן זייער געליבטעסטער אייניקל. זיי האָבן זיך אַלע דריי אָנגעקוקט און געשלונגען די טרערן. אָבער נישט געוואָלט וויינען און געקעמפט מיט די עקשנותדיקע טרערן.

„עס איז שבת,״ האָט זיך דער זיידע געזאָגט. „און שבת טאָר מען נישט וויינען.״

„צו וואָס פאַרשטערן אים זיין יונגן טאָג?״ האָט זיך די באָבע געזאָגט.

„ווען איך וועל וויינען, וועלן זיי נאָך מער וויינען,״ האָט זיך דזשוניאָר געמוסרט.

און זיי האָבן זיך געשטאַרקט, געשטאַרקט. מען האָט גע־דאַרפט עפּעס רעדן, אָבער גיי רעד, אַז עס רעדט זיך נישט. ווייל מען עפּעס זאָגן, אפילו אַזאַ זאַך, ווי „דערלאַנג מיר דאָס זאַלץ״, שפּאַרן זיך טרערן אין האַלז, ווייל די געדאַנקען, די שווערע, טרויעריקע, לאָזן זיך נישט באַרואיקן.

„רעד דאָך עפּעס!״ האָט זיך מערע געבעטן ביי נחן.

נח האָט זיך געריבן דעם שטערן.

„איך טראַכט אַלץ... טראַכט אַלץ... ווען מענטשן וואָלטן געהאַט גאָט אין האַרצן!...״

ער האָט אויפגעזיפצט און פאַרטגעזעצט:

„ווען מענטשן וואָלטן געהאַט גאָט אין האַרצן, וואָלטן אַ סך זאַכן נישט געשען, וואָלטן מיר אפשר צו אונזערע אומגליקן נישט געקומען.״

דזשוניאָר האָט זיך אָנגעכאַפּט, פאַרגעסן דעם טרויער.

„ווען מענטשן וואָלטן געהאַט דעם מענטש אין האַרצן!״ האָט ער אויסגערופן.

די אַלטע מערע האָט שטיל פאַר זיך אָפּגעשמייכלט אין איר טרויער.

גאָט זיי דאַנק, איצט וועלן זיי שוין רעדן און רעדן. דער אַלטער וועט רופן צום מענטש אויפן וועג פון גאָט און רעליגיע. דזשוניאָר וועט רופן צום מענטש אויפן וועג פון וויסנשאַפט און סאָציאַליזם

און מענטשלעכקייט. און זי וועט דערווייל אוועקגנבענען זיך מיט איר סידור און זיך גוט אויסוויינען.

זי האָט עס אויך אַזוי געטאָן: אוועקגעגנבעט זיך אין שלאָפ־צימער מיט איר סידור, אוועקגעזעצט זיך ביים בעט, וואו זי איז מיט אַ צייט צוריק געזעסן און האָט אָנגעקוואָלן פון זעלדעלעס שלאָף, פאַרנאַנדערגעשאָקלט זיך און שטיל געוויינט: „מיין זון — מיין אָסקאַר! זעלדעלע! נאָמעלע!"

אַז זי האָט זיך אויסגעוויינט, האָט זי אויפגעעפנט דעם סי־דור, אָבער גראָד דעמאָלט האָט זי זיך דערמאָנט אָן אַ מעשהלע, וועלכע זי האָט דערציילט פריער אירע אייגענע זין, ווען זיי זיינען קליין געוועזן, דערנאָך אירע אייניקלעך. אַ מעשהלע פון צוויי מלאכימלעך, אַ צווילינג, וואָס איינער האָט געהייסן פ ר י י ד, און דער אַנדערער ט ר ו י ע ר, און זיי האָבן זיך געשוואָרן, אַז פונקט ווי זיי זיינען געבאָרן געוואָרן צוזאַמען, אַזוי זאָלן זיי לעבן צו־זאַמען, קיינמאָל נישט צושיידן זיין אויף לאַנג און שטענדיק גע־דענקען איינער דעם אַנדערן. און זיי האָבן געהאַלטן זייער שבועה, קיינמאָל זי נישט געבראָכן. און פון דעמאָלט אָן, וואו פרייד דאָרט איז טרויער, און וואו טרויער דאָרט איז פרייד...

זי האָט ווידער אויפגעשלוכצט:

„גאָטעניו, אויף וועלכער פרייד קאָנען מיר זיך שוין ריכטן? מיר וועלן דאָך אפילו נישט האָבן די פרייד פון אַ רואיקן, פרידלעכן טויט!"

פון אונטן איז אַרויפגעדרונגען דזשוניאָרס העלע שטים:

„זיידע, וואָס איך זאָג, איז דאָך דיין אייגענע מענטש־תורה! דער וועג צו דער הויכער מדרגה מענטש. נאָר מיר ווילן אים גיין מיט אונזער אייגענעם כוח, אויף אונזערע אייגענע פיס. מיר ווילן אין זיך אַליין געפינען די קראַפט, אין אונזער מענטש־באַוואוסט־זיין, אין אונזער פרייד מענטש צו זיין. צוערשט אָפּשאַפן דעם מענטש־שקלאַף, וואָס איז די טרויעריקסטע דערשיינונג אין לעבן פון דער מענטשהייט, און דערנאָך פריידיק גיין אַרויף, אַרויף..."

(ע נ ד ע).

# פעלער-אויסבעסערונג

זייט 46, 14טע שורה אויבן: נאך נישט — דארף זיין: גאר נישט.

" 47, 2טע " " אויסגעלאכט — " " אויפגעלאכט.

" 83, 16טע " " זיינען אויך — " " זיינען איר.

" 98, 5טע " אונטן: פארביי ערגעץ א ווייטקייט
— דארף זיין: פארביי אים ערגעץ אין א ווייטקיים.

" 104, 15טע " " אדער — " " אבער.

" 116, 9טע " " זי — " " זיי.

" 118, 13טע " " בטלנות — " " בעלנות.

" 129. צווייטער טייל. נח ווערט זעכציק יאר.
— דארף זיין: צווייטער טייל. די טרעפ.

" 167, 4טע שורה אונטן: פון זיין סטודיא — " " אין זיין סטודיא.

" 179, 6טע " אויבן: טאנץ און חוזק — " " טאנץ איז חוזק.

" 182, 12טע " אונטן: זיי האט זי — " " זי האט זיי.

" 196, 13טע " " צו עקן — " " צודעקן.

" 212, 15טע " אויבן: דאס בילד — " " דעם פלאן.

" " , 15טע " אונטן: האט אנקל אסקאר אנקל אסקאר האט.

" 247, 2טע " אויבן: ארויסרוקן — " " ארויסקוקן.

" 262, 10טע " אונטן: וועגן זיין אויפזיין וועגן אויפזיין.

" 340, 7טע " אויבן: מקנא געוועזן מיט איר שוויינן
— דארף זיין: מקנא געוועזן איר שוויינן.

" 374, 12טע " " שטעלע אין — " " שטעלע זיין אין.

" 377, 1טע " " וואס האט ער — " " וואס ער האט.

---

אויפן שער־בלאט איז אויסגעלאזן געווארן דאס דאטום (28 יוני—9 אוגוסט, 1929)